# אינהאַלט


פירוואָרט . . . . . . . . . . . . . . 9

דער באַגינען פון ליטעראַטור . . . . . . . . 15

ליטעראַטור און פאָלק . . . . . . . . . . 31

פאָרעם אין דער ליטעראַטור . . . . . . . . 44

וועגן סטיל . . . . . . . . . . . . . . 51

די עפּאָפּייע . . . . . . . . . . . . . 62

מוסטערן פון קלאַסישן עפּאָס אין קיצורדיקן סך־הכל . . 75

א. די איליאַדע

ב. די מאַהאַבאַראַטאַ

ג. די ראַמאַיאַנאַ

ד. בעאָוואולף

ה. די קאַלעוואַלאַ

די עפּאָפּייע אין ליכט פון יידישקייט . . . . . . . 91

די דראַמע . . . . . . . . . . . . . . 105

די קאָמעדיע . . . . . . . . . . . . . 115

די טראַגעדיע . . . . . . . . . . . . . 124

די דראַמע ביי יידן . . . . . . . . . . . 142

וועגן עסייען און עסייאיסטן . . . . . . . . 149

וועגן קריטיק . . . . . . . . . . . . . 166

ראָמאַנטיק און ראָמאַנטיזם . . . . . . . . . 182

דיכטער און ליטעראַטור . . . . . . . . . . 203

בוך און לעבן . . . . . . . . . . . . . 219

די ראָל פון דער נאַטור אין דער ליטעראַטור . . . . 231

די נאַטור אין יידישן באַנעם . . . . . . . . 248

ספר און בוך ביי יידן . . . . . . . . . . 269

צו מיין פרוי

**ר ב ק ה**

וועמענס געטרייע מונטערונג איז
פיל צו פאַרדאַנקען וואָס אָט די
שריפטן האָבן באַקומען זייער
תיקון אין בוך־פאָרם.

# ESEYEN VEGN LITERATUR

## Essays on Literature

by MOSHE VITYES



צייכנונגען פון יצחק ליכטענשטיין




*Printed in the U.S.A. by*
SHULSINGER BROS. LINOTYPING & PUBLISHING CO.
21 East Fourth Street, New York 3, N. Y.
253

# פ י ר ו ו אָ ר ט

מיט אָט די הקדמה־שורות באַצוועק איך נישט קיין אַריינפיר אין די טעזן וואָס ווערן דאָ אין בוך אַרויסגעבראַכט.

איך האָב מיט מיין ווערק נישט מכוון געווען קיין אַקאַדעמישן טעקסט וואָס פאָדערט אַן אינטראָדוקציע, אַ פאָררעדע, וואָס זאָל געבן אַ שליסל, אַביסל צעפירן דעם קאָמפליצירטן ענין, צוגרייטן פילווייניק דעם נישט־פראָפעסיאָנעלן לייענער אויפצונעמען דעם האַרבן מאַטעריאַל.

איך האָב געדופעט אויף גרינגער פאַרשטענדלעכקייט פאַר יעדן אינטעליגענטן לייענער, אויף הסבר און פאַרטייטש, אין דער פאָרעם פון ע ס י י — דעם געמיטלעכן שמועס, רעפלעקטיוון טאָן און לייכטגעמיט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אָט דעם זשאַנר.

איך פרעטענדיר נישט אויף דער ראָל פון אַ „ליטעראַטור־פאָרשער", אַקאַדעמישן בר־סמכא, אָדער ספּעציאַליזירטן פאַך־קענער, ווי מיין ניט־פאָרמעלער סטיל, אינטימער אופן און נוסח זאָגן עדות דערויף.

די דאָזיקע טעמעס האָבן מיך פאַראינטעריגירט און פאַרנומען מיינע רעיונות פון די יוגנטלעכע אָנהייב־יאָרן פון מיין ליטעראַריש לעבן. דאָס געביט פון ליטעראַטור, די שטודיע פון איר אויפקום און אַנטוויקלונג, די עוואָלוציע פון אירע פאָרמען, די שטרעמונגען, ריכטונגען און שיטות וואָס האָבן זי באַוואוינט אין פאַרשידענע פעריאָדן, די אייגן־מראות פון די נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן לויט זיי לאָזן זיך אויפנעמען פון דעם אַנדערש־אַנטפּלעקטן כאַראַקטער פון די פעלקער — אָט דאָס זייער אינטערסאַנט און קולטור־רייך געביט איז ווייניק־וואָס באַאַרבעט פאַר פאָפולערן געברויך, אַפילו אין די צעצווייגטע אייראָפּעאישע שפּראַכן. די יוגנטלעכע סטודענטנשאַפט מוז זיך גריבלען אין די קאָמפּאַקטע, האַרטגעזאָטענע און טערפּקע טעקסטן וואָס די פאַרכמורעטע פּראָפעסאָרן האָבן פאַר זיי צענויפ־געשטעלט. דער ברייטער עולם, אין די הײנטיקע גראַמאָטנע דורות,

וואָס לעבט זיך אוים מיט דער ליטעראַטור מער ווי מיט אַלע אַנדערע קונסט-צווייגן, טראָגט זיך אַרום מיט פאַרגרייזטע באַגריפן, און טאַפּט אַ וואַנט אין אַלץ וואָס איז שייך איר תוכן און תמצית.

אויך אין אונזער יונגער ליטעראַטור אויף מאַמע-לשון איז דאָס פעלד פון טעאָרעטישער פאַרטיפונג אין דער עסטעטיק, אין דער פילאָזאָפיע פון ליטעראַטור, אין גאַנצן גענומען, אַ קרקע-בתולה. דער מין עקספּערטיזע באַלייכטונג פון ליטעראַטור-פּראָבלעמען איז ביי אונז כמעט נישט בנמצא. סזענען דערגאַנגען צום יידיש-לשון, פון דער פרעמד, די פּאַך טערמינען פון דער וואָרט-קונסט — די קונסט איבער אַלע קונסטן — וואָס די אינטעליגענטע יידישע לייע-נערשאַפט האָט ליב אהבת-נפש — און זיי זענען ביי אַלעמען אויף די ליפּן. די טערמינען „טעמע", „סוזשעט", „זשאַנר", „דראַמאַטיש", „טראַגיש", „עפּיש", „ליריש", „קלאַסיק", „מאָדערניזם", „רעאַליזם", „ראָמאַנטיק", „דעקאַדענץ", „שונד", „קונסט", וכדומה צענדליקער אַנדערע, זענען עובר-לסוחרדיקע מטבעות אויף דער יידישער גאַס, פּלעכטן זיך דורך יעדן ליטעראַרישן שמועס און דיסקוסיע. אָבער וויפיל האַנטביכער פאַר ליטעראַטור פאַרמאָגן מיר וואָס זאָלן געבן אַן אַקוראַטנע דעפיניציע פון אָט די טיפ-באַדייטיקע טערמינען פון דער וועלט פון שרייבן און שרייבערטום? ווי-אָפט קומט אונזערן אַ לייענער אין האַנט אַריין אַ שריפט וואָס זאָל אים אַביסל פאַר-שטענדיקן אין דעם מהות פון דער עצם וואָרט-שאַפונג, אירע גרונט-לאַגן, די לעבנס-שייכותן פון דער ליטעראַטור, די נאַטוראַלע, נאַ-ציאָנאַלע, סאָציאַלע השפּעות?

אמרתי בליבי, האָב איך נאָך אין מיין יוגנט פאַרטראַכט עפּעס צוצוטראָגן, אין אַ לייכט-אויפנעמדיקער פאָרעם, צו אָט דעם קנאַפּ-קולטיווירטן געביט. איך האָב אין פאַרלויף פון יאָרן אָפּגעדרוקט עסייען אין צייטשריפטן אויף טעמעס אַרום תוך-פּראָבלעמען פון ליטעראַטור, וואָס איך האָב זיי, צוליב באַגרענעצטן פּלאַץ פון אַ זשורנאַל, געמוזט קאָנדענסירן צו די בלויזע ראשי-פּרקים. אָפּגערעדט פון דער פּרעסע, אַפילו אונזער פּעריאָדיק וואו אַזעלכע אַרבעטן קאָן מען אַמאָל אָפּזעצן, איז אויך נישט להוט נאָך אָט דעם מין פּובליציזם, באשר אויך זי גייט אויפן וועג פון לייכטסטן ווידערשטאַנד, און וויל

נישט אָפּשרעקן דעם לייענער מיט „טעאָריע", וואָס סוגגעסטירט געוויינליך אַ שווערליביקע פּראָזע און אַ טעכניש-לומדישן שפּראַך-באַגאַזש.

אין דעם איצטיקן בוך האָב איך מיך פאַרנומען אויף אויס-פירלעכע, צום טייל דאָקומענטירטע עסייען וועגן די הויפּט-פאָרמען, גרונט-פּרינציפּן און טעמע-נאָהענטע שייכותן פון ליטעראַטור.

איך האָב זיך געשטעלט דעם ציל אויפצושטעלן אַ בוך וואָס זאָל פאַראייניקן די הנאה, דעם פאַרוויילנדיקן געַנוס פון דער ליטע-ראַרישער עסיי, מיט דעם נוצלעכן און באַלערנדיקן פון אַן אינפאָר-מאַטיוון טעקסט.

בעיקר, האָט איך שטאַרק געוואָונטשן אַז דאָס בוך מיינס זאָל אַרויסקומען נישט בלויז ווי אַ בוך אויף יידיש וועגן סתם-אַבסטראַק-ציעס פון ליטעראַטור, נייערט אַ י י ד י ש בוך אין טאָן, גייסט און אינהאַלט, פאַר אַלע קלאַסן יידיש-לייענערס, אַ בוך וואָס זאָל אויך רעפלעקטירן עטוואָס פון דער גייסטיקייט פון „ספר", און פון היסטאָריש-יידישער ווערטיקייט. די דאָזיקע עובדא צו דערפילן האָב איך צו יעדער הויפּט-טעמע וואָס איך האָב באַהאַנדלט פון אַ קריטיש, וועלטלעך-ליטעראַרישן אויסבליק, אויך צוגעגעבן אַן עסיי-שטודיע וועגן דעמזעלביקן ענין אין ליכט פון יידישן געדאַנק. בכלל האָב איך געוואָלט איינשליסן דעם יידישן מאָמענט אין דער אַנטוויקלונג פון ליטעראַטור — די ריזיקע השפעה פונעם תנ"ך, די אַנדערשדיקע השקפה פון יידישקייט אויף גאָט, נאַטור און מענטש, להיפוך דעם באַנעם פון העלעניזם, און אַ פאַרגלייך פון דעם יידישן שעפערישן זשעני מיט דעם שאַפונג-גייסט פון די אומות-העולם, ווי דאָס לאָזט זיך מערקן אין די פאָרמען און דעם לאָקאַל-קאָליר פון זייערע לי-טעראַטורן. איך ווייס וואויל אַז דאָ האָבן מיין אַמביציע און גוטער ווילן איבערגעשטיגן מיינע אָרעמע רעסורסן פון בקיאות אין חכמת-ישראל און תורה-קוואַלן. ווייל איך האָפן אַז אַנדערע וועלן קומען און די אַרבעט דערגאַנצן.

וואָס איז שייך דעם תוכן פון מיינע עסייען, קום איך נישט מרעיש-עולם זיין מיט אַן אייגענער פילאָסאָפיע און נייער אַנטפּלע-קונג. איך זוך נישט צו פּלעפן מיט קיין חידושים וועגן דער „תורה"

פון ליטעראַטור — אַן אַלט־אַלטע ביבליע — ווי דאָס לעבן אַליין מיט ווען מען זי איז געקניפּט און געבונדען — וואָס מען האָט שוין וועגן איר געדרשנט אויף אַלע לשונות, און אין אַלע צייטן.

מיר ווילט זיך נאָכזאָגן אַ וואָרט וואָס דער באַרימטער פילאָסאָף־סטיליסט סאַנטאַיאַנאַ האָט, מיט דער ענוות פון אַ גאון, געשריבן אין אַ הקדמה צו זיינס אַ קריטיש ווערק („לוקרעציוס, דאַנטע, געטהע"). זיין גאַרער מאָטיוו מיטן אָנשרייבן יענע אַרבעט — זאָגט ער — איז פּונקט דער אייגענער ווי פון אַ יעדן נייעם דיכטער וואָס שרייבט אָן אַ פרילינגס־ליד. ער, דער דיכטער, קאָן מען זאָגן מיט זיכערקייט, האָפט קוים מיט זיין ליד, מוסיף צו זיין עפּעס שפּאָגל־נײַעס מכוחן פרילינג, וואָס אַנדערע דיכטערס פאַר אים האָבן שוין באַשריבן. אלא־וואָסזשע־דען ? — אַ דיכטער איז ער דאָך, און דער ליבער פרילינג מיט זיינע פאַרבן און רייצן האָט אים אָנגערעגט, נו, האָט ער אויך ז י י ן ליד אויסגעזונגען אויף דערזעלבער אַלטער, שוין אַזויפיל מאָל באַזונגענער פרילינג־טעמע. אויך אונזער פילאָסאָף־קריטיקער — וואָס ער האָט שוין דווקא יאָ וואָס צו זאָגן, און דערצו מיט זעלטן־סטיליסטישער שיינקייט און געדאַנקלעכן חידוש — איז אָנגערעגט געוואָרן פון די דריי גרויסע דיכטערס פון דער וועלט־ליטעראַטור ; זיי האָבן באַוואויגן זיין מחשבה, און אין אים אַרויס־גערופן קריטישע רעיונות. וויל ער טיילן, זאָגט ער, אָט די מיינונגען און איינדרוקן מיט יעדן לייענער וואָס איז פאַראינטערעסירט און האָט געדולד אים אויסצוהערן. אָט דאָס און נישט מער.

אַזאַ באַשיידענעם זאָג פון אַ גייסטרייכן שריפטשטעלער מעג, אני הקטן, איך אַליין, אוואדע אדאַפּטירן, ווי מיין אייגענעם התנצלות המחבר. ביי מיר האָבן זיך אָנגעקליבן ספּעציפישע ידיעות פון ווייט־צעוואָרפענע מקורות, טייטשן, מחשבהדיקע ניואַנסן, איינבליקן אַרום שרייבן, שרייבערס, ליטעראַטור־פראַגן און תוכיקע דעפיניציעס פאַר יאָרנלאַנג — באַגער איך זיי, אויף מיין אייגענעם עסייאישן אופן, פון זיך אַרויסצושרייבן. און איך דאַנק דעם כל־יכול וואָס מיר איז באַ־וויליקט געוואָרן דער זכות זיי צו געבן ליטעראַרישן אויסדרוק — לויט מיינע שפּראַך־מיטלען און אינטעלעקטועלע כוחות האָבן אויס־געטראָגן.

פ י ר ו ו אָ ר ט

אויב מיינע איצטיקע פּרואוון — און עסיי איז דאָך טאַקע דער טייטש פּרואוו, פּאַרמעסט — וועלן וועקן אַן אינטערעס אין אַנדערע קריטיקערס און ליטעראַרישע טעאָרעטיקערס ממשיך צו זיין אַט די עובדא; אויב די פּרוכט פון מיין מיאונג וועט עפּעס צושטייערן צו דעם געביט פון אַט דעם מין שרייבן אויף יידיש־לשון; און אויב אונזער אינטעליגענטער לייענער זאָל פון אַט די קאַפּיטלען באַציען אַ סטימול פאַר ווייטער־לערנען, ווייטער־טיפן אין די כישופדיקע גרונטן פון דער וואָרט־קונסט — און דאַבײַ אויפנעמען די חשיבות פון דעם יידישן בייטראַג — וועט עס זיין אַ באַלוינונג פאַר מיין געווידמעטן שטרעבן אַרויסצוברענגען אַט די געדאַנקען און אַט די עסייען מכוח אל הפועל.



## דער באַגינען

## פון ליטעראַטור

אויב אָנהייבן פון אָנהויב — ווען־זשע האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן ליטע־ראַטור? ווי אַרום איז די ליטעראַטור אַנטשטאַנען? פון וואַנענט, איינטלעך, האָט זי זיך באַצויגן און ווי אַזוי איז זי לכתחילה אויף דער וועלט געקומען?

איז די ליטעראַטור די אויסשליסלעכע „מעשה־ידי" פון די שרייבער־מחברים וואָס האָבן זי געשאַפן, אַ „יש־מאין", און קיינער חוץ זיי האָט נישט קיין חלק אין איר?

לפנים, קאָן זיך טאַקע אויסדוכטן אַז מ׳דאַרף נאָר צוגעבן דאָס וואָרט „טאַלאַנט" ווי אַ באַדינג פאַר ליטעראַרישער שאַפונג, און ווייטער מעג מען שוין ציען דעם פאַרגלייך מיט די מלאכות: ווי דער שוסטער מאַכט שיך, דער שניידער נייט מלבושים, דער סטאָליער זעגט האָלץ פאַר טישן און פאָליצעס, אַזוי מאַכן אָדער „שאַפן" די שרייבער־פּראָפעסיאָנאַלן ביכער. און די לייענער־מאַסן, די זשעדנע אָפּנעמער פון דער דאָזיקער איידעלער סחורה, זענען אייביק דאַנק־שולדיק די געראָטענע ליפעראַנטן פאַרן צושטעלן זייער טייערע פאַב־ריקאַציעס.

דעם ניט־באַהאַוונטן לייענער קען זיך טאַקע אויסווייזן אַז זיין פאָלקס־ליטעראַטור האָבן פאַר אים עטלעכע שרייבערס צוגעגרייט — אָבער די אמתע פאַקטן וואַרפן אַ גאָר אַנדער שיין אויף די אויבן־געשטעלטע פראַגן.

באמת, איז די ליטעראַטור עלטער פון סופרים און דיכטערס, פון דרו־קערס און ביבליאָטעקן. איר פאָטער איז געווען דער שאַפנדיקער פאָלקס־גייסט, איר מוטער — דאָס לעבן אַליין. ווען די מענטשלעכע נשמה, אין אָנהויב פון די צייטן, האָט צום ערשטן אויפגעוואַכט צום סוד און פחד פון דער וועלט, איז פון דעם באַהעפט די ליטעראַטור געבוירן געוואָרן. די אַלגעמיינע מענטשהייט האָט זי אין איר קאָלעקטיוון טראַכט אויסגעטראָגן, און זי איז אויף דער וועלט געקומען ווי די פרוכט פון מענטש און וועלט, דמיון און פאַקט, טרוים אוןווירקלעכקייט.

פון די פריעסטע אור־צייטן, אינם באַגינען פון דער מענטשלעכער קולטור־געשיכטע, און אַזוי כסדר דורך די דורות, האָבן מענטשן זיך תמיד געראַנגלט מיט דער נאַטור און מיטן לעבן. זיי האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט די מוראדיקע שוועריקייטן פון קלימאַט, סביבה און אַ אומדערבאַרמדיקער נאַטור, בכדי אויפצוהאַלטן זייער קיום — און אין מינוטן פון זעט און מנוחה, האָבן זיי זיך פאַרגאַפט אויפן וועלט־וואונדער, זיך אַריינגעקלערט אין דעם אימהדיקן רעטעניש פון לעבן.

לאַנג איידער עס האָט זיך באַוויזן דער מין פאַרמעלע געלערנטע און בעלי־מוח, פאַר דעם „מתן־תורה" פון בוך־ציוויליזאַציע און שריפט־קולטור, זענען שוין באַקאַנט געווען טיפע און דערהויבענע געדאַנקען וועגן דעם וועלט־אַל. פאַר דעם פּראָפעסיאָנעלן וויסן איז שוין פאַרשפרייט געווען צווישן די פאָלקס־מאַסן אַ ברייט און פאַרשיידנאַרטיק וויסן וועגן דער טבע פון זאַכן: די מישונגען פון היימישער כעמיע און שטאָפן־וועקסל; וועגן מאַכן וואָפן און כלים; וועגן בויען, זייען און שניט; וועגן דערנערונג און היילונג; און אומצאָליקע אַנדערע ניט־פאַרשריבענע אָבער אויף אויסנווייניק אויס־געלערנטע און גוט פאַרגעדענקטע ידיעות און געניטשאַפטן. אָט די אָנגע־הויפטע קענטענישן פאַר פּראַקטישן אָנווענד, די היימישקייט מיט פעלד און פלאַנץ, וואַלד, בוים און טייך, האָט אויסגעפּלאַסטערט דעם באָדן פאַר אונזער היינטיק־אַנטוויקלטער, אָרגאַניזירטער וויסנשאַפט.

אויף די דערגרייכן אויפן שטח פון גייסט, די רעיונות אַרום די אייביקע פראַגן פון מענטשלעכן גורל, דעם סוד פון אַ מענטשנס לעבן אויף דער וועלט, און די געוואַלטיקע מיסטעריע פון זיין פאַרגיין — דאָס אַלץ האָט זיך נישט באַוויזן ווי אַ „התגלות" פונם הימל צו אויסגעקליבענע יחידים, און ס'איז נישט צו פאַרדאַנקען די חקירהשע מיאונגען פון איינציקע דענקערס. וואָרים נאָר אַ קליינער טייל דערפון איז באַוואוסטזיניק פאַרטראַכט געוואָרן פון די „גדולי־הדור". די שורשדיקע תמציתן, די תוכיקע אייבביקן און ערשטע דערקענטענישן, זענען געקומען מדרגהווייז צו מענטשן וואָס האָבן גראָד ניט פאַרמאָגט קיין אינטעלעקט צו דענקען מיט דיסציפּלינירטער לאָגיק, אָבער וואָס האָבן זיך עס פאָרט קונה־געווען מיט די חושים, מיט געפיל, אינ־סטינקט און פאַנטאַזיע.

דער קאַמף מיט דער נאַטור פאַרן טעגלעכן ברויט; די מיסטעריע פון פיזישן ווייטיק, פאַרבונדן מיט מחלות אַלערליי; די פאַטעטישע הילפלאָזיקייט פון עלטער; דער צער גידול־בנים; דער אַנטאַגאָניזם צווישן די געשלעכ־טער; דער באַגינען פון פּאָעזיע אין דער נשמה פונם אור־מענטש וואָס

וואַכט אויף מיט אַ ספּאָנטאַנער התפּעלות פאַר דער שיינקייט און דעם וואונדער פון דער נאַטור; דער געזונטער חוש ביים פּרימיטיוון מענטשן פאַר די גרונט־אמתן פון לעבן; דאָס נאָכאַנאַנדיקע פאַרמערן זיך פון וויסן פון דור צו דור; דאָס לאַנגזאַמע געוואויר ווערן אַז אַ סטאַבילע אָרדענונג, אַ ריטם און אַ סדר גייען־מיט מיט זאַכן און דערשיינונגען אין דעם באַשאַף: דער רעגלמעסיקער בייט פון ליכט און פינסטערניש; דער אויסגעהאַלטענער ציקל פון די יאָר־זמנים; די פּעריאָדן פון שפּראָצן, בליאונג און וועלקן פון צמחים; די טבעדיקע אייגנשאַפטן פון בעלי־חיים — אָט דאָס מיטמאַכן, איבער־לעבן, אויסטראָגן, אויפנעמען און נאָכגיין דעם לעבנסשטייגער, די פּראָצעסן פון בויאונג און צעשטערונג אין דער יצירה, האָבן אויסגעצייטיקט אין די מוחות פון מענטשן פאַקטן און אילוזיעס, אמתן און אַנונגען, באַגריפן און גלייבונגען — מיט איין וואָרט, די חכמה פון „אַ וועלט", די וויזהייט פון די דורות. און דאָס אַלץ איז אַזוי „פון זיך אַליין", אומבאַוואוסטערהייט געוואָרן, געוואַקסן און זיך פאַרברייטערט. אָט דעם האַרבן און שרעקלעכן אונטעררירכט אין די אייביקע יסודות פון דער עקסיסטענץ האָבן די בני־אדם זיך דערוואָרבן ניט אין אַקאַדעמיעס און ישיבות, ניט פון לערערס און סופרים, נייערט אויפן האַרטן שויס פון דער מוטער־ערד, אינם שווערן חדר פון דערפאַרעניש און נויט, אונטער דער רוט פון דעם מוראדיקן דיסציפּלינאַר און שול־מייסטער — דאָס לעבן אַליין.

פון אָט דעם אומאויסשעפּלעכן קוואַל פון קאָלעקטיוון וויסן, וועלט־חכמה, הומאָר און פאַנטאַסטיק, וואָס שטראָמט פון די טיפענישן פון דער פאָלקס־נשמה, האָבן די מייסטערס פון וואָרט, געדאַנק און פּלאַסטישער קונסט, אין אַלע עפּאָכן, מיט באַוואוסטזיין און טאַלאַנט, אַרויסגעבראַכט צום ליכט די פילאָזאָפישע לערעס, די עטיק, די שיינקונסטן, די רעליגיעזע סיסטעמען, די פּאָעזיע און די ליטעראַטור.

* * *

אוודאי איז דער אויפטו פון די דענקערס, פאָרשערס און לערערס פון דער מענטשהייט גרויס און וויכטיק. אָבער ס'איז פאָרט ניט אָפּצולייקענען אַז דאָס טיפסטע און עלטסטע וויסן איז פריער און עלטער פון זיי אַלע. זיי אַליין האָבן זיך געמוזט סומך זיין אויף דעם ריזיקן פאָלקס־צושטייער, אויף דער מיאונג פון אומצאָליקע, קודמדיקע דורות „פּראָסטע" מענטשן וואָס האָבן צעאַקערט דעם באָדן, געלייגט גרונטן, געשאַפן שפּראַך און געצייגן פאַרן גייסט.

דאָס מענטשלעכע לעבן, על־כל־פּנים דאָס געזעלשאַפטלעכע און געפילס־לעבן, ווערט קנאַפּ־וואָס באַווירקט פון די פילאָזאָפישע און וויסנשאַפטלעכע אַבסטראַקציעס וואָס די „ריינע פאַרנונפט” האָט אויסגעמוטשט. ניט די היפּאָטעזן וועגן די טויטע וועלטן אין דעם אוניווערז; ניט די טעאָריעס וועגן כעמישער פאַרוואַנדלונג, וועגן די געאָלאָגישע פאָרמאַציעס, אָדער דער אויסגעקלערטער טרעפּ־לייטער פון ביאָלאָגישער עוואָלוציע, האָבן דעם מיסטישן כוח צו מאַגנעטיזירן די זעל פון דער ברייטער מענטשהייט, אָדער צו הייבן איר פּולסשלאָג. נאָר דווקא די ליבע און קנאה, אַמביציע און אייפערזוכט, און דער דראַנג פאַר זעלבסט־דערהאַלטונג האָבן „די גאַנצע דעה” אין דער שטייגערונג און ירידה, דעם וואוילזיין און געפאַלנקייט פון דער מענטשלעכער מערכה אויף דער וועלט. פון אָט די אינעווייניקסטע שטרעמונגען אין דעם מענטשלעכן נשמה־לעבן — גיכער ווי פון די ספּעציפישע לערעס און קאַטאַלאָגירטע וויסנשאַפטן — באַציט זיך גאָר דאָס גליק און די טיפסטע טראַגיק, יעדע פרייד און עצבות. אָט די עמאָציאָנעלע סטיכיע האָט געטריבן דאָס ראָד פון דער געשיכטע, האָט געבייטשט דעם מענטשן אויפצושטעלן — און חרוב מאַכן — ציוויליזאַציעס, האָט געליפערט דער ליטעראַטור און די קונסטן אַן אייביקן טעמע־מאַטעריאַל.

דורך אינטואיטיווע אַנונגען, דורך מדרגות פון „נביאישער” אויפלייכטונג ביי מענטשן „אומגעשולטע” אָבער נאַטור־באַשאָנקענע מיט וואַכע חושים און שעפערישע פאַנטאַזיעס, זענען די גרויסע רעליגיעזע און פּאָעטישע אידייען, סימבאָלן און בילדער אויפגעקומען. נישט דער באַגעם פון געטלעכקייט, די אידייע פון השארת־הנפש, די קריסטאַליזירונג פון מאָראַל־פּרינציפּן, זענען אַ פּועל־יוצא פון אַ בכיוונדיקער, באַוואוסטזיניקער אויסטראַכטונג, די שלוסן פון „קאָפּ־מענטשן” וואָס האָבן זיך אַוועקגעזעצט און זיי אינטעלעקטועל אויסגעחקירהט. די דאָזיקע באַגריפן, טרוימען און וויזיעס וועגן ענינים וואָס שטייען ברומו של עולם קייטלען זיך מיט דער אייביקער מיסטעריע פון זיין, מיט דער קאָלאָסאַלער טראַגעדיע פון לעבן. די דאָזיקע השערות און פאָרבאַגריפן וועגן דעם תכלית־הבריאה, וועגן אַ פּרינציפּ פון גערעכטיקייט אין לעבן, וועגן מזל, גורל, שכר־ועונש און גילגול־הנשמות; דער געדאַנק אַז אַ מענטש איז נישט קיין הפקר־באַשאַף אין אַ „ווילדער” וועלט פון עלעמענטאַלער אכזריות און ברוטאַלן ווילקיר, נייערט אַז ער רוט אויפן בוזים פון אַ צוועקמעסיקער און אַפילו רחמימדיקער נאַטור, וואָס ער איז איינגעגלידערט אין איר, און איז צוזאַמען מיט איר אַ טייל פון דער וועלט־יצירה; אַז אַן אָפּשטראַל פון דער אומענדלעכער חכמה וואָס באַגלייט

אירע דרכים איז אויך אָפּגעגעבן געוואָרן צו אים, דעם בשר־ודם, צו באַלייכטן זיין אייגענעם וועג ער זאָל אויפשטעלן זיינע אייגענע מענטש־בנינים, צו בויען זיין אייגענע וועלט — אָט די רעיונות און השגות האָבן שוין געטליעט אין די מוחות פון די עלטסטע שבטים. די דאָזיקע אָנונגען און דערקענטענישן האָבן אויפגעבליצט אין דער פאָלקס־נשמה אונטערן דרוק און קלעם פון דערפאַרונג, אין מינוטן פון רוח־הקודש און פּאָעטישער התגלות. מענטשלעכע הערצער זענען פאַרקלעמט געוואָרן פון ווייטיק און גרויל אין גרעאַנגל מיט אַ האַרבער און שרעקלעכער ווירקלעכקייט וואָס איז אָנגעשטאַנען פאַר די ערשטע מענטש־נפשות אין די אור־צייטן פון דער ערד, דאָך האָבן זייערע נשמות צייטנווייז אויפגעציטערט פון אַ פּאָרכטיקן עקסטאַז איבער דעם וואונדערהאַפטיקן פענאָמען פון נאַטור און לעבן, בעת זייערע הענט און פיס האָבן זיך כסדר באַדאַרפט צופּאַסן צו אַלערלייאיקע אויפגאַבן און שליחותן. אַזוי אַרום, דורך זייער אַנגסטיקער פראַצע און מאַומדיקע איבערלעבענישן, דורך זייער אויסטרעטן וועגן אין דער ווילדערניש, און די חבלי־לידה זייערע פאַר יעדן ברעקל דערגרייך, פאַר יעדן טראָפּן וויסן; דורך זייער אַנטקעגנ־קומען פּנים אל פּנים מיט אַלע שרעקן, געפאַרן און נויטן, זענען זיי הײמיש געוואָרן מיט אַלע פּאַזן פון דער רעאַלער וועלט. דעם ספר־החיים, דאָס בוך פון לעבן, האָבן זיי געקענט אויף אויסנווייניק, און האָבן אַפילו געמאַכט דערויף זייערע אייגענע טייטשן און פירושים. . . .

דאָס קערנדל פון יעדן גרויסן אמת האָט זיך שוין באַוויזן אין געדאַנק פון די גאָר ערשטע מענטשן. און דער בייטראַג פון די שפּעטערע דורות איז געווען, אין אַ גרויסער מאָס, אַן אַרבעט פון פאַרברייטערן, פאַרפיינערן און דערגאַנצן איידער פון ניי־פאַרפאַסן, אויסגעפינען און אַנטדעקן. די רעשטלעך פון פּאַרצייטיקער, פרימיטיווער ליטעראַטור וואָס אונז איז פאַר־בליבן פון אַ פרע־היסטאָרישן עבר טראָגן שוין די זוימען פון אייביקע אמתן און אידייען וואָס זענען אונז לעבנסוויכטיק און נאָהענט נאָך הײנט. אין דער סאַמע פריעסטער פאָלקלאָרישער פאַנטאַסטיק פון גרויען אַלטערטום אַרום מיטאָלאָגישע געשטאַלטן און סימבאָלן, איז שוין צו מערקן שפּורן, אַזוי ווי כמעט נביאישע אָנדייטן, פון שפּעטערדיקער פּאָעזיע און אמונה. אין אדם־הראשונס צייטן, לאָזט זיך זאָגן, האָט טאַקע דער בראשיתדיקער בן־אדם געגעסן זיין ברויט מיטן שווייס פון זיין פּנים — אָבער ער איז אויך, אין דערהויבענע מינוטן, „געגאַנגען מיט גאָט.״

ווען די שפּעטערדיקע זעלבסט־באַוואוסטע שרייבער־דיכטערס האָבן זיך באַוויזן — מענטשן וואָס האָבן פאַרמאָגט די גאָב פון שפּראַכלעכער

שעפערישקייט, און דעם געניטן חוש מסדר צו זיין קינסטלערישן מאַטעריאַל — איז שוין צוגעגרייט געווען פאַר זיי אַ ריזיקער שטאָף־אוצר פון ניט פאַר־שריבענעם פאָלקלאָר וואָס האָט זיך ווי געבעטן אַז טאַלאַנטירטע הענט זאָלן זיך פאַר דעם נעמען און אים געבן אַ תיקון פון פאָרעם, שיינקייט און אוני־ווערסאַל־מענטשלעכן באַדייט.

* * *

אין דעם היסטאָרישן בלי־פּעריאָד פון דער העלענישער קולטור, למשל, ווען די אומשטערבלעכע גריכישע דראַמע איז אויפגעקומען, האָבן די גרויסע דראַמאַטישע דיכטערס פון אַטהען געהאַט איבערגענומען אַ געוואַלטיקע ירושה פון פאָלק־שאַפונג, אין בעל־פּה געבראַיך, אָפּגעהיט אין זכרון און אין לעבן פון די פאָלקסמענטשן מקדמת־דנא — פון די פריעסטע צייטן — און טייער געהאַלטן ווי דאָס הייליקע גייסטיקע פאַרמעגן פון יענע דורות. די דאָזיקע פיל־באַדייטיקע סימבאָלן, מיטאָלאָגישע מעשיות, געזאַנגען, לעגענ־דעס, סיפּורים און עפּאָפּייען האָבן צוגעשטעלט טעמע, סוזשעט און געדאַנק־לעכן תוכן דער גראַנדיעזער ליטעראַרישער דראַמע פון יענער קלאַסישער עפּאָכע.

אין הינטערגרונט פון גריכישן פאָלקסלעבן האָט געטליעט דער זכר פון נאָך שענערע, כאָטש פאַרגאַנגענע עפּאָכן. די רייכע העלענישע ירושה האָט זיך באַצויגן פון נאָך מער געראָטענע, מער באַשאַנקענע, כאָטש שוין לאַנג ניט־דאָיקע אבות, פון אַ נאָך העכער־שטייענדיקער ראַסע פון אַ ווייט־פאַרגאַנגענער צייט, ווען די „בני־אלוהים“, מענטשן ווי געטער, האָבן באַוואוינט די ערד און די גדולה פון זייער גבורה און חכמה האָט אויף איר גערוט.

געשטיצט אויף די טראַדיציעס פון פריערדיקע דורות און פון זייער אייגענעם פילפאַכיקן באַריר מיטן לעבן; פון זייער קינדיש־נאַאיוון אָבער פּאָעטיש־שיינעם, רעליגיעז־פאַרגאַפטן באַנעם פון דער זעבאַרער וועלט, האָבן די עמפּינדלעכע גריכן אויסגעחלומט זייער פאַרביקן היידן־קולט. אָט אַזוי — ווי אַנדערע שעפערישע פעלקער קעגן אַן ענלעכן הינטערגרונט — האָבן זיי אויסגעפורעמט זייערע געטער־פיגורן, די נאָבעלע געשטאַלטן פון זייערע פאַרהערלעכטע אבות, די צויבערלעכע מיטאָלאָגיעס און לעגענדעס זייערע וואָס פאַרבילדלעכן אָדער פאַרקערפּערן די מעכטיקע כוחות אין דער טבע, די כוחות וואָס זענען משפּיע אויפן גאַרן לעבן, און וואָס די מעגלעכ־קייט פאַר איבערלעבן אויף דער ערד איז לגמרי אָפּהענגיק אָן זיי.

באַטראַכטן מיר, פאַר אַ ביישפּיל, די פיגורן פון דער אנטיקער מיטאָ־

לאָגיע — לפנים, זינלאָזע און אויסגעשפּילטע געטער־געשטאַלטן פון אַן אַלטער היידנשער קולטור, און וואָס האָבן שוין לאַנג פאַרלאָרן יעדן באַטייט וואָס זיי האָבן אַמאָל געהאַט. אָבער טיפער פאַרשטאַנען זענען זיי נאָך אַלץ עדות אויף דער שטוינלעכער חכמה פון דעם פאָלקס־גייסט וואָס האָט באַוויזן דעם כמעט אומגלויבלעכן „שכל" זיך צו פאַראייביקן אין אָט אַזעלכע, דווקא זינרייכע און פילבאַטייטיקע, געשטאַלטונגען. וואָס די פאָלקס־מענטשן אין אַנדערע דורות האָבן שפּעטער פאַרגעסן דעם לכתחילהדיקן סימבאָל־געדאַנק פון אָט די געצן, און האָבן זיי פּראָסט־פּשוט געדינט מיט ברענענדיקער התלהבות, ברוטאַלע קרבנות און וואַנזיניקן פאַנאַטיזם, איז טאַקע אַ שלאָגנ־דיקער ווידערשפּרוך, אַ פּאַראַדאָקס פון דער פאָלקס־נשמה וואָס קווענקלט מיט חכמה און אומזין, גלויבן און אבערגלויבן.

כדאַי אויף דעם אָרט איבערצוגעבן אַ טיפּזיניקע באַטראַכטונג פון דעם רמב"ם וואָס פּאַסט זיך אַהער וואויל אַריין. ער זאָגט אַז „בימי־אנוש", עטלעכע דורות נאָך אדם־הראשון, וואָס האָט זיך שוין געהאַט דערנענטערט צום סוף פון זיינע טעג, און ניט לאַנג פאַרן מבול, האָט דער דור פון אנוש צום ערשטן געמאַכט דעם גרויסן „טעות" און אָנגעהויבן בלאָנדזשען אין זיין קאָסמאָגאָנישן טראַכטן, אין זיין באַגריף וועגן גאָט און גאָטעסדינסט: טאַקע דער וועלט־באַשעפער איז דער איינציקער גאָט, אָבער ער האָט נאָך שלוחים וואָס יעדער פון זיי איז אַ שר איבער זיין געביט. מעג מען דאָך אין אַן עת־צרה זיך ווענדן מיט אַ בקשה צו דעם אונטערטאַן, וואָרים ער שטייט דאָך נאָהענט צום וועלט־האַר. ביסלעכווייז זענען די נאַטור־כוחות, די „שלוחים", געוואָרן די געטער ממש. נאָך שפּעטער זענען די סימבאָלן און אָפּבילדער זייערע אַליין געוואָרן אָביעקטן פון עבודה און ריטואַל. אַזוי איז אויפגעקומען דער געצנדינסט צוליב דעם ערשטן קאָמפּראָמיס וואָס אדמס אייניקלעך האָבן זיך דערלויבט מיט דער אַבסאָלוטער אידייע פון אחדות־הבורא. (זע רמב"ם, „הלכות עכו"ם, פּרק א.)

אויף די טעותן פון דעם מענטשן, זיין קרום טראַכטן וועגן גלייכע זאַכן, זיין טבע צו בלאָנדזשען און פאַרבלאָנדזשען, וואָרצלען אין דער מענטש־נשמה, געהערן דער מענטש־געשיכטע, און האָבן אַן אַלטע פאַרגאַנגענהייט...

אָבער דער ענין געהערט צו אַן אַנדער שמועס. אומקערנדיק זיך צו מיין טעמע, לאָמיך דאָ, צום אילוסטרירן, נעמען אַ פּאָר פון די פאַרבילדלעכטע אידייען וואָס די פּאַגאַנישע געטער שטעלן מיט זיך פאָר און וואָס דער שפּעטערישער פאָלקס־זשעני האָט אין זיי פאַרקערפּערט.

אַפּאָלאָ און דיאָניסאָס — די דאָזיקע „געטער" פון אַ פאַרשוואונדענער

וועלט, פון אַ אונטערגעגאַנגענער קולטור, זענען פּערזאָניפיצירטע אידייען וואָס וועלן אייביק גילטן ווי סימבאָלישע כאַראַקטער־בילדער פון דעם אייביקן מענטשן־מין און זיין באַציאונג צום לעבן. דאָס זענען אייגנטלעך צוויי קאָנטראַסט־שיטות — די העדאָניסטישע און אידעאַליסטישע השקפות — צוויי כאַראַקטער־טיפּן אין זייער היפּוכדיקן אויסבליק, צוויי רעפלעקסיעס פון דער נשמה אינם באַנעם פון דער וועלט.

אַפּאָלאָ — אַ פאַרקערפּערונג פון דעם פּאַסיוון בעל־מוח, דעם שווערמער, טרוימער און בטלן, וואָס האָט טאַלאַנט אויף אַלץ אַחוץ אויף זיך פאַרווענדן פאַר לוין און תכלית; זיינע אויגן בליקן אויף לופט־שלעסער אין די וויטן וואָס זענען פאַרהוילן פאַרן פאַרשמייעטן מענטשל פון דער גאַס; ער וואַנדערט אום איבערן פּנים פון דער ערד ווי אַ ליכטיקער שליח פון די מוזן צו מוטיקן און באַגייסטערן זייערע קינדער, די באַרופענע, די אנגעהערטע... ער, דער אייביקער האַרפן־טרעגער, איז דער שוץ־גייסט פון אַלע ליבהאָבער פון שיינקייט, שירה און נגינה; זיין וועלט איז אַ וועלט פון „יום שכולו שבת" — אַ טאָג פון אייביקן שבת־יום־טוב געמיט, פון מעדיטירן און פּאָעטיזירן וועגן גאָטס פלאַימדיקער יצירה, פון נשמה־תענוג, פון הנאה האָבן פון יעדן נייעם ניגון, און פון פאַרווילן אָן אויפהער אין דעם לוסטגאָרטן פון גייסטיקן און קינסטלערישן באַשטרעבען.

דיאָניסאָס — איז דער פּערזאָניפיצירטער גייסט פון אונטערנעמען, האַנדלען און ווירקן. ער איז די דינאַמיק פונם רולאָזן רצון, פון דער אומדערזעטלעכער אַמביציע וואָס טרייבט דעם דיאָניסישן מענטשן־טיפּ בייצוקומען אַלע מכשולים אין זיין וועג צו דערגרייכן אַלץ גרעסערע טריאומפן. ער איז דער גאָט פון די דעראָבערער, די ריזיקאַנטן־אַוואַנטיוריסטן, די שיקזאַל־ספּעקולאַנטן; ער איז דער שר פון די לייט מיט דער שטאַרקער אחיזה אין מאַטעריעלע און עולם־הזהדיקע ענינים; די אויסגערעכנטע אַקטיוויסטן מיט אַ שווער־געוויכט פון פּראַקטישן חשבון וואָס האַלט זיי צוגעקאָוועט צו דער ערד, מענטשן וואָס לעבן זיך אויס אין די גרענעצן פון חומר, אין גבול פון גשמיות. די דיאָניסישע אויגן זענען נישט געווענדט צו די מיסטישע עולמות, און די אויערן זענען טויב צו דער מוזיק פון די הימלען וואָס טראָגט זיך איבער די ספערן. ער איז דער גאָט פון וויין, וואַקכאַנאַלישע הוליאַנקעס, תאווהגליק און אַ „חי־געלעבט"־פילאָזאָפיע. ער איז באַקכוס־דיאָניסאָס מיט דער גירלאַנדע פון דעם אייביק־בליענדיקן ווינשטאָק אַרום זיין פרעכן, געלאָקטן קאָפּ.

די טרעפלעכע קלוגשאַפט, די קראַפט פון דמיון, די פּאַראייביקטע

פאָטאָגראַפיע פון אָט די צוויי טיפן, פון די צוויי אַספּעקטן פונם מענטשלעכן כאַראַקטער, מאַכן אונז פּשוט צום שטוינען. אָט די גרויסע סימבאָלן זענען עפּעס ווי איבערגעבליבענע פיגורן פון אַ פאַרשוואונדענער וועלט, פון אַ מערקווירדיקער ציוויליזאַציע איידער די ציוויליזאַציע האָט זיך באַוויזן. . . . מיט זייער אויסגעוואַקסנקייט, געצייטיקטן פאַרשטאַנד און פלעפנדיקער חכמה; מיט זייער זינרייכן פילאָזאָפיש־קינסטלערישן פאַרנעם, דערמאָנען אַזעלכע פאָלקלאָרישע געשטאַלטן אין טיף־טראַכטנדיקע, שווייגנדיקע דורות וואָס האָבן נאָך נישט געוואוסט פון קיין פאַרמעטן, שרייב־געצייגן און דרוק־אותיות, אָבער וואָס האָבן אויסגעדיכטעט דעם איבערצייטלעכן גרונט־שטאָף פון דער ליטעראַטור אויף אַלע לשונות, אין אַלע ווינקלען פון דער ערד.

נאָך אַ ביישפּיל: פּראָמעטעאוס. אַזאַ העלדנגעשטאַלט ווי פּראָמעטעאוס, וואָס די אַלט־גריכישע שבטים האָבן אויסגעפאַנטאַזירט, האָט פאַקטיש נישט קיין שאַפער, קיין פאָטער צו וועמען מ׳זאָל אים צושרייבן.

עסכילאָס האָט אים אויף אייביק אַוועקגעשטעלט אויף אַ פּיעדעסטאַל מיט די געציילטע, גרויס־פיקטיווע העלדן פון דער וועלט־ליטעראַטור. אָבער דער קלאַסישער טראַגיקער פון אַלטן גריכנלאַנד איז פאָרט נישט געווען זיין באַשאַפער. ער, פּראָמעטעאוס, איז שוין געווען אַ טיפער „זקן״, מיט אַן אַלטער פאַרגאַנגענהייט, פאַר מי־יודע וויפיל יאָרן, איידער עסכילאָס האָט אים קינסטלעריש אַדאָפּטירט. די דאָזיקע לעגענדאַרישע געשטאַלט האָט אַריבערגעוואַנדערט צו זיינע העלענישע יורשים פון ערגעץ אַ ווייטן פרע־היסטאָרישן עבר, אַ זון פון אַן אוראַלטן אָבער שוין פאַגעסענעם יחוס; אַ קאָלאָסאַלער דמיון־באַשאַף וואָס זיינע אבות, די שעפערישע „ראשונים״, האָבן אַרויסגעבראַכט פון די מעמקים פון זייער אייגענער געוואַלדאָוונער הערצאָיק, פון זייער אייגענעם טיטאַנישן געראַנגל, און שווייגנדיק־טיפן אַריינקלער אין דער שטומער טראַגיק פון דער עקסיסטענץ. נאָכדעם האָבן זיי אָט דעם אויסגעחלומטן „ריז״ פון זייערע צעהעלטע פאַנטאַזיעס אָנגעקליידט מיט די שטראַליקע טוגנטן פון מענטשן־ליבע, העלדנמוט און מאַרטירערשאַפט אין אַ נאָבעלער שליחות. אַזוינאָך איז דאָס פּראָמעטעאוס־געשטאַלט אַלץ בולטער און באַדייטפולער געוואָרן, איבערגייענדיק פון מוח צו מוח, אין לויף פון דורות, ביז דער באַרופענער מייסטער גיט אים זיין קינסטלערישן תיקון אין אַ ליטעראַרישער טראַגעדיע־דראַמע, געווידמעט זיין לעבן פון אַ בעל־חסד לטובת די מענטשן, און די שטראָף פון אויסנאַמלעכע ליידן וואָס די געטער האָבן אויף אים דערפאַר אַרויפגעלייגט.

די אידייע פון דעם ספּאָנטאַנעם פון־זיך־אַליינקן שאַפונג־פּראָצעס פון

לעבן איבערגעגעטראָגן אויף מינדלעכער ליטעראַטור — וואָס ווערט נאָכדעם פון באַרופענע שרייבערס מחובר אין ווערק, קינסטלעריש געפורעמט און מאָדולירט — איז אָנגעוווענדט אויף אַלע פעלקער.

מיר נעמען אויף מיט פאַרוואונדערונג דעם שאַפונג־כוח פון די גאָר לאַנגסטיקע דורות, די „עובדי־אדמה" אָדער „רועי־צאן" פון אַ ווייט־אָפּגע־רוקטן, פאָרהיסטאָריש צייטאַלטער, אין דער וועדישער ליטעראַטור פון אַמאָליקן אינדיע. דאָס זענען די סאַמע עלטסטע, אור־צייטיקע ליטעראַרישע מוסטערן פון די ערשטע אַריער, די פאָטערס פון דער ווייסער ראַסע, וואָס מיר פאַרמאָגן. די דאָזיקע פראַגמענטן אין סאַנסקריט — הימנען, ריטועלע פאָרשריפטן און תפילות — שטאַמען פון אַ פאַרנעפּלטן אַמאָל־אַמאָל, ווען תפילה און עבודה איז נאָך נישט געווען דאָס מאָנאָפּאָל־געשעפט פון דער קירך אַליין; ווען דער גאָטעסדינסט, דאָס רעליגיאָזע געפיל זיך צו באַהעפטן מיטן וועלט־גייסט, איז נאָך נישט געווען דער פאַך־פּאַטענט פון די פריסטער און טעמפּל־האַרן. שוין יענע באַגינענדיקע נפשות האָבן געהאַט „גאָט אין האַרצן", און האָבן פאַרמאָגט זייער אייגענעם אויסדרוקפולן „תהילים", פּאָע־טיש־רעליגיעזע געבעט־און־לויב לידער פאַר אים.

מיר קומען אויף דעם רעיון וועגן דער שעפערישקייט פון דער פאָלקס־פאַנטאַזיע ביים לייענען די באַרימטע אַלטע עפּאָפּייען, קינדער־מעשיות, פאַב־לען, אַלעגאָריעס און ספּאָנטאַנע דיכטונגען וואָס זייער ליטעראַרישער זוימען איז אויפגעגאַנגען אין די באַקאַנטע ליטעראַטורן פון די פעלקער. אין אַלע גרויסע ווערק פון די נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן איז ניט צו פאַרזען אָט די ווייט־גרייכיקע, אַלצייטיקע שאַפונגס־קראַפט פון די פעלקער — דער אַלעמאָליקער דראַנג און אומעטומיקער פּרואוו אַרויסצוברענגען פון זייערע נשמה־טיפענישן, דורך פאַנטאַזיע און וואָרט, זייער אָפּרוף צום לעבן.

* * *

איך האָב געגומען ביישפּילן פון די קלאַסישע גריכן מחמת זייער ירושה פון דראַמע, ליטעראַטור, און מיטאָלאָגישע קוואַלן, דינט ווי אַ דאַנקבאַרער שטאָף צו באַלייכטן מיין טעזע.

דער יידישער זשעני, וואָס האָט געשאַפן דעם תנ"ך, קאָן צושטעלן דעם רייכסטן אילוסטראַציע־מאַטעריאַל פאַר דעם געדאַנק פון פאָלק־שאַפונג ווי דער אָנשפּאַר פון יעדער ליטעראַטור. אָבער דאָס יידישע פאָלק האָט זיך טראַדיציאָנעל אָפּגעזאָגט פון יעדן חלק, ווי מיט־שאַפערס, אין דעם גרעסטן

ליטעראַרישן אוצר וואָס די וועלט פאַרמאָגט. די תורה איז געקומען צו די ייִדן „מפּי הגבורה", פון דעם בורא־עולם אַליין, וואָס האָט זי איבערגעגעבן דורך זיין קנעכט משה, צו זיין אויסדערוויילט פאָלק ישראל. פאַר אַ יידישן שרייבער צו באַהאַנדלען די כתבי־קודש ווי „ליטעראַטור" קומט אויס, דורך זיין וועלטלעכן צוגאַנג, ניט ווילנדיק, ווי צו אפשר פראָפאַנירן די הייליקטימער פון זיין פאָלק. חוץ־לזה שרעקט אים דער געדאַנק אַז מ'קאָן אים נאָך אפשר צושטעלן צו יענעם פאַרהאַסטן בינטל, די יידן־פיינטלעכע ביבל־קריטיקערס, וועמענס אַנטי־יידישער גייסט, אין זייערע כלומרשטע אָביעקטיווע אַרבעטן, איז דערווידער אי דעם פאָלקס־מענטש, אי דעם אמתן יידישן אינטעליגענט.

דאָך ווילט זיך נישט פאַרבייגיין די פאָלקיש־ליטעראַרישע זייט פון „ידישקייט" אין שייכות מיט דער אַלגעמיינער טעמע פון דער דאָזיקער עסיי.

אפילו לויט דער יידישער טראַדיציע זענען אַסך ניט־דערזאָגטע זאַגן, און פאַרזאָגן, פון דער תורה, אַ ראיה אַז יענע דורות זענען באַקאַנט געווען מיט אַ ניט־פאַרשריבענער מסורה וואָס האָט צירקולירט בעל־פּה צווישן פאָלק, לאַנג פאַר דער עפּאָכאַלער דערשיינונג פון מתן־תורה.

אילומינירנדיק אין דעם פּרט זענען די אגדות וועגן די אבות פונם יידישן פאָלק. אין איין אגדה ווערט געזאָגט וועגן יעקבן, אַז ווען ער איז אַוועק פון זיין פאָטער'ס הויז, ביז ער איז אָנגעקומען צו זיין נישט גאָר עטישן שווער לבן, האָט ער אָפּגעלערנט אַ וואָסערע פערצן יאָר אין דער ישיבה פון שם־ועבר. ווי יעדער חומש־אָנפאַנגער ווייס, איז דאָס געווען נאָך פאַרן גלות־און־יציאת מצרים, פאַר דער אַנטפּלעקונג פון סיני — דעמאָלט האָט שוין יעקב געלערנט אין דער „באַרימטער" ישיבה פון שם, דעם אור־פאָטער פון די אבות (און פון דער אידישער — סעמיטישער — ראַסע), דעם כהן און נביא, דעם אב בית־דין, ווי עס ווערט אָפט געבראַכט אין תלמוד און מדרש.

וועגן אברהם־אבינו דערציילט זיך אין דער גמרא אַז נישט נאָר איז ער געווען דער דערקענער און פאַרשפּרייטער פון דער אחד־אידייע, נאָר אַז ער איז באַקענט געווען מיט דער שפּעטער־געגעבענער תורה, אין איר פולסטער אויסטייטשונג און קאָדיפיצירונג פון אַלע דינים און חוקים, וואָס ער האָט, ווי אַ פרומער איד און צדיק, אָפּגעהיט און אויסגעפאָלגט. די רבנישע אגדה־דיכטערס, שפּינענדיק זייער פאַנטאַסטישן דרוש אויף די סיפּורים אין חומש וועגן דער גורלדיקער ביאָגראַפיע פון אברהמען, דעם גאָט־געווייל־טן און אויסגעפּרואוון, האָבן אים אַוועקגעשטעלט ניט נאָר אויף אַ יידיש־עטישער און אוניווערסאַל־מענטשלעכער הויך, נאָר זיי האָבן אים אויך צוגע־

שריבן גרויסע אינטעלעקטועלע פאַרדינסטן: ער האָט דערפונדן דעם א״ב; ער האָט אַפילו געוואוסט, דורך מיסטישע כוחות, ווי צו מאַניפּולירן מיט די יסודות־הטבע; ער איז געווען דער אַנטדעקער פון דער אַסטראָנאָמיע. די געהיימע חכמה און תורה־ידיעות האָט ער מקבל געווען פון אנוש׳ן, וואָס האָט זיי מקבל געווען פון אדם־הראשון, וואָס האָט מקבל געווען פונם „עושה מעשה־בראשית״ אַליין . . . אינטערעסאַנט איז צו מערקן ווי די יידישע פאָלקס־פאַנטאַזיע האָט נישט אָנגענומען קיין גרענעצן וואָס טיילן אָפּ אַ ווילדע, מגושמדיקע וועלט פון אַ תקופה פון „אָפּיציעלער״ תורה־געבונג. אַלט איז די וועלט, און אַלע חכמות און טוגנטן באַציען זיך פון אַ גרויען אַלטערטום, און נאָך ווייטער, און נאָך עלטער, ביז דער ליכט־באַגאָסענער, כמעט־בראשיתדיקער ערע, ווען דאָס לעבן האָט געווימלט אין דעם פּראַכט־געבלי פון זיין פאַרחלומטער יוגנט, און געגאָפּט אויף זיין אייגענעם חידוש; ווען דער הימל איז נאָך נאָהענט געווען צו דער גרינער ערד, און כביכול, דער וועלט־באַשעפער אַליין, בכבודו־ובעצמו, האָט גערעדט צו די ערשטע מענטשנקינדער. . . .

ס׳איז דעריבער נישט קיין לעסטערונג, האָף איך, די סוגגעסטיע אַז די בני־ישראל זענען היימיש געווען מיט די וואונדערלעכע חומש־מעשיות איידער זיי זענען געוואָרן „ספר״ און „תורה״. ווען די יידן זענען אַריין אין לאַנד כנען האָבן זיי זיך דאָרטן נאַטירלעך אָנגעשטויסן אויף אַ לאָקאַלער קולטור, וואָס אגב, זי אַליין איז אויך אויסגעשטאַלטיקט געוואָרן פון איבערגע־בליבענע עלעמענטן פון עלטערע סעמיטישע פעלקער.

דער תנ״ך דערציילט ווי די שבטים האָבן זיך צוגעכאַפּט מיט אַ זשעדנער ליידנשאַפט צו דער אָרטיקער היידנישער קולטור אויף להכעיס אַלע באַמי־אונגען זיי אָוועקצורייסן פון איר. דער גרויסער פירער און לערער משה — ווי שפּעטער די נביאי־השם — האָבן מיט זייער פלאַמיקער אָראַטאָריע אַן אויפהער געוואָרנט, געבעטן און אַפילו געסטראַשעט מיט „טויטע קללות״ און שטראָפן, די יידישע שבטים, אַז זיי זאָלן זיך אָפּקערן פון דער העסלעכער און פאַרדאַרבנדיקער עבודה־זרה, און נישט נאָכגייען אין די וועגן פון די געצנדינער. אָבער נישט דער אייפעריקער גרימצאָרן פון גאָט אַליין, און נישט די בלוט־פאַרגליוורנדיקע תוכחות, האָבן געקאָנט אָפּשרעקן דאָס האַרט־נעקיקע פאָלק זיי אָפּצוציען פון דעם לאָקערישן געצנקולט.

איז פאַרשטענדלעך אַז רעשטלעך פון דעם היידנישן פאָלקלאָר זאָלן זיך האָבן אַריינגעוואָקסן אין יידישן לעבן, וואָס ווערן נאָכדעם פאַרוואַנדלט אין נאַציאָנאַלע קולטור־ווערטן, אין אייגנאַרט פון דער פאָלקס־ליטעראַטור.

די מעשיות פון קין און הבל, דער דור־הפלגה, דער מבול, זענען לכל־הדעות נישט אויסגעטראַכט געוואָרן פון זייערע דערציילערס. די געשיכטע פונם מבול, למשל, איז אין אירע גרונט־שטריכן, אויסגעקריצט אויף די טאַבעלן פון אַלטן בבל; דער דראַמאַטישער עפּיזאָד פון יוספן און פּוטיפרע איז אַ פּאָר מיט אַן עגיפּטישער געשיכטע פאַרשריבן אויף פּאַפּירוס. מערערע אַזעלכע ענלעכקייטן קאָנען ציטירט ווערן — אָבער ס׳איז נישט מיין אויפגאַבע צו ברענגען אַזעלכע מוסטערן, ווייזן פאַרגלייכן, אויפהייבן אַ וויכוח וועגן ס׳האָט ביי וועמען גענומען. דער פאַקט אַז די געלערנטע קומען אויף די שפּורן פון „יפת״ אין די געצעלטן פון „שם״, פאַרמינערט אויף אַ האָר נישט דעם ריזיקן אָריגינעלן צושטייער פון דעם ביבל־פאָלק צו דער רעליגיעזער, עטישער און ליטעראַרישער קולטור פון דער וועלט. די פאָלקס־קולטורן זענען זיך משפּיע איינס ס׳אַנדערע. זייערע שטראָמען פליסן אַריבער די גרענעצן פון זייער אַנטשטיין, קרייצן זיך איבער און פאַרמישן זיך.

נישט די טשיקאַווע ענלעכקייטן פון די יידישע מיט אַנדערע סעמיטיש־אָריענטאַלישע טעקסטן זענען דאָ דער עיקר. דער אויפטו פונם יידישן זשעני באַווייזט זיך אין דעם אַנדערשדיקן באַנעם, דעם וויטן גרייך אין ליטעראַרישן אויסדרוק, דעם שטאַרקן מאָראַלישן פּאַטאָס, און דעם נאַציאָנאַלן אייגן־גייסט פון די תנ״כישע ספרים. די סטיל־און־גייסטלאָזע היראָגליפישע פראַגמענטן, וואָס די פאָרשער פון אַלטערטום גראָבן אויס, זענען פאָרט נישט קיין גלייכן מיט די פּרעכטיקע ביבלישע מוסטערן. דאָס יידישע פאָלק האָט אויף זיין אייגענעם אויפן אויפגענומען טייל פאַר־מתן־תורהדיקע קולטור־רעשטלעך און זיי איבערגעבויט, פאַריידישט מיט אייגענעם תוכן און זין, און זיי אָנגעטאָן אין אַ לבוש פון קדושה, פון שפּראַכלעכער גבורה און געטלעכן אָטעם. נאָך אָט דער פאַרוואַנדלונג דורך דער אַלכעמיע פון דעם נאַציאָנאַלן פאָלקס־גייסט איז שוין דאָס גאָר ערשטיקע פרעמד־קערנדל, וואָס האָט זיך אפשר אין די אָנהויבן דאָרט פאַרקנאָטן, שוין לאַנג בטל־בששים געוואָרן אין דער אויסגעצייטיקטער, פאַרגאַנצטער שאַפונג. די „מלאכי־מעלה״ אַרום דעם כסא־הכבוד האַלטן זיך נישט אָפּ פון זינגען שירה צום האַר פון די וועלטן, אויף לשון־קודש, כאָטש דאָס דאָזיקע הייליקע לשון פאַרמאָגט שפּראַכלעכע ענלעכקייט מיט אַנדערע לשונות־צווייגן פון דעם סעמיטיש־פילאָלאָגישן בוים. . . .

די חומש־מעשיות, מיט זייער אָריענטאַלישן חן און לויטערקייט, זענען אין דעם יידישן העכערן אויפנעם געוואָרן סימבאָלן פון אַ טיפן הומאַניזם און אַן אייגנאַרטיקער מיסטיק. דער יידישער נעאָ־פּלאַטאָנישער

דענקער פון אַלעקסאַנדריע, פילון, האָט זיך געמיט מגלה צו זיין די „סודות״ וואָס ליגן פאַרבאָרגן אין די תורה־מעשיות, אָנצעווייזן אויף זייער פאַרבאָר־גענער חכמה און רמזים. לויט פילון׳ס פאַרטייטש איז אדם־הראשון אַ סימבאָל פונם מענטשלעכן שכל; חוה — אַ פאַרבילדלעכונג פון דעם סענסועלן לעבן פון אַ מענטשן, זיינע חושים און געפילן; דער נחש־הקדמון, די שלאַנג פון גן־עדן — אַ רמז אויף די תאוות אוןליידנשאַפטן; די דריי מלאכים־מענטשן וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביים געצעלט פון אברהם־אבינו, וואָס איז תמיד געווען ברייט־אָפן פאַר אורחים און דורכפאָרערס — דאָס זענען דריי שטאַפּלען אויף דעם געדאַנקלעכן לייטער צו דערקענטעניש, די דריי ניט פאַרצאַמטע וועגן פאַרן מענטשלעכן גייסט צו פאָרשן די געטלעכקייט. איז דאָך די קבלה אַ „געהיימלערע״, פאַר די אויסדערוויילטע, פון אַ וועלט פון „נסתר״, אַ נעבן־טייטש וואָס ליגט פאַרבאָרגן הינטער דעם „ניגלה״, דעם אַנטפּלעקט־אָפּענעם פשט פון דעם תורה־טעקסט. און דער זוהר זאָגט טאַקע בפירוש: ווי להאי בר־נש דאמר דהאי אורייתא אתיא ספורים בעלמא — וויי צו יענעם מענטשן וואָס זאָגט אַז די תורה ברענגט סתם־מעשיות, אַזוי זיך, גלאַט אין דער וועלט אַריין...

די זאַמלונג פון אגדות אין תלמוד און מדרש איז אַן אוצר פון משלים, מעשיות און אַלעגאָריעס וואָס יידן גלייבן אַז יעדע פון זיי, אַחוץ זייער פאַר־כאַפּנדיקע שיינקייט פאַר זיך אַליין, טראָגט נאָך אַ העכערן זין, אַ באַהאַלטענעם נמשל, וואָס גיט זיך נישט אויס פאַרן נאַקעטן אויג פונם הדיוט, וואָס איז נישט גייסטיק גרייט אים אויפצונעמען. ווי די קלענסטע טיילעכלעך פון אַ פּשוטן חומר שליסן איין אַ געוואַלטיקע אויפרייס־קראַפט, אַזוי איז דער מחשבהדיקער „נסתר״ אַ גייסטיקע דינאַמיק וואָס דער שעפערישער זשעני פון יידישקייט האָט פאַרשטאַנען איינצוזיגלען אין די פאָלקלאָרישע לעגענדעס פון דער אגדה. די אגדה האָט דערקוויקט די נשמה פון יידישן פאָלק און באַלויכטן זיין שווערן גלות־וועג. זי האָט באַווירקט דעם גייסט פון דער יידישער ליטעראַטור. איר השפעה האָט זיך אויך אַריבערגעטראָגן צו די אומות־העולם און באַרייכערט די וועלט־ליטעראַטור.

אָט ווי געקניפּט און געבונדן ס׳איז דאָס פאָלקס־לעבן און פאָלקס־שאַפונג מיט ליטעראַטור: די צאַרטע אגדה־פלאַנץ — פאַרשאָטנט פון דער הלכה וואָס האָט איבערגענומען די העגעמאָניע איבערן יידישן רעליגיעזן לעבן — האָט זיך שפּעטער צעבליט אין דער מיסטיש־שיינער לאָטוס־בלום, די קבלה. פון דער קבלה האָט אַרויסגעשפּראָצט דער חסידיזם. אין יענער חסידישער רענעסאַנס־עפּאָכע פון דעם דערשלאָגענעם גייסט פון די פאָלקס־

שיכטן, זענען אויפגעקומען די גרויסע רביישע צדיקים־געשטאַלטן. די חסידישע מעשיות וואָס די פאָלקס־פאַנטאַזיע האָט אַרומגעוועבט אַרום דער שטראַליקער געשטאַלט פון דעם בעל־שם, און די רבּיים נאָך אים, ווי דער קלימאַט און גייסט פון חסידות בכלל, זענען אַריינגעזאַפּט געוואָרן אין דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. ביז צום סוף, אַט די וואונדער־מעשיות וואָס זענען אומגעגאַנגען אין פאָלק, באַקומען אַ ליטעראַריש־קינסטלערישן תיקון אין די חסידישע און פאָלקסטימלעכע דערציילונגען פון אונזער קלאַ־סיקער י. ל. פּרץ, למשל, לויט דעם בריליאַנטענעם מוסטער פון זיין דערציי־לונג „אויב נישט נאָך העכער״, און אַנדערע פון דעם מין.

דער גרויס־צושטייער פון דעם יידישן פאָלק צו דער וועלט־קולטור איז טאַקע דער דירעקטער פאַרדינסט פון אונזערע גדולים און חשובים, און די ריזן־ווערק וואָס זיי האָבן געשאַפן. אָבער די גרויסע היסטאָרישע מחברים, קינסטלערס און לערערס ווערן גופא צוגעשריבן צום אייביקן קרעדיט פון דעם יידישן פאָלקס־זשעני, וואָס האָט דעם גרעסטן חלק, אי אין די שאַפערס אַליין, אי אין זייערע ווערק.

* * *

פון דעם אומאויסשעפּלעכן קאָלעקטיוון אוצר פון פאָלקסשאַפונג אויף אַלע געביטן פון גייסטיקער און ליטעראַרישער עקספּרעסיע, וואָס אַלע פעלקער האָבן צו אים צוגעטראָגן, טוען קינסטלערס אין אַלע צייטן, באַציען זייער אינספּיראַציע, באַרגן זייער מאַטעריאַל. ווי דער טומאַן שטייגט אויף פון ים, אַזוי האָבן אַלע גרויסע, און שיינע, און מוראדיקע אידייען וואָס זענען אויפגענומען און פאַרוועגדט געוואָרן אין קונסט־פאָרעם, אַרויפגעטויכט פון דעם גרונטלאָזן ים פונם מענטשלעכן לעבן, ליידן און טרוימען. אין דעם זין איז דער באַגריף „וועלט־ליטעראַטור״ אַ בוכשטעבלעכער אמת. וואָרים די גאַנצע מענטשן־וועלט, פון די אורצייטן ביז אין אונזערע טעג, האָט צוגעג־גרייט די בוי־מאַטעריאַלן פאַר דער פורעמונג פון דער ליטעראַטור.

פיל אַנדערע שפּעטערדיקע איינפלוסן האָבן מיטגעווירקט צו דעם ריזן־וואוקס פון דער ליטעראַטור. אָבער מיר גייט אין דעם צו באַטאָנען אַז דער געוואַלטיקער תהום פון מענטשלעכע איבערלעבענישן אונטער אַלערליי באַדינגונגען און סביבות, מיט אַזאַ אומבאַוואוסטזיניקער, רעזיגנירטער הע־ראָאיק אויסגעליטן, נאָך אַפילו ביז היינט ניט געהעריק אויסגעדריקט, איז דער אורקוואַל פון וואַנענט עס פליסט די ליטעראַטור אין אַן אַלץ ברייטערן שטראָם.

## משה וויטיעס

דאָס לעבן אַליין איז דעריבער ניט נאָר דער מקור פון איר אַנטשטיין, נאָר אויך איר הויפּט איינגשאַפט, איר יסוד, נשמה און כאַראַקטער. און די ליטעראַרישע קריטיק לערנט טאַקע פון דעם אָפּ, אַז אָן אַן אָטעם פון לעבע־דיקייט, אָן אַ מאָס געטריישאַפט צו דער ווירקלעכקייט און די טרוימען פון מענטשלעכן לעבן, קאָן קיין שום ווערק נישט אַריינגענומען ווערן אין די גילדערנע ראַמען פון ליטעראַטור.



# ליטעראַטור

# און פאָלק

דער איטאַליענישער עסטעטיקער בענעדעטע קראָטשע האָט געלייט־זעליקט דעם „גוטן לייענער", דעם פאַרשטענדיקן און איינפֿעמנדיקן לייענער, און אים מעלה געווען צו דער מדרגה פון אַ מיטשאַפער, אַ מיט־שותף מיט דעם שרייבער און זיין ווערק.

אָבער אויך דער פשוטער לייענער, די לייענערס פון גאַנץ יאָר, און זייערס גלייכן מענטשן פונם ברייטן פאָלקס־געזעמל — אַפילו אַזעלכע וואָס זענען נישט אויסגעלערנט צו קאָנען לייענען! — האָבן, אין אַ ספעציעלן זין, אַ באַשטימטן חלק אין דער ליטעראַטור. אויך זיי זיינען מיטשותפים מיט די באַרופענע וואָרטשפינערס און פעדערמייסטערס אין אַלע געביטן פון ליטעראַרישער יצירה.

איך מיין צו באַטאָנען, וואָס איך האָב שוין אין אַנדערע קאַפּיטלען באריכות אַרומגערעדט — אַז אין לאַנגסטיקן אַמאָל־אַמאָל, איידער מ'האָט נאָך געוואוסט פון אַ כתב, האָבן „אומגעהובלטע" נאַטור־מענטשן, אַנגסטיקע, פּראַצע־באַשווערטע, נויט־באַדריקטע בני־אדם, תחילתדיק פאַרטראַכט, אין זייערע נשמה־טיפענישן צערטלעך געכאָוועט, און נאָכדעם, אויף זייער אייגענעם שטייגער, אַרויסגעבראַכט די פאָלקס־תורה פון מעשה, שיר, משל, פאַבל און שפּרוך — די ראשית־חכמה רודימענטן פון דער מענטש־קולטור, וואָס יעדע ליטעראַטור איז מיט דעם פאַרוועבט און דורכגענומען.

אין שעקספּירס דור, למשל, איז שוין געווען אָנגעגרייט פאַר דעם גאונישן דראַמאַטיקער, אַ פילקאָליריקער אוצר פון ליטעראַרישן פאָלקלאָר — אמתקייטן און איינגלייבענישן, געדאַנקען און סך־הכלן וועגן דעם אייביקן מענטשן און זיין ענדלאָזע טראַגיק; רעליגיעזע און וועלטלעכע אויסבליקן וועגן דעם גורל פון לעבן, דעם ראָד פון מזל, דעם מיסטישן באַהעפט פון נאַטור און לעבן. און דאָס אַלץ איז דעם גרויסן שאַפער און איבערשאַפער אַנטקעגנגעקומען אין דער פאָרעם פון סימבאָלישע פיגורן, כאַראַקטער־בילדער, לעגענדאַרישע געשיכטעס, באַלאַדישע געזאַנגען וועגן העלדישן

קאַמף און אומגליקלעכער ליבע, טעאַטער־שפּילן, סאַטירישע און קאָמישע גראָטעסקערייען. די דאָזיקע רייכע ירושה פון דער פאָלקס־קולטור איז באַשטאַנען צום־מייסט פון רויע פּראָוון, ניט דערפירטע, נאַאיווע, כאָטש חנעוודיק אויפגעשטעלטע, רישטאָוואַניעס פאַר שפּעטערדיקע קונסט־בנינים — אָבער אויך זאַכן שיינע האָט די דאָזיקע ירושה פאַרמאָגט — טעמע־טיפע, גאַנצע, און אויסגעוואַקסענע צו אַ היבשער הויך פון ליטעראַרישער ווער־טיקייט.

אָט דעם פילפאַכיקן לעגאַט פון דורותדיקער אויפגעשאַפנקייט, האָט שעקספּיר אַריינגעקראָגן אין זיינע געבענטשטע הענט אַריין, און אים קינסט־לעריש פאַרוואַנדלט אין גאוניש׳ע ווערק פון ליטעראַטור. אַוואַדע האָבן אין דעם אַלעמען אַ סך השפּעות מיטגעווירקט — אָבער דער עיקר־שטאָף פון זיין שאַפן נעמט זיך פאַרט פונם פאָלק גופא. דאָס לאָזט זיך אָפּלערנען פוןביידע — אי פון דעם כאַראַקטער און לאָקאַל־קאָליר פון דעם שטאָף־עצם, אי טאַקע פון דעם קינסטלער אַליין: דעם היסטאָרישן אויסבליק, די טראַ־דיציעס, דעם נאַציאָנאַל־גייסטיקן קלימאַט פון דער ירושה פונם פאָלק, און די יחידיש־קינסטלערישע פערזענלעכקייט פון שעקספּיר דעם מענטש און שרייבער. וואָרעם סאיז בלתי־ספק פאַראַן אין אים אַ כאַראַקטעריסטישע אַנדערשקייט, וואָס גיט צו דערקענען אין אים, דעם ענגלענדער, ווי ס׳גיט זיך איבער פון דאַנטען עפּעס־אַזוינס וואָס שטרייכט אונטער זיין איטאַליעניש־קייט, אָדער פון סערוואַנטעסן, אין וועמען סאיז ניט צו פאַרזען דעם שפּאַניער.

אַזוי אויבנאויפיק אָנזעעוודיק און קענטיק זענען די נאַציאָנאַלע אייגנ־שטריכן אין די ליטעראַטורן, און אינם סטיל אַפילו, פון די „אוניווערסאַלע" מייסטער־שריפטשטעלערס, אַז ווען סוועדט דערמאַנט די פראַנצויזישע לי־טעראַטור, למשל, סוגגעסטירט זיך עפּעס מער ווי אַ שלל מיט ביכער אויף דער פראַנצויזישער שפּראַך. אַלע יענע ווערק אינאיינעם טיילן זיך אויס מיט אַ באַזונדערער מראה, שטייגער און גייסט וואָס צוליב זיי איז טאַקע די ליטעראַטור פון פראַנציוזישן פאָלק „אַנדערש" פון אַנדערע ליטעראַטורן, ווי ס׳זענען אַנדערש די באַפאַרבונגען און חנעוודיקייטן פון מינים פייגל, בלומען און איידל־שטיינער.

די שפּאַנישע דראַמע, פאַר אַ ביישפּיל, מיט איר קלינגנדיקער, זינגנ־דיקער רעטאָריק, שוואונגיקער גראַציע און שטאַרקער עפּיזאָדישער סצע־נישקייט, איז לגמרי אַנדערשדיק פון דער ענגלישער, עליזאַבעטישער דראַמע, מיט איר באַצווינגנדיקער, שווער־געלאָדענער טראַגיק, מיט איר טראָפּ־שטעלן אויף פולער מאָס פאַרטיפטער, דראַמאַטישער גאַנצקייט אויפן חשבון

פון רייך־טעאַטראַלישן ראָליע־מאָלן, און מיט איר צילעוודיקייט צו דערפירן דעם צענטראַלן העלד צום פאַטאַלן סוף פון זיין גורל, לויט דעם אייזערנעם פּרינציפּ פון „אין רחמים בדין", אין לעבן ווי אין דער קונסט. דאָך זיינען די ביידע דראַמאַטישע ליטעראַטורן אַן אויסדרוק פון איין שפּעפּערישער תקופה, און האָבן געהערט צו איין ליטעראַרישער שטרעמונג. און די פראַנצויזישע דראַמע פון דערזעלביקער תקופה, און פון דעם אַלצאיינעם ליטעראַרישן אויפשוואונג, באַווייזט נאָך אַ ווייטערן אונטערשייד אין גייסט, טאָן און מאַניער, פון אירע ענגלישע און שפּאַנישע שוועסטער־דראַמען. אויפן אָרט פון דעם ראָמאַנטיזם פון יענע, נעמט די פראַנצויזישע דראַמע אָן גאָר אַ קלאַסישן סטאַטעטשנע־ווערדיקן, סאַלאָן־אַפעקטירטן כאַראַקטער. אַזעלכע קעגנזאַצן קאָן מען אויפנעמען אויך אין דעם ראָמאַן, דער פּאָעזיע, אין דער עסעיאיסטיק פון די פעלקער־ליטעראַטורן. יעדע ליטעראַריש־ספּעדיקע עפּאָכע שטעלט אַרויס אַזעלכע היפּוכדיקע מוסטערן. סרוב איז טאַקע אָט די טשיקאַווע דערשיינונג, אויפפאַלנדיק אין זמנים פון שעפערישן אויפגאַנג און קינסטלערישער געֿרעטעניש, אַזוי ווי צ. ב. אין דער אייראָפּייאישער ליטעראַטור פון זעכצענטן, זיבעצענטן און אָנהויב ניינצענטן יאָרהונדערט.

דער גייסט פון אַ פאָלק, און זיין כאַראַקטער, איז באַמערקלעך אין זיין ליטעראַטור. און דער נאַציאָנאַלער שרייבער, אַ קינד פון זיין פאָלק, און דער נאַטירלעכער יורש פון זיין קולטור, רעפלעקטירט אין זיין שאַפונג אָט דעם גייסט, און אָט דעם כאַראַקטער. מיר מוזן מודה זיין, אַז אַזעלכע וועלט־שרייבערס ווי טאָלסטאָי און גאָרקי, כאָטש געווענדט צו דער „מענטש־הייט" מיט זייער קינסטלערישע שליחות, זענען זיי אָבער פּאָרט סלאַוון, ווי באַלזאַק און באָדלעיר — פראַנצויזן, עמערסאָן און מאַרק טווען — אַמעריקאַנער.

* * *

דער קינסטלער לאָזט זיך דערקענען, אין זיין יחידישער התגלות, דורך דעם אייגנשיין פון דער פאָלקס־נשמה וואָס ער קאָן זיך אַפּנים פון דעם בשום אופן נישט אָפּטיילן.

די געוואַלטיקע ירושה אונזערע פון פאַרגאַנגענע דורות ליגט גאָר נישט אַזוי ווייט־אַהינטער אונז ווי עס קאָן זיך אויסדוכטן. אדרבה, זי לעבט אין אונז, און באַווירקט אונז נאָכאַנאַנד. די נשמות פון אונזערע אבות „הויערן" אין אונזערע אייגענע זעלישע טיפענישן, פונקט ווי אונזער פּאָ־טענציעל לעבן האָט שוין וויברירט אין זייערע לענדן.

אַ מאָדערנער מאַטעמאַטישער פילאָזאָף האָט אונז, די מענטשנקינדער, אַרויסגעהויבן איבער אַלע אַנדערע בעלי־חי פון דער יצירה, מיט זיין באַטיטלען אונז ווי "Time Binders" — צייט־פאַרבינדערס, ברואים וואָס זענען באַשאַנקען צו קאָנען בינדן, קניפּן, און ריגלען, די עפּאָכעס פון זייער עקסיסטענץ, אין אַן אומאונטערבראָכענער קייט. יעדעס פאָלק באַזונדער, און די מענטשהייט ווי אַ גאַנצע, קאָן בליקן אויף צוריק צו די געריננגלטע תּקופות פון זיין היסטאָריש לעבן, נאָכפאָלגן אין געדאַנק זיין געשיכטלעכן גאַנג דורך די יאָרהונדערטער, פון דעם ווייטן „אַמאָל", דעם היסטאָרישן „נעכטן", צום אַט־איצטיקן, צאַפּעלדיקן „היינט". אַזויאַרום באַווייזט דער קאָלעקטיווער בן־אדם מנצח צו זיין איבער זיין גורל פון יחידישער שטאַרביקייט — ער, דער „אייביקער מענטש" אין אַ וועלט פון צייט־געשמידטע, פאַרגייאיקע באַשאַפן, וואָס לאָזן נאָך זיך נישט קיין שפּור ביי זייערע מינים, ווי קיינמאָל נישט געוועזן.

דורות קומען, זינגען אָפּ זייער ליד אויף דער וועלט־סצענע, און פאַרגייען — ווי אַלץ וואָס קומט אויף צום לעבן מוז פאַרגיין — אָבער זייער „ליד" איז פאַרקריצט אויף די טאַבלען פון אונזער כּלליקן זכּרון, און מיר פאַרגעדענקען עס אויף אויסנווייניק. ציוויליזאַציעס בליִען, וועלקן און שטאַרבן אָפּ — אָבער די מעשה־ניפלא פון זייער שטייגערונג און ירידה איז פאַרכראָניקט אויף די בלעטער פון דער מענטש־געשיכטע. זייער אידייען־גאַנג איז אונז נישט פרעמד, און זייער השפּעה איז נאָך היינט אַ ווירקענדיקער כּוח אין אונזער לעבן.

די קולטור־געשיכטע איז דער אַלבום פון אונזער עבר, דער ספר־הזכרונות פון אונזערע קינדער־יאָרן ביז אַצינדערט, און מיר זענען בּיכולת אים צו בלעטערן, און לייענען, און זיך פאַרטראַכטן איבער דעם פאַרכאַפּנדיקן סיפּור וואָס ער זויקלט אויף, ווי ס'פאַרטראַכט זיך אַ מענטש איבער די דעראינערונגען פון זיין יוגנט.

די לאַנגע קדמונימדיקע תּקופות פון אונזער לאַנגזאַמען אויפקומען, אויסוואַקסן און ראוי ווערן ווי מענטשן און פעלקער — פּראָצעסן וואָס גייען אָן נאָכאַנאַנד — וואַרפן זייער שאָטן אויף אונזער היינטיקייט, און טייטלען אָן דעם קורס פאַר אונזער ווייטערגאַנג. אונזער אומשטערבליכקייט ליגט הינטער אונז אַזוי גוט ווי אין אונזער פאָראויסיקן מאָרגן — האָט ערגעץ אַ טיפּזיניקער היסטאָריקער באַמערקט. די געשיכטע פון אַ פאָלק איז נישט קיין זייטיקער, פרעמד־אַקאַדעמישער ענין, אַ שול־טעקסט פאַר דער יוגנט־

לעכער סטודענטשאַפֿט וואָס רירט אונז אינדיווידועל גאָר נישט אָן — זי איז אַ טייל פֿון אונזער אייגענער, פּערזענלעכער ביאָגראַפֿיע!

אַ היינטיקער ייד איז דאָס וואָס ער איז, צוליב דעם וואָס די גאַנצע יידישע געשיכטע איז געווען וואָס זי איז געווען: דער גלות־מצרים, די דעראָרבערונג פֿון כּנען, דער יידישער מלכות, דער ערשטער חורבן, גלות בבל, דער צווייטער חורבן, שפּאַניע, אייראָפּע, די געטאָס, די שטעטלעך. גם־כּן די יידישע קולטור — דער חומש, די נביאים, די גמרא, רש״י, די בעלי־תּוספֿות, דער זוהר, די פּוסקים, דער שולחן־ערוך, דער רמב״ם, דער חסידיזם, לשון־קודש, אַראַמעאיש, יידיש־לשון, און זייערע ליטעראַטורן. דאָס אַלץ האָט משפּיע געווען אויף אַ דור נאָך אַ דור יידן, און יעדער היינטיקער ייד טראָגט אין זיך, אין זיין נשמה, און אויף זיין פּנים אפילו, און אין זיינע אויגן, מער־ווייניקע סימנים פֿון אָט דער ירושהדיקער גייסטי־קייט. יעדער אָפּשטאַמיקער פֿון זיין פֿאָלק איז אויף אַזאַ אופֿן נשמהדיק איינגעגלידערט אין דעם פֿאָלקס־אָרגאַניזם. די פֿולע יחידישע ביאָגראַפֿיע פֿון אַ מענטשן איז עלטער פֿון זיין געבורט־דאַטע; איר אָנהויב איז ביי דער געשיכטע פֿון זיין פֿאָלק — אויב נישט נאָך עלטער, און נאָך פֿריער.

* * *

אין אַ פּסיכיש־מעטאַפֿיזישן זינען וועלן קיין שום פֿרעמדע לאַנדשאַפֿטן, ווילדע סביבות און נייע, ניטדאָאיקע לעבנס־באַדינגען, וואָס אַ מענטש קאָן אויף זיי אַמאָל פֿאַרוואָרפֿן ווערן, אים אַנטקעגנקומען ווי שפּאָגלנייע באַגע־גענישן. דורך די מיסטערישע וועגן פֿון איינגעבאָרענעם אינסטינקט, און מיט אַ נאָך ווייניק־דערפֿאָרשטן חוש פֿון ראַסן־זכרון, וועט ער אָט די נייע אָרטשאַפֿט ווירמערט דערקענען: ער וועט זיך נישט לאָזן בייקומען פֿון די נסיונות; די אַרויסרופֿנדיקע געפֿאַרן וואָס לויערן אַרום אים, זיך מוטיק אַנטקעגנשטעלן. סוועלן אין דעם מענטשן דערוואַכן אַנונגען אַז ערגעץ אין אַ ווייטער פֿאַרגאַנגענהייט איז ער שוין מיט אַזעלכן געפּרוּווּט געוואָרן... די דאָזיקע תּנאיקע פֿאַרהעלטענישן שוין אויפֿגענומען . . . די נייע, האַרבע אומשטענדן שוין אַמאָל אונטערגעוואָרפֿן געווען . . . די שווועריקייטן שוין מיטגעמאַכט . . . שוין אַמאָל איבערגעלעבט . . .

דאָס אומזיכערע נאָמאַנדישע לעבן אויף די זון־געגליטע מדברישע זאַמדן־טריקענישן; די שרעק־באַוועלטיקטע איינזאַמקייט פֿון די ווייט־געשפּרייטע פֿלאַכלענדער; די אימה פֿון פֿינסטערע וואַלדשטרעקעס, באַזעצט מיט חיות־

רעות; די אייזיקע וויסטעניש פונם צפון, אויפן דאַך פון דער ערד; דער אומרואיקער זשום פון דער גרויס־שטאָט, און דאָס שווערע באַנג־געמיט אויפן לאַנד — שוין געזען . . . שוין געהערט . . . שוין געוועז . . . דער בייט פון סביבה, די סכנות פון דער „ווילדער" נאַטור שרעקן נישט אָפּ דעם פון קדמונים־געפּרואוווטן מענטשנזון, וואָס זיין מין האָט שוין מיטגעמאַכט אַלע גיהנמס אויף דער וועלט, ווען אַלע געוואַלטן פון דער נאַטור האָבן נישט באַוויזן צו פאַרטיליקן פון דער ערד. ער באַצווינגט זיין אַרומיקייט; איז גובר אַלע שטערגייסטער וואָס פאַרשטעלן זיין וועג; ער פּאַסט זיך צו, לעבט זיך איין אין די נייע באַדינגען, און בויט אופסניי זיין וועלט.

יאָ, געווען צייטן אין אונזער געשיכטלעכן, און פאַרגעשיכטלעכן עבר, ווען מיר האָבן געלעבט צווישן די הויכע פעלזיקע בערג, אין פינסטערע היילגריבער, אין פאַרשאָטנטע פּחד־פולע וועלדער, אין היץ־געכוואַליעטע, דורשטיקע מדבריות; ווען מיר האָבן געזעגלט אין מולטער־שיפלעך אויף די מוראדיקע ימים, און דורכגעמאַכט די ווייטע, ריזיקאַלישע נסיעות פון די מזרח־לענדער צו די מערב־פּאַרטן. אין דעם שרעקלעכן חדר פון דער מאוימדיקער ווירקלעכקייט האָבן מיר געלערנט, און אויסגעטראָגן זיין גרויליקע דיסציפּלינע, ביז קיין עטלעכע צופעליקע זמנים, נאָר לאַנגע אומגלייבלעכע יאָרטויזנטער, וואָס קיינער קאָן זייער אַקוראַטנע צאָל ניט זאָגן. פונם באַגינען פון אונזער ראַסנלעבן האָבן מיר בלוטיק געליטן און זיך שוידערלעך געראַנגלט — און מיר האָבן אויך צומאָל שיין געחלומט און געטיפט אין רעיונות; ווילד זיינען מיר געווען, ווי די ניטבאַצוואונגענע עלעמענטן אַרום אונז; אכזריותדיק, ווי די קאַפּריזנע־ברוטאַלע געטער וואָס מיר האָבן אויסגעחלומט; מיר האָבן משונהדיק געגלייבט, און התלהבותדיק געטאַנצט צו דער זון, לבנה און שטערן; מיר האָבן געבויט, און חרוב געמאַכט, אונזערע אייגענע מעשי־ידים, און ווידער געבויט. מיט די יאָרן און צייטן האָבן מיר זיך דערוואָרבן אַ בציבורדיקע ווייזהייט, אַ סכום וויסיקייט אויף אַלערליי געביטן: מיר זענען געוואויר געוואָרן ווי אַרויסצושלאָגן פייער פונם קאַלטן חומר, צו באַציען יניקה פון דער ערד, צו אונטעריאָכן בעלי־חי, צו וועבן געוואַנטן פאַר הלבשה, צו מאַכן כלים און וואָפן. מיר האָבן גע־סטראָיעט פּיראַמידן, זיך אויסגעלערנט פאַרשרייבן די גרויס־געשעענישן אין אונזער שבט־לעבן, אונזערע געזאַנגען, די מעשיות וועגן אונזערע געטער און העלדן.

פון דעם אַלעמען וויסן מיר צו דערציילן, אַ דאַנק דעם מיסטישן כוח פון פאָלק־געדעכעניש, פון די פאַרשריבענע און מינדלעכע טראַדיציעס,

פון דער רשימה פון די דערגרייכן און איבערלעבענישן, וואָס יעדער דור לאָזט איבער פאַר זיין נאָכקומער־דור — פון גרוי־פאַרנעפּלטע אַמאָלן, דורך אַ לאַנגער קייט פון עפּאָכעס, פאַרגעדענקט מיט אַ כללדיקן זכרון, פאַר־סופרט אין אַ כלליקן פנקס, און אויפגעהאַלטן אין אַ כלליקן באַוואוסטזיין, עד־היום־הזה. אין אָט דער ענג־געבונדענער, ניט איבערגעריסענער קרבות צווישן דעם בראשיתדיקן מוטערמענטש און אַלע דורות נאָך אים, ביז אויף היינטיקן טאָג, ליגט דער זינען פון דעם באַקאַנטן „באַרימערישן" זאָג: „מיר זענען די יורשים פון אַלע צייטן" — אַן אַראַטאָרישע פראַזע וואָס פאַרבאָרגט אין זיך אַ טיפן, קולטור־היסטאָרישן אמת.

ווען מאַרק טוועין וויינט אויפן קבר פון אדם הראשון: „פאָרט אַן איי־גענער מענטש" — איז דאָס אַ חנעוודיקער הומאָר, און אַ גרויס וואָרט סאַי־ווי.

די וויכטיקייט, דער באַדייט פון ראַסנעוואָלוציע, פון פאָלקסגעשיכטע, באַשטייט אין דעם המשכדיקן באַוואוסטזיין, וואָס איז דורך איר אויפגעהאַלטן געוואָרן; אין די טיפּיקע קראַפטן פון אינסטינקט און „טבע", וואָס זענען דורך אירע אומבאַוואוסטזיניקע פּראָצעסן פאַרוואָרצלט געוואָרן; אין די געצייטיקטע קערנער פון קולטור און מידות, וואָס זי האָט רייף געמאַכט אין די נשמות פון די אָנגייענדיקע דורות פון די פאַרצייטיקע אבות, ביז אונז, זייערע נאָכפאָלגערס און יורשים.

דער יחיד ווערט שוין גאָר נישט בטל אין דער ברייטער געשיכטע פון זיין אומה, וואָס זיין אייגענע ביאָגראַפיע דערפירט צו איר — פאַרקערט, זי וואַרפט אויף אים אַ שיין פון פאַרשטענדיקונג, און איז אים מפרש אויף איר אייגענעם שטייגער. זיין פּערזענלעכקייט באַקומט דורך איר אַ תיקון פון אַ מענטשן מיט אַן אייגן כאַראַקטער־געשטאַלט, און אַ דערקענעוודיקער פיזיאָנאָמיע; פון אַן אָרטשאַפט וואו ער געהערט, פון אַ שטאַמיקן באָדן וואו ער איז פאַרוואָקסן, און זי באַשטעטיקט זיין רעכט אויף דער גייסטיקער ירושה פון זיין פאָלק. אָן אַזאַ „תיקון" איז ער אַ לויזגעריסן בלאַט פון אַ פאַרגעסענעם ספר, אַ פלאַנץ אויסגעפליקט מיט די וואָרצלען פון דער מוטער־ערד פון וואַנען זי האָט איר יניקה און איר לעבן באַצויגן, אַ „בעזפּאַספּאָרט־נער" סתם־איינער, אָן יחוס־אבות, וואָס פאַררופט זיך, מעשה „וועלט־בירגער", אויף אַן אַבסטראַקטער מענטשהייט, אָבער אָן אַ פאָלקס־משפחה צווישן וועמן זיך צו פילן ווי אַן אָנגעהעריקער, ווי אַן אייגענער מענטש.

ווי, למשל, וואָלטן מיר באמת פאַרשטאַנען אַ האָמער, ווירגיל, שעקס־פּיר, דאָסטאָיעווסקי, ר' יהודה הלוי, ווען די געשיכטע פון די גריכן, די

רוימער, די ענגלענדער, די רוסן און די יידן, וואָלט אונז נישט באַקאַנט געווען? ווען די כאַראַקטער־בילדער פון די דאָזיקע נאַציאָנאַלע שרייבערס וואָלטן אַרויסגענומען געוואָרן פון די ראַמען פון זייער לאַנד און פאָלק? מיר קאָנען באין־אופן נישט אַרומפאַסן דאָס גאַנצע שרייבער־געשטאַלט סיידן מיר זענען מסוגל צו דערשפּירן די סובטילע באַהאָפטנקייט פון דעם שרייבער מיט דער נשמה פון זיין פאָלק. מיר קאָנען דערפאַר אויך נישט תופס זיין דעם באַגריף פון „וועלט־ליטעראַטור״ סיידן מיר פאַרטיפן דעם רעיון פון ראַסע און פאָלק ווי באַזונדערע, שעפערישע גלידער אין דעם אָרגאַניזם פון דער מענטשהייט; און אַז דער באַזונדערער, אייגנטימלעכער קולטור־צושטייער פון די פעלקערשאַפטן, אינאיינעם גענומען, סך־הכלט דאָס וועלט־פאַרמעגנס פון דער אוניווערסאַלער קונסט און ליטעראַטור.

אין די ספרים פון דער יידישער מיסטיק איז אויפגעהיט די טראַדי־ציע, אַז יעדע אומה האָט איר שר אין הימל. איבערגעטראָגן אויף וועלטלעכע טערמינען הייסט עס, אַז יעדע אומה לעבט אונטער איר אייגענעם היסטאָרישן צייכן; אַז זי האָט איר אייגענע „מיסיע״; אַז זי שאַפט זיך איר אייגענעם קולטור־שטייגער; אַז איר ליטעראַטור איז דער אויסדרוק פון איר אייגנ־טימלעך־נאַציאָנאַלער שעפערישקייט. דער חילוק אין דיביידע ווערסיעס איז בלויז אַ שפּראַכלעכער — די באַגריפן זיינען אַלצאייניקע.

אוודאי מיין איך נישט מיט דעם פריער־געזאָגטן אויסצופירן אַז אַ שרייבער פאַרלירט זיך, לייזט זיך אויף, מיט זיינע אינדיווידישע קאָנטורן, און יחידישן קלסתר־פנים פון אַ קינסטלער, אין דעם כלליקן אויסדרוק פון דעם פאָלקס־זשעני. אדרבה, פאַרוואַנדשאַפט מיטן פאָלקסגייסט, אידענטי־פיצירט ווערן לויטן סטיל־שטייגער, טאָן און אויסבליק, מיט דער נאַציאָנאַלער קולטור, שליסט בכל אופן נישט אויס די פולסטע מעגלעכקייטן פון דעם שרייבערס איכישן אַנטפלעקן, פון זיין גייסטיק און קינסטלעריש אויסלעבן זיך אין ווערק פון אָריגינעלן אייגנגעשאַף. אַזעלכע אינטעלעקטואַלן ווי פּלאַטאָן, פּיטאַגאָראַס, אַריסטאָטל, מאַרקוס אורעליוס, שאָפּענהויער, סאַנטאַ־יאַנאַ, אַליין יורשים פון דער קולטור פון זייערע שטאַמפעלקער, האָבן אין זייערע אייגענע מוחיקע וועלטן באַוויזן צו „וואוינען פאַר־זיך״ אין די בנינים פון גייסט וואָס זיי האָבן אויפגעבויט — אפשר טאַקע דערפאַר וואָס זייער ירושה איז געווען אַזאַ רייכע.

* * *

דאָ איז נישט דאָס אָרט צו באַטראַכטן די טעאָריעס און שלוסן פון

דער אַנטראָפּאָלאָגישער פאָרשונג אַרום די פראַגן וועגן דעם עצם אויפקום פון די פעלקער און עטנישע גרופּירונגען. פון וועלכע נאָך ניט דעפינירטע, היסטאָרישע, און נאַטוראַלע כוחות האָבן זיך אויסגעבילדעט די פעלקער־שאַפטן? וואָס איז פאָרט דער ענטגילטיקער באַשייד פון דעם סוד פון די גרויסע ראַסן־משפחות אין דעם מענטשלעכן מין? און די טשיקאַווע אַנדערש־קייטן זייערע, אין פיזישע און פסיכישע פרטים, וואָס טיילט זיי אויס איינע פון דער צווייטער? ווי סאיז שווער צו ענטפערן מיט זיכערער וויסיקייט למאי די מאָנגאָלישע ראַסע איז מאַנדל־אויגיק, מיט הויכע ביינער־שטשאָקעס, און געלבע הויטן; די עטיאָפּישע — גראָבליפּיקע, שוואַרצהויטיקע, מיט געדיכטע האָר־קרייזלעך, אַזוי זיינען נישט קלאָר פאַר די וויסנשאַפטלערס די פּינקטלעכע סיבות פון זייערע גייסטיקע באַזונדערקייטן. ווי דער בוים, אין וועמענס אינעווייניקער גופיקייט ס׳זיצט אַ פאַרבאָרגענע נאַטור־חכמה, וואָס „לערנט״ אים וואָסערע יניקה־שטאָפן ער זאָל, דורך זיינע וואָרצל־אָדערן, אַריינציען אין זיך פון דער ערד, און דורך אַז אייגענער ביאָ־כעמיע, פאַרוואַנדלען אין נאָר אַזעלכע בלעטער און פּירות כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין מין — פאַרוואָס זאָל דער היסטאָרישער ייד, אַ שטייגער, האָבן געשטויסן געוואָרן פון אַ מיסטישן נשמה־כוח צו פאַרטיפן, און אַרויסברענגען דוקא דעם עטיש־מאָראַלישן, דער גריך — דעם עסטעטיש־פּלאַסטישן, דער רוימער — דעם הערשאַפטלעכן און יורידישן פּרינציפּ אין דער געשיכטע? אַ היבשע ליטעראַטור פון ספּעקולאַטיווער חקירה, וויסנשאַפטלעכע און מעטאַ־פיזישע השערות וועגן אָט די פראַגן איז שוין אָנגעשריבן געוואָרן — פראַגן אַרום די סודות פון לעבן און נאַטור וואָס וועלן אייביק באַשעפטיקן די דענקנדיקע וועלט. דאָך, די עצם פאַקטן, און באַשיינפערלעכע אמתן, פון דער פעלקער און ראַסן־פּסיכאָלאָגיע, די באַזונדערע מראות פון די נאַציאָ־נאַלע ליטעראַטורן, און די סובטילע אָבער זיכערע השפעה פון דעם פאָלקס־גייסט אויף דער שעפערישקייט פונם יהידישן קינסטלער — דאָס־אַלץ קאָן לכל־הדעות נישט פאַרלייקנט ווערן.

אין אַ רייכער, טיף־פאַרוואָרצלטער ירושה — דער סך־הכל פון פיל־פאַכיקע השפעות, דורותדיקער קולטור־אָנזאַמלונג און קאָלעקטיווער חכמה — ווערט אַיעדער מיטגליד פון אַ פאָלק געבוירן. דורך דעם היסטאָרישן זכרון פונם פאָלק קומט ער אין גייסטיקן באַריר מיט דעם עלטסטן געשעען אין דעם לעבן פון זיין אומה — די גאַנצע געשיכטע פון זיין פאָלק איז אונטערגעצויגן און פאַררעקאָרדירט אין זיין נשמהדיקייט. אַ „שיינער״ ייד — פילט ער זיך אָנגעהעריק מיט יענע גייסטיקייטן וואָס האָבן דורך די דורות באַשעפ־

טיקט די גרעסטנסטע יידישע מוחות און געאיידלט די פאָלקסנשמה; אַ ראַפינירטער גריך — וועט ער זיך פילן ווי אַ היימישער מענטש אין די קונסט־טעמפּלען פון דעם היסטאָרישן גריכנטום; אַן אַנטוויקלטער רוימער — וועט אים נאָענט זיין דער געדאַנק פון סאָציאַל־פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע און עטאַבלירטן געזעץ, וואָס די זייניקע האָבן אַרויסגעבראַכט; אַ טיפּישער אַראַבער פון די מדבר־לענדער — איז ער שוין פון קינדווייז אויסגעלערנט און צוגעגרייט פאַר דעם שטורמישן נאָמאַדן־לעבן אונטער גליאיקע זונען; אַ היינטצייטיקער אַמעריקאַנער — איז ער ווי מבטן־אמו — פון סאַמע געבורט — דורכגענומען מיט אַן אַמביציע פאַר עקאָנאָמישן דערפאָלג, און געניגט צו מאַטעריעלער און מעכאַנישער דערגרייכונג, אויפן שטייגער פון דעם פאָלקס־כאַראַקטער, און דעם הערשנדיקן גייסט פון זיין לאַנד.

נייך, אַ מענטש פאַלט נישט אַראָפּ ווי פון הימל אין אַ פרעמדער, נייער, אומבאַקאַנטער וועלט אַריין. ווי זאָגט זיך דאָס פאָלקס־ווערטל — אַ מענטש ווערט נישט געבוירן פון קיין שטיין. ער איז „אַ טאַטנס אַ קינד״, און אַ יורש פון אַן אייגנטימלעכער פאָלקס־קולטור. ער קאָן זיך טאַקע דערוווערבן זיין אייגענעם קוק אויף דער וועלט, אויסבילדן אַן אייגענע פילאָזאָפיע פון לעבן — אָבער, צי איז טאַקע זיין בליק אויף זאַכן אַזאַ אָריגינעל „אייגענער״ ווי אים דוכט זיך אויס? צי איז זיין טראַכטונג, באמת, אַ שפּראָצונג פון אַ ניט פאַרזייעטן, ניט באַוווירקטן מוחיקן באָדן? רעאַגירט ער דען נישט מיט אַ מוח וואָס טראָגט שוין אויף זיך פון אַפריער דעם אָפּדרוק פון אַ נאַציאָנאַלער באַפאַרבונג, וואָס ער האָט איבערגענומען בירושה פון דעם פאָלקסגייסט — אידייען־בילדער, שטאַרקע נטיעות, בלינדע אַנטיפּאַטיעס, דרכים פון דענקען, פילן און שרייבן? דאָס זענען ירושהדיקע השפּעות וואָס באַווירקן זיינע פּסיכישע פּראָצעסן און באַשטימען אַפילו, ביז אַ גראַד, זיין גורל אין לעבן. אַ ייד וועט גערן מסכים זיין מיט דעם דאָזיקן רעיון. אַ יידיש קינד, ס׳רוב, וועט געוואויר ווערן נאָך אין די קינדער יאָרן אַז אים איז אָנגעצייכנט צו טיילן דעם גורל פון זיין פאָלק. אַלע מאמרים אין דער גמרא, אין די מדרשים, וועגן „ישראל בין העמים״ — די ראַליע פון יידישן פאָלק צווישן די אומות פון דער וועלט — זענען חל נישט בלויז אויף „כלל־ישראל״ נאָר אויך אויף „רב־ישראל״.

און זאָל אַמאָל אַ מענטשן נישט איינגיין דער היסטאָרישער כאַראַקטער, דער גאַנצער קולטור־ניוואָ פון זיין שבט; און מעג ער אַפילו מורד זיין קעגן דעם עטישן איינשטעל, די מאָראַלישע מאָסן פון זיין אומה, און ער זאָל זיך אַפילו וועלן אויסשליסן, ווי אַן „אחר״, פון זיין פאָלקס־ציבור —

וועט ער פאָרט קיינמאָל נישט באַוויזן דורכצוררייסן אין גאַנצן דעם פאַרהוי־לענעם, פון קדמונים־געפלאָכטענעם שנור, וואָס פאַרקניפּט אים מיט זיינע שטאַמברידער. אַפילו אַ „גוטער עמלק", אַ בעל־תשובה וואָס אַנטרינט פון די זייניקע, און וויל זיך אָנשליסן אין אַן אַנדער פאָלקס־מחנה, פאַרבלייבט פאָרט אין זיינע טיפעניש — „אַן עמלק"... דאָס יידישע שפּריך־ווערטל: „פאַר אַ גר טאָר מען קיין גוי נישט שילטן", און אַן ענלעכער זאָג פון די חכמים: „גיורא עד עשרה דרי לא תבזה ארמאי קמיה" — ביזן צענטן געבירט זאָלסטו פאַר אַ גר אין די אויגן נישט פאַרשעמען זיינע „לאַנדסלייט" — קומען אויפן זינען אין שייכות מיט אָט די מחשבות וועגן מענטש און פאָלק.

* * *

פאַרטיפן די ירושת־אבות און דערביי שטרעבן צו קינסטלערישער שלימות; נישט איבעררייסן מיט פאָלק און זיך ווידמען אַרויסצוהייבן די אייגענע גאָבן — דאָס איז דער וועג צום געבענטשן סינטעז פון ירושה און יחידישער גדולה.

גרויסע שרייבערס, אין אַלע צייטן, האָבן זוכה געווען צו געפינען אָט דעם גאָלדענעם מיטלוועג. זיי זענען געפורעמט געוואָרן מיטן גייסט פונם פאָלקס־זשעני, אָבער דאָס האָט זיי לחלוטין נישט געשטערט צו אַנטוויקלען די גאָרע פּאָטענצן פון זייער טאַלאַנט.

די פעדער־מייסטערס, אין אַלע ליטעראַטורן, זענען ראשית־כל נאַציאָ־נאַלע שרייבערס. זיי זענען, פריער פאַר אַלץ, געווידמעט ווי קינסטלערישע בשורה־ברענגערס פאַר זייער אייגן פאָלק, נישט טראַכטנדיק אַפילו אַז זייערע ווערק וועלן צוגערעכנט ווערן צום שאַץ פון דער וועלט־קונסט. די באַגייס־טערונג פון דער אַמעריקאַנער קריטיק, און דעם לייענער־עולם, אויף ענגליש, פאַר די נישט־לאַנג־צוריק איבערגעזעצטע ווערק פון אונזערע אייגענע קלאַסיקערס פון יידיש־לשון — שלום עליכם, פּרץ, מענדעלע, אברהם רייזען — איז אַ ראיה אַז פאָלקשטייגער און אפילו יידיש־שטעטלשע לאָקאַל־סביבה, פאַרשטעלן נישט דעם אוניווערסאַל ליטעראַרישן תוכן פון אַ „פרעמדן" שרייבער. דער אייביקער מענטש־אינהאַלט פון אָט די ווערק מאַכט זיי היימיש, נאָהענט און פאַמיליאַר פאַר אַלע ליטעראַטור־ליבהאָבערס, אויף אַלע ציוויליזירטע לשונות. די גרויסע ווערק וואָס זענען צו אונז דער־גאַנגען פון אַלטערטום, ווערק געשאַפן אין סאַנסקריט, גריכיש און לאַטיין, ווערן הויכגעשאַצט ווי קונסט־אוצרות פאַר אַלע דורות, ביז היינט. דער

פּאַרצייטיקער „לאָקאַליזם" פונם תנ"ך איז אויך נישט קיין אַפּהאַלט אַז מיליאָניקע פון כמעט אַלע פעלקער זאָלן אים פאַרהייליקן, באַציִען פון אים אַ ספּיריטועלע יניקה און אים טייער־האַלטן ווי דאָס אייביקע בוך, דאָס בוך פון ביכער, דאָס בוך פון לעבן.

די באַרימטע קלאַסיקערס פון דער ליטעראַטור אַנטפּלעקן זיך פאַר אונז אין ליכט פון זייער אייגענעם זשעני קעגן אַ הינטערגרונט פון זייער פאָלקס־ירושה. סערוואַנטעס, למשל, ווי מיר זעען אים אין זיין מייסטער־ווערק „דאָן קיכאָט", איז אַ כאַראַקטעריסטישער מוסטער פון אַ „וועלט־שרייבער", וואָס איז אין סאַמע געביין, אַ שפּאַנישער קינסטלער. ער, דער געראָטענער זון פון זיין פאָלק, סימבאָליזירט דאָס וויכטיקסטע, דאָס קליגסטע, דאָס איידלסטע פון דער שפּאַנישער גייסטיקייט. ער האָט אַזוי גרינטלעך, און ברייט, און טיף, אויפגענומען אין זיין אייגענער נשמה די נשמה פון שפּאַנישן פאָלק, אַז ער איז געוואָרן זיין גרעסטער קינסטלערישער פאַר־טייטשער, זיין חשובסטער נאַציאָנאַל־ליטעראַרישער פאַרשטייער. דאָס אַדע־ליק־יחוסדיקע, און פאָלקיש־הומאָריסטישע פון דער מאַמע שפּאַניע — די איבערגעטריבענע ראָמאַנטיק, די פאַרשייטע פזרנות פון אירע אַריסטאָקראַ־טישע קאַסטעס, און די ערדיש־וואָכעדיקע חכמהדיקייט, די געצייטיקטע לעבנס־וויזהייט פון אירע אונטערשטע פאָלקסשיכטן — דיסטילירט אין טויזנט ווערטלעך, שפּרוכן און קלוגשאַפטן — דאָס־אַלץ האָט זיך איינגעגעבן דעם גרויסן שרייבער סערוואַנטעס צו פאַרוועבן אין דעם חנעוודיק־טשיקאַוון, קינסטלעריש־אַמוזאַנטן ווערק, דאָן קיכאָט — אַ ווערק וואָס פאַראייביקט די געניאַליטעט פון זיין מחבר, און איז דאָך, אין זיין אַטמאָספער, מאַניער און גייסט, אַזוי נאַציאָנאַל און פאָלקסטימלעך, אַזוי ווי ס'וואָלט געבוירן געוואָרן פונם סאַמע האַרץ פון שפּאַנישן פאָלק. דעם קינסטלערס ווערק פון סטיליזירטן פאָלקלאָר און פאַראיידלטן פאָלקשטייגער — ווי ביי יעדן נאַציאָנאַלן שרייבער — קערט זיך לסוף אום צו זיין ערשטן מקור, די פאָלקס־שפּראַך, און גיסט זיך אַריין אינם שטראָם פון דער פאָלקסקולטור.

עמערסאָן איז אפשר די אינדיווידועלסטע פיגור אין דער אַמעריקאַנישער ליטעראַטור — דאָך איז ער, מיט דער גאַנצער אייגנקייט פון זיין סטיל און בליק, אַ בולטער, דורכאויסיקער אַמעריקאַנער שריפטשטעלער. ער איז אַזאַ אָריגינעל־יחידישע פערזענלעכקייט, מיט אַזאַ שאַרפליניקן ליטעראַרישן קלסתר־פּנים, אַז ער האָט אַפילו נישט די ווייטסטע ענלעכקייט מיט עמיצן אַנדערש פון זיין אייגענער אָדער אַנדערער ליטעראַטור — אָבער אין זיין יעדער שורה, כמעט, קאָן מען אַרויסשפּירן די השפעה פון די נאַציאָנאַלע,

רעליגיעזע און פּאָליטישע שטרעמונגען פון זיין דור, וואָס זענען געווען איינפלוסיק אויף זיינע אייגענע כוחות־הנפש.

אַזעלכע דערקענלעכע סימנים, און מערקלעכע צייכנס פון פאָלקס־השפּעה זענען אָנטאָפּיק ביי אַלע וויכטיקע שרייבערס, אין אַלע ליטעראַטורן. כאָטש זיי אַנטפּלעקן זייערע אייגענע, איכישע באַזונדערקייטן, אין סטיל, טעמפּעראַמענט, און שטייגער, לאָזט זיך פאָרט אין זיי דערקענען דעם שורש־נשמה פון זייער אָפּשטאַם. די מוזיק פון דער פאָלקסשפּראַך זינגט אַרויס פון זייערע שורות; דער ריטם פון דעם פאָלקסטאָן פּולסירט אין דעם טאַקט פון זייער שריפטשטעלונג; דער וועלטבליק פון דעם פאָלקסגייסט קומט אָפּט צום אויסדרוק אין זייערע מעדיטאַציעס; דער אומעט, און די פרייד פון דער פאָלקס־נשמה טראָגן זיך אַריבער אין זייערע אייגענע דיכטערישע געמיטער. זיי טיילן — אַמאָל אַפילו בעל־כרחו — די זעלישע אייגנשאַפטן און כאַראַקטער־מידות פון זייערע אבות, וועמנס גייסטיקע ירושה זיי האָבן אויפגענומען, באַנייט, און סובלימירט אין זייערע אייגענע לויטערע ווערק.

יעדע וואָגיקע שאַפונג פון ליטעראַטור טראָגט אויף זיך דעם חותם פון פאָלק, און איז אויף אַ פאַרהוילענעם אופן דער פּועל־יוצא פון ראַסנ־לעבן און פאָלקסגעשיכטע. וואָרעם, נאָך אַלעמען, איז קיין שום איין־איינציק לעבן נישט רייך, און טיף, און באַלויכטן גענוג, צו זיין, מיט זיך אַליין, אַ יסוד פאַר אַ גרויס ווערק. עס מוז האָבן הינטער זיך דעם קאָלאָסאַלן רעזערוו פון דעם גאַנצן געשיכטלעכן לעבן פונם פאָלק. אַחוץ דעם שפּראַך־אוצר — גופא אַ וואונדער פון פאָלקשאַפונג — נערט זיך אַ ליטעראַריש־ווערק פון די ריזיקע איינזאַמלונגען פון דער בעל־פּה איבערגעגעבענער, און דער פאַר־שריבענע „תורה" פון דער פאָלק־און־מענטש־קולטור — דער מיטאָס און פאַקט, דאָס געסדרטע וויסן און פאַנטישע פאַנטאַסטיק, טראַדיציע און לע־גענדע, הלכה און מסורה, רעליגיעז־סימבאָלישע גאָט־געשטאַלטונג און פילאָ־זאָפישער חקירה, תפילות, צויבער מעשיות און העלדנלידער — אַלדאָס גייסטיקע כלל־אייגנס, דאָס האָב־און־גוטס וואָס אַ פאָלק האָט משנים־קדמוניות אויפגעהיט, אין האַרצן געטראָגן, פאַרקריצט אויף לוחות, פאַרשריבן אויף פעלן און פאַפּיר, כדי אָט די טייערע ירושה זאָל נישט פאַרגעסן ווערן, און זי זאָל איבערבלייבן אַ נחלה פאַר די שפּעטערדיקע, די ווייטערדיקע יורשים, עד סוף כל הדורות. יעדער עכטער דיכטער וואָס אַרבט די דאָזיקע פאָלקס־ירושה, פאַרשענערט זי; יעדער אויפקומענדיקער דענקער פאַרטיפט זי; און יעדער שרייבער־קינסטלער באַרייכערט און מאָנומענטאַליזירט זי אין דויערדיקע ווערק פון ליטעראַטור.

# פאָרעם אין

# דער ליטעראַטור

די גרויסע ליטעראַרישע מייסטערס האָבן זיך סומך געווען אויף דעם עבר, אויף דער ירושה פון גייסט וואָס די דורות האָבן אויפגעהיט, אויף דעם אויסגעצייטיקטן פאָלקלאָרישן אוצר פון דער כלל׳יקער מענטשלעכער שעפערישקייט; אָבער, כאָטש דער דאָזיקער אמת איז אָנגעווענדט אויף יעדן שרייבער — אפילו אויף דעם לירישן דיכטער וואָס זינגט „ווי דער פויגל״, פון זיך, פון זיין אייגן האַרץ אַרויס — איז פאָרט פון דעם נישט געדרונגען אַז ס׳ווערט פאַרמינערט אויף אַ האָר דעם קינסטלערס אייגענער, עצמדיקער צוגאָב צו דער ליטעראַטור.

איינס איז לכל־הדעות פעסטגעשטעלט — אַז קיינער קאָן ניט צוטראָגן צו דעם אומענדלעכן רעזערוואואר פון ענערגיע וואָס געפינט זיך אין גאָטס וועלט. דער מענטשלעכער זשעני אַנטפּלעקט זיך אין דעם אופן ווי ער ווענדט אָן און פאַרברויכט די קדמון־קראַפט אין דער נאַטור. דעריבער איז אַ קונסט־ווערק מער נישט ווי אַ עסטעטישע געשטאַלטונג פון דעם שרייבערס יחידישן־איינבליק, פון אַן אייגן־געצייכנטע אַרכיטעקטור, פון זיין איינגעבאָרענער אומנות וואָס ער, ווי אַ באַגאַבטער מענטש, מסוגל פאַר דער אַרבעט, האָט אַריינגעגעבן אין אַ מאַטעריאַל וואָס ער האָט ניט קיין חלק אין זיין באַשאַף אָדער טבע.

ביז דער קינסטלער האָט זיך ניט באַוויזן האָבן מיר ניט געאַנט אַז די מאַטעריע וואָס ער האָט געפורעמט האָט אין זיך פאַרמאָגט אַזעלכע פאַר־באָרגענע מעלות פון שיינקייט און כוח; ס׳האָט שוין דער שטאָף געמעגט זיך געפינען נאָך פון אָנפאַנג פון די צייטן; באַקאַנט זיין ווי אַ היימישע געוויינלעכקייט אין דעם פאַרקער פון פעלקער און לענדער — אָבער, זיינע אינערלעכע מעגלעכקייטן זיינען פאַר אַלעמען פאַרהוילן געווען, ביז דער דיכטער האָט אים ניט גענומען אין זיינע געבענטשטע הענט אַריין, און אים כישוף׳דיק פאַרוואַנדלט אין אַ שפּאָגל נייעם און חידוש׳דיקן וואָס איז טאַקע פריער, אין דער מראה, אויף דער וועלט ניט געווען.

אַ שטיק רוי־לעבן פֿאַרקערפּערט אין אַ שריפֿט־געבוי, דורכגענומען מיט זין און באַזעלט מיט אַן אידייע, איז דער ערשטער דערקען־צייכן פֿון ליטעראַטור. אַ טרעפֿלעכע אייגנקייט פֿון סטיל און פֿאָרעם איז איר צווייטע פּרוביר־מאָס.

דער אַלגעמיין־אָנגענומענער באַגריף אַז אַ ליטעראַריש ווערק באַשטייט פֿון צוויי העלפֿטן, פֿאָרעם און אינהאַלט, איז פֿאַלש פֿאַרשטאַנען — ביידע עלעמענטן זיינען אָרגאַנישע טיילן וואָס בילדן די גאַנצקייט פֿון אַ ווערק. בלויז אין אַ דרדקי־דערקלער וועגן ליטעראַטור, בכדי צו מאַכן דעם ענין פֿאַרשטענדלעכער, ווערט אַזאַ מלמד׳ישע צעטיילונג געמאַכט — אָבער דער נאַאיווער, ווערטערלעך־אויפֿגענומענער איינדרוק בלייבט שוין אין מוח אויף תמיד. די טבע ביים רוב־לייענער, אפֿילו ביי דער אינטעליגענץ, איז צו שאַצן די חשיבות פֿון אַ בוך לויט זיין אינהאַלט; די פֿאָרעם איז אַ זאַך באַזונדער, אַ דרויסנדיקע זייטיקייט וואָס דער מחבר האָט געקאָנט מאַכן אַזוי און אַנדערש. מ׳רעדט אָפּט פֿון סטיל און פֿאָרעם ווי פֿון פֿרעמדע און סתם ניט־חשיבות׳דיקע אייגנשאַפֿטן, אַן אָנשטעל פֿאַר דער וועלט, אַ געקינצלטער שטייגער אַזאַ פֿון איבערגעבן דעם אינהאַלט, אָבער וואָס איז אַליין נישט פֿון וויכטיקן באַדייט.

די דאָזיקע מיינונג איז ניט אומבאַרעכטיקט אויב אָנגעווענדט אויף טעכנישע, אינפֿאָרמאַטיווע טעקסטן און דעם פּאָפּולערן מין מעשה־ביכלעך. ס׳איז אָבער קיינמאָל ניט מוטל אויף ליטעראַטור. אין יעדן עכט־ליטעראַרישן פּרואוו איז די פֿאָרעם פּונקט אַזאַ טייל פֿון איר עצם׳דיקער גאַנצקייט ווי דער מאַסאָווער גוף פֿון אַ בוים און די גרינע, פֿאַרשטריקטע בלעטער־נעץ פֿון זיינע צווייגן זענען פֿון איין שטיק און מין אין דעם אָרגאַנישן געוואוקס וואָס הייסט בוים. די רויז, די כריזאַנטעמע און די פֿיאָלעטע ציען זייער יניקה פֿון איין מקור־החיים — פֿון דער ערד־מוטער וואָס דערנערט זיי אַלעמען; אָבער די אַנדערשקייט פֿון זייער פֿאָרעם צייכנט זיך אָפּ מיט אַ באַזונדערן פּסל־פּנים, מיט אַן אייגענער שיינקייט וואָס איז ניט נאָר פֿאַרן אויג אַליין, נאָר וואָס מאַכט זיי פֿאַר מוסטער־בילדער אין דער באַשאַפֿונג.

די סטיליסטישע קאָמפּלעקציע פֿון אַ שריפֿטשטעלער איז ניט קיין צופֿעליקער לבוש צום ווערק זיינעם, נאָר דאָס ווערק גופֿא. די פֿון דינסטן־גאָלד־געשפּונענע שורות אין דעם סטיל־אָן־אַ־גלייכן פֿון שעקספּיר למשל, זיינע אַזוי קונציק געהאָפֿטענע ווערטער־פֿיגורן, דער חן, די מיניענדיקע שיינקייטן וואָס שעמערירן אין זיין נוסח־שרייבן — זיי זענען ניט קיין אָנגעהאָנגענע צירונג אויף שעקספּירס ווערק — זיי אַליין זענען שעקספּיר.

דער עצם געדאַנק פון דער טעמע קאָן אַמאָל זיין אַ פאַרעלטערטער, אַן „אָפּגעריבענער" און אויסגעניצטער; אָבער זיין פּלוצימדיקער אויפבליץ אין אונזער מוח ווי אַן ערשט־אַנטפּלעקטע נייאיגקייט — דאָס איז דער זעלטענער כוח פונם גרויסן דיכטער־שעפער וואָס האָט דעם געדאַנק אויפגענומען אין דער אַלכעמיע פון זיין דמיון, אים קינסטלעריש פאַרוואַנדלט, אַזוי אַז ער ווערט פאַר אונז אַ קוואַל פון עסטעטישער דערפרישונג. די ווערק פון אַזאַ דיכטער לעבן זייער אייגן לעבן — מחוץ פון זייער אינהאַלט. די מעשה פון דעם „טרויעריגן דענער" — ווי די מיינסטע סוזשעטן וואָס שעקספּיר האָט אַדאַפּטירט — איז דאָך שוין באַקאַנט געווען ביי די אייראָפּייאישע פעלקער פאַר דורות פריער. דער ליטעראַרישער יקר־המציאות פון „האַמלעט" — דער דימענט פון דער דראַמאַטישער ליטעראַטור — איז נישט צו פאַרדאַנקען זיין „אינהאַלט" — די אַלטע געשיכטע פון דעם מעלאַנכאָלישן פּרינץ — נאָר, פריער פאַר אַלץ, דעם געמייסטערטן פורעם און פּרעכטיקן שפּראַך־ציר מיט וואָס זיין געניאַלער מחבר האָט אים באַקליידט.

ביים פאַרהאָרעוועטן פען־בעל־מלכה, וואָס פאַבריצירט אין געאייל זיינע באַשטעלטע אַרבעטן פאַרן ברייטן מאַרק, זענען סטיל און פאָרעם נישט קיין לעבנס־וויכטיקע באַדערפעניש פאַר זיין אַרבעט. ביי אים איז דער עיקר'שט טעכניק און צופּאַסונג צו די פאַרלאַנגען פון זיינע בעלי־בתים און פון דעם מאַסן־געשמאַק. ביי דעם עכטן טאַלאַנט איז סטיל און פאָרעם תמיד אַ פּראַגע פון אינסטינקט און גייסט. ס'איז דער כאַראַקטעריסטישער און שאַרפסטער אויסדרוק פון זיין פערזענלעכקייט — דער שאַפערישער, טראַכטנדיקער, פילנדיקער, אינעווייניקסטער איך וואָס פירט זיין האַנט אויפן פּאַפּיר.

אין אָט דעם טיפערן זינען איז פאָרעם, ווי סטיל, די אויסצייכנונג פון דעם ליטעראַריש־קינסטלערישן; דער סימן־מובהק פאַר דעם ערשט־סאָרטיקן, אויסנעמלעכן מין שרייבן, להיפוך דער פאַרעמלאָזער, אָן־פּנים'דיקער פּראָ־דוקציע פון דער הענדלערישער שרייבאַרניע. ווייסן מיר דאָך וואויל — כאָטש אין שרייבערישע קרייזן ווילט זיך פון דעם ניט טראַכטן — אַז פון דעם ריזיקן סך־הכל פון אַמאָליקע און היינטיקע חיבורים געהערט נאָר אַ קנאַפּער טייל דערפון צו ליטעראַטור. איינס, אָבער, שטעלט זיך אָפּ פון אַלץ וואָס קען אויף דעם געזאָגט ווערן; אַז די שריפט, וואָס דערלאַנגט יאָ צו דער זכיה פאַראייביקט צו ווערן אין דער ליטעראַטור, טראָגט, אין יעדן פאַל, אויף זיך אַ געוויסן חותם פון אייגן־געפאַסטער און געראָטענער פאָרעם.

איך רעד אַלץ פון „פאָרעם" אינם זינען פון סטיל, שטייגער און לי־טעראַרישן מאָדוס פון אַ באַגאַבטן דיכטער — די געצירטע כלי פאַרן אויג

וואָס האַלט־אויף, ווי אַ פּרי איר זאַפט, דעם לירישן תוכן פון זיין דיכטונג, און איז גופא דער „כאַראַקטער" פונם געשאַפענעם ווערק.

די פאָרעם איז אי די געגעבענע צורה פון אַ שאַפונג, אי די אינערלעכע דינאַמיק אירע; די וואַריאַציעס וואָס ציטערן אין זיינע אברים־טיילן; דער רוח־חיים וואָס באַלעבט דאָס ווערק און גיט אים דעם קלסתר־פנים און „פערזענלעכקייט" פון אַ „נפש" מיט אַן אייגן לעבן און אַן אייגענער נשמה.

* * *

די אָנגענומענע און עטאַבלירטע גרונט־פאָרמען פון ליטעראַטור ווי דאָס ליד, דערציילונג, דראַמע און נאָוועלע זיינען יעדע אַ טעמע פאַר זיך. זיי זענען די כלים פאַר דער ליטעראַטור און האָבן זייער אייגענע געשיכטע. דאָס פעלד פון פאָרמען איז נישט פאַרצוימט און די עוואָלוציע פון אַ נייער פאָרעם איז אַלעמאָל מעגלעך. די קריטיק דאַרף אין דעם באַהילפיק זיין און דערמוטיקן נייע פאָרמעסטן. די אייראָפּייאישע קריטיק איז אין איין צייט געווען פאַרפיקסירט אויף קלאַסיציזם ווי די איינציק־אנערקענטע, פאַרהייליקטע בחינה פון ליטעראַרישן שאַפן. אונטערריכט אין לאַטיין און גריכיש איז געווען אַ מוז אין דעם אַקאַדעמישן לערנען, און די השפעה פון די קלאַסישע ווערק אין די דאָזיקע שפּראַכן האָט דאָמינירט אין דער גאַנצער אינטעלעקטועלער וועלט. יעדער אָפּנויג פון די קלאַסישע מאָדעלן איז אויס־געשלאָסן אָדער פאַרלאַכט געוואָרן. אין דעם זעלבן שעקספּירן, לדוגמא, האָבן אַ צאָל קריטיקער, פון יענער עפּאָכע, ניט געפונען קיין שום מעלה פון וואָס נתפעל צו ווערן, און זיי האָבן אים פאַקטיש פאַרניינט. וואָדסוואָרטה האָט קוים צוגעגעבן אַז נאָר איין ליד ביים דיכטער פּאָופּ איז פון פּאָעטישן ווערט — ווייל יענעמס דיכטונג איז ניט נאָכגעקומען זיין אייגענעם אני־מאמין פאַר פּאָעזיע. אויך קיטס און שעלי, וועמנס דיכטערישער דערגרייך האָט פאַרטונקלט כמעט אַלץ פון דער דעמאָלטדיקער ענגלישער פּאָעזיע, האָבן ערשט נאָך אַ האַרבן קאַמף מיט דער דאָזיקער קריטיק זיך דערוואָרבן אנערקענונג, ווי די ליטעראַרישע כראָניק פון יענער צייט גיט איבער.

ענלעכס איז פאָרגעקומען ביי אונז, אין פעריאָדן פון איבערברוך אין דעם וואוקס פון דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע. אויך דאָ איז די ממשלה פונם „קלאַסיציזם" געווען ווי אַ דאמב קעגן דעם ווייטער־גאַנג פונם יידישן ליד. די „יונגע" איז מען בשעתם ניט אַנטקעגן געגאַנגען מיט פויקן און טאַצן. זיי און די נאָכקומענדיקע יינגערע וואָס האָבן ראַפינירט די יידישע

ליריק — וואָס איז ביי זיי איינגעשפּאַרט געווען אין דינסט פון „קאַמף״, מוסר און גלות־קרעכצעניש — זענען נאָך ביז היינט אַן ענגע כנופיה וואָס לעבט זיך אויס דיכטעריש ביי די ראַנדן פון דער יידישער לייענערשאַפט. נישט דאָס פאָלק, און ווינציק־וואָס אפילו פון דער אינטעליגענץ, זענען דערצויגן געוואָרן הנאה צו האָבן פונם מאָדערנעם יידישן ליד, וואָס בליט אפילו היינט ווי אַ פאַרזעענע רויז אין האַרבסט, אָן לייענער און אָן ליבהאָבער. אַלע מאָל דאָס אייגענע ווען נייע ליטעראַרישע דערשיינונגען ווערן אַנטמוטיקט, פאַר־לייקנט אָדער פאַרשוויגן. די קאָנסערוואַטיווע קריטיק איז שטיף־פאָטערלעך קאַלט צו נייע ריכטונגען, פאָרמען און פּרואוון, ווייל די שיינקייט פון דעם נייעם איז פרעמד, אַרויסרופנדיק, העזה׳דיק געוואַגט, מיט כפירה צום אַלטן און איינגעזעסענעם.

די אַלט־וועלטישע קריטיק איז געשטאַנען אויף אַ פעסטן יסוד אין איר געטרויען דעם חוש פאַר פּערפעקטער, פון טראַדיציע־געהייליקטער פאָרעם, ווי דער שטיץ־פונקט פאַר איר אורטייל איבער ביכער און שרייבער. איר טעות איז געלעגן אין דעם איינגלויבן זיך מיט פרומער עקשנות אין איין קאַנאָניזירטן פאָרעם־פאַסאָן ווי די אוניווערסאַלע נאָרמע פאַר פּאָעזיע און ליטעראַטור, און דאָס פסלן מיט רבנישער חומרא יעדן פרישן ניט־„כשרן״ פאַרמעסט.

אַזוי אַרומערט איז יעדע נייע אַנטוויקלונג פון ליטעראַרישער פאָרעם אַנטמוטיקט און פאַר אַ צייט ניט צוגעלאָזן געוואָרן — ניט ווייל דאָס נייע האָט ניט אַרויסגעפירט זיין אייגענע שיינקייט, באַוויזן זיין אייגענעם כוח, נאָר ווייל דאָס נייע האָט זיך אַנדערשדיק אַנטפּלעקט און איז אַנדערש גע־שלייערט געוואָרן.

ניט דווקא פאַרוואָרצלטע, אין גליווער שטיין־געבליבענע פאָרמען, נאָר עכטקייט, פרישקייט און גאַנצקייט אין פאָרעם און סטיל, זענען לעבנס־וויכטיק פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ ליטעראַטור. ניט איין פאַרהייליקטע עסטעטיק, נאָר דער אָטעם און די נשמה פון שיינקייט, דער פּרינציפּ פון „תפארת״ אין זיין אומענדלעכן אַנטפּלעק, אינספּירירן די קונסט.

די שיינקייט פון ירמיהו׳ס לאַמענטאַציעס איז לגמרי פון אַנדער בחינה ווי די פון יהודה הלוי׳ס ליריק, ווי ס׳איז אַנדערש אונדזער תהילים פון די ווערדישע הימנען, שיר־השירים פון די „רובאיאט״, די טרילאָגיע „פּראָמע־טעאוס״ פון „מאַקבעט״, „עדיפּוס־רעקס״ פון „פאַוסט״, „העדא גאַבלער״ פון „די יונג־פרוי פון אָרלעאַנס״, און אומצייליקע אַנדערע פאַרגלייך־פּאָרן. אָבער אַלע די ליטעראַרישע מוסטערן פון דער וועלט־ליטעראַטור פאַרמאָגן

געמיינשאַפטלעך, אַ חוץ דערהויבענע אידייען, געדאַנק און כאַראַקטער־בילדער, אַן אייגענע ליטעראַרישע מראה און אַ מעכטיקע קאָנסטרוקציע פון פאָרעם.

פון אונזערע אייגענער יידישער ליטעראַטור קאָן מען אָנוואַרפן קאָנ־טראַסטן פון יחידישע באַזונדערקייטן אין פאָרעם און קונסט־שטייגער, ווי ביי לינעצקי און שלום עליכם, מענדעלע און פּרץ, אברהם רייזען און שלום אש, בערגעלסאָן און באַשעוויס, שניאור און מ. י. כאַאימאָוויטש ; אין דער פּאָעזיע : ליעסין און מאָריס ראָזענפעלד, גלאַטשטיין און לוצקי, יהואש און לייוויק, י. י. סעגאל און לוי גאָלדבערג — די שאַרפסטע אונטערשיידן אין פּאָעטישן געמיט, אופן, טאָן, קאָנטור, און גרייך. אָבער דער שטאַמפּ פון אַיעדערענס קינסטלערישער פיזיאָגנאָמיע איז צו דערקענען אין זיין מאָדוס־אָפּעראַנדי, אין דעם כאַראַקטעריסטיש פּערזענלעכן — זיין פאָרעם. צוליב אָט דער אוממיטלבאַרער אייגנשאַפט פון סטיל, סטראַי און פאָרעם זייערער, זענען זיי, אַיעדערער נאָך זיין פאַרנעם, פיגורן פון געשאַצטער חשיבות אין דער יידישער ליטעראַטור.

דער חוש צו זוכן תוכן און שיינקייט אין יעדן ווערק וואָס זיין אויטאָר מאָנט פאַר אים ליטעראַרישע אַנערקענונג, איז בלי־ספק אַ געזונטער — אָבער קיין שום פאַרזיגלטע נאָרמע, אָפּגעלערנט פון די קלאַסישע מוסטערן, אָדער באַזירט אויף אַנדערע עסטעטישע דאָגמעס, טאָרן ניט פּענטען דעם פרייען קינסטלער.

די אינעווייניקסטע שיינקייט פון אַ ליד, דערציילונג, דראַמע אָדער ראָמאַן איז דער איינגעגעבענער אויפטו פון דעם שריפטשטעלער אַליין, אָן וועמען קיין פאָרמעלע ליטעראַטור וואָלט סתם נישט מעגליך געווען. דער ניט־באַאַרבעטער מאַטעריאַל פון איינפאַל, וויזיע, שטימונג און פאַרנאַטירונג פון איבערגעלעבטן עפּיזאָד, איז נאָך אַזוי ווייט פון ליטעראַטור ווי ס׳איז ווייט דער ניט־געהאַקטער מירמלשטיין פון סקולפּטור. אַן אידייע אויסגע־טיילט פון איר קונסט־באַהעפט קען אויפגיין און פאַרשפרייט ווערן ווי אַ פילאָזאָפישער אַפאָריזם, וויסנשאַפטלעכער אמת, אָדער שפרוך פון חכמה. בלויז ווען קינסטלערישע הענט האָבן זי לעבעדיק געמאַכט דורכן ממש פון אַן אָנגעאייגנטער פאָרעם, אויפן פּאַפּיר, קען מען ערשט אָנווענדן אויף איר די מאָס פון ליטעראַטור.

יעדע קונסט איז דער פּועל־יוצא פון געווידמעטער מיאונג פון נשמה־דיקע מענטשן מיט איידעלע הרגשות, וואָס האָבן מיט דער מיט־הילף פון „רוח־הקודש" פאַרוואַנדלט מאַטעריע און רוי־קראַפט אין אַ געפורעמטן באַשאַף וואָס „רעדט" צו מענטשלעכע הערצער ; אומגעהובלטן חומר אין אַ גרייטן,

אויסגעטאָקטן יש וואָס זיי האָבן אויסגעמייסטערט צו דער געווינטשטער מדרגה פון צורה און שיינקייט.

פאָרעם און סטיל זענען ניט אָפּצושיידן אין ליטעראַטור. זיי זענען דאָס גופיש־נשמהדיקע פון אַ ליטעראַרישע שאַפונג. דער אינהאַלט פון אַ ווערק, איבערגעגעבן ווי אַ מעשה, אפילו מיט די באַלייכטונגען פון פּראָ־פעסאָר, וואָלט קיין שום געוויכט נישט געהאַט אויף דער ליטעראַרישער וואָג־שאָל. די גרייטע אָפּגערונדעטע אַרבעט מיט דער אָפּצייכענונג אויף איר פון דעם קינסטלער׳ס פּערזענלעכער און זעלישער פאַרב; זיין בליק אויפן לעבן; זיין חוש פאַר הומאָר און טראַגיזם; דער סדר און פּלאַן־מעסיקן אויסשטעל וואָס ער האָט דעם ווערק געגעבן; די אידייע וואָס ווערט אויף זיין אייגענעם שטייגער אין דעם ווערק דורכגעפירט; די אויסשטראַלונג פון גייסטיגקייט וואָס האָט זיין ווערק מאַגנעטיזירט, אַזוי אַז ער אַליין קוקט דערויף מיט פאַרגאַפטער ליבשאַפט — ערשט נאָך אַזאַ קינסטלערישער מעטאַ־מאָרפאָזע, נאָך אַזאַ איבערפאָרמירונג אינם שמעלץ־טיגל פונם שרייבער׳ס גייסטיקער לאַבאָראַטאָריע, באַקומט די זריעה פון סוזשעט און טעמע די מראה, דעם פולסשלאַג פון לעבן אין ליטעראַטור.

דער לעבנס־רייכער רוי־אַרץ פון פאָלק־לאָר, וואָס דורות־מענטשן האָבן באַוויזן אָנצוהויפן, אינם פּראָצעס פון צייטן און עפּאָכן, אין אַלע באַוואוינטע ערטער פון דער ערד, ווערט פון קינסטלער־יחידים איבערגעשאַפן און דער־הייכט צו ליטעראַרישער קולטור. אַ סימן פון נאָהענטקייט צום לעבעדיקן לעבן, און דער באַווייז פון אַ געראָטענער פאָרעם, פונדאַמענטירן יעדעס אמתע ווערק פון ליטעראַטור.



# וועגן סטיל

מיט די טיפע און האַרבע פּראָבלעמען פון ליטעראַטור — איר ציל און אייגנטלעכע עובדא, איר שייכות צו פאָלק, סביבה און נאַטור — גיבן זיך אָפּ די קריטיקער און ליטעראַטור־טעאָרעטיקער. אָן אויסנאַם איז די אייביק־מאַניענדיקע טעמע פון סטיל וואָס פאַרכאַפּט אַלעמען, וואָס פאַר־אינטריגירט אַלע אייגענע אַרום דעם ליטעראַרישן טיש — שרייבער, קרי־טיקער און לייענער.

אין אַלע תקופות און עפּאָכן האָבן זיך שרייבער און דענקער פאַרנומען מיט דער מיסטעריע פון ליטעראַרישן סטיל. דער ענין סטיל איז געווען אַקטועל און אָנרעגנדיק אין די קלאַסישע צייטן פון אַריסטאָטל — און מן־הסתם נאָך פריער — אין דער מיטאַלטערלעכער עפּאָכע פון אַראַביש־יידישער שעפערישקייט, אין די שפּעטערע דורות פון קאָלערידזש, דע־קווינסי, שאָפּנ־הויער,ביז די ליטעראַרישע וואָרט־זאָגערס פון אונזערע טעג. אַ זאַמלונג פון אַלע פאַרשריבענע, אונז־פאַרבליבענע שקלא־וטריאס פון די גדולים און חשובים פון ליטעראַטור וועגן דעם באַדייט און דער שליחות פון סטיל וואָלט זיך אויסגעשטעלט אין פילצאָליקע בענד.

דער יחוס פונם סטיליסטישן וואָרט באַציט זיך פונם ווייטסטן פאַר־היסטאָרישן עבר. אין פריען אָנהויב פון מענטשלעכן, גייסטיקן דערוואַכן, פאַר טויזנטער יאָרן איידער נאָך דער וואונדער פון אותיות און שריפט איז באַקאַנט געוואָרן צו אדם׳ס קינדער, האָט שוין די ליטעראַטור — אַ דאַנק דעם באַצווינגנדיקן כוח פון סטיל — זיך געהאַט אַריינגעוואָקסן ווי אַ דער־ציערישע, וועקנדיקע און פאַרוויילנדיקע השפּעה אינם לעבן פון די פעלקער.

די פרימיטיווע, אין־זכרון אויפגעהאַלטענע בעל־פּה ליטעראַטור פון די אורצייטן, האָט געפאַנגען די הערצער פון אירע האַלב־ווילדע צוהערער, ס׳ערשטע מיט דעם כישוף׳דיקן צוגאַנג פון אַ בילדלעכן, פאַרביקן סטיל. דער טרעפלעכסטער באַווייז פאַר דעם איז די ביבלישע ליטעראַטור. דורות אויף דורות קאָפּ־מענטשן האָבן אָנגעשריבן אַ ריזן־ביבליאָטעק פון פירוש און קאָמענטאַר אויף די תנ״כ׳ישע שריפטן. אָבער אפילו דער צום־ערשטן געגע־בענער „ניגלה״ אַליין, די נאַקעטע ווערטער פון די כתבי־קודש, אָן דער הילף

פון מפרשים און פאַרטייטשערס, האָבן באַלד אויפן אָרט, מיט זייער שוואונגי־קייט און בילדלעכער פּראַכט, מאַגנעטיזירט די שבטים פון די בני־ישׂראל אין דער מדבר, און זיי געלאָזט הערן די שטים פון גאָט. ווען משה האָט גערעדט אין די אויערן פון דער גאַנצער איינזאַמלונג פון ישׂראל די שירה פון „האזינו״:

פאַרנעמט איר הימלען און איך וועל ריידן
און זאָל הערן די ערד די רייד פון מיין מויל!
זאָל טריפן ווי רעגן מיין לערנונג,
ווי גוס־רעגן אויף גראָז
און ווי אַ שפּריי־רעגן אויף קרייטעכץ.*)

האָבן זיי געגלויבט אַז ער, משה, איז באמת פון הימל אַ שליח, אַ לערער און וועג־באַלייכטער זייערער, און אַז וואָרהאַפטיק טוט דער גייסט פון גאָט רוען אויף אים. אגב, דער אומפאַרגלייכלעך־הויכער ליטעראַריש־סטיליסטישער ראַנג פון די תנ״כ׳ישע ספרים זענען אַליין אַ ראיה אַז אין זייער צייט איז דאָס פאָלק שוין געווען צוגעגרייט פון אַפריער זיי אויפצונעמען; אַז דאָס לשון און דער פּאָעטישער שטייגער פון דער ביבל איז אים ניט פרעמד געווען, אַ דאַנק דער מינדלעכער ליטעראַרישער טראַדיציע פון קדמונים וואָס איז געווען אין אומגאַנג צווישן די פאָלקס־שיכטן, און וואָס האָט זיי דערצויגן דערצו.

* * *

די פּסיכאָלאָגיע ווייזט אָן אַז איטלעכער מענטש פאַרמאָגט זיין אייגענעם ריטם, אַ ריטם פון דער פערזענלעכקייט וואָס גיט זיך איבער אין זשעסט, תנועה, גאַנג, שטים און שפּראַך ווי דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר אים און זיין „איך״.

יחידיש־אויסגעשפּראָכן און אימפּאָנירנדיק איז דער ריטם פון דעם זעלטענעם מענטשן, דעם אדם־השלם, וועמענס גייסטיקע וועלט איז באַלאַנסירט און, ווי אַ שפּיל־פּייאיקע כלי, האַרמאָניש געטאָנט; ווען די כוחות פון קערפּער און מוח באַווירקן צום גוטן די קולטור־רייפע און געצייטיקטע פערזענליכקייט. אַזאַ וואויל־געבענטשטער מענטש „נעמט״ אונז מיט זיין הוילן וואָרט, מיט זיין אייגנטימלעכן שפּראַך־אופן וואָס רעגט, רייסט מיט און הויבט

*) יהואש איבערזעצונג.

אונז אויף צו אַ העכרן מעמד. אַזאַ דערגאַנצטער מענטש איז שוין אויסגע־וואקסן דעם ענגערן גבול פון סתם שכל׳דיקייט, און זיין אויג דערלאַנגט שוין צו די ווייטע ראַנדן פון נבואה און אמת. און רעדן, רעדט ער נישט מיט דער געבויגענער צונג פון דעם געדונגענעם שרייבער, נאָר מיט דער גראַד־ליניקייט און רו פון אַ חכם, מיט דער זיכערקייט און געוויסהייט פון אַ זעער.

פון וואַנען נעמט זיך דען דער ריטם אין אַ מענטשלעך לעבן אויב ניט פון דעם מענטשן גופא? שפּראַך, סדר, מאָס און אָפּקלייב — פון דעם מוח; גראַציע, עלעגאַנץ, דינאַמיק — פונם באַוועג פון די אברים; געפיל און זעלישער אויפריר — פון דער מענטשלעכער פסיכיקע. אַזוי אַרום איז יעדע אינספּירירטע שאַפונג אַ שפּראַך וועמענס וואָרצל־אָדערן גרייכן אין דער טיף פונם גאַנצן לייב־און־לעבן פונם קינסטלער. דעם דיכטערס ליד — זיין שפּראַך־שטייגער, די האַרמאָניע פון די סטראָפן־טיילן, דער לירישער טאָן, דער בויג און די תנועה — זיינען אָפּשטראַלונגען פונם דיכטערס וועזן ממש.

דער גאָלדיק־גלאַטער טאָן באַקומט זיך פון דער גאַנצער מוזיקאַלישער כלי, פונם גוף פונם פידל ווי פון זיינע סטרונעס. דער שאַפונגס־כוח ליגט פאַרבאָרגן אין דער אינערלעכער וועלט פונם קינסטלער, וועמענס „איך" איז ׳לגמרי פאַרוועבט אין זיין ווערק. „כל עצמותי תאמרנה" — אַלע מיינע ביינער זאָגן עדות — איז כמעט אַ ווערטלעכער אמת.

די פאַך־טעקסטן פון דער שרייב־קונסט לערנען דעם אָנהייבער צו שנירלען אויסגעקליבענע, אַקוראַטנע ווערטער, צו זיין געהיט מיט וואָרט־פאַרבן, צו שרייבן קלאָר, פשוט און עפעקטפול. אָבער דעם ניט־באַגאַבטן וועט ניט העלפן זייער אונטערריכט. קיין קונסט־סטיל וועט ער זיך ניט דערווערבן פון ביכער און לערער. סטיל איז טאַקע ניט מעגלעך אָן דיס־ציפּלינירט לשון און גוטער גראַמאַטיק; אָבער די בעסטע שפּראַך־טעכניק אַליין, אָן דער אויבער־מעלה פון סטיל, איז ווי אַ גוף אָן אַ נשמה.

ביים שיין־שרייבער איז זיין וואָרט־געוועב, זיין סטיל, אַ חלק ממש פון זיין פּנימיות, פון זיין עצם כאַראַקטער, דאָס אוממיטלבאַרע לשון פון זיין געדאַנק, אַ פאַרבילדעכונג פון זיין לעבן און טראַכטן, אַזוי אַז זיין וואָרט איז דער נאַטירלעכער לבוש פון זיין רעיון, און איינס איז ניט אָפּצעשיידן פונם צווייטן. „די ווערטער וואָס דער זשעני געברויכט" — זאָגט דער ענגלי־שער קריטיקער מעטיוס — „זיינען פונקט אַזוי אינטים זייניקע ווי זיינע געדאַנקען".

אַט־אָדאָ ליגט דער טיפער מיין פון דעם אָפט־ציטירטן זאָג וואָס ווערט צוגעשריבן דעם פראַנצויזישן געלערנטן און שרייבער בופאן: „לע סטיל ע ל'אם מעם" — דער סטיל איז דער מענטש גופא. בופאָן האָט געהאַלטן אַז די ביכער וואָס לעבן־איבער זענען נאָר די גוט־געשריבענע. ווארעם וויסן איז רעלאַטיוו און ניט באַשטענדיק; פאַקטן, דאַטן און מיינונגען גיין איבער פון מוח צו מוח, ווערן אַ רשות־הרבים פאַר יעדן פאַרבייגייער, ווי דרויסנדיג־קייטן וואָס געהערן אַלעמען. אָבער סטיל אַליין איז די מראה פונם עצם מענטש; ס'איז פלייש פון זיין פלייש און ביין פון זיין ביין — ס'איז ער אַליין.

אַזוי אַנטפּלעקענדיק איז דער סטיל פון אַ שרייבער אַז דאָס שאַרפע אויג פון אַ קריטיקער דערזעט דורך אים, ווי דורך אַ שויב, די גוטע ווי די שלעכטע שטריכן פון זיין כאַראַקטער. ס'גיבן זיך איבער פון זיין סטיל דעם שרייבערס קולטור־מצב, זיין סענזועלע אָדער אַסקעטישע נאַטור, זיין טעמפּעראַמענט און גוסט, זיין אינטעלעקטועלע ערלעכקייט אָדער פאַרקערט... אין אַ געוויסן זין „טאַפּט" אָן דער קריטיקער זיין שרייבער און ער דערקענט אים אינטימער אפשר ווי ער איז באַקאַנט צו זיינע נאָענסטע.

* * *

די עצם שפּראַך פון אַ פאָלק שטעלט מיט זיך פאָר אַ סך מער ווי אַ שלל מיט ווערטער־קלאַנגען וואָס פאַררופן זיך אויף חפצים פון רעאַלן ממשות, אויף זינלעכע הרגשות און געדאַנקלעכע בילדער. שפּראַך איז אַ פּועל־יוצא פונם פאָלקס־לעבן, און אירע איינצל־ווערטער, ווי אירע אידיאָמען, זענען צאַפּלדיקע סימבאָלן אין דעם מאַמע־לשון פונם פיזישן און גייסטיקן לעבן פון פאָלק. אַלערלייאיקע איבערלעבענישן פון געפיל און גייסט זיינען פּיק־סירט אין ווערטער. מהאי־טעמא זענען טאַקע איבערזעצונגען אַזוי אָפּנאַרנדיק און אומגעטריי צום טעקסט. קאָן דען אַ צווייט פרעמד־שפּראַכיק וואָרט, וואָס קומט פאַרבייטן דעם יידישן „שבת", למשל, האָבן עפּעס מער ווי אַ קאַלט־ווייטע, קאַלענדאַרישע אָנקערעניש דערמיט? די נשמה פונם איבערגעטראָ־גענעם וואָרט „שבת", דער כאַראַקטעריסטיש־יידישער גייסטיקער אינהאַלט זיינער וועט זיך אָנווערן אין דעם בייט. אַזוי אויך „ספר" וועט זיך פאַרלירן אין סתם „בוך".

אַ פאָלקס־ליטעראַטור איז פאַראייניט מיטן פאָלק אַליין. דער פינלאַנדישער עפּאָס „די קאַלעוואלא", צ.ב., איז לויט זיין אידייע, אימאַזשן־גאַלעריי און

שפּראַך, ניט דווקא אַ חיבור פון אומבאַקאַנטע פאָלקס־דיכטער, נאָר אויך
אַ שאַפונג פון דער סאַמע נשמה אַרויס פונם פאָלק וואָס האָט אים אויסגע־
פורעמט אינם שמעלץ־טיגל פון זיין נאַציאָנאַלן דמיון; זיין מעטער און קאַדענץ
באַקומט זיך פון דעם עצם פולס־שלאַג און אָטעם־צוג פון די פאָלקישע נפשות,
וואָס האָבן דור־איין־דור־אויס דעם דאָזיקן העלדן־סיפּור איבערגעחזרט
אויף אויסנווייניק און מיט אים מיטגעוואַקסן. „פישקע דער קרומער", „טביה
דער מילכיקער", „מנחם מענדל" — זענען דורכאויסיק יידישע געשטאַלטן
וואָס אונזערע קלאַסיקער מענדעלע און שלום־עליכם האָבן קינסטלעריש
אַרויסגעהויבן פון דער שטעטעלישער, גייסטיק־געלייטערטער אָרעמשאַפט
פון די מזרח־אייראָפּעאישע יידן. די דאָזיקע ליטעראַריש־פיקסירטע יידישע
כאַראַקטער־טיפּן וועלן אויף תמיד סימבאָליזירן די אומפאַרגעסלעכע אידיליע,
דעם צער און די קדושה פונם „שטעטעל" אין דער געשיכטע פון יידישן
פאָלק. פון אַזעלכע ווערק וואָס ס'רוט אויף זיי דער פאָלקס־גייסט, און
טראָגן אויף זיך דעם אָפּדרוק פון אַנדערשקייט וואָס שיידט אויס איין אומה
פון אַ צווייטער, באַקומט זיך נאַציאָנאַלע ליטעראַטור. אָט די ווערק ווערן
דער קנין פונם גאַנצן פאָלק.

* * *

אַזוי ווי אין די געאָלאָגישע טיפן, אין בויך פון דער ערד, אין די מינען־
שאַכטן און קוילן־גראָבנס, ליגן איינגעפּרעסט אַמאָליקע וועלדער און גע־
וויקסן אַלערליי — אַזוי זענען ווערטער איינגעפּרעסטע, מומיפיצירטע געדאַנ־
קען, אידייען און אימאַזשן, וואָס באַציען זיך פון לאַנגסטיקע און ווייטע
קולטורן.

קען מען דוכט זיך, פון דעם דאָזיקן, אָפּלערנען אַ קלאָרן קל־וחומר,
אַז דער סטיליסט דאַרף זיין אַ מומחה אויף שפּראַך; אַ קענער פּער עקסעלאַנס
פון דער לערע פון שפּראַכן בכלל, באַזונדערס פון ווערטער, זייערע שרשים
און פאַרוואַנדלונגען — זיי זענען דאָך די ציגל פאַר די סטיליזירטע סטרוק־
טורן וואָס ער וויל אויפשטעלן.

דאָך גייט אָן אַ נאָכאַנאַנדיקע חקירה־ודרישה וועגן דער ראָל פון שפּראַך,
און אַ פאַרשאַרפטע חילוקי־דעות צעטיילט די מחנות פון די ליטעראַטור־
מפרשים. אַ קליינע ליטעראַטור איז שוין אָנגעשריבן געוואָרן אויף ביידע
זייטן פון דער דאָזיקער פלוגתא.

דער לינגוויסטישער צד האַלט, אַז היות שפּראַך איז דער הויפּט באַ־
שטאַנד־טייל פון ליטעראַטור, דער אינסטרומענט און גרונט־מיטל פון אויס־

דרוק, בכן איז שפּראַך און ווערטער־שטודיע — און דווקא מיט אַקאַדעמישער גרינטלעכקייט — אַ נויט־באַדינג פאַר אַ ליטעראַט. וואָס גרעסער דער בעל־לשון, וואָס טיפער זיין בקיאות אין דער עטימאָלאָגישער פאָרשונג, אין דער עוואָלוציע פון ווערטער און שרשים, אַלץ מער מייסטער פון טעכניק און קאָמפּאָזיציע אינם געביט פון דער וואָרט־קונסט.

כאָטש אַזוי אויבנאויפיק גערעכט, ווערט פאָרט אָט די טענה העפטיק באַשטריטן. דער צד־שכנגד וויל האָבן אַז לאו־דווקא — אַ וויסנשאַפטלעכע שפּראַך־קענטניש איז ניט קיין מוז פאַרן קינסטלערישן שרייבער. צווישן די פילאָלאָגן, לעקסיקאָגראַפן און גראַמאַטיקאַלן אַליין איז שווער צו געפינען אַ ליטעראַרישן שרייבער. די דאָזיקע פאַכמענער זענען אַליין, ווי שרייבער, ווינציק־וואָס באַפרוכפּערט געוואָרן פון זייער וויסן. איז דאָך זייער אייגענער סטיל, אין זייערע אַקאַדעמישע טעקסטן, טרוקן, האַרט און זאַמדיק ווי דער מדבר.

די ליטעראַטור, אַ שאַפונג פון אינטואיטיווע, וואָרט־שעפערישע גייסטער, איז אַליין אַ קוואַל פון שפּראַך־שטודיע, און די העכסטע אינסטאַנץ פאַר אַנט־שיידונג אין פראַגן פון וואָרט־זין און פאַסיקן געברויך. נישטאָ קיין בעסערע ראיה אין אַ שפּראַכלעכן וויכוח וועגן אַ וואָרט, פראַזע, אידיאָם און ריכטיקן אָנווענד, ווי די ווערק פון גוטע שרייבער. דער ליטעראַרישער איש־הרוח, דער פון נאַטור־באַשאַנקענער שרייבער קלייבט זיינער ווערטער מיט אַן איינגעבאָרענעם חוש פאַר וואָרט, בילד, קלאַנג, ריטם און פאַרב. ער איז גלייכצייטיק דיכטער, מוזיקער, מאלער און אַרכיטעקט. אויף זיין אייגענעם, ניט־פאָרמעלן אופן וועגט ער, וואַרפט אָפּ און זאַמלט ווערטער אַ לעבנלאַנג, אַזוי, אַז זיינע ווערק זענען גאָלד־מינעס פאַר דעם שפּראַך־פאָרשער און וואָרט־זוכער. די אַקאַדעמישע דיסציפּלין, די פּראָפעסאָרישע „געגנג", וואָלטן נאָר שלעכט־באַווירקט זיינע נשמה'דיקע שאַפונג־פּראָצעסן, וואָלטן צעשטערט זיינע צאַרטע דיכטערישע וואָרט־געוועבן.

דאָס אויבן־געבראַכטע ווערט, פאַרשטייט זיך, ניט צוגעגעבן אין לאַגער פון די פאַרטיידיקער פון שפּראַך־לערע. זיי ווייזן אָן מיט זיגערישן שטאָלץ אויף אַזעלכע מוסטערן פון דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור ווי לאָנגפעלאָ און לאָועל. די לעצטע זענען יאָרנלאַנג געווען פּראָפעסיאָנעל באַשעפטיקט מיט שפּראַך־אונטערריכט אין חשיבות'דיקע אוניווערזיטעטן — דאָך איז אין זייער סטיל ניט צו דערקענען קיין מינדסט־סימן פון פעדאַנטיזם און מלמד'ישער שטייגער. אין זייערע ווערק געפינען מיר אַן אוצר פון לשון, פאַרביקן שימער פון וואָרט־פּערל, אין מעטרישער איינפאַסונג, וואָס גיט

אפילו נישט קיין ווייטע אָנציהערעניש אויף דעם לינגוויסטישן וויסן פון אַט די קלאַסישע דיכטערס. אַזאַ ערשט־ראַנגיקער קענער פון סעמיטישע שפּראַכן, און מייסטער פון זיין אייגענער מוטער־שפּראַך, ווי רענאַן, איז נאָך אַ ביי־שפּיל. ער האָט געשריבן אין אַ ברילױאַנטענעם פראַנצויזישן סטיל און האָט באַרייכערט די שפּראַך און די ליטעראַטור פון זיין פאָלק. „ער האָט געשריבן זיינע געדאַנקען מיט דער לייכטער פרייער נאַטירלעכקייט פון אַ קינד" — האָט אַ קריטיקער וועגן אים געזאָגט. אויך זיין סטיל, אין זיינע פּאָפּולערע, עלעגאַנטע עסייען ווייזט ניט אַרויס דעם טיפן שפּראַך־געלערנטן און פאָרשער.

* * *

דער צד־השווה אין אָט דעם סיכסוך צווישן די האָמפּערישע קריטיקער ליגט אינם מיטל־וועג, וואו ס'געשיקט זיך אַ פּאַראַייניקטער אויסגלייך. דער עקסטרעמיזם וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די געלערנטע אמת־זוכערס, אויף אַלע קולטור־געביטן, לאָזט דעם אמת ניט קומען צו דער אויבער־פּלאַך. זייער להוט'קייט צו בלייבן גערעכט, און געווינען איבערן קעגנער, איז גורם אַן אייביקן חסידיש־מתנגדישן קריג אויפן חשבון פונם ציל פון אמת־דערקענטעניש, וואָס זיי האָבן זיך לכתחילה אַרויסגעלאָזט צו דערגרייכן.

ס'איז קלאָר, לכל־הדעות, אַז ליטעראַטור און שפּראַך זענען זיך קעגנ־זייטיק משפּיע, און ווי חומר און גייסט, זענען זיי איין באַהעפט, אין לעבן ווי אין דער קונסט. ס'איז קינדיש־איינזייטיק צו שטעלן דעם טראָפּ אויפן בוי־מאַטעריאַל ווי אויף דעם סאַמע וויכטיקסטן אין אַ אַרכיטעקטאָנישן בנין; צו באַשטיין דערויף אַז דער טאַלענטירטער פּלאַן־געבער זאָל זיך פאַרדינגען פאַר אַן אייביקן לער־יונג ביי דער מויערע. דאָס אייגענע איז חל אויף דער שרייב־קונסט. אַ ליטעראַריש־קינסטלערישער געבוי איז טאַקע נישט מעגליך אָן די ווערטער־ציגל און האָלץ־געשניצן פון שפּראַכלעכן סטראָי. אָבער די סטרוקטורעלע שיינקייט, די חנ'עוודיקע ליניען און קאָנטורן פונם פאַרענדיקטן ווערק, איז פאָרט צו פאַרדאַנקען דער קודמ'דיקער, אייגן־פאַר־טראַכטער אידייע פון דעם דיכטערישן בעל־חלום, און זיין שעפערישן דראַנג, דורך פלאַסטישע מיטלען און געסדר'טער בויאונג, צו פאַרקערפּערן זיין וויזיע אין אַ געטאָקטן ממשות.

איז דעריבער נאַטירלעך וואָס שרייבער אין אַלע צייטן זענען די אמת'ע שפּראַך־מייסטער. זיי זענען שפּראַך־פּייאיק און שפּראַך־געניט, כאָטש זיי זענען, פאָרמעל, ניט קיין לינגוויסטן; זיי זענען וואָרט־קייטלער, פּראָזן־ציער,

אידיאָם־אָפּהיטער — דאָך ניט קיין עטימאָלאָגן און פאָלקלאָריסטן. אַזוי איז אויך די ליטעראַטור אויף איר אייגענעם שטייגער, וויסנשאַפטלעך, פילאָזאָפיש, היסטאָריש און פילאָלאָגיש — דער ים וואוהין די אָפּצווייג־שטראָמען פון אַלע חכמות טוען נאָכאַנאַנד אין אים אַריינפליסן און ער ווערט קיינמאָל ניט פול.

ליטעראַטור באַשטייט טאַקע פון שפּראַכלעכע יסודות, און דעם שרייבערס קענטעניש אין חכמת־הלשון, ווי זיין קולטור־מצב בכלל, וועלן זיך בלי־ספק באַווייזן אין מעלות פון אַ באַרייכערטן סטיל. וואָס גרעסער דער דראַנג ביי אַ שרייבער זיך צו אַנטפּלעקן, אַרויסברענגען די פולע שטאַטור פון זיין טאַלאַנט, אַלץ מער וועט ער זיך מיען אויסצושלייפן און ראַפינירן זיינע שפּראַך־מיטלען — די מכשירים פאַר זיין קונסט. זיי ווערן אויסגעאיידלטער און דינער אין זיינע העגט צוליבן טרייב און הכרח פון זיינע אויפגאַבן. אָבער ליטעראַטור איז פאָרט אַ פועל־יוצא פון רוח־הקודש און התגלות — גאָטס־גאָב צו יחידי־סגולה פון דעם מענטשן־מין. ניט נאָר סתם ווערטער בילדן אַ קונסט־ווערק — עס איז אַ מיסטיש וואָרט־געוועב פון מחשבה, געשמאַק, זין און געפיל, וואָס טיילן עס אויס פון אַנדערע ניט־באַלויכטענע שרייב־פאַרמעסטן.

סטיל איז פאַרן קריטישן באַטראַכטער אַן אָפּ־בילד פון דעם שרייבערס גייסטיקייט און טעכנישער שלימות, אַ מאָס־מעסטער פון זיין קולטור־דערגרייך, פון זיין חוש פאַר סעלעקטיוון אויסוואַל פון דעם פאַסיקסטן און טרעפלעכסטן וואָרט.

איבעראַלץ איז סטיל דער שליסל צום מענטש־קינסטלער, וואָס זעענדיק אים דערקענען מיר אויך זיין פאָלק, און דורכדעם אַלע מענטשן פון אַלע פעלקער און צייטן, פאַרברידערט אין נאַטור און גורל.

* * *

ס'ערשטע וואָס דער מבין זוכט ביי אַ נייעם דיכטער איז אַן אייגן פּנים, אַן אומבאַקאַנטע אַנדערשקייט וואָס פאַראינטעריגירט ביים ערשטן בליק ווי אַ נייער אויפקום, ווי אַ פרישע בליאונג.

דעם דיכטערס וואָרט־שאַץ נעמט זיך טאַקע פון דעם שפּראַך־אוצר וואָס דאָס פאָלק האָט אָנגעזאַמלט און אָפּגעהיט, אָבער זיין פאַרענדיקט ליד איז פאָרט ניט קיין נאָכגעמינצע מטבעה, נאָר אַ נייער, אויפפאַלנדיקער עפּעס, אַ ווידערבאַשאַף מיט אַן אייגן לעבן און אַן אייגענעם ריטם.

מיט שפּראַך־לערע, מיט געשיקטקייט און פּלייס קאָן מען זיך נאָר פּאַרמעסטן אויף אַ נאָכאַמונג, אויף אַן אילוזיע פונם עכטן; ס׳וועט אָבער אין דער קונציקסטער אימיטאַציע אייביק אויספעלן יענער לעבעדיקער אָטעם וואָס טיילט אויס אַ קונסט־ווערק פון אַ אויסגע׳מלאכה׳טע אַרבעט. גוף און מוח, און צו דעם נאָך עפּעס וואָס אַלע לשונות האָבן דערפאַר אַ וואָרט ווי גייסט, זענען אַזוי באַהעפט און פאַרוועבט אין אַ געראָטענער שאַפונג אַז ס׳דערשיינט לסוף ווי אַן אָרגאַנישע גאַנצקייט וואָס קאָן אויף זיינע גרונט־טיילן מער ניט אויפגעלייזט ווערן.

די איינגעבאָרענע פאָנעטישע מוזיקאַלישקייט פון אַ שפּראַך קומט צו הילף אַ שרייבער ווי אַן אידעאַלער שפּיל־אינסטרומענט דעם מוזיקער. דאָך, דער באַשאָנקענער דיכטער באַווייזט זיך צו ספּראַווען אפילו מיט אַ ניט־נאָכגיביקן שפּראַך־מאַטעריאַל.

ס׳האָט ערגעץ אַ פאָרשער אַמאָל פאַרגליכן דעם קלאַנג פון אַ שפּראַך צו די קולות פון די חיות וואָס געפינען זיך אין דער אָרטיקער סביבה וואו דאָס לשון איז אויפגעקומען און זיך צעוואַקסן. דאָס ענגלישע לשון, למשל, האָט ער כאַראַקטעריזירט ווי אַ פויגל־שפּראַך, ענליך אין קלאַנג צו דעם געשווי־טשער פון די פייגל, וואָס באַזעצן די ים־ברעגן פון בריטאַניע. די דייטשע שפּראַך האָט ער באַצייכנט אַ זשאַבע־לשון, וואָס זיין עוואָלוציע זאָל זיך האָבן גענומען פון דעם זיך צוהאָרכן און זיך איינלעבן מיט די זשאַבעס, וואָס האַלטן זיך אויף אין די טאָלן און זומפּן פון די טעווטאָנישע לענדער. דאָך האָט אַ דיכטער ווי היינע, למשל, אויסגעדיכטעט אויף דעם דאָזיקן „זשאַבע־לשון" צאַרט־לירישע געזאַנגען, עלעגאַנטע, שפּיגלדיקע פּראָזע־שילדערונגען, און דיך־שפּיזיקע איראָניעס. אין זיינע אידעלע הענט איז דער האַמעטנער שפּראַך־טרומייטער געוואָרן אַ גאָלדענע האַרף.

* * *

סטיל איז אַ ספּאָנטאַנער אויפבליץ פון דער שיינקייט און וואונדער־לעכקייט וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין דער נשמה פון אַיעדער זאַך. אויב דער באַריר פון סטיל רופט אַרויס אין אונז עלית־נפש, אָדער ווייעט אָן אַ יאוש־שטימונג אויף אונזער געמיט, איז עס דערפאַר וואָס באותו־הרגע, קומט אונז אויף דער מחשבה די אידייע פון אונזער אייגענער שייכות צו וועלט און אייביקייט.

סטיל איז דער אויפבלי פון דער פאַנטאַזיע און די גבורה וואָס ס׳שטעקט אין אים איז די גבורה פון דער פאַנטאַזיע.

סטיל איז ווי אַ ווייסער פלאַם וואָס צינדט אָן די שורות פון דעם געשריי־בענעם און בינדט אויף דעם דמיון פון לייענער צו שוועבן פריי אין די ווייטע רוימען. ווי אין דעם פלאַם מיניען זיך אין אים גאָר די פאַרבן פון דער וועלט. דער פייער־פלאַם באַפרייט, לאָזט לויז די עלעמענטן וואָס ליגן געפאַנגען אין פּראָסטן שייטער און פאַרוואַנדלט די פּראָזע פון האַרטער מאַטעריע אין פּאָעזיע פון בלויען פלאַקער. אַזוי געשעט ווען די סטיל פעגן רירן אָן דעם זוים פון טרוקענעם פאַקט און רויען סוזשעט — זיי פאַרוואַנדלען אים און קליידן אים אָן אין חידוש און וואונדער.

דער ריטם פון סטיל איז באַגלייט צו דער מוזיק וואָס צו איר איז גע־שטימט אַלץ אויף דער ערד — אפילו די שטילע וועלט פון דומם און חומר. דער כוח פון סטיל איז — פאַר די וואָס זעען מיט אינעווייניקסטן אויג און האָרכן מיטן אינערלעכן אויער — אַ כוח פון יצירה וואָס האַלט אין איין איבערשאַפן און מעלה זיין דעם סמוטנעם לאַנגווייל פון חול צו קדושה און תיקון.

ווארעם דאָס לעבן טוט געבערן פּאָעזיע אַזוי אַלעמאָליק און נאַטיר־לעכערהייט ווי דער בוים זיין צווייט און פרוכט. דאָס אויפגעעפנטע אויג וועט עס דערזען און דער באַלויכטענער מוח וועט עס אויפנעמען אויפן פאָן פונם געוויינטלעכסטן דערשיינען. אַרום אונזער טאָג־טעגלעכער סביבה שוועבט דער גייסט פון פּאָעזיע, און דער וואָס קען אים דאָרטן ניט זען וועט אים אין ערגיץ ניט געפינען.

ניט קיין מאַנגל אין פּאָעטישקייט איז די סיבה וואָס אַנדערע תקופות זענען אַזוי אָרעם אין פאַנטאַסטישער שעפערישקייט, נאָר גיכער אַ מאַנגל אין פּאָעטיש־זעענדיקע מענטשן. ווען איינעמס דמיון איז וואַך אויפצונעמען איינדרוק, סצענע און בילד, פון זיין היימישן אַרום, וועלן ניט נאָר די „קלאַ־סישע״ שיינקייטן פון דער נאַטור אים אַנקעגנשיינען, נאָר אפילו דער גרוי פון די טעג קאָן ווערן ליד און וויזיע וואָס לאָזן איבער אַ רושם־בנפש.

אַן אָפּגעאַנקערט שיפל ביים טומאַניקן טייך; דער בלענד פון אַ זון־קאָלירט וואָלקנדל איבער אַלטע דעכער; דער איינגעהויקערטער קאַטע־רינשטשיק אין אָרעם־געסל; די פאַר׳חלומ׳טע כאַלופּע מיט די סומנע שייב־לעך ביי דער ערד; קופּער־רויטע אָסיען־בלעטער וואָס שאָרכן אונטער די טריט אויף וואַלדיקן שטעג; דער פאַרטראַכטער פראַצע־מידער אַרבעטער ציענדיק אַהיים צו שטוב און ווייב נאָך זיין שווערן טאָג — די גאַנצע טומלדיקע פּאַנאָ־

ראַמע פונם אייביקן מענטשלעכן יאַריד, אויפן אומגעהויערן שטח פון לעבן, אין אַלע ווינקלען פון דער באַוואוינטער ערד. אַוואו דו וועסט זיך ניט צורירן צום לעבן וועסטו שוין געפינען עפּעס וועגן וואָס זיך צו פאַרגאַפן, פאַרטראַכטן, פאַרבענקען . . .

* * *

דורך דעם „כישוף" פון קונסט ווערט די האַרבע, בלינדע ווירקלעכקייט אַריבערגעטראָגן אויף דער שפּראַך פון געפיל, זין, געדאַנק; און סטיל איז דער סובטילער פאַרמיטלער אין אָט דעם שעפערישן משא־ומתן פון ליטע־ראַטור און לעבן.

דער אַמעריקאַנער עסייאיסט עמערסאָן פאַרצייכנט אָט דעם פּילבאַדייט־נדיקן רעיון:

„שעקספּיר, האָמער, דאַנטע, טשאָוסער און זייער גלייכן, האָבן געזען די שטראַליקע פּראַכט וואָס לויכט אַרויס פון דער גאָרער וועלט, וואָס ליגט אויסגעשפּרייט פאַרן אויג, לעיני־השמש; זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז אַ בוים האָט — אַ חוץ צו געבן עפּל — נאָך אַן אַנדערע, אַ מיסטיש־סימבאָלישע עובדא; אַז קאָרן דינט נאָך עפּעס אַ ציל ווי צעמאָלן צו ווערן אויף מעל; אַז די ערד איז נישט באַשאַפן געוואָרן פאַר דעם הוילן תכלית פון געאַקערטע פעלדער און אויסגעלייגטע שאָסעען. אָט די גרויסע נשמות האָבן באַנומען אַז דער גאַנצער בריאת־העולם טראָגט אונטער פאַרן מוח נאָך אַ צווייטע און העכערע שפע פון געדאַנק: די גאַנצע מעשי־בראשית, אַלע בחינות פון דער טבע ווערן סימבאָלן פון אַ מענטשנס אייגענע מחשבות; און אַז זיי שטעלן מיט זיך פאָר, אין זייער גאַנצער נאַטור געשיכטע, אַ מין שטומען פּירוש אויפן לעבן".

ווען דער באַשייד פון סטיל הייבט אָן קלאָרער ווערן, קאָנען מיר זיך ערשט אָנשטויסן אויפן סוד פון דעם ליכטיקן, נביאישן וואָרט — די גייסטיקע דינאַמיק וואָס ס'ליגט אין אים; און די מיאונג פון שרייבער אַ לעבנלאַנג צו דערגרייכן פּערפעקציע פון וואָרט, וואָס ווערט ביי אים אַ „שם המפורש" אויף צו מנצח זיין איבער דעם אור־שווייגן פון די וועלטן.

דאָס גאַנצע לעבן פונם אמתן קינסטלער איז אָפּגעגעבן דעם ציל: אַריבערצובליקן איבער דעם עולם־השקר פונם אילוזאָרישן און שיינבאַרן, צו דער העכערער וועלט פון אידייע און אַנטפּלעקונג; און זיין שטרעבן איז צו מייסטערשאַפט פון פאָרעם און וואָרט, בכדי צו פיקסירן זיין זעאונג אין דעם פאַר׳כישוף׳טן שפּיגל פון ליטעראַטור.

# די עפּאָפּייע

די עפּאָפּייע איז אַ קוריאָז־אינטערעסאַנטע דערשיינונג אין דער וועלט־ליטעראַטור. פון דער עפּאָפּייע, ווי אפשר פון קיין שום אַנדער ליטעראַרישער פאָרעם, קען מען אויפנעמען די אינטימע קרבות, דעם מיסטישן באַהעפט פון דעם פאָלקס־גייסט, פאָלקס־לעבן און פאָלקס־פאַנטאַזיע מיט דעם מאָנומענטאַלן, אויפגעשאַפענעם סך־הכל — די ליטעראַטורן פון די פעלקער.

די עפּאָפּייע געהערט צו די עלטסטע פאָרמען. זי איז אַ ריזנקוואַל פון פּאָעזיע, קולטור־געשיכטע, לעגענדע, מיטאָס און פאָלקלאָר. איבער דעם עפּאָס בכלל, ווי איבער די באַזונדערע גרויסע עפּאָפּייען, איז שוין אָנגעשריבן געוואָרן אַ היפּשע ליטעראַטור פון קריטישער שטודיע, און נייע באַלייכטונגען קומען צו נאָכאַנאַנד.

דער עפּאָס לאָזט אונז אַרויסלערנען דעם „אלה־תולדות", די ערשטע שפּראָצען און מדרגה׳וויזיקן אויפבלי פון די ליטעראַטור־פאָרמען. דער עפּאָס, ווי אַ זעלטענע, פּרעכטיק־צעבליטע עקזאָטישע פלאַנץ אין דעם וואונדער־האַפטיק קולטיווירטן גאָרטן פון דער וועלט־ליטעראַטור, איז נישט צושטאַנד־געקומען דורך די מיטלען פון אַ רייכער, הויך־דערגאַנגענער קולטור. און אויך האָבן אים נישט באַרופענע פאַך־קענערס און שפּראַך־מייסטערס, ווי ער שטייט־און־גייט, אויף דער וועלט געבראַכט. דער עפּאָס, ווי בכלל דער פיל־קאָליריקער און ווייט־פאַרצווייגטער אָנוואוקס פון די פאָלקס־ליטעראַטורן, האָט זיך לאַנגזאַם צעשפּראָצט, און אַזוי וואונדערלעך צעוואָקסן, פון די ערשטע רויע קונסט־קערנער, וואָס זענען אין אַ ווייטער פאַרגאַנגענהייט פאַרזייעט געוואָרן פון „פרימיטיווע" מענטשן וואָס האָבן אין ליד, סימבאָל און וואָרט־בילד פאַראייביקט זייער רעליגיעזן באַנעם, זייער געשיכטע און שטאַם־טראַדיציעס, זייער אַנגסט און פרייד, זייער אימה און יראה צו דעם וועלט־אַרום.

איך מיין נישט צו שטעלן דעם עפּאָס ווי די גאָר ערשטע און עלטסטע ליטעראַרישע פאָרעם — די הימנע, די דראַמע, זענען עלטער — אָבער

דער פּאַרצייטיקער לעבנס־שטייגער וואָס האָט זיך אין אים אויפגעהיט, די איבערערדישע העראָיק פון זיינע פיגורן, זיין שוואונגיק גענאַנג, אויס־געהאַלטן אויף אַ לאַנגן שטח פון אָביעקטיווער דערציילערישקייט, זיין אוני־ווערסאַל־מענטשלעכע ראָמאַנטיק אין די ראַמען פון נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, פאַררופן זיך אויף דעם ווייטסטן אַמאָל. דער עפּאָס שטאַמט פון אַ קדמון־וועלט, פון אַ פּאָרהיסטאָרישער פּאַגאַנישער קולטור, אָבער די אַמאָליקע מענטשן וואָס האָבן אים אַרויסגעבראַכט, קומען אונז אַנטקעגן ווי נאָענטע און אייגענע, מיט זייער טראַכטן און פילן, מיט זייער זינגען דאָס אייביקע מענטש־געזאַנג פון קאַמף און פּיין, פון ליבע און לייד, פון העלדנמוט און טויט, פון אויפגאַנג און נצחון.

דער עפּאָס אין דער היינטיקער ליטעראַטור איז שוין אַן אָפּגערופענער זשאַנר. די העראָישע טראַדיציע האָט אויסגעשפּילט. מאָדערנע דיכטער לאָזן איבער דאָס געביט פון פאָלקס־געשיכטע צו די היסטאָריקערס, און זיי זענען מער נישט מחבר קיין גראַנדיאָזע פּאָעמען, אין ריזן־פאָרמאַט, אויף טעמעס פון לעגענדאַרישן העלדנטום. אָבער ער איז פון גרויס יחוס און חשיבות, נישט נאָר צוליב זיין אַלטערטימלעכן אָפּשטאַם, קלאַנגפולער מעטריק און גוואַלטיקער פאָרעם־שטרעק — וואָס איז אין טייל עפּאָפּייען אויסגעצויגן אויף הונדערטער און אַפילו טויזנטער סטראָפן — נאָר אויך צוליב זיין נאַראַטיוון אימפּעט, און די צויבערלעכע פאַנטאַסטיק פון זיינע העלדיש־דראַמאַטישע עפּיזאָדן וואָס ער מאָלט אויף, מיט פאַרביקער בילדלעכקייט, אויף אַ ריזיקער קאַנווע, קעגן אַ היסטאָריש־לעגענדאַרישן הינטערגרונט. אַ דאַנק דער מייסטעריש־געטורעמטער סטרוקטור פון אָט דעם פּאָעטישן סיפּור; זיין פאַרוויגנדיקע זינגעוודיקייט, און זיין באַצווינגנדיקער ראָמאַנטיק פון גרויסע מעשים אין אַ שיקזאַל־שפּיל אַרום מענטש־געשטאַלטן ווי געטער, און געטער וואָס זיינען ווי מענטשן, און אַמאָל נאָך ווייניקער, איז דאָס וואָרט „עפּיש״, אין אַלע קולטור־שפּראַכן, אַ שם־תואר פאַר גרויס־פאַרנעמיקייט, דערציילערישן כוח און מאַגניפיצירטער פאָרעם.

דער פאָלקישער עפּאָס איז אַן אַלט־היסטאָרישע, דערהויבענע — ביי די הינדוסן אַפילו אַ פאַרהייליקטע — פּאָעטיש־לעגענדאַרישע „מגילה״, וואו ס׳דערציילט זיך וועגן גרויסע, אויפרודערנדיקע געשעענישן פון אַ ווייטן עבר אין דער געשיכטע פונם פאָלק. אין אַ פייערליכן, דאָך אָביעקטיווער־רעאַלן טאָן ווערן איבערדערציילט וואָס־אַלץ ס׳איז פאָרגעקומען בימים ההם, אין די אַמאָליקע העראָישע צייטן — די נסיונות וואָס דער שטאַם איז מיט זיי געפּרואווט געוואָרן און וואָס, גאָט־צו־דאַנקען, און אויך זיינע העלדישע

זין צו פאַרדאַנקען, ער איז בשלום איבערגעקומען און מנצח געווען. אין דעם עפּאָס זענען איינגעוועבט העראָישע באַלאַדן וואָס דאָס פאָלק פלעגט זינגען, און סתם מעשיות, לעגענדעס און מיטאָסן וואָס די אַנאָנימע פאָלקס־דיכטער האָבן געקאָנט אויף אויסנווייניק און אַלע מאָל איבערגעשאַפן.

דאָ האָבן מיר אַ ליטעראַרישן ירושה־דאָקומענט פון לאַנג־פאַרגאַנגענע ציוויליזאַציעס, וואו מיר קאָנען אויפנעמען די עלטסטע באַגריפן און אידייען פון דער מענטשהייט. דאָ געפינען מיר קינסטלעריש־פיקסירטע בילדער פונם קולטור־מצב פון האַלב־פרימיטיווע פעלקער. דאָ קאָנען מיר באַטראַכטן דעם וואונדער פון ליטעראַטור וואָס האָט זיך שוין באַוויזן צו יענע אַמאָליקע מענטשן פון אַ פאַרצייטיקער וועלט.

* * *

די עפּאָפּייע שטאַמט פון אַ צייט ווען ס'איז נאָך קיין באַוואוסטזיניקע קונסט נישט געווען; ווען דער אינסטינקט פאַר ליטעראַרישן אויסדרוק האָט נאָך נישט געהאַט קיין קיום און קיין דעפינירטן שטאַנד; ווען יעדער אָפּרוף צו די באַדינגגן פון סביבה, נאַטור, לעבן און גורל איז אַרויסגערופן געוואָרן על־פּי אַ ספּאָנטאַנע סטיכיע פון דער פאָלקס־נשמה. אַלע דערפאַרונגען, וויסנהייטן, באַגריפן און וועלט־אויפנעם, ווי אויך דער געשיכטלעכער זכרון, איז געווען דאָס קאָלעקטיווע פאַרמעגנס פונם שטאַם.

דעריבער דער אומפּערזענלעכער טאָן פון אָביעקטיווער דערציילעריש־קייט אין דעם עפּאָס — להיפוך דעם לירישן ליד וואָס איז אַן איכישע שאַפונג פון אַ דיכטער, וואָס לאָזט אונז צו הערן דאָס אינטימע, סוביעקטיווע איינגעזאַנג פון אים אַליין און פון זיין נשמה־לעבן.

דער עפּיקער שטייט מן־הצד פון זיין דערציילונג, און אים, נאָך ווייניקער ווי דעם דראַמאַטישן דיכטער, איז צו דערקענען אָדער דערזען אין זיין ווערק.

דער עפּאָס איז אַ ברייטער, לויפנדיקער טייך, וואָס שטראָמט פון אַן אומבאַקאַנטן ערגעץ־לאַנד, פון וואַנען געהיימע קוואַלן פליסן אין אים אַריין; ער ציט אין זיין ראַשיקן געלויף דורך ווייטע שטרעקן און בייטנדיקע לאַנד־שאַפטן, מיט אַ זינגענדיקן ריטם און געמאָסטענעם, מאַיעסטעטישן באַוועג.

דער עפּאָס אונטערשיידט זיך פון דער ליריק מיט זיין אָביעקטיוון אומ־פּערזענלעכן טאָן; פון דער באַלאַדע, מיט זיין ברייטערן שטח און אויסגע־האַלטענער דערציילערישקייט; פון דער דראַמע, מיט זיין ווידמען זיך די

געשעענישן און האַנדלונגען, איידער ווי אַרויסצובררענגען קלאָר־געצייכנטע כאַראַקטער־טיפּן. דער עפּאָס באַוועגט זיך אַרום העלדנפיגורן און סימבאָלישע געשטאַלטן, אָבער אויף די דאָזיקע פאַלט דער שיין פון גבורהשאַפט מצד די געשילדערטע עפּיזאָדן, וואָס צו זיי איז אָפּגעגעבן דער הויפּט אינטערעס פון דעם עפּישן מעשה־שהיה.

דער עפּאָס איז, לויט זיין אַלגעמיינעם כאַראַקטער, אַ העראָיש ליד — הגם די מערסטע פעלקער און עטנישע גרופּן, אין אָפּגעלייגטע ווינקלען פון דער ערד, וואָס האָבן אַנטוויקלט אַן אייגן לשון, פאַרמאָגן העלדנלידער, זענען אָבער ווייט נישט אַלע פון זיי אויף אַ ליטעראַריש־פּאָעטישן שיעור־קומה אָנגעקומען צו ווערן ווי עפּאָפּייען. ס׳פעלט אין יענע אומגעהובלטע פאָלקס־געזאַנגען דער פּאָעטישער שוואונג און די דערהויבענע העראָיקאַ, וואָס צייכנט אויס די עפּאָפּייע פאַר עפּעס, וואָס איז העכער און ווערדיקער פון דעם צוויט־ראַנגיקן מין העלדנלידער. אין די דאָזיקע באַווייזט דער העלד זיינע אומגלויבלעכע וואונדער־מעשים מיט דער הילף פון כישוף־כוחות און איבער־נאַטירלעכע עלעמענטן, און ס׳גיט זיך איבער פון אַט די לידער דער איינדרוק פון אַ נאַאיוון גלויבן, אַ פּרימיטיוון אויסבליק, און בכלל אַן אָפּגעשטאַנענעם קולטור־מצב פון די פעלקער וואָס האָבן זיי אַרויסגעגעבן. אויך אין די ליטעראַרישע עפּאָפּייען שפּילן איבערנאַטירלעכע עלעמענטן אַ ראָלע, אָבער זיי זענען נישט מער ווי טעאַטראַלישע מכשירים, דערציילעריש־פאַנטאַסטיש „צוגעהער,״ וואָס פאַרוועבן זיך סימבאָליש אין די אַוואַנטורן פון דעם אַל־צייטיקן מענטשן־העלד, און זיין אייביקן גורלדיקן קאַמף מיט די שטער־גייסטער וואָס לויערן אויף אים. אַט־די סימבאָל־געשטאַלטן זענען אַליין אַ געשאַף פון דער פאַנטאַזיע, און זייער רעדן און טאָן איז פאַרמענטשלעכט און קינסטלעריש פאַרשטענדלעכט.

* * *

אין די העראָישע, „עפּישע״ צייטן פון דעם ווייטן עבר, האָט זיך דער יחיד קנאַפּ־וואָס אַרויסגעזען. אויסגעזעצט פון קינדוויז אָן צו די תמידיקע סכנות פון אַן אומגעצוימטער און ווייניק־באַגריפענער נאַטור, און די אומ־גליקן פון קראַנקהייט, עפּידעמיע, מלחמה און חיה־רעה, האָט זיך דער איינצל־מענטש געמוזט טוליען צום שטאַם, וואָס האָט מיט קאָלעקטיוון כוח זיך באַשיצט און פאַרטיידיקט. נאָר איין וועג איז געווען אָפן פאַר דעם איינצלנעם ווי אַרויסגעהויבן צו ווערן איבער דער מאַסע, דערגרייכן אָנזען און אַ רומפולן נאָמען ביים שבט — ריזיקירן מיטן לעבן לטובת דעם רבים,

דורך העלדישע פּאַרמעסטן אין קריגס־צייט, ווען די סאַמע עקזיסטענץ פון דעם פאָלק איז געשטאַנען אין קאָן.

אַזאַ בעל־נצחון־אויפטועד איז געוואָרן אַ מוסטער־מענטש פאַר זיין קלאַן און פאַר נאָכקומענדיקע דורות, אַ האַלב־גאָט, אַ וואונדערטועד וועמען מ׳האָט באַזונגען און אויף טעלערלעך צעלייגט — מיט גוזמאות און באַפּוצונגען — אַלע זיינע פלאַימדיקע העלדישקייטן. דאָס איז אפשר דער קולטור־היסטאָרישער הינטערגרונט פון דער העראָישער טראַדיציע.

נאָך היינט ווערן מענטשן מאָטיווירט פון אַזאַ פּסיכאָלאָגיע פון אויס־צייכענונג, ווען למשל, פּריוויליקע שליסן זיך אָן אין אַ מלחמה האָפנדיק אַז זיי וועלן איבערלעבן און צוריקקומען ווי העלדישע זיגער. זיי וועלן אויס־שטעלן זייערע מעדאַלן פאַר די היימזיצער, פאַר קינדער און אייניקלעך, וואָס וועלן זיי ערפאַרכטיק באַטראַכטן, און זיך צוהאָרכן פאַרגאַפטע צו די שוין טויזנט־מאָל איבערדערציילטע מעשיות פון די שטורמישע איבערלעבענישן, וואָס דער העלדישער פאָטער, זיידע אָדער בן־עיר האָט אין זיין יוגנט מיט־געמאַכט. איך מיין אַז אָט דער אוניווערסאַל מענטשלעכער שטריך דאָמינירט אין דעם פאָלקישן העלדן־סיפור וועמענס קינסטלערישער אינטערעס באַציט זיך טאַקע פון דעם דאָזיקן מקור.

* * *

די עפּאָפּייען פון דער וועלט־ליטעראַטור טיילן זיך אויס אין צוויי הויפּט קאַטעגאָריעס. צו דער ערשטער געהערן די פאָלקס־עפּאָסן וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען פון אַנטיקע צייטן, און פון אַנאָנימע קוואַלן, ווי די גריכישע איליאַדע, די אָדיסייע, דער באַבילאָנישער עפּאָס גילגאַמעש, די אינדוסישע עפּאָפּייען מאַהאַבאַראַטאַ, די ראַמאַיאַנאַ, און די מיטלעלטער־לעכע עפּאָפּייען דאָס ניבלונגענליד, די קאַלעוואַלאַ, בעאָוואולף. דער צווייטער מין נעמט אַריין די עפּישע ווערק — נאָכשאַפונגען נאָך די קלאַסישע, פאַר־צייטיקע מוסטערן — פון באַשטימטע, היסטאָריש־באַקאַנטע דיכטער, ווי די עאַנידע פון ווירגיל, די געטלעכע קאָמעדיע פון דאַנטע, דער פאַרלוירענער גן־עדן פון מילטאָן, די לוסיאַדע פון קאַמאָענס, די אויסגעלייזטע ירושלים פון טאַסאָ.

די עפּאָפּייע פון אַלטערטימלעכע עפּאָכן ווערט נישט באַטראַכט פאַר אַן איינהייטלעך ווערק וואָס אַ דיכטער האָט פאַרטראַכט און אָנגעשריבן. די דאָזיקע הדרתדיקע פאָעמען ווערן אויפגענומען ווי פאָלקשאַפונגען, ספּאָנטאַנע

פּלאַנצונגען, אַזוי צו זאָגן, וואָס זענען אויפגעקומען אין דעם עלות־השחר־פּעריאָד פון באַגינענדיקע ציוויליזאַציעס; ווען דיכטער האָבן געזונגען מיטן פאָלק און פאַרן פאָלק, און די באַגריפן „שרייבער" און „ליטעראַטור" האָבן זיך נאָך נישט געהאַט אויסגעקריסטאַליזירט אין באַוואוסטזיין פון מענטשן.

דער „אילן־היחוס", דער גענויער אָפּשטאַם פון די אַלטצייטיקע ווי פון די אַנאָנימע אייראָפּעאישע עפּאָפּייען, זייער ערשטע פאָרעם און שפּע־טערדיקע דערגאַנצונג, איז פאַרהילט מיט שלייער פון סוד און אומבאַשטימט־קייט. אין פילצאָליקע ווערק, אָפּגעגעבן דער ליטעראַרישער מיסטעריע פון די פאָלקס־עפּאָפּייען, גייט אָן אַ העפטיקע פּאָלעמיק צווישן די פאָרשער וואָס זענען ווייט ניט איינשטימיק אין זייערע אויספירן. די נעמען פון שרייבער, וואָס זענען טראַדיציאָנעל פאַרבונדן מיט טייל פאָלקס־עפּאָפּייען, גלויבט מען אַז זיי פאַררופן זיך נישט אויף די אמתע מחברים, נאָר אויף די זאַמלערס, רעדאַקטירערס און צונויפשטעלערס, וואָס האָבן אָט די פאָלק־לאָרישע פּערל צונויפגעקליבן, קינסטלעריש אָרגאַניזירט און זיי געגעבן דעם אויסזען פון זייער איצטיקער ליטעראַרישער גאַנצקייט.

טייל געלערנטע האַלטן זיך פעסט ביים כלל: מיטאָלאָגיע — אַ סימ־באָלישע פאַרקערפּערונג פון די נאַטור־כוחות; און לעגענדע — אַ פאַנטאַס־טישע אידעאַליזירונג פון געשיכטע — זיינען די הויפּט באַשטאַנד־טיילן פון דעם פאַרצייטיקן עפּאָס. אַזוי ווי מכוח אָט דיביידע קולטור־עלעמענטן איז נישט שייך אַז איין מחבר, אַפילו מיט דער העכסט־מעגלעכער באַגאַבונג, זאָל זיי האָבן „אייגנהעגטיק" פאַרפאַסט, בכן, איז דער אמתער שעפער פון דעם עפּאָס דאָס פאָלק אַליין.

אַזוי, למשל, האָבן די אַמאָליקע גריכישע שטאַמפעלקער געשאַפן די פיל־געריטטע, קלאַסישע עפּאָפּייען די איליאַדע און די אָדיסייע. האָמער, דער „בלינדער פּאָעט" פון אַלטן גריכנלאַנד — געלעבט אין 9טן אָדער אין 12טן יאָרהונדערט פאַר דער נייער צייטרעכענונג — ווערט טראַדיציאָנעל פאַררעכנט פאַר זייער מחבר.

די טעאָרעטיקערס פון דער פאָלקשאַפונג אידייע פרעגן אָפּ די האָמער־טראַדיציע. דער טייטש פונם עצם וואָרט „האָמער" איז „בלינד". „האָמערס שירים" קאָן באַדייטן: די לידער פון אַ בלינדן פאָלקס־שפּילער — מחמת די פּאָפּולערע פאַרוויילערס און טרובאַדורן, וואָס פלעגן אומגיין אין די הייפן פונם אַדל, אָדער צווישן פאָלק, און אויסזינגען די אַלטע, אויף אויסנווייניק באַקאַנטע העלדנלידער פונם גריכישן שטאַם, זענען אָפט געווען בלינד. אין שפּעטערע צייטן, ווען דער קולט פון „ליטעראַטור" איז שוין געווען אין

בלי, האָבן טאַקע באַרופֿענע דיכטער צוזאַמענגענומען אָט די פֿאָלקלאָרישע באַלאַדן, מעשיות און געזאַנגען, און קינסטלעריש אויפֿגעשטעלט דעם גריכישן עפּאָס. אָבער זייער ערשטער מקור איז געווען די פֿאָלקס־פֿאַנטאַזיע און די פֿאָלקס־נשמה.

* * *

דער דייטשער געלערנטער אויגוסט פֿרידריך וואָלף, אין זיין ווערק „אַ פּראָלעגאָמענאַ צו די האָמערישע עפּאָפּייען", ביים סוף 18טן יאָרהונדערט, האָט זיך פֿאַרמאָסטן אַראָפּצוזעצן דעם אַלטן האָמער פֿון זיין פּעדעסטאַל ווי דעם געקרוינטן דיכטער פֿון דער איליאַדע און דער אָדיסייע. וואָלפֿס נעגאַציע האָט זיך געשטיצט אויף אַ סך פּונקטן, צווישן זיי די טענה אַז האָמער האָט די דאָזיקע עפּאָפּייען נישט געקענט אָנשרייבן ווייל, פּשוט, ס׳איז נאָך דעמאָלט קיין שריפֿט נישט געווען. ערשט אין 6טן יאָרהונדערט פֿאַר דער נייער צייט־רעכענונג — לויט וואָלפֿן, האָט פּיסיסטראַטוס, אַ גריכישער הערשער, צו־נויפֿגעזאַמלט די פֿאָלקסלידער אַרום די לעגענדאַרישע טראָיאַנישע שלאַכטן. נאָכדעם, אין שפּעטערדיקע תקופֿות, האָבן דיכטער געפֿורעמט און געמייס־טערט דעם אויפֿגעהיטענעם עפּישן פֿאָלקלאָר. הכּלל, די עפּאָפּייען זענען נישט געשאַפֿן מעור־אחד, פֿון איין טייג געקנאָטן, און ניט איינער נאָר מערערע „האָמערס" איז צו פֿאַרדאַנקען די טייערע אויסגעאיידלטע ירושה פֿון דער אַלטערטימלעכער גריכישער פּאָעזיע — דעם איליאַדישן עפּאָס.

וואָלפֿס דרייסטע כּפֿירה, זיין „אַפּיקורסישער" אָנגריף אויף דער איינ־געפֿונדעוועטער חזקה פֿון דעם קאַנאָניזירטן האָמער, ווי דער אָריגינעלער מחבר פֿון די „ספֿרי־הומרס" (האָמעראָס), האָט אַרויסגערופֿן די גרויסע ליטעראַרישע דעבאַטע צווישן די ליטעראַטור־קענערס, אַרום דעם ענין האָמער, וואָס האַלט נאָך אָן ביז היינט. געטהע איז לכתּחילה מיטגעריסן געוואָרן מיטן בונטאַרישן שטראָם און האָט שטאַרק געלויבט „דעם מאַן וואָס האָט אונז אויסגעלייזט פֿון דעם נאָמען האָמער". אָבער אין אַ בריף צו שילערן דאַטירט דעם 16טן מאַי, 1798, שרייבט ער: „איך בין אַצינדערט נאָך מער ווי אַלע מאָל איבערצייגט אין דער אומצעטיילבאַרער איינהייט פֿון דער איליאַדע. נישט ס׳לעבט ערגעץ אַזאַ מענטש און ס׳וועט קיין מאָל אַזעלכער נישט געבוירן ווערן וואָס קאָן אָט די איינהייט צעשטערן".

די שיטה פֿון וואָלפֿן מיט זיינע נאָכפֿאָלגערס געווינט וואָס וויניקער אָנהענגערשאַפֿט צווישן די קריטיקערס. די טענות אַז ס׳איז בימי־האָמער

נאָך קיין שריפט נישט געווען; די טעקסט־סתירות וואָס סוגעסטירן אַז פרעמדע הענט האָבן זיך מיט דעם כתב־יד געפּאָרעט; קולטור־שטייגער סימנים פון פריערדיקע און שפּעטערדיקע צייט־אַלטערס, ווערן אַלע אָפּגעשלאָגן פון דעם אַקעגנדיקן צד. מ׳ווייסט שוין היינט אויף זיכער אַז געוויסע שריפט־סיסטעמען און שרייב־מאַטעריאַלן זיינען יאָ באַקאַנט געווען אין האָמערס צייטן, און אַפילו נאָך פריער. פּאַפּירוס איז געווען אַלע מאָל לרוב; אויך פעלן פאַר פאַרמעט, און דין־געהאַמערט בליי זיינען געניצט געוואָרן פאַר שרייב־צוועקן. דער האָמערישער דור איז נישט געווען אַזוי פרימיטיוו ווי מ׳האָט געמיינט. די האָמערישע ציוויליזאַציע איז געווען רייף גענוג אויפצובערענגען וואַנדער־דיכטער וואָס האָבן זייערע לאַנגע פאָלקלאָרישע לידער — עפּישע דיכטונגען אַרום די נצחונות און געוואַלטיקע געשעענישן אין געשיכטלעכן עבר פונם שטאָם — געזונגען און רעציטירט אויף אויסנווייניק. אויך זענען די געשיכטלעכע כראָניקעס, לעגענדעס און שירים פאַראייביקט געוואָרן אין אַ מין פאַרשריבענעם אַרכיוו ווי דער „ספר־הזכרונות“, די הייליק־אָפּגעהיטענע ליטעראַרישע גניזה פונם פאָלק. די האָמערישע פאַרטיידיקערס גיבן צו אַז טיילן פון דער איליאַדע זענען, ווייזט אויס, צוגעשריבן געוואָרן, די עפּאָפּייע איז אפשר דורכגעגאַנגען שרייבערישע רעוויזיעס, שינויים און הוספות. אָבער בדרך־כלל ווערט דער אַלטער, בלינדער האָמער רעכט רעהאַביליטירט, און זיין פאַר־טויזנט־יאָרן אָנערקענטע „שטאָט“ ביי דער מזרח־וואַנט אין דעם פּאַנטעאָן פון אומשטערבלעכע, ווערט פון אַ וואָס גרעסערער צאָל פאָרשערס ווידער באַשטעטיקט.

דער שטרייט וועגן האָמערס אויטאָרערעכט ווערט אויסגעפאָכטן אויף דער זעלביקער ליניע ווי די שאַרפע מחלוקה צווישן די ביבל־קריטיקערס מיט די באַשיצערס פון דער פאַרהייליקטער תנ״כישער מסורה.

דער קאָדעקס פונם חומש — זאָגן די ערשטע — איז נישט דער אויפטו פון איין מענטשן, ווי משה, דער געזעצגעבער. געזעצן, אַ גאַנצע תורת־חיים, ווערן נישט „געגעבן“ דורך דער האַנט פון אַן איינציקן פאָלקס־אָרגאַניזאַטאָר אַפילו מיט די געטלעכסטע גאָבן. זיי ווערן אויך נישט „אַראָפּגעבראַכט“ פאַרטיק־פאָרמולירטע פון „אויבן“. געזעצן שטעלן מיט זיך פאָר פיקסירטע מנהגים, איינגעשטעלטע שטייגערס, אויסגעפּרואווטע פירעכצן אינם לעבן פון אַ ציבור. געזעצן, ווי שאַפן אַ שפּראַך, איז איבער די כוחות פון אַ יחיד. אַלע „עספּערענטאָס“ זיינען דורכגעפאַלענע עקספּערימענטן. . . . אָדער, ווי אַ שטאָט, וואָס ווערט נישט אויפגעשטעלט איבער נאַכט. אַ קליינער ישוב פאַרמערט און אַנטוויקלט זיך, מיט דער מיטהילף פון אַ רבים מענטשן,

ביז זי וואַקסט אויס, אין משך פון יאָרן, צו דער גרויס און ברייט פון אַ שטאָט.

די מסורה־שיצער לאָזן זיך נישט בייקומען, און באַווייזן, דווקא מיט אַ וויסנשאַפטלעכן מעטאָד, פונם טעקסט גופא, אַן איינהייטלעכן כאַראַקטער, די דערהויבענע גייסטיקייט, און דעם אוממיטלבאַרן אָפדרוק פון אַן אייציקער גרויסער פּערזענלעכקייט.

דער אויספיר — אָנגעווענדט אויף די ליטעראַרישע טראַדיציאָנאַליסטן, אין שייכות צום אַלט־גריכישן עפּאָס, איז קלאָר: האָמער, ווי שרייבער פון אַלע צייטן און דורות, האָט איבערגעשאַפן די ניט־געפורעמטע פאָלקלאָרישע ירושה וואָס ער האָט איבערגענומען — אָבער זיין אייגענער דיכטעריש־קינסטלערישער דערגרייך ווערט פון דעמוועגן נישט בעגירט.

* * *

די סתירות, אַנדערשדיקע ווענדונגען און געביטענער קלימאַט אין טייל שטעלן פון דער איליאַדע באַרעכטיקן נישט די זיכערקייט פון די קרי־טיקערס פון וואָלפס חדר אַז האָמער לא היה ולא נברא — אַז האָמער איז אַ פיקטיווער נאָמען. יענע „פאַרדעכטיקע" שטעלן, אויב מ'זאָל אורטיילן לויט דער עוואָלוציע פון אַנדערע ליטעראַרישע ווערק, די שינויים און איבער־קאָכענישן וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט — מוזן נישט דווקא אומוואַרפן דעם גלויבן אַז די איליאַדע, ווי מיר האָבן זי היינט, איז, אין עצם, די אויטענטישע שאַפונג פון דעם קדמון־משורר האָמער, אַ נאָמען וואָס האָט נאָך אין דער פאַרצייטיקער וועלט און ביז היינט, געדינט ווי דער סימבאָל פונם אַלט־גריכישן עפּאָס. אויב מ'זאָל נאָכגיין נאָך דער וואָלפיאַנישער שיטה קאָן מען אַזוי פאַרניכטן אַן אַ שיעור איינגעבירגערטע ליטעראַרישע חזקות און דאָס אויטאָררעכט פון אַ רוב שרייבער אויף זייערע באַרימטע שאַפונגען.

אַ פּאַסיקע ראַיה אויף דעם לעצט־געזאָגטן איז האַמלעט — אַ דראַמע פון אַ לפי־ערך מאָדערנער צייט, די תקופה וואָס פאַררופט זיך אויפן נאָמען פון דער קעניגין עליזאַבעט, אין דער געשיכטע פון דער ענגלישער ליטע־ראַטור.

די מעשה פון דעם דענישן פּרינץ האַמלעט האָט נאָך אין שעקספּירס דור געהאַט, ווי דאָס פאָלקסווערטל זאָגט, אַ לאַנגע און גרויע באָרד. דאָס איז אַן אַלטע סקאַנדינאַווישע געשיכטע. דער סטראַטפאָרדער גאון האָט דערפון מסתמא געהערט אין זיין יוגנט אָדער געלייענט אין אַ דעמאָלט

פּאָפּולערן, פון פראַנצויזיש איבערזעצטן מעשה־ביכל — „טראַגישע געשיכטן", ראָמאַנסן און לעגענדעס פון פאַרשידענע קוואַלן. די האַמלעט געשיכטע, וואָס געפינט זיך דאָרטן, שטאַמט פון דענישן אָריגינאַל — אַ דענישער כראָניקער פון 13טן יאָרהונדערט, סאַקסאָ גראַמאַטיקוס, האָט אַ האַמעטנע ווערסיע פון דער מעשה־האַמלעט אין זיין בוך היסטאָריאַ דעניקאַ.

אין יאָר 1587 איז שוין באַקאַנט געווען אין ענגלאַנד אַ דראַמע אונטערן נאָמען האַמלעט — נישט פון שעקספּירן! היינטיקע סטודענטן און לייענער קומען אויף שווערע, טונקעלע פּאַסאַזשן אין שעקספּירס האַמלעט מחמת די ענדערונגען וואָס דער דראַמאַטורג אַליין — חוץ אַנדערע — האָבן געמאַכט אין די שפּעטערדיקע אויפלאַגעס פון דעם דאָזיקן טראַגישן שוישפּיל. זיין סאַמע ערשטער האַמלעט איז אַנדערש פון די שפּעטערדיקע אויסגאַבעס אין כמה פּרטים. די אָריגינעלע דראַמע איז היפּש קלענער אין פאָרמאַט. זי פאַרצייכנט אַנדערע נעמען פון באַטייליקטע פּערסאָנאַזשן. און נאָך אַ גאָר גרויסער טשיקאַוו — די קעניגין־מוטער דאָרטן, ווייסט אַפילו נישט אַז איר מאַן, דער אַלטער קעניג, איז דערמאָרדעט געוואָרן! אויב אַזוי, פעלט דאָך אויס לגמרי האַמלעטס ראַכע־מאָטיוו — דער אַקסיס אַרום וועלכן ס׳דרייט זיך דאָס גאַנצע שטיק — און ס׳ווערן בטל גרויסע טיילן פון זיינע באַרימטע מאָנאָלאָגן, וואו ס׳גיבן זיך איבער זיינע ראַנגלעניש׳ן מיט זיך אַליין, וועגן נקמה־נעמען אין זיין זינדיקער מוטער, וואָס האָט מיט איר שוואָגער, איר מאַנס ברודער, געפּלאַנט און דורכגעפירט דעם קעניג־מאָרד כדי צו פאַרכאַפּן דעם טראָן.

שעקספּיר האָט פּשוט גענומען אַן אַלטע פּיעסע און זי „איבערגעניי־צעוועט". ער האָט די דראַמע, אין פאַרלויף פון יאָרן, עטלעכע מאָל איבער־געשריבן, איבערגעאַנדערשט, דאָ און דאָרטן אויסגעלאָזן אַלטע און צוגעגעבן נייע שטעלן. „ווער קאָן וויסן אויף זיכער וואָס אַלץ שעקספּיר האָט אויס־געשטראָכן אָדער צוגעשריבן (אין האַמלעט) אין די יאָרן ווען ער אַליין האָט אויפגעפירט דאָס שטיק? צי וואָסערע ענדערונגען אָדער הוספות אַנדערע טעאַטראַלן און דירעקטאָרן האָבן אין דער דאָזיקער דראַמע געמאַכט ווען שעקספּיר איז שוין דאַביי נישט געווען? מיר ווייסן אָבער אויף געוויס אַז גרויסע און וואַזשנע ענדערונגען זיינען געמאַכט געוואָרן אין האַמלעט במשך דעם 18טן און 19טן יאָרהונדערט". (פּראָפ. גילבערט מאָרי, „דער אויפשטייג פון גריכישן עפּאָס".)

ליטעראַרישע יצירה איז אין עצם אַ סוד־זאַך וואָס לאָזט זיך נישט סומירן אין אַ מאַטעמאַטישער פאָרמולע. צי דער שרייבער איז אָנגעוויזן

אויף „רוח־הקודש" אָדער אויף דער גונסט פון די „מוזן" — דערפילן מיר בכל־אופן אַן עלעמענט פון מיסטיק און וואונדער אין דער אַנטפּלעקונג פון זיין קינסטלערישן געשאַף. די פאַרוואַנדלונג פון רויע „פאָלקסשאַפונגען" אין געלייטערטער קונסט געהערט אויך צו דעם וואונדער פון ליטעראַטור. אַ שאָטן פון מיסטעריע און אומבאַשטימטקייט באַגלייט די ליטעראַטור און אירע שאַפערס — בעיקר די ווערק פון פריערדיקע דורות. פאַראַן ליטעראַרישע רעטענישן, ניט צו־רו־לאָזנדיקע ספקות וועגן דער היסטאָרישער זיכערקייט פון אַ צאָל מחברים, און די אומאָפּפרעגלעכע אויטענטישקייט פון די ווערק וואָס טראָגן זייערע נעמען. דעריבער די ביבל־קריטישע ספּעקולאַציעס, די אַלערלייאיקע „שעקספּירס" וואָס מ'האָלט אין איין „אַנטדעקן" ווי די כלומרשט אמתדיקע מחברים פון וויליאַם שעקספּירס דראַמען, און די פּרואוון אָפּצופרעגן די בטוחות אין דער האָמערישער אויטענטישקייט. אָבער די סענסאַציעס פון די ליטעראַרישע „טרעפערס" — אַרויסגערופן פון די מאַניענדיקע מיסטעריעס פון דער ליטעראַטור — ווערן מיט דער צייט אויס מאָדע, און די טראַדיציאָנעלע מחברים קומען לסוף אַרויס, ווי דער פעניקס פונעם פייער־אַש, מיט אַ באַנייט לעבן.

* * *

די געלערנטע גלייבן אַז די אָדיסייע איז אויפגעקומען אין אַ שפּעטערער צייט ווי איר אָנגענומענע צווילינג־שוועסטער, די איליאַדע. אַפילו קאָנסערוואַטיווע קריטיקערס דערלאָזן שוין דעם געדאַנק — צוליב דעם שלל פון אינעווייניקסטע ראיות — אַז די אָדיסייע איז אפשר אַ קינד פון אַן אומבאַקאַנטן טאַטן, אַז איר צוגעשריבן ווערן צו האָמערן איז אָן אַ גרונט. מ'שטעלט זיך פאָר אַז די דאָזיקע עפּאָפּייע איז אויסגעשטאַלטיקט געוואָרן, מיט דעם גאַנג פון די יאָרן, פון אַ שמץ געשיכטלעכן אמת, אַ לעבעדיקן זומען, וואָס האָט זיך אין דעם פאָלקס־דמיון צעבליט ביז לעגענדע און שיר. דאָס זעלבע קאָן געזאָגט ווערן וועגן דער איליאַדע, ווי וועגן אַנדערע אַלטערטימלעכע עפּאָפּייען.

ס'איז אַמאָל אין אַ ווייטן עבר פאָרגעקומען אַ באַוואָפנטע מחלוקה — ווי די טראָיאַנישע שלאַכט — צווישן קרובהשע פעלקער וואָס האָבן געלעבט אויף אַקעגנאיבערדיקע ברעגן פון דעם עגעאישן ים. אַרומיקע, שכנישע שבטים זיינען נישט געשטאַנען פון ווייטן, און אַ מוראדיקע מלחמה האָט זיך צעפלאַקערט. דאַביי זיינען נאַטירלעך גבורות באַוויזן געוואָרן, העלדן האָבן

זיך אַרויסגעהויבן, און די גוואַלטיקע נאַציאָנאַל־היסטאָרישע געשעעניש האָט אָנגעצונדן די פאַנטאַזיע און איבערגעלאָזט אַ דויערדיקן רושם אויף דער פסיכיקע פונם פאָלק. די מעשיות פון דער מלחמה, און פון די העלדנ־פיגורן וואָס האָבן געשפּילט די הויפּט־ראָלן, זיינען איבערגעגעבן געוואָרן בעל־פּה פון טאַטן צום זון, אַזוי אַ דור נאָך אַ דור. מיט דער צייט זיינען עלטערע לעגענדעס אַריינגעוועבט געוואָרן. די לאָקאַלע געטער, די שוץ־גייסטער פון דעם שבט, זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן ווי באַטייליקטע אין דעם גורלדיקן געפעכט. די ראָמאַנטיק פון די העלדן־סיפּורים האָט צוגעטראָגן פאַרב און שטאָף פון אַלץ־מער צוגעקומענע אינצידענטן. די הויפּט־העלדן זיינען ביסלעכווייז אויסגעוואַקסן אין פאַבולאַרע, איבערמענטשלעכע געשטאַלטן. דער סיפּור האָט מיט יעדן דור באַקומען אַן אַלץ ברייטערן היכף און אַ שטאַרקערן אימפּעט. די מעשה־דערציילערס, פאָלק־זינגערס און רעציטירערס — אַליין מענטשן מיט פאַנטאַזיע און דעם חוש פון אונטערהאַלטערס צו „נעמען” דעם עולם — האָבן זיך געפילט פריי צו באַקליידן און באַפּוצן די באַלאַדן און העלדנלידער, און דער המון, ווי דער אַדל, האָט באַצויגן הנאה, טרייסט און פאַרוויילונג פון אָט דער נאַציאָנאַלער קונסט. פון די אַלע בייטראָגן, באַרייכערונגען און יניקות, פון דער פאָלקסנשמה אַרויס, פונם גאַנצן פאָלק־לעבן, זענען די געזאַנגען און „מגילות”, מיט די צייטן, געוואָרן אַן אויף אויסנווייניק פאַרגעדענקטע בעל־פּה „ליטעראַטור”, וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט דעם גריכישן געדאַנק וועגן גאָט, נאַטור און לעבן; אַ פאָלקלאָרישער אַרכיוו פון זייער געשיכטע און רעליגיע; לעגענדעס וועגן זייערע חכמים און גיבורים — אַלץ וואָס קאָן אויף אונזער הייניטיקן לשון כאַראַקטעריזירט ווערן ווי די נאַציאָנאַלע קולטור פון דעם פאַרצייטיקן גריכישן פאָלק.

ווען דער באַרופענער עפּיקער, אין אַ צייטיקער ליטעראַרישער קולטור, איז אויפגעקומען, האָט ער איבערגענומען אַ גרייטן ירושה־אוצר פון ליטעראַטור־מאַטעריאַלן וואָס איז דורות לאַנג געווען דאָס סך־הכלדיקע גייסטיקע אייגנס פון זיין פאָלק. ער, און די נאָכקומענדיקע דיכטערס, אין שפּעטערע עפּאָכן, האָבן די דאָזיקע פּאָעטישע וואַריאַנטן, ווי פאַרביקע ווילד־געוויקסן אויף אַ טראָפּישער ערד — די הימנען, פּזמונים, לעגענדעס און סיפּורים־לידער וועגן די אַמאָליקע שטאַם־העלדן און זייערע איבערמענטשלעכע גבורות — זיך געווידמעט איבערצודיכטן, ראַפינירן, לייטערן, האַרמאָניזירן מיט אייגענעם סטיל און זיי קינסטלעריש אויסלייזן.

לויט אַזאַ שטייגער — פון צעשויבערט־פּרימיטיוון פאָלקלאָר צו אָר־

גאַנישער ליטעראַרישקייט און דיכטערישן ווידער־באַשאַף — איז אויך צו־שטאַנד געקומען די אויפשטעלונג פון אַלע פּאַרצייטיקע און מיטלעלטערלעכע, אַנאָנימע עפּאָפּייען פון די פעלקער־ליטעראַטורן: פון דעם פּערסישן שאַך נאַמעך — די „עפּיק פון די מלכים" — ביז די סקאַנדינאַווישע סאַגאַס, און דעם גערמאַנישן ניבעלונגען ליד; פון דער אַלט־אינדישער מאַהאַבאַראַטאַ ביז די פראַנצויזישע העלדנלידער אַרום דעם געקרוינטן גיבור פון די קרייצ־צוגן, וואָס האָט געקעמפט מיט די „אומגלייביקע" מורן — שאַרלאַמאַן. אין אַ רוב עפּאָסן פון דעם קלאַס מערקן זיך נאָך שפּורן פון די „רישטאָוואַניעס" וואָס פריערדיקע בויערס האָבן איבערגעלאָזן — דעריבער די קשהדיקייט ביים לייענען און די מאַניענדיקע מיסטעריע פון זייער אַנטשטיין.

מיר גאַפן, ביים לייענען דעם פּאַרצייטיקן עפּאָס, איבער דעם חידוש פון פאָלקסשאַפונג — ווי דער פאָלקס־דמיון וועבט אַ פּאָעטישן וואונדער־טעפּיך פון איינציקע היסטאָרישע פעדים. און ווי דער דאָזיקער פאַנטאַס־טישער פועל־יוצא פון אַ געשיכטלעכן ניצוץ, וואָס די פאָלקס־פאַנטאַזיע האָט צעבלאָזן אין אַ בלויען פלאַם פון לעגענדע און פּאָעזיע, ווערט נאָכדעם אַליין אַ ווירקנדיקער כוח פון עסטעטיק און קולטור, אינם לעבן פון מענטשן און פעלקער, אַפילו אין דורות אַרום. אַכילעס, דער לעגענדאַרישער העלד פון דער האָמערישער עפּאָפּייע, איז אַן אומענדלעך לעבעדיקערע געשטאַלט ווי אַ סתם־גריך וואָס האָט טאַקע אין אמתן געלעבט און געשטאָרבן אויף דער גריכישער טעריטאָריע. אוליסעס, דער העלד פון דער אָדיסייע, איז דער אייביקער סימבאָל פון דער כישופדיקער ראָמאַנטיק פון ווייטע וואַנדער־וועגן און פון פלאַימדיקע אַוואַנטורעס אין ניט־דאַיקע לענדער. און אַזוי אַנדערע פיקטיוו־לעבעדיקע פיגורן פון דער שיינליטעראַטור — דאָן קיכאָט, און האַמלעט, און פאַוסט, און ווילהעלם טעל, און ריפּ וואַן ווינקל — די אַלע פּאַרביקע, סימבאָליש באַטייטיקע „העלדן," וואָס זיינען בלי־ספק געמאָלן געוואָרן פון רעאַלע פּראָטאָטיפּן פון דער מענטש־משפחה, אָבער וואָס קיינער ווייס נישט און קיינעם אַרט נישט, וואו זייער געביין איז אַהינגעקומען.

ברוכשטיקער פון דער נאַקעטער וואָכעדיקער ווירקלעכקייט, בני־אדם פונם לעבעדיקן לעבן, וואָס האָבן באַפרוכפּערט די שעפערישע פאָלק־פאַנטאַזיע, ווערן איבערגעפורעמט, פּאַראידעאַליזירט אין דעם „מדרש" פון לעגענדע, און קומען אָן, דורך שרייבערשער פּאַרמיטלונג, אויף אַן אייביק לעבן, אויף אַ ליטעראַרישן עולם־הבא אין עפּאָס, דראַמע און דערציילונג. זיי ווערן לסוף, אין זייער קינסטלערישער פּאַרוואַנדלונג, דער קולטורעלער קנין פון דער מענטשהייט.

# מוסטערן פון קלאַסישן עפּאָס
# אין קיצורדיקן סך־הכל

די ליטעראַריש־באַרימטע עפּאָפּייען זענען, אין די קולטור־שפּראַכן, געווידמעט געוואָרן גאַנצע ביכער. די אַלזייטיקייט פון דעם עפּאָס, זיינע אַרומנעמענדיקע שייכותן, און לאַבירינטישע פאַרצווייגט־קייט, איז אַ מאַטעריאַל, וואָס לאָזט זיך פּשוט נישט אויסשעפּן. בכדי מוסיף צו זיין צו דעם אינפאָרמאַטיוון טייל פון אָט דער עסיי, ווי אויך פאַר אילוסטראַציע וועגן, וויל איך איינשליסן כאָטש אַ קיצורדיקן תמצית פון אַ צאָל פון די גרויסע, זייליקע עפּאָפּייען פון דער וועלט־ליטעראַטור.

## א
## די איליאַדע

די איליאַדע, אַן עפּישע פּאָעמע פון גריכישן אַלטערטום, איז געשריבן אין טעמפּ פון יאָנישן (יוונישן) העקסאמעטער, און באַשטייט פון אַכטצן געזאַנגען. די פּאָעמע שילדערט אַלערלייאיקע עפּיזאָדן פון דעם שלוס־טייל פון דער צען־יאָריקער באַלאַגערונג פון טראָיאַ, אָדער איליוס — אַ האַלב־לעגענדאַרישע קרוין־שטאָט פון אַ פאַרצייטיק פאָלק, די טראָיאַנער, וואָס די גריכן, איינעם מיט אַרומיקע מלוכות, האָבן זיך פאַרמאָסטן איינצונעמען. די טראָיאַנישע מלחמה מיט אירע אָנפירערס, העלדן, געטער און ריזן, שפּילט אַ גרויסע טעמאַטישע ראָלע אין דער שפּעטער־אויפגעקומענער קלאַסיש־גריכישער פּאָעזיע און דראַמע.

דער מאָטיוו פאַר דער מלחמה איז דער פאַרמעסט פון די גריכן צוריק־צוגעווינען די לעגענדאַרישע שיינהייט העלענאַ, דאָס ווייב פון מענעלאוס, דעם קעניג, וועמען פּאַריז, אַ טראָיאַנישער פּרינץ, בעת אַ באַזוך אין קעניג־

לעכן הויף, האָט פאַרלאָקט און מיט איר אַנטלאָפן. די גריכן פאָדערן אויף די טראָיאַנער אומצוקערן העלענאַן צו איר מאַן און פאָלק. ווען העלענאַ ווערט נישט אַרויסגעגעבן, באַשליסן די גריכן צו באַלאַגערן די באַפעסטיקטע שטאָט טראָיאַ. פאַרשטייט זיך אַז דאָס איז נישט קיין סתם צווישן־פעלקער־לעכער מלחמה־עפּיזאָד. די געטער — אין דעם פאַל די רוגזה פון דעם מעכטיקן, סקולפּטורעסק־שיינעם אַפּאָלאָ — שפּילן אין דעם גאַנצן פאַרלויפעניש פון דער טראָיאַ־באַלאַגערונג אַ דאָמינירנדיקע ראָל. אָבער די איליאַדע ווערט פאַרט „אויסגעשפּילט" ווי אַ מענטשלעכע דראַמע. אַ גרייפנדיקער פּאַטאָס, מאָטיוון פון דער אייביקער מענטשלעכער טראַגיק, הייבן זיך אַריבער דער ספּעקטאַקולאַרער הערויִקאַ, און דעם צינז וואָס ווערט געצאָלט די געטער, אין דער דאָזיקער אומשטערבלעכער עפּאָפּייע.

די האַנדלונג פון דער איליאַדע באַוועגט זיך אַרום דעם צענטראַלן, לעגענדאַרישן העלד אַכילעס. די פּאָעמע האָט געמעגט טראָגן דעם נאָמען: „דער צאָרן פון אַכילעס," מחמת גראָד דער גרימצאָרן, וואָס האָט מיט דער באַלאַגערונג אויפגעפלאַקערט אין דער ברוסט פון דעם גיבור אַכילעס, דינט ווי דער קערן־סוזשעט פון דער גאַנצער עפּאָפּייע. ער ווערט אויפגעבראַכט, אש להבה, פאַר אַן עוולה וואָס אַגאַמעמנאָן, דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון די אַליאירטע גריכישע אַרמעען, האָט קעגן אים באַגאַנגען. אַ ברוגזער און טיף־געקרענקטער ציט ער זיך צוריק פון דער מלחמה און דער באַלאַגערונג. די אָפּטריניקייט פון אַכילעסן שוואַכט אָפּ די כוחות פון זיין צד, וואָס לײַדט צוליב דעם גרויסע פאַרלוסטן. ווען שלוחים קומען צו אים ער זאָל זיך איבערבעטן און צוריקקומען, זאָגט ער זיך אָפּ פון דעם, אָבער דערלויבט אַז זיין גוטער פריינט פּאַטראָקלוס זאָל קעמפן אויף זיין אָרט, מיט זיין, אַכילעס', אייגענעם פּאַנצער און כלי־זין. פּאַטראָקלוס פאַלט אין שלאַכט פון דעם שונא'ס פייל — די פייל פון העקטאָר, דעם בראַווסטן פון די טראָיאַנישע העלדן. אַכילעס ווערט מלא חמה פאַר דעם טויט פון זיין פריינט. ער גורט אָן די לענדן און וואַרפט זיך ווידער אַריין אין קאַמף. ער באַווייזט געוואַלטיקע גבורות, צעשמעטערט די חיילות פונם שונא, און נעמט אַ גרויזאַמע נקמה אין העקטאָרן, וועמענס טויטן קערפּער ער שלעפּט נאָך נאָך זיין רייטוואָגן, אַרום די ווענט פון דער באַזיגטער טראָיאַ.

דער אויסגעהאַלטענער עפּישער קלימאַט פון דער דאָזיקער פילזייטיקער פּאָעמע, די פּאָעטיש־דראַמאַטישע שילדערונגען פון קאַמפן, געזאַנדשאַפטן. סעודות, וועט־שפּילן, לוויה־אַקטן פאַר די געפאַלענע; דער אויפברויז פון מענטשלעכע געפילן און לײַדנשאַפטן איבערגעביטן מיט מאָמענטן פון הומאָר

און לייכט־געמיט; און די קינסטלעריש־פּאַרביקע אָפּשפּיגלונג — אין אַ סטיל פון לויטערער פּשטות און געהויבענעם טאָן — פון דער ראָמאַנטישער הערויקאַ פון יענער ווייטער וועלט, ווייזן אָן אויף איר ליטעראַרישער חשיבות און אַלזייטיקן אינטערעס.

די איליאַדע איז אַן עפּאָפּייע פון אַלט־היסטאָרישן יחוס. זי איז שוין אַלט געווען אַריבער טויזנט יאָר ווען די קריסטלעכע צייטרעכנונג האָט זיך אָנגעהויבן. זי איז מער באַקאַנט דער אינטעליגענטער לייענערשאַפט ווי אַנדערע אַלטערטימלעכע ווערק. אירע העלדן זענען איינגעהיימישטע פיגורן אין די אייראָפּייאישע ליטעראַטורן. ווען מיר שיידן אויס דעם מיטאָלאָגישן עלעמענט — אַ באַשטאַנדטייל פון דער היידנישער קונסט, וואָס ווייזט תמיד דעם מענטשן ווי אַ שפּילצייג פון די געטער — דערשיינט די איליאַדע ווי אַן אייביקער מענטשלעכער דאָקומענט. די גאַמאַ פון אַלע מענטשלעכע געפילן ווערן אין איר אויסגעשפּילט. די גריכיש־רוימישע קלאַסיקער ווי דעמאָסטענעס און ציצעראָ דריקן זיך אָפּט אויס מיט דער פראַזע: „אַן איליאַדע פון אומגליק" — אויפן שטייגער ווי מזאָגט ביי יידן „איובס צרות" — ווייל סאיז קוים פאַראַן אַ פּאַזע פון מענטשלעכע ליידן וואָס זאָל נישט קומען צום אויסדרוק אין דער איליאַדע.

דער פראַנצויזישער עפּאָס דער ראָמאַנס פון דער ראָזע, דאָס דייטשע ניבעלונגענליד, און די פּאָרטוגעזישע לוסיאַדע זענען פון קריטיקערס באַצייכענט געוואָרן ווי „די איליאַדן" פון יענע ליטעראַטורן.

---

## ב

## די מאַהאַבאַראַטאַ

די מאַהאַבאַראַטאַ — און די ראַמאַיאַנאַ — זענען סאַנסקריטישע עפּאָפּייען פון אַלטן אינדיע. זיי ווערן באַטראַכט פאַר די גרעסטע און וויכטיקסטע שאַפונגען פון דער אינדוסישער ליטעראַטור. אַזוי ווי די עגיפּטישע פּיראַמידן טורעמען זיך איבער די נידריקע טעמפּל־אַרכיטעקטורן פון די גריכן, אַזוי הייבן זיך אַריבער אָט די קאָלאָסאַלע עפּאָפּייען, מיט זייער פּיל־קאָלירעוודיקן אינהאַלט און ריזיקער שטאַטור, איבער אַלץ וואָס די ליטעראַטורן פון אַלע פעלקער האָבן אַרויסגעבראַכט אין דער עפּישער פאָרעם.

די מאַהאַבאַרטאַ — „די גרויסע מלחמה פון די באַראַטאַס" — באַשרייבט

אַ לעגענדאַריש־סימבאָלישן קריג פֿאַר הערשאַפֿט צווישן קרובהשע מחנות פֿון דער פּרינצלעכער באַראַטאַ דינאַסטיע, די פּאַנדוס און די קורוס. די פּאַנדוס — די פֿינף זין פֿון פּאַנדו — געזעצלעכע יורשים און טראָן־פֿאָלגערס, אָבער פֿאַרטריבענע פֿון לאַנד דורך זייער פֿעטער וואָס האָט פֿאַרכאַפּט די מאַכט, פֿיגורירן דאָ ווי דער גערעכטער צד אין דער מחלוקה. די פּאַנדוס, מיט דער הילף פֿון דעם גאָט ווישנו — פֿאַרקערפּערט אין דעם געטלעכן קריגס־פֿירער קרישנאַ — נאָך אַלע זייערע איבערלעבונגען, קאַמפֿן און וואַנ־דערונגען, געווינען אין דעם שטרייט. אָבער די זיגערס זאָגן זיך אָפּ פֿון דעם טראָן — אַ רמז אויף דער צייטווייליקער הצלחה פֿון רשעות וואָס האַלט אָן די ממשלה, ביז דער יושר, אָפּשיידנדיק זיך פֿון ערדישער מאַכט, איז לסוף מנצח איבער די כּוחות פֿון בייז, און דערגענטערט דעם מלכות־שמים, די עטישע וועלט פֿון צדק און רחמים.

די מאַהאַבאַראַטאַ איז אַ פֿאַרהייליקט ספֿר ביי די פֿרומע אינדוסן. זיי גלייבן אַז, ווי אַ שׂכר פֿאַר איבערלייענען אַפֿילו אַ קליינעם טייל פֿון אָט דעם ספֿר, ווערן איינעם פֿאַרגעבן זיינע זינד. פֿאַר איבערלייענען דאָס גאַנצע ווערק איז מען באַוואָרנט מיט אַ גליקלעכן עולם הבא אויף „יענער וועלט.” דער לוין אין דעם פֿאַל איז גישט קיין איבערגעטריבענער — מחמת דאָס „ליד” באַשטייט פֿון צען טויזנט סטראָפֿן, צוויי הונדערט טויזנט פֿערזן, און פֿילט אויס אַכטצן פֿולע בענד. אין פּרט פֿון כּמות איז די מאַהאַבאַראַטאַ, ווי שוין דערמאָנט, די גרעסטע פּאָעמע אין דער וועלט־ליטעראַטור.

די עפּאָפּייע, אין איר איצטיקער פֿאָרעם, שטאַמט פֿון 500—800 י. ה. פֿאַר דער איצטיקער צייט־רעכנונג. פֿיל טונקעלע שטעלן, דער געביטענער דער־ציילערישער און דידאַקטישער נוסח, ברענגען אויפֿן רעיון אַז מערערע דיכטערס האָבן אין דעם ווערק אַ חלק. ס'איז אויפֿפֿאַלנדיק וואָס דער נאָמען וויאַסאַ, דער דיכטער וועמען אַן אַלטע אינדישע טראַדיציע גיט אָן ווי דעם מחבר, באַטייט „דער צענויפֿשטעלער” — אַ וואונק, אפֿשר, אויף די מיט־סופֿרים, זאַמלערס און צושרייבערס וואָס האָבן, אין די פֿאַרשידענע תּקופֿות, בייגעטראָגן צו דעם דאָזיקן מאַגנום אָפּוס פֿון דער פֿאַרצייטיקער סאַנסקריטישער ליטעראַטור.

דעם סיפּור המעשׂה גופֿא איז אָפּגעגעבן אַרום אַ פֿערטל פֿון דער עפּאָפּייע. די איבעריקע טיילן נעמען אַרום לעגענדאַרישע עפּיזאָדן פֿון אַלטן אינדיע, ניסים ונפֿלאות פֿון דעם גאָט־מענטש ווישנו, טראַקטאַטן וועגן רעליגיע, פֿילאָזאָפֿיע, יוריספּרודענץ, לערעס וועגן די דרכי המוסר — אַ „ילקוט”, אין קלאַנגפֿולער מעטריק, פֿון אַל־דאָס־גוטס מיט וואָס די אַלטע

אינדוסישע קולטור איז רייך אָנגעלאָדן, און וואָס אירע חכמים און דיכטערס האָבן אויפגעזאַמלט אין גאַנג פון די צייטן.

דער מיטאָס פון אינדיע איז אין אַ בחינה פאַר זיך אַליין. ער איז לחלוטין אַנדערש פון דעם גריכישן. די גריכן האָבן זייער מיטאָס פאַר־מענטשלעכט. זייערע געטער־פיגורן זענען געפורעמט אין זייער אייגן גע־שטאַלט — לויט זייער פאָרשטעלונג פון דער אידעאַלער סימעטריע פון מענטשלעכן גוף. איז צוליב דעם דער גריכישער מיטאָס נאַטירלעך־אויס־זעענדיק פאַרן אויג און פאַרשטענדלעך פאַר דעם אייראָפּייאישן מוח.

דער מיטאָס פון די אינדוסן — וואָס אַרום אים געשטאַלטיקט זיך די סאַנסקריטישע פּאָעזיע — איז פרעמד דעם מענטשן פון דער מערבדיקער ציוויליזאַציע, צוליב דער אויסטערלישער פיגור־סימבאָליק זייערער. מאַיעס־טעטישקייט, למשל, דריקט זיך אויס ביי זיי אין ריזיקן וואוקס; מאַכט — דורך פילצאָליקע הענט; השגחה — דורך הונדערטער אויגן; די אומעטו־מיקייט („מלא כל הארץ״) פון גאָט — דורך פיל קערפּער־פאַרדאָפּלונג.

אַן אַלגעמיינער שליסל צו דער אינדישער מיסטיק, וואָס צעשטראַלט און סימבאָליזירט זיך אין די מאָנומענטאַלע ווערק פון דער סאַנסקריטישער ליטעראַטור, איז דער אָפּגאָט ווישנו, און זיינע פאַרקערפּערונגען אין מענטש און בעלי חי, בכדי בייצוקומען דעם יצר־הרע, דעם גייסט פון שלעכטס אויף דער וועלט. פון די צען גילגולים וואָס ווישנו דאַרף נאָך דורכלעבן פאַר זיין ענדלעכן ציל אויסצולייזן די וועלט פון זינד, זענען ניין פון זיי שוין פאַר־איבער. זיין צענטע און לעצטע התגלות דאַרף ערשט פאָרקומען אין אַן אחרית הימים — דעמאָלט וועט ווישנו אַראָפּנידערן פון הימל צו פאַרניכטן די איבלען פון דער ערד און אויפשטעלן, אין אַ גערעכטער וועלט, די ממשלה פון שלום און יושר.

די עפּישע פּאָעזיע פון אינדיע וועבט זיך ס׳רוב אַרום די לעגענדאַריש־מיסטישע עפּיזאָדן, וואָס זענען אַנטקעגנגעקומען ווישנון אין די פּעריאָדן ווען ער האָט געלעבט ווי אַ מענטשקינד צווישן די שטערבלעכע, און אַנטייל גענומען אין זייערע ראַנגלענישן, גורלדיקע געפעכטן און פּראָבלעמען.

פינף פון די געשאַצסטע מאָמענטן פון דער מאַהאַבאַראַטאַ ווערן אָנגע־רופן „די פינף בריליאַנטן״, און די ערשטע און שענסטע פון זיי איז די בהאַגאַוואַד־גיטאַ. דאָס איז אַ פילאָזאָפיש־פּאָעטיש געזאַנג פון זעלטענער שפּראַכלעכער פּראַכט און טראַנסצענדענטאַלער לויטערקייט. די גיטאַ איז איינגעפּאַסט אין דער מאַהאַבאַראַטאַ — דאָס זעקסטע קאַפּיטל — אַן עפּאָס אין אַן עפּאָס.

די בהאַגאַוואַד־גיטאַ — „דאָס הייליקע געזאַנג" אָדער „דאָס געזאַנג פון גאָט" — איז אַ דורכגעלויכטענע דיכטונג, אַ „כתר מלכות" פון שירה און מחשבהדיקייט. ס'איז פאַרשטענדלעך פאַרוואָס דער דאָזיקער אוניקער עפּאָס איז אַ פאַרהייליקטער ספר ביי די אינדוסן, וואָס שווערן דערויף, ווי אויף אַ ביבל, ביים נעמען אַ שבועה אין געריכט.

די פּאָעמע שטעלט פאָר אַ דיאַלאָג צווישן דעם קריגס־העלד אַרזשונאַ — אַ מין אינדוסישער אַכילעס — און זיין שר־צבא, דער אין־מענטש־געשטאַלט פאַרקערפּערטער גאָט קרישנאַ, וואָס פירט אָן מיט די רייט־וועגענער.

אין דעם באַראַטישן ברודער־קריג שטייט אַרזשונאַ פאַר אַ שווערן נסיון — אויסצווויילן צווישן זיין גערעכטער מיסיע פון אַ נקמה־דורשטיקן שלאַכט־ציגער, קעגן דעם פאַרדאַרבענעם און קריגערישן שונא, און די עטישע צאַמען וואָס בינדען זיינע הענט פון פאַרגיסן בלוט, און נאָך דערצו פון אייגענע קרובים. קרישנאַ מוטיקט זיין געטרייען נאָכפאָלגער, אַרזשונאַ, דווקא אָנצוגיין מיט זיין שליחות צו באַזיגן די פיינטלעכע מחנות.

להיפּוך דעם כאַראַקטעריסטישן צוגאַנג פון די אַלטע, אינדישע לערעס — פּראַקטיצירט אפילו אין אונזער תקופה דורך מאַהאַטמאַ גאַנדי — פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד, און נישט אָפּצאָלן דעם שונא מידה כנגד מידה — איז קרישנאַ מתיר אַרזשונאַן די אַקציע פון מלחמה. גאָט אַליין מוז אויך ציען די שווערד קעגן רשעות און זינדיקייט. אַרזשונאַס רחמנות, זיינע ריין־מענטשלעכע באַטראַכטן קעגן שפיכת־דמים און די אכזריות פון קריג, ווערן פאַרענטפערט און צו־נישט געמאַכט פון קרישנאַן מיט דער סובלימער רוחי־קייט, און נישט־ערדישן אומגעפּיל פון אַ גאָט. אגב, קרישנאַס אויפפּאַלנ־דיקע גוטהייסונג אויף דער רציחה פון מלחמה לאָזט זיך באַלייכטן פון אַן אַנדער ווינקל: ס'איז דעמאָלט געווען אַ צייט ווען דער סאַמע קיום פון די אינדישע שבטים, פונם גאַנצן אינדוסנטום, איז געווען אין אַ סכנה פון אונטערגעגראָבן ווערן — טאָקע צוליב דער אַלטער, איינגעוואָרצלטער טראַדיציע פון נישט אַקעגנשטעלן זיך אַ שונא, פון מקבל זיין מיט אַנמעכטי־קער רעזיגנאַציע, אַלע טיראַנייען, נגישות און פאַרקנעכטונג מצד דרויסנדיקע באַדריקערס און אייגענע רשעים. האָבן די זקנים און חכמים פון אינדיע, בכדי צו שטאַרקן דעם רוקנביין פון פאָלק, און עס פאַרהיטן פון אומקום, דערמוטיקט זעלבסטשוץ און באַוואָפנטע פאַרטיידיקונג קעגן די אַריינ־דרינגערס און פאָלק־פאַררעטערס. פיל רוחניותדיקע ענינים פון די הייכן פון פילאָזאָפיע, אמונה, מאָראַל, מענטש־און־גאָט שייכות, און נשמה לייטערונג,

ווערן באַהאַנדלט אין דעם דאָזיקן ליטעראַרישן פּערל פון דער אַלטער, סאַנסקריטישער גייסטיקער ירושה.

אַ זאָרגפעלטיקע איבערזעצונג פון דער גיטאַ אויף יידיש איז פאַר־עפנטלעכט געוואָרן פון דעם דיכטער אַבאַ קליגער.

די בהאַגאַוואַד־גיטאַ, ווי אַ פּאָעטיש־קינסטלערישע שאַפונג, ווערט פון דער וועלט־קריטיק איינשטימיק דערקלערט — מיט דעם איינציקן אויסנאַם פון תנכישע מוסטערן — פאַר אַ מייסטערווערק אָן אַ גלייכן ביי קיין שום אומה ולשון. שלעגל, פאָן הומבאָלט — צו דערמאָנען בלויז אַ פּאָר נעמען — האָבן געזאָגט אויף דער גיטאַ אַז דאָס איז די שענסטע, פילאָזאָפיש און גייסטיק דערהויבנסטע פּאָעמע אין דער וועלט־ליטעראַטור.

ס'איז צו דערוואַרטן אַז אין אַזעלכע גיגאַנטיש־אויסגעוואָקסענע ווערק ווי די מאַהאַבאַראַטאַ, פון אַן אַלטער, היידנישער קולטור, פון אַ ווייטן מזרח־לאַנד — אַ קולטור מיט איר אייגענער מראה און אַנדערשדיקן נוסח — זאָלן מיר אָנטרעפן גראָטעסקערייען, אַבסורדן און פריקרעקייטן. אָבער, אין גאַנצן גענומען, זענען אָט די אויפגעטורעמטע ווערק אייביקע דענקמאָלן פאַר די עלטסטע פעלקער־משפחות פון דער ווייסער ראַסע, און זייער מערקווירדיקע ציוויליזאַציע — אַ ציוויליזאַציע וואָס האָט איבערגעלאָזן מעכטיקע שפּורן אויף דער שפּראַך, רעליגיע, ליטעראַטור און קולטור־גאַנג פון דער מענטש־הייט, ביז אויפן היינטיקן טאָג.

ג

## די ראַמאַיאַנאַ

די ראַמאַיאַנאַ — מיט אירע פינפאונצוואַנציק טויזנט סטראָפן, איינגע־טיילט אין זיבן קאַנטאָס — איז די צווייטע גראַנד־עפּאָפּייע פון אַלטן אינדיע. וואַלמיקי, אַ דיכטער פון אַן אומבאַשטימטן צייט־עלטער, ווערט אָנגעגעבן ווי איר פאַרפאַסער. די עפּאָפּייע — דורך אַן איבערגעזעצטער ווערזיע פונם סאַנסקריטישן אָריגינאַל אויף דער פּאָלקס־שפּראַך — איז באַקאַנט צו די ברייטע מאַסן פון אינדיע, אַפילו צו די קינדער, צוליב אירע פאַרכאַפּנדיקע העלדנגעשיכטעס, אויפן שטייגער פון די פאַנטאַסטישע קינדער מעשות פון אַנדערסאָן און די ברידער גרים.

די ראַמאַיאַנאַ — די עקספּעדיציעס און אַוואַנטיורעס פון ראַמאַ —

דערציילט וועגן די איבערלעבענישן פון דעם יונגן פרינץ ראַמאַ — אַ פּאַר־מענטשלעכונג פון דעם גאָט ווישנו — און זיין געטרייער פרוי סיטאַ. מיר ווערן אַריבערגעטראָגן אין אַ צויבערוועלט פון פייגל און חיות וואָס ריידן, אינטריגירן און „אַרבעטן מעשים״, פּונקט ווי מענטשן, און אָפּט־מאָל, אין אַ נויטפאַל, קומען זיי טאַקע צו הילף די מענטשנקינדער מיט פריינטלעכער באַדינונג. פאַראַן דאָרטן גרינע, געדיכטע וועלדער וואו נזירים־חכמים האַלטן זיך אויף, און לעבן זיך זייער אייגן לעבן אין מנוחה פון אָפּגעזונדערטקייט און פאַרטיפונג, אין די רוממות פון גייסט.

אָבער אין דעם דאָזיקן זוניקן גן־עדן, אַזוי ווי אין לעבן, שפרייטן זיך אויך שרעקן־שאָטנס, שלייכן אַרום דעמאָנען אין געשטאַלט פון חיות רעות, און בייזע גייסטער, וואָס לויערן אויף די מענטשן. און איבער די אַלע פינצ־טערע עלעמענטן געוועלטיקט דער מוראדיקער אשמדאי ראַוואַנאַ, דער צענ־קעפּיקער קעניג פון לאַנקאַ. דער דאָזיקער דעמאָנישער רשע האָט אָוועקגע־גנבהט פון די געטער דעם אויבער־כוח צו קאָנען גורם זיין שלעכטס פאַר אַנדערע, בעת אויף אים אַליין זאָל נישט שולט זיין קיין שום פגע־רע. ער קאָן אַנדערש נישט באַזיגט ווערן סיידן דורך מענטשלעכע הענט. האָבן די געטער אַפּעלירט צו ווישנו ער זאָל אָננעמען אַ קערפּערלעכע פאָרעם פון אַ מענטש און בייקומען ראַוואַנאַן. ראַמאַ — דער ערדישער ווישנו — נעמט זיך פאַר אים צו פאַרטיליקן. ראַוואַנאַ רויבט אַוועק ביי ראַמאַן זיין שיינע פרוי סיטאַ, און ווי אין דער איליאַדע, גייט אָן אַ מלחמה אַרויסצוראַטעווען די געפאַנגענע יונגפרוי. נאָך אַ ריי פון דראַמאַטישע און פאַנטאַסטישע געשעענישן ווערט סיטאַ באַפרייט, ראַוואַנאַ ווערט אומגעבראַכט, און די גאַנצע וואונדער־מעשה לאָזט זיך אויס צום גוטן.

ווי דער שטייגער איז, זיינען אויך אין דעם כישופדיקן עפּאָס פאַרטראָטן די געטער וואָס קעמפן — סימבאָליש — אין דעם „מלחמת־היצר״ אַז גוטס־קייט זאָל זיגן איבער דער שלעכטיקייט. ס׳נעמען דאָ אַנטייל מלאכים, און נימפן, און הימלישע כלי־זמרים אפילו. מאַלפּעס, באַשאַנקענע מיט לשון און קלוגשאַפט, שפּילן דאָ אַ וויכטיקע ראָלע. זייער אָנפירער, האַנומאַן, מיט זיינע מאַלפּע־מחנות, שווערן געטריישאַפט צו דעם געטלעכן פרינץ ראַמאַ. אָט דער אַפּן־הויפּט האַנומאַן העלפט מיט אַז די זינדיקע לאַנקאַ־מלוכה זאָל געשטירצט ווערן, און אַז ראַוואַנאַ, דער מכשף־מלך פון אַל־דאָס־בייז, זאָל קריגן זיין פאַרדינטע מפּלה.

אַלע „פאַרשוינען״ אין דעם דאָזיקן עפּיש־דראַמאַטישן סיפור זיינען געהויבענע, אַלעגאָרישע סימבאָלן. ראַמאַ אַליין, דער גאָט־מענטש און העלד,

פאַרקערפערט די מעלות פון געטריישאַפט צו הויכע פּרינציפּן, אָן־פּשורה־דיקן קאַמף מיט די כוחות פון רשעות, און פרומער התחייבות אין דער דורכ־פירונג פון זיינע צילן, נישט געאַכט אויף אַלע שטרויכלונגען און שטיינער וואָס ליגן אים אין וועג. סיטאַ סימבאָליזירט די מידות־יפות פון צערטלעכ־קייט, ריינקייט פון כאַראַקטער און איבערגעגעבנקייט.

די דאָזיקע מידות רעפלעקטירן דעם עטישן אידעאַל פון דער אינדישער מיסטיק. דעריבער איז די ראַמאַיאַנאַ, אַחוץ אַ שיינער סיפּור, אויך אַ „שבט־מוסר" פאַר יעדן רעכטפערטיקן אינדוס, צו פירן אים אין גוטע וועגן. אַלע סיטואַציעס און נסיונות פון אַט־דעם עפּאָס ווערן אויפגענומען און געלייזט אויף עטישע יסודות. די ראַמאַיאַנאַ קומט צו ווייזן אַ הויכן מוסטער פון ערלעכקייט, פאַרלייקענונג פון ערדישער גדולה, מוטיקן ווידערשטאַנד צו עוולות און אומיושר, בטחון אין דעם סוף־כל־סופיקן נצחון פון צדק און רחמים איבער אַלע פינצטערע מחבלים, וואָס פאַרדאַרבן גאָטס שיינע וועלט.

די סימבאָליק פון דער ראַמאַיאַנאַ ווערט געדרשנט אויף דעם און אַנדערע אופנים — אָבער, לכל הדעות, איז אָט די קאָלירפולע, פּיל־באַדיי־טיקע פּאָעמע אַ שאַפונג פון זעלטענער שיינקייט, אַ פּאָעטיש־קינסטלעריש געוועב מיט אַן עקזאָטישן, אָריענטאַלישן חן, געהאַפטן מיט אידעאַלע כאַ־ראַקטער־בילדער פאַרן עסטעטישן גענוס, און עטישער ראַפינירונג, פון דורות־דיקע מענטשנקינדער, אין אַלע צייטן, אין אַלע ווינקלען פון דער ערד.

---

ד

## בעאָוואולף

בעאָוואולף איז דער עלטסטער עפּאָס אויף דער אַלט־ענגלישער אַנגלאָ־זאַקסישער שפּראַך, און טראָגט דעם נאָמען פון איר צענטראַלן העלד. די פּאָעמע, פון אַן אומבאַקאַנטן אָבער הויך־באַגאַבטן דיכטער, שטאַמט פון אַרום דעם מיטן פון זיבעטן יאָרהונדערט און איז, מיטן אויפקום פונם קריסטנטום אין אייראָפּע, היבש רעווידירט און געענדערט געוואָרן. דער איינציקער עק־זעמפּליאַר פון יענער צייט געפינט זיך אין בריטישן מוזיי.

נאָכן צוזאַמענפאַל פון דער רוימישער הערשאַפט איז בעאָוואולף דאָס ערשטע וויכטיקע העלדנליד, אין דער פאָרעם און מיט דעם קלימאַט פון אַן עפּאָפּייע, וואָס האָט זיך באַוויזן אין אייראָפּע. דער דאָזיקער עפּאָס קאָן זיך

וואויל פאַרגלייכן אַפילו מיט די פילגערימטע אַלטערטימלעכע עפּאָפּייען, די איליאַדע און די אָדיסייע. אַזוי ווי יענע זענען געווען די פּאָרלויפערס פון דער גריכיש־קלאַסישער, אַזוי איז בעאָוואולף געווען דער אָנזאָגער פון דער אייראָפּייאישער קינסטלערישער ליטעראַטור.

באשר דער לעגענדאַריש־היסטאָרישער הינטערגרונט און די העלדן זענען סקאַנדינאַווישע, גלייבט מען אַז די אַנגלישע שבטים פון סקאַנדינאַוויע וואָס האָבן באַזעצט בריטאַניע, האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט פון דאָרטן דעם פאָלקלאָר און דעם לאָקאַל־קאָליר פאַר בעאָוואולף. ס'קאָן אויך געמאָלט זיין אַז דער דיכטער פון דעם עפּאָס האָט געלעבט אַ צייט אין סקאַנדינאַוויע, האָט זיך דאָרט צוגעקוקט צו דעם הויף־לעבן פונם הערשער, און זיך אָנגענומען מיט די פאָלקסטימלעכע געשיכטעס און אבערגלויבנס פון יענע מקומות.

דער בעאָוואולף עפּאָס דערציילט אַ גרויל־געשיכטע פון אַ מאָנסטער־געשטאַלט, ענלעך אויף אַ מענטשן, וואָס שלייכט זיך אַריין יעדע נאַכט אין פּאַלאַץ פונם דענישן קעניג און פרעסט אויף איינעם פון די הויפלייט וואָס שלאָפן דאָרטן. בעאָוואולף, אַ העלדישער קריגער פון שוועדן, אַ פּלימעניק פונם דענישן מלך, פאָרט אַריבער דעם ים־פּאַס, באַגלייט פון אַ קליינער מחנה פון זיינע העלדן־יונגען, מיט דעם ציל צו פאַרטרייבן דאָס מאָנסטראָזע אָנשיקעניש.

דער העלדישער גואל קריגט אַ פּאַראַדנע אויפנאַמע אינם דענישן הויף, און ער, מיט זיין קאָמפּאַניע, בלייבן נעכטיקן אויף וואַכדינסט אַליין אין פּאַלאַץ. דער מאָנסטער — גרענדעל הייסט ער — לאָזט אויף זיך לאַנג נישט וואַרטן. אין דער זעלביקער נאַכט באַווייזט ער זיך ווידעראַמאָל און פאַר־טיליקט איינעם פון די געסט. בעאָוואולף אַטאַקירט דעם ריז. יענער פאַר־לירט אַן אָרעם אין דעם געפעכט, און אַ שטערבלעך פאַרוואונדעטער אַנטלויפט ער אויסצוצאַנקען אי זיין הייל, אונטער אַ וואַסער. די שמחה אין פּאַלאַץ איז גרויס. דער קעניג מיט זיינע אַדללייט באַגריסן דעם וואונדער־העלד; די שפּילערס שפּילן, די זינגערס זינגען זיין לויב, און די טענצערס טאַנצן פאַר זיין כבוד וועגן. אָבער, אין דער נאַכט חזרט זיך איבער דאָס אומגליק. אַ צווייטער מאָנסטער, די מוטער פון גרענדעל, קומט נקמה נעמען פאַר איר טויטן זון. זי פאַרכאַפּט איינעם פון די הויפלייט, וואָס פּילט זיך שוין זיכער צו שלאָפן אין פּאַלאַץ, און פרעסט אים אויף. בעאָוואולף לויפט איר נאָך ביז אין איר הייל אין וואַסערגרונט. זי שלעפּט אים אַראָפּ אין די אימהדיקע טיפענישן. אין דעם געראַנגל אויף לעבן און טויט מיט דער „לילית“ ווערט בעאָוואולף אומגעוואָרפן צו דער ערד און זיין מאַכטלאָזע שווערד פאַלט

אים אַרויס פון דער האַנט. באותו הרגע, ווען דאָס מוראדיקע באַשעפעניש האַלט שוין אין אַריינשטעקן איר שטעכמעסער אין זיין ברוסט, דערבליקט ער אַ פאַרכישופטע שווערד וואָס ליגט אין דער הייל. ער דערלאַנגט צו דער שווערד און דערהרגעט מיט איר די מאָנסטער בריאה. ער נעמט אַראָפּ דעם קאָפּ פון דער בייגעקומענער גרענדעל און קומט מיט אים צוריק אין פּאַלאַץ. ווידער באַדאַנקט מען אים פייערלעך, און נאָך פיל צערעמאָניעלע פעסטיוואַלן און אָפּשייד־הוליאַנקעס קערט זיך בעאָוואולף אום צו זיין היימ־לאַנד, צו דערציילן פאַר זיין אייגענעם קעניג און פאַר זיין פאָלק וועגן אַלץ וואָס ס׳האָט זיך מיט אים פאַרלאָפן אינם דענערלאַנד.

מיט דער צייט פאַלן דער שוועדישער קעניג און זיין זון, דער טראָנ־פאָלגער, אין אַ שלאַכט, און בעאָוואולף נעמט איבער די מלוכה. ער קיניגט מיט גרויס הצלחה פאַר פופציק יאָר.

געשעעט נאָכדעם, אַז אַ שוידערלעכער דראַקאָן, וואָס אַ העליש פייער זעצט אים פון די נאָזלעכער, מיט אַ ריזיקער דראַקאָנען־טשאַטע הינטער זיך, באַפאַלט דאָס קיניגרייך. ער שפּרייט אימת־מוות וואו ער טרעט, און מאַכט חרוב דאָס לאַנד. בעאָוואולף איז שוין איצטער אַלט און מיד. זיינע גבורות פון דער יוגנט פאַרגעדענקען נאָך אַביסל די אַלטע לייט; אָבער דער נייער דור וויס קוים פון זיין אַמאָליקער גלאָריע. מיט צוועלף געקלי־בענע לייבוועכטערס גייט ער אַרויס אין קאַמף מיט דעם דראַקאָן. אַלע זיינע באַגלייטערס, אַחוץ איין געטרייער אָנהענגער, פאַרלאָזן אים. זיין מעכטיקער אָרעם שטאַרקט זיך צום לעצטן מאָל און ער איז גובר דעם פייערדיקן דראַקאָן. אָבער בעאָוואולף פאַרלירט דאַביי אויך זיין אייגן לעבן, און ער שטאַרבט פון די בראַנד־וואונדן פון דעם דראַקאָנס פייערדיקן אָטעם. און אַזוי פאַרגייט, אין דער אַרענע פון קאַמף, אין שטילער טראַגיק, אַ גרויסער לעגענדאַרישער העלד. רירנדיקע עלעגישע שורות, צום פינאַל, אויפן סימבאָלישן טויט פון דעם עפּישן „שמשון הגיבור״, לאָזן איבער אַן עכאָ פון אומעט אויפן געמיט פונם לייענער.

דער דערציילערישער טאָן אין בעאָוואולף איז אַ כאַראַקטעריסטיש עפּישער, און דער סיפור גופא, מיט זיין גאַנצן גרויל און „ווילדן״, אָבער־גלייבערישן כאַראַקטער, פאַראינטריגירט דעם לייענער. מ׳פילט אַז דער מין מעשיות איז אַרויסגענומען פון מויל פון פאָלק; אַז דאָס זענען שוין טויזנטער מאָל איבערדערציילטע וואונדער־געשיכטעס אַרום וואַלדפייער, ביים שטובּיקן קאַמין, אין שענקען און הויפן. בעאָוואולף אין אייראָפּע, ווי די פּאַרצייטיקע עפּאָפּייען ביי זייערע פעלקער, איז אויפגעקומען אין דעם בין־

השמשות פּעריאָד, ווען די פֿאָלקס־באַלאַדן, די פון פּרימיטיוון מיטאָס נאָך נישט אויסגעשיילטע לעגענדעס, און בכלל דער פֿאַרביק־רייכער אָבער נישט געהובלטער פֿאָלקלאָר, איז איבערגעגאַנגען אין געפורעמטן עפּאָס, און געוואָרן ליטעראַטור. די פֿאַרשוינען אין בעאָוואולף, ווי פֿאַנטאַסטיש־אומרעאַל די ראַמען פון זייער סביבה אין די לעגענדאַרישע פֿאָלקס־מעשיות, קומען אַרויס לעבעדיק געצייכנטע, אין שאַרפן רעליף. זיי רעדן, ווירקן און עמאָטירן ווי לעבעדיקע מענטשן, און לאָזן איבער אַ דויערנדיקן רושם אויפן זכרון. בעאָוואולף איז דער ערשטער און גרעסטער מיטלעלטערלעכער עפּאָס, און ווערט באַטראַכט פֿאַר אַ מייל־שטיין אין דער געשיכטע פון דער אייראָפּייאישער ליטעראַטור.

בעאָוואולף באַווייזט קענטיקע סימנים אַז זיין ליטעראַרישע מראה איז פון שפּעטערדיקע איינפֿלוסן פֿאַרענדערט געוואָרן. דער דאָזיקער עפּאָס שטאַמט פון פֿאַר־קריסטלעכע, פּאַגאַנישע מקורות. ווען די אייראָפּייאישע פֿעלקער האָבן אָנגעהויבן באַקערט צו ווערן צו קריסטנטום, האָבן די קירכ־פֿאָטערס ניט געשאַנעוועט די היידנישע ליטעראַטור־ווערטן, אין די לענדער וואָס זענען אַריבער אין זייער ממשלה. די קירך פֿלעג דווקא יאָ דערמוטיקן די באַפֿעלקערונג זיך צו באַקענען מיט דער ביבל און צו לייענען די קלאַסישע שריפֿטן. אָבער די אָרטיקע פֿאָלקס־ליטעראַטור האָבן זיי מיט אַלע מיטלען אונטערדריקט. אַזוי ווי ס׳איז נישט פון די לייכטע זאַכן אויסצוראָטן מיטן וואָרצל אַ גאַנצע פֿאָלקס־קולטור, האָט די קירך געפּרואווט פֿאַרבייטן די לידער, מעשיות און סאַגאַס פון היידנישע קוואַלן, וואָס זענען נאָהענט געווען צום האַרצן פונם עולם, מיט קריסטלעכע נעמען, לעגענדעס און איבערטייטשונגען אין איר אייגענעם גייסט. אויף אַזאַ אופן האָט בעאָוואולף געהאַט דאָס מזל אָפּגעראַטעוועט צו ווערן פון אונטערגאַנג. ס׳פֿעלן דאָרטן די אַלע־מאָליקע געטער, וואָס אָן זיי הייבט זיך גאָר נישט אָן אין אַלע אַלטוועלטיקע עפּאָפּייען. די קירך האָט געזוכט צו פֿאַרשלייערן מיט אַ קריסטלעכער מאָראַל אָט דעם אויסטערלישן, פּרימיטיוו־העראָאישן, דאָך אין תוך, טיף־הומאַנעם עפּאָס. אירע האַמעטנע צוגעבענישן לאָזן זיך דערקענען ווי אַ דרויסנדיקע, אַרויפֿגעצוואונגענע פּרעמדקייט. די פּאָעטיש־דראַמאַטישע און עפּיש־פֿאַר־נעמיקע מעלות פון בעאָוואולף באַציען זיך דווקא פון זיין עצמדיקן היידנישן שורש. פֿאַר די קריסטלעכע מאָדיפֿיקאַציעס דאַרף מען זיך טרייסטן, וואָס צוליב זיי איז אָט־דער עפּאָס בכלל אויפֿגעהיט געוואָרן. די קירך־משרתים פֿלעגן צענויפֿנעמען גאַנצע הורבעס פון פּאַגאַנישע ליטעראַטור און קונסט־רעשטן און זיי פֿאַרברענען אויף שייטערהויפֿנס. אַזוי האָבן זיי שפּעטער

געטאָן מיט די ביכער פון אַלע ניט־גלייביקע. די געשיכטע פון יידישן פאָלק וועמענס ספרים, אינאיינעם מיט די יידן, האָבן געליטן דעמזעלבן גורל, קאָן וועגן דעם אַ סך דערציילן.

ה

## די קאַלעוואַלאַ

די היינטיקע קליינע פינלענדישע אומה — פון אַ קנאַפּע פיר מיליאָן נפשות, וואָס לעבט בשכנות מיטן רוסישן בער, איז אַמאָל געווען אַ שטאַרק, צאָלרייך פאָלק. די פינען, אָדער נאָהענטע ראַסן־קרובים זייערע, האָבן אַמאָל געהאַט באַזעצט כמעט גאַנץ מיטל־אייראָפּע. פון זייער רייכן און פאַרביקן פאָלקלאָר איז אויפגעשטעלט געוואָרן זייער נאַציאָנאַלער עפּאָס, די קאַלעוואַלאַ — דאָס ליד פון העלדנלאַנד — איינע פון די גרויסע פאָלקס־עפּאָפּייען פון דער וועלט־פּאָעזיע.

ביזן לעצטן יאָרהונדערט איז די דאָזיקע עפּאָפּייע נאָך נישט געהאַט באַקאַנט געווען אין דער ליטעראַטור. צעוואָרפענע פראַגמענטן אירע האָבן געלעבט אין געדעכעניש און אויף די ליפּן פון די פינישע פּויערים. צוויי געלערנטע, דר. זכריה טאָפּעליוס און דר. עליאַס לענראָט האָבן, דורך זייער איבערגעגעבענער מיאונג, אָפּגעראַטעוועט די קאַלעוואַלאַ פון פאַרשווינדן ווערן אין תהום פון פאַרגעסנקייט. אין 1822 האָט טאָפּעליוס אָפּגעדרוקט אַ צאָל פון אָט די באַזונדער אָפּגעקליבענע לידער. נאָכדעם איז דער אומ־דערמידלעכער דר. לענראָט, אַ שוועדישער פילאָלאָג, יאָרנלאַנג אומגעפאָרן איבער די פינלענדישע שטעטלעך און דערפער, און פשוט אָפּגעשריבן פונם פאָלקס־מויל די דאָזיקע עפּישע לידער, וואָס קייטלען זיך צונויף אין דער שירהדיקער גאַנצקייט וואָס הייסט די קאַלעוואַלאַ. אין 1853 האָט לענראָט אַרויסגעגעבן זיין ערשטע אַראַנזשירונג פון צוועלף טויזנט פערזן, איינגעטיילט אין דרייסיק רונעס. ערשט אין 1849 האָט ער פאַרעפנטלעכט די רייפע פרוכט פון זיין ווייטערדיק פאָרשן און זאַמלען — אַ קאָלעקציע פון 22,793 פערזן, צעטיילט אויף פופציק רונעס. (אין 1887 איז דערשינען אַ נאָכמער דערגאַנצטער טעקסט פון א. וו. פאָרסמאַן.) דער עפּאָס פון די פינען האָט באַלד פאַראינטריגירט די ליטעראַרישע וועלט און איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף אַלע קולטור־שפּראַכן. ס'איז אויך דאָ־ניט־לאַנג צוגעקומען אַ פיינע איבערזעצונג אויף יידיש־לשון פון דעם דיכטער הערש ראָזענפעלד.

אין דער קאַלעוואַלאַ מערקט מען טעווטאָנישע, סקאַנדינאַווישע און ביז אַ קלענערן גראַד, קריסטלעכע איינפלוסן. זי איז געשריבן אין טאַקט פון אַכט־טראָפּיקן, טראָכיישן פערז, מיט אַ זינגנדיקן ריטם פון שורה און וואָרט־קלאַנגען. די באַרימטע פּאָעמע פונם אַמעריקאַנישן דיכטער לאָנגפעלאָו, אין אַ פּרעכטיקע נאָכאַמונג פון דער קאַלעוואַלישער פערזנמאָס.

דער פינלענדישער עפּאָס, די קאַלעוואַלאַ, איז כאַראַקטעריסטיש אין זיין גוף־המעשה פאַר די אַנאָנימע עפּאָפּייען פון דער אַלטער וועלט: אַ געוועב פון אַנטיקער פּאָעזיע, מייסטעריש געהאָפטן אויף אַ ריזיקן פּאַרעם־געוואַנט, אַרום אַ לעגענדאַרישן קאַמף מיט פיינטלעכע שבטים — געשטיצט אויף אַ נאַציאָנאַל־היסטאָרישן יסוד — וואו אין צענטראַלער העלד באַווייזט איבער־מענטשלעכע גבורות, מיט דער צוגעהילף פון געטער, ריזן, כישוף־מאַכערס און אַלערליי סימבאָליש־פאַנטאַסטישע עלעמענטן. און אַ יונגפרוי, וואָס צוליב איר אַליין קאָנען זיך די קריג־פייערן נישט פאַרלעשן.

די קאַלעוואַלאַ דערציילט וועגן אַ אָנגייענדיקע מחלוקה צווישן די פינלענדער און זייערע שכנים פון צפון, די לאַפּלאַנדער. די מעשה הייבט זיך אָן, אין דער ערשטער רונע, מיט אַ פּאָעטיש־פאַרבילדלעכטער שילדערונג פון דעם וועלט־באַשאַף. אילמאַטער, די טאָכטער פון די רוימען, באַשאַפט, פון די אייער פון אַ ווילד ענטל, דעם ערד־קיילעך, די הימל־חופה אין די הייכן, די לאַנד־שטרעקעס, אינזלען, פעלזן און בערג. נאָך אַ זיבנהונדערט יאָריקן פּראָצעס פון בריאת־עולם געבערט זי אַ זון, וואַינאַמאָינען, דעם געטלעכן זינגער, דעם נאַטור־מכשף, דעם צויבערלעכן העלד פון דער קאַלעוואַלאַ.

אין ריטמישע קאַסקאַדן פון קלאַנגיקע פערזן גיבן זיך איבער די פאַנטאַסטישע עפּיזאָדן פון וואַינאַמאָינענס העראָאישע אַוואַנטורן, אין זיינע פאַרמעסטן מיט זיין קעגנערישן אַרויסרופער פון צפונלאַנד, יאָקאַהאַינען. צום סוף דערשיינט אַ מעכטיקער קריגער־קעניג, וואָס די בתולה מאַריאַטאַ האָט אויף דער וועלט געבראַכט, און ער פאַרטרייבט וואַינאַמאָינען פונם לאַנד. דאָס ווערט אויסגעטייטשט ווי אַ רמז אויף דעם ענדלעכן זיג פון קריסטנטום איבער די פאַגאַנישע קולטן.

די פאָלקס־פאַנטאַזיע שפּילט דאָ אויף אַלע כלים און ווייס נישט פון קיין אָפּשטעל. אַלץ איז דאָ מעגליך און אַלץ קאָן דאָ געשען. די נאָכגיביקע נאַטור, און דער וואונדערמענטש, מיט דער הילף פון כישוף און פאַרבאָרגענע כוחות, שאַפן בילדער, פאַרוואַנדלונגען און צויבערייען, וואָס קאָנען נאָר פאָרקומען אין חלום אָדער דמיונלאַנד. ביידע שטרייטנדיקע צדדים, די פינען

און די לאַפּלאַנדער, רייסן זיך מיט אַלע כוחות אַריינצוקריגן אין זייער באַזיץ די מאַגישע סאַמפּאָ — אַ כּישוף־מיל אַזאַ וואָס, האָבנדיק זי אין זיין רשות, קאָן אַ פֿאָלק באַוואָרנט זיין מיט שפע און הצלחה, און דער העלד קאָן מיט דער סאַמפּאָ ווערן דער הערשער איבער זיין גורל, מאַכן צו וואָר אַלע זיינע האַרצבאַגערן.

אויך דאָ זענען די לעגענדאַרישע געפעכטן אַ מלחמה צווישן ליכט און פינסטערניש, גוטסקייט און שלעכטס. די אייגענע, נאַציאָנאַלע פיינען־העלדן קעמפן אויף דער זייט פון ליכט און יושר — די לאַפּלאַנדישע שונאים זענען שאַלקהאַפטיקע נפשות אין דינסט פון אַלע בייזע רוחות.

אין איין פּרט איז די קאַלעוואַלאַ אַ דערפרישנדיקער אויסנאַם צווישן די עפּאָפּייען: זיי אַלע פּאַרהילכן מיט קנאַל פון מלחמה־שטויס, מיט בראַזג פון געווער, פּאַנצער און שילד. אין דער קאַלעוואַלאַ איז כּמעט נישט צו פילן דעם גרויל פון שפיכות־דמים. די דאָזיקע עפּאָפּייע איז דורכגענומען מיט אַ פּאָעטישן ליריזם, מיט אַ גייסט פון מענטש־און־נאַטור פּאַרברידערונג, און אַן אַנדערוועלטיקן ראָמאַנטישן פּאַטאָס. אַפילו די נקמה־אַקטן און בייזע אָנגריפן, מחמת זייער דורכפירונג איז אָפּהענגיק אין כּישוף־קראַפט, און דער פאַרמיטלונג פון די געטער, לייזן זיך אויף אין דער פּאַנטאַסטישער אַרומיקייט, און פאַרלירן דאָ דעם רעאַלן שוידער פון בלוט־פאַרגיסונג.

דער לייענער פון דער קאַלעוואַלאַ ווערט אויף אַדלער־פליגלען פון דער פּאַנטאַזיע אַריבערגעוואָרפן אין אַנדערע עולמות. אין דער צויבערוועלט פון פּאָעזיע באַפרייט זיך דער פּאַטעטיש־שוואַכער מענטש פון די פּענטעס און צאַמען, וואָס בינדן זיינע הענט און פיס, אין דער וועלט פון ניכטערערווירקלעכקייט. דאָרט, אין דעם ליטעראַרישן עיר־מקלט פון מעשה און שיר, געפינט ער פאַרגעסונג, רו און טרייסט. ער שאַפט איבער דאָס לעבן נאָך זיין וואונטש נאָך, און ווערט אַ יוצר איבער דעם חומר פון דער נאַטור. די ריזנכוחות פון דער טבע ווערן זיינע באַדינער, און ער, דער אומבאַהאָלפענער שוואַכלינג, ווערט אַליין אַן איבעררריז, אַ וואונדערהעלד, און ער זינגט אויס זיין נצחון אין אַ עפּאָס־ליד פון קאַלעוואַלאַ — דאָס העלדנלאַנד פון זיינע טרוימען.

נאָך אַ שטורמיש העלדנלעבן פון שטייגן און פאַלן, פון זיג און דורכפאַל, זאַט מיט יאָרן, און מיד, אַזוי מענטשלעך מיד אַפילו פון זינגען, כּישופן און וואונדערווייזן, סטראַיעט אויס פאַר זיך וואַינאַמיאָנען אַ שיפל באַשלאָגן מיט קופּערנע רייפן. ער זינגט אויס זיין לעצט ליד פון געזעגעניש. אין זיין קופּער־רויטן שיפל זעגלט ער אַוועק ,אין פייערדיקן דעמער־גלי צום פור־

## משה וויטיעס

פערנעם האריזאנט פון וויטן מערב, און פארשווינדט צווישן די בלויע שקיעה־וואלקנס. זיין צויבער־הארף, זיין הימלישע נגינה, און זיינע שפרוכן פון חכמה, לאזט ער איבער א ירושה פאר זיין פאלק.

די קאלעוואלא שליסט זיך מיט אן עפילאג, וואו איר אומבאקאנטער דיכטער פארטרויט אז ער האט מער ניט ווי איבערגעזונגען די פאלקס־לידער פון זיין מוטערלאנד. און וואס שייך זיין שוואונגיקן ריטם, וויל ער מיר זאלן וויסן אז פון דער נאטור האט ער באצויגן זיין שולונג; בלויז פון איר זיין גארע לערנונג.

פעלדער, וועלדער, רוישיק וואסער —
מיינע לערער, מיינע ביכער;
פון נאטור די עכא־קלאנגען
הילכן אפ אין די געזאנגען.



## די עפּאָפּייע

# אין ליכט פון יידישקייט

דאָס היסטאָרישע יידישקייט איז פון תמיד אָן געווען אַנטיפּאַטיש צו בינע־פאָרשטעלונגען, צו פאָרמען פון סצעניש־דראַמאַטישער ליטעראַטור. דער תנ״ך, די קרוינשאַפונג פון דעם יידישן זשעניע, פאַרמאָגט אָן איבער־וועגנדיקן דראַמאַטישן מאַטעריאַל — אָבער קיין דראַמע ממש, מיט דער פאָרמיקער מעבעלירונג פון אַ שוישפּיל, ווי דיאַלאָגן, אויפטריט־און־אָפּצי פון די באַטייליקטע פּערזאָנען, סצענען־בייט, און בכלל די סטרוקטור פון אַ דראַמע, אויפן שטייגער פון דער גריכישער און היינט־וועלטיקער דראַמאַ־טורגיע, געפינען מיר דאָרט נישט.

דאָס זעלביקע איז וואָר וועגן דעם עפּאָס. טייל ליטעראַטור־פאָרשערס באַטראַכטן פאַר „יידישע עפּאָפּייען" געקליבענע ספרים פון די כתבי־הקודש, ווי מגילת אסתר, רות, שיר השירים, די מעשה פון יציאת מצרים, די העראָ־איקאַ פון שמשון הגבור, חלקים פון שופטים, און דאָס ספר קוהלת, וואָס ווערט אָנגענומען ווי אַ מוסטער פון אַ „דידאַקטישן עפּאָס". נישט אַנדערש ווי נאָר אַז יענע קריטיקערס האָבן אין זינען דעם עפּישן כאַראַקטער, די עפּישע מעגלעכקייטן פון די דערמאָנטע ספרים — וואָרעם קיין עפּאָפּייע גופא, לויט עפּישער פאָרעם, ווי אין די ליטעראַטורן פון אַנדערע פעלקער, געפינען זיך דאָך נישט אין דער תנ״כישער זאַמלונג.

דער ספר איוב — „איינע פון די פינף, אָדער זעקס, גרויסע וועלט־פּאָעמען וואָס שטעלן מיט זיך פאַר די אוניווערסאַלע שטים פון דעם מענטש־לעכן גייסט" — ווערט אָפט באַצייכנט ווי אַ דראַמע. מהאי־טעמא, טאַקע צוליב דעם זעלן־קאַמף, די ראַנגלענישן פון געוואַלטיקע כוחות אין איובס גייסטיקער וועלט, באַטראַכטן אַנדערע שרייבערס דעם ספר איוב פאַר דעם כאַראַקטעריסטישן לשון־קודשדיקן עפּאָס, פון דער צעריסענער, געפּלאָגטער מענטשלעכער נשמה אין הילפלאָזן קלעם פון קאָסמישן רצון.

אָבער אַן עפּאָפּייע איז אַ פּאָעטישע שאַפונג פון אַ באַשטימטער פאָרעם.

דעריבער איז איוב, אין פאַרמעלן,ווערטערלעכן זין, פאַרט נישט קיין דראַמע, און אויך נישט קיין עפּאָפּייע. איוב איז אַ דערציילונג, געשריבן אין אַ דראַמאַטיש־לירישן גייסט, ווי מען קאָן דאָס לייכט אויפנעמען פון די איוב־מאָנאָלאָגן. די לכתחילהדיקע תמימות פון איובן; זיין שפּעטערדיקער גע־פּלעפּטער פאַרדרוס אַלעמאַי דער וועלט־האַר, וואָס ער האָט אים אַזוי געטריי געדינט, האָט אויף אים אָנגעשיקט, אָן אַ פאַרוואָס, אַזאַ בלינדע און האַרבע שטראָף; זיינע פּיינלעכע ספקות; זיין אויסרעדן זיך דאָס איבערגעפּילטע האַרץ פאַר זיינע פריינט; זיינע פילאָזאָפישע באַטראַכטונגען — דאָ אַנטפּלעקט זיך אַ פּיל־געפּרואווטע נשמה וועמענס סאַמע יסודות זענען אויפגעטרייסלט, אַ נשמה וואָס האָט צייטווייליק אָנגעוואָרן איר מנוחה און אָנשפּאַר. איובס מאָנאָלאָגן וואָס דריקן אויס זיין סבלנות פון אַ צדיק, זיין צער פון די טיפע־נישן, זיין רעזיגנאַציע צו גאָטס ווילן, זיינע שבחים צום וועלט־באַשעפער פאַר זיין חסד און משפט, דערגרייכן מיט זייער שוואונג און פּאַטאָס, אומ־פאַרגלייכלעכע פּאָעטישע הייכן. אַ געשפּאַנט־דראַמאַטישער אָבער דורכאויס לירישער נערוו וויברירט דורכן גאַנצן ספר. דאָך, צו זאָגן אויפן ספר איוב אַז עס איז בפועל ממש אַ דראַמע, אָדער אַן עפּאָפּייע, מיינט צו שטעלן אָט די ליטעראַרישע פאָרעם־טערמינען אונטער אַ צייכן פון הפקר, יעדער זאָל זיי קאָנען אָנווענדן ווי אים גלוסט זיך.

מיט מער רעכט ווערט שוין די שירת דבורה, אין שופטים, אָנגערופן אַן עפּאָס. דער דאָזיקער עקזאַלטירטער שיר, מיט אַלע אַרומיקע היסטאָרישע געשעענישן וואָס האָבן אים אינספּירירט, פאַרמאָגט טאַקע תוכיקע אייגנ־שאַפטן פון אַן עפּאָס — אַ חוץ דעם אָביעקטיוו־דערציילערישן טאָן וואָס איז דער קען־צייכן פון די פאָלקס־עפּאָפּייען פון דער ליטעראַטור. דער גרויסער נאַציאָנאַלער נצחון וואָס דער הימלישער סטראַטעגיקער, דער גאָט פון ישראל, האָט צו אים דערפירט; דאָס אָנקומען אויפן שלאַכט־פעלד פון די מלכים פון כנען מיט זייערע חיילות; דאָס אַראָפּנידערן פון ברק מיט צען טויזנט מאַן פון באַרג תבור; די פולשטענדיקע מפּלה פון סיסראָס אַרמייען; סיסראָס אַנטרינונג פון שלאַכטפעלד; דער אַטענטאַט פון יעל, דאָס ווייב פון חבר דעם קני (קייני); די מוטער פון סיסראָ וואָס קוקט אַרויס מיט מאַמעשער אַנגסט, דורכן פענצטער, אויפן אַהיימקומען פון איר זיגערישן זון: „וואָס זאַמט זיך זיין רייטוואָגן? וואָס שפּעטיקן זיך די טריט פון זיינע געשפּאַנען?“ — אַפילו די שטערן אין הימל האָבן מיטגעהאָלפן אין דער מלחמה אויף דער זייט פון די בני ישראל; דער אַלטער טייך קישון האָט אויך צוגעטראָגן צו דעם יידישן נצחון, מיט זיין פאַרשווענקען די שונאים פון ישראל אין

זיינע וואַסערן, ווי אַמאָל דער ים־סוף האָט עס געטאָן מיט די מצריים.

אַן עפּישער דיכטער פון האָמערישן קאַליבער וואָלט פון אַזאַ „אַנסאַמבל" אויפגעשטעלט אַן עפּאָפּייע וואָס וואָלט אפשר פאַרטונקלט די איליאַדע. אָבער דבורה און ברק בן אבינועם, אָדער דער היסטאָריקער פון שופטים — זענען דאָ נישט אויסן צו פאַראייביקן דעם היסטאָרישן עפּיזאָד אין אַ מאָנומענטאַלן עפּאָס אויפן האָמערישן שטייגער. זיי ברויזן אויף מיט אַ ספּאָנטאַן ליידנ־שאַפטלעך און דערהויבן געזאַנג, אַ באַפליגלטע שירה פון שבח והודיה צו גאָט, דורך וועמענס גנאָד, יידן האָבן זיך דערלעבט אַ זיג איבער זייערע פיינט.

דערוועק דיך, דערוועק דיך, דבורה,
דערוועק דיך, דערוועק דיך, רעד געזאַנג!
טוט לויבן גאָט!
הערט איר, מלכים, פאַרנעמט איר, פירשטן,
איך, צו יהוה וועל זיך זינגען,
איך וועל שפּילן צו יהוה דעם גאָט פון ישראל.

(שופטים, ה׳, יהואַש איבערזעצונג)

די שירת דבורה איז אַ פּרעכטיקער מוסטער פון תנ"כישער פּאַניגיריק — נישט געאַכט אויף דעם וואָס כלערליי העלדישקייטן, און דווקא מיט אַן עפּישן תוכן, ווערן דאָ פאַרגעפירט. די דאָזיקע פלאַמיקע שירה באַטאָנט די גבורה פון גאָט, דעם אמתן נצחון־ברענגער. קיין איינציקער מענטש־העלד ווערט דאָ נישט גלאָריפיצירט ווי דער זיגערישער אויפטוער, אופן שטייגער פון די העלדן־לידער ביי די אומות העולם.

* * *

די תנ"כישע פּאָעזיע איז בטבע ליריש־סוביעקטיוו, אָנגעלאָדן מיט אַ טיפן אינעווייניקסטן פּאַטאָס, און שלאָגט ווי אַ באַרג־שטראָם מיט אַ געוואַל־דיקן עמאָציאָנעלן אימפּעט. די תנ"כישע פּאָעזיע איז אַלע מאָל אין כאַראַק־טעריסטישן געמיט פון לאַמענטאַציע (טרויערגעוויין), אָדער פּאַניגיריק (לויב־ליד). מוסטערן פון לאַמענטאַציע זענען ירמיהוס קלאָגן איבער דעם חורבן פון ציון; דאָס קלאָגליד פון דוד אויף שאול און יהונתן און די געפאַלענע גיבורים:

## משה וויטיעס

וי זענען די גיבורים אין מלחמה געפאַלן —
יהונתן אויף דיינע הייכן דערשלאָגן!
מיר קלעמט נאָך דיר, יהונתן מיין ברודער,
ליב געווען ביסטו מיר זייער;
וואונדערלעך געווען איז דיין ליבשאַפט צו מיר
מער ווי די ליבשאַפט פון ווייבער.

ווי זענען די גיבורים געפאַלן,
און אונטערגעגאַנגען די וואָפן פון מלחמה!

(שמואל ב׳, א׳, יהואָש איבערזעצונג)

ביישפּילן פון פּאַניגיריק זענען אָז ישיר, שירת־דבורה, חנהס דאַנק־תפילה צו גאָט, דאָס יובלגעזאַנג וואָס די פרויען האָבן געזונגען אין די גאַסן, ווען שאול און דוד זענען זיגרייך אַהיימגעקומען פון זייער מלחמה מיט די פלישתים.

פּאַניגיריקס זענען עקזאַלטירטע, הויכבאַפליגלטע אויסדרוקן פון באַ־גייסטערטן לויב און אָפּשאַצונג. זיי זענען קאָנצענטרירט, קורצגעפאַסט און ווי עלעקטריש געצונדן מיט איבערפלייצנדיקע יחידישע געפילן. זיי האָבן נאָר אָ ווייטע קרבות מיט דעם באַלאַדישן העלדנליד וואָס — חוץ שבחים פאַרן העלד — שטיצט עס זיך אויף פעסטע יסודות פון דערציילונג, און איז אָנגעשטימט צו דעם רואיקן מעשה־טאָן פון „אַמאָל־איז־געווען״.

לאַמענטאַציעס אונטערשיידן זיך נישט פיל פון פּאַניגיריקס. אויך אין זיי ווערן אויסגערעכנט די מעלות און אויפטואונגען פונם געפאַלענעם העלד; דאָ ווערן זיי באַטאָנט מיט טיפן נשמה־צער און האַרצגעוויין. אַנדערש ווי אין עפּישן העלדנליד וואו דער דיכטער פּאָעטיזירט וועגן אַ האַלב־פיקטיווער, לעגענדאַרישער פיגור, איז דער לאַמענט אַ קלאָגליד אויף אַן „אייגענעם מענטשן״, וועמען דער מקונן איז מספּיד, ווי אַן אינטימען פריינט, וואָס ער האָט אים ליב געהאַט אהבת־נפש, און פון וועמען ער איז, דורך דער טראַגיק פון טויט, אויף אייביק אָפּגעריסן געוואָרן.

* * *

דער עפּאָס — אין איבערגעזאָגטן סך־הכל — איז ראשית כל, לויט זיין פאָרעם, און לויט זיינע קלאַסישע מוסטערן, אַ גרויספאַרנעמיק מעטריש

געזאַנג; אַ מאָנומענטאַלע, פּערז־געשמידטע שאַפונג, ווי אַ ריזנפויגל מיט ברייט צעפּאָכטעטע פליגל אין פעדערפאַרביקער פּראַכט. לויט זיין תוכן — אַ פּאָעטישער סיפּור אויף אַ נאַציאָנאַל־היסטאָרישן מאָטיוו, מיט אויסטער־לישע עפּיזאָדן, פּלאַ־פּלאַימדיקע פאַרלויפעניששן און גוואַלדאָוונע העלדישקייטן פון אַ לעגענדאַרישן שטאַמהעלד.

דער יידישער זשאַנער, ווי זיין ליטעראַרישע אַנטפּלעקונג אין די כתבי־הקודש גיט אונז צו זען, בייגט זיך ניט צו דערציילערישע שירים. דער יידי־שער שיר איז אין זיין כאַראַקטעריסטישן עצם ליריש־עמאָציאָנעל. די יידישע פּאָעטישע שטים הייבט זיך אויף אין געזאַנג אונטערן דרוק פון אַ שטאַרקן געפיל־ברויז, וואָס פאַרכאַפּט און באַהערשט די גאַנצע נשמהדיקייט פון דעם משורר. דעמאָלט באַקומט זיך אָדער אַ האַרץ־ברעכנדיק יאָמערליד, אַ נאוד של דמעות — אַ לאָגל מיט טרערן — אַ קינה וואָס גייט אויף צו די הימלען, און ווערט, צוליב איר שלימותדיקער עקספּרעסיע פון השתפכות־הנפש און צער, אַ „מן־המצר״ אויסגעשריי פאַר אַלע צייטן, אַ בכיה לדורות; — אָדער אַן עקסטאַטישער הויכגעשטימטער מזמור־שיר פון לויב, יובל־געשאַל און דאַנק־זאָגונג, אָפּטמאָל באַגלייט מיטן ריטם פון טאַנץ, פייקל און טרומפּייט. דער תנ״כישער שיר בריל ט ווי אַ לייב, וואָרקעט ווי אַ טויב, ברומט ווי דער ים, אָדער יאָמערט מיט דעם געוואָוי פון מדבר ווינטן. ער נעמט קיינמאָל נישט אָן אַ ניכטערן מעשה־טאָן, אין קילער, „נאָרמאַלער״ טעמפּעראַטור — און דערצו אַ טאָן וואָס דיסציפּלינירט זיך אין פערזנמאָס, משקל און טאַקט. „פּאָעזיע איז פאַרן סעמיטישן גייסט געזאַנג און ליד, און טאַקע בלויז געזאַנג און ליד; ס׳איז קיינמאָל נישט געווען קיין נאַראַטיווע פּאָעמע אין דער סעמיטישער ליטעראַטור״. (פּראָפעסאָר דאָנקאַן בלעיק מעקדאָנאַלד, „דער יודאַישער ליטעראַרישער זשאַנער״).

דער חשובער פּראָפעסאָר וואָלט געווען נעענטער צום גאַנצן אמת — אין דעם ערשט־געבראַכטן ציטאַט — ווען ער וואָלט באַגרענעצט זיין באַ־מערקונג צו דער יידישער אָנשטאָט דער „סעמיטישער״ פּאָעזיע. מיר האָבן שוין אַן אַרכעאָלאָגיש אַנטדעקטן עכטן עפּאָס פון אַלטן בבל, גילגאַמעש, איבערגעזעצט פון דער פאַרצייטיקער היראָגליפישער שריפט, און אַן עפּאָס פון די כנענים, אכהאט. ביידע עפּאָפּייען טראָגן די נעמען פון די הויפּט העלדנפיגורן. אין דעם באַבילאָנישן עפּאָס קעמפן גילמאַניש און זיין פריינט ענקידו מיט דער געטין אישטאר (אשתרות). די שטערבלעכע העלדן שטייגן הויך אַריבער מאָראַליש איבער דער געטלעכער זונה — אָבער זי איז זיך נוקם אין זיי און קומט אַרויס — ווי אַלע מאָל די געטער אין אַ פאַרמעסט

מיט זייערע מענטשלעכע ווידערשפּעניקערס — די זיגערין. די געטער קאָן מען פאַר קיינעם נישט אָנקלאָגן — אַ חוץ אפשר פאַרן מענטשלעכן שכל. . . .

* * *

די תנ״כישע פּאָעזיע איז אַ דורכאויסיק לירישע. זי דריקט זיך קיינמאָל נישט אויס, ווי געזאָגט, אין גלאָסענעם, דערציילערישן געמיט פון אַ סיפּור־המעשה. דאָ באַמערקן מיר אַ רייך־יידישע ליטעראַרישע כאַראַקטעריסטיק. בלויז די יידן צווישן די פעלקער האָבן נישט אַרויסגעבראַכט קיין עפּיש־נאַראַטיווע העלדנשירים. איינציקע אויסנאַמען זענען די כינעזער — וועמענס קולטור האָט נישט אויפגענומען דעם גייסט פון אינדיווידועלער הערױאיק; און די עגיפּטער — ווייל זייערע פּרעהס וואָס האָבן זיך אַליין געהאַלטן פאַר געטער האָבן נישט פאַרטראָגן קיין פאָלקסהעלדן — וואָס האָבן אויך נישט געשאַפן קיין עפּישע פּאָעזיע.

די קנאַפּ־באַהאַוונטע — סיי אין יידישקייט, סיי אין ליטעראַטור — כדי צו באַווייזן אַז אויב די „גויים״ האָבן צוגעטראָגן עפּעס פון ליטעראַרישער חשיבות איז עס שוין ביי יידן געווען פון אַפריער, נאָך אין אַ בעסערער און שענערער פאָרעם, וועלן זיך אַמפּערן אַז די שירת־דבורה, אָז־ישיר, און טייל מגילות, זענען דווקא יאָ יידישע עפּאָפּייען. אָבער דער נאַקעטער אמת סטאַרטשעט פאָרט אין די אויגן, אַז קיין מעטרישע, לאַנגאַטעמדיקע, אָביעקטיוו־דערציילערישע עפּאָפּייען, אויפן שטייגער פון די פּאַגאַנישע מוסטערן, זענען נישט בנמצא אין דער תנ״כישער, נאָך־ביבלישער, און אפילו נישט אין דער מיטלעלטערלעכער און מאָדערנער יידיש־ליטעראַרישער שאַפונג! ווי שוין פריער באַמערקט, איז דאָס לויבגעזאַנג צום באַשעפער, אָדער צום זיגערישן קריגספירער, און דאָס קלאָגליד אויף אייגענעם אָדער נאַציאָנאַלן בראָך, די שליסל־מאָטיוון פון דער תנ״כישער פּאָעזיע, וואָס איז תמיד־אויס ליריש באַהויכט. אַפילו די הערלעכע נאַטור שילדערונגען פון תנ״ך זענען דורכגענומען מיט אַ ליריש־רעליגיעזן פּאַטאָס — וואָרעם די פענאָמענאַלע נאַטור איז נישט סתם אַ גורם פאַר פּאָעטישער התפעלות, נייערט זי איז, אין איר גאַנצער פּראַכט, אַן אַנטפּלעקונג פון דער אַלמאַכט, פון דער חכמה און הוד־והדר פון דעם בורא עולם.

דער לשון־קודשדיקער משורר פון תנ״ך רעאַגירט אויף אַלע הויפּטמאָמענטן אין נאַציאָנאַלן ווי אין יחידישן לעבן — אָבער תמיד ליריש־עמאָציאָנעל. זיין ליריק האָט אויסגעשעפּט אַלע מעגלעכקייטן פון אָט דער

פּאָעטישער בחינה: איכישע, דראַמאַטישע, יובלדיקע, דידאַקטישע און קינה־ליריק. אַפילו די שטים פון דער חכמה און מוסר האָט אָנגענומען אַ ליריש־פּאָעטישן טאָן.

די פּראָזע זעט אויס צו זיין דער דאַנקבאַרסטער זשאַנר פאַר דעם חומש־דערציילער און תנ״כישן כראָניקער. אין דער דערציילערישער פּראָזע איז ער דווקא אַן ערשטקלאַסישער באַריכטלער, פּאַרצייכנער, און אָביעקטיווער איבערגעבער. די לעבנסגעשיכטע פון דודן, למשל, די באַשרייבונג פון זיין אויפקום פון אַן אָרעם פּאַסטוך־ייִנגל ביז זיין שפּעטערדיקער גדולה פון אַ קעניג און מיליטערישער פירער; דאָס ליכט און שאָטן פון זיין כאַראַקטער; זיינע נצחונות פאַרן פאָלק; זיין פאַרזינדיקן זיך קעגן דער מאָראַל, ווי אין דער מעשה בת־שבע; זיין מאַגנעטישע און פון פאָלק־באַליבטע פּערזענ־לעכקייט — דאָס איז לכל הדעות מייסטערישע, היסטאָריש־ביאָגראַפישע פּראָזע. „מיר דאַרפן אין זינען האָבן, ביים באַוואונדערן דעם חן און די קראַפט פון זיין שרייבן, אַז אָט דער אומבאַקאַנטער תנ״כישער ביאָגראַף־כראָניקער פון דודס לעבן, איז געווען פון די סאַמע ערשטע היסטאָרישע שרייבערס. ער האָט געלעבט אַרום פינף הונדערט יאָר פאַר העראָדאָטוסן — ווען מ׳באַצייכנט ווי דעם פאָטער פון די היסטאָריקערס. און אַז ער, דער דער־ציילער פון תנ״ך, האָט אין זיין צייט נישט געהאַט קיין שום מאָדעל פאַר זיך, נאָכצושרייבן. פאַקטיש איז די קונסט פון געשיכטלעכן שרייבן נאָך נישט געהאַט באַקאַנט געווען אין יענער תקופה. דעריבער מעג אים באמת צוגעטיילט ווערן דער כבוד ער זאָל טיטולירט ווערן ווי דער איניציאַטאָר און גרונטלייגער פון אָט דעם ליטעראַרישן געביט״. (מערי עללען טשייס: „די ביבל און דער דורכשניטלעכער לייענער״).

ס׳טרעפט אַז דער תנ״ך־דערציילער ווערט מיטאַמאָל אַליין מיטגעריסן מיט דער פּאַטעטיק פון זיין העלד. דעמאָלט גייט ער פּלוצלינג איבער אין געזאַנג. ער שטעלט זיך אָפּ אין מיטן פון זיין דערציילערישן אָנגאַנג און צעזינגט זיך, פון זיין אייגענעם אויפגערירטן מיטגעפיל, מיט זיין העלדס מערכה. אָפּגעזונגען זיינס, לייגט ער אַוועק זיין לירע, נעמט צוריק די פעדער פון אַ באַדאַכטן פּראָזאַאיקער, הייבט אויף דאָס נאָכגעלאָזטע שנירל פון זיין רעפּאָרטאַזש, און שפּינט ווייטער דאָס מייסטערישע געוועב פון זיין דער־ציילונג.

* * *

מ׳דאַרף תמיד געדענקען, ווען דער מדובר איז וועגן די קונסט־גע־

שטאַלטונגען אין די פּאַליטעאיסטישע קולטורן פון די היידנישע פעלקער פון אַלטערטום, אַז די יידישע השקפה איז געווען לגמרי אין סתירה צו דעם געצנדינערישן איינשטעל. ממילא האָט די יידישע אמונה אויך אַנדערש באַווירקט די קונסט און ליטעראַטור ביי יידן. „סיני און אָלימפּוס", „רוים און ירושלים", „העלעניזם און העברעאיזם" — פּאַראַלעליקע קולטור־שטראָמען אין דער געשיכטע פון ציוויליזאַציע — האָבן נישט גלייכווערטיק משפּיע געווען אויף די ליטעראַטורן. דאָס היידנטום האָט אָפּגעדרוקט זיין באַזונדערן חותם אויף דער ליטעראַטור און קונסט פון דער אַלטער וועלט. אויסצומיידן און זיך דערווייטערן פון אַלץ וואָס קערט זיך אָן מיט דער „עבודה־זרה", איז דאָס הויפּט־געבאָט פון דער תורה, וואָס די חז"ל, אין שפּעטערע דורות, האָבן באַפעסטיקט און באַקרעפטיקט.

ווי די פריע גריכישע דראַמע, וואָס האָט סצענירט די לעבנסגעשיכטעס פון די געטער, מיט דער באַטייליקונג פון די דאָזיקע געטער, ווי ראַליסטן, אין די פאָרשטעלונגען, אַזוי איז אויך דער אַלטערטימלעכער עפּאָס זיך סומך אויף געטער, און אַנדערע סימבאָלישע פאַרקערפּערונגען פון נאַטירלכע כוחות. איז קלאָר, אַז דעם יידישן גייסט זאָל אַזאַ מין פון דער עבודה־זרה־אינספּירירטער ליטעראַטור, מילד גערעדט, זיין פאַרמיאוסט און דערווידער. ס'איז דעריבער פאַרשטענדלעך אַז די יידישע דיכטערס און וואָרט־קינסטלערס זאָלן זיך אָפּקערן פון אַזעלכע פאָרמען ווי פון אַ ליטעראַרישן „תועבת" — אַן אומווערדיקייט.

אַ צווייטער שטריך פון דעם עפּאָס — אַ חוץ די פאַרמענטשלעכונג פון די געטער — איז די פאַרגעטערונג פון מענטשלעכע העלדפיגורן. דער שטראַליקער העלד, באַפרייער, קריגער און וואונדער־באַווייזער, שטייט אין צענטער פון יעדן עפּאָס, און אָן אַ העלד איז נישט שייך קיין העלדנליד. „הגם אַ שלל פון היסטאָרישע זכרונות, און אַן אוצר פון נשמה־רעגיקע לעגענדעס זענען געלעגן אָנגעהויפט אין דער שאַצקאַמער פון דער יידישער געשיכטע און ליטעראַטור, איז אָבער קיין הערדאָאישע פּאָעמעס פון קיין שום טייל פון דעם אַלעמען נישט אויפגעבויט געוואָרן. דער שטרענגער גייסט פון יידישן מאָנאָטעאיזם האָט נישט דערמעגלעכט דעם אויפקום פון העלדנ־פאַרגעטערונג — וואָס אָן דעם קאָן קיין אמת עפּישע פּאָעזיע נישט געמאָלט זיין". (ראַביי דר. ה. ברוידי, באַנד 5, זז. 193; „דזשואיש ענציקלאָפּעדיע").

אין דער פאַרהייליקטער טראַדיציע פון דער יידישער אמונה איז דער גיבור־מלחמה פאַר דעם פאָלק ישראל — דער באַשעפער אַליין: („הקב"ה עשה להם ניסים וגבורות"). דער כביכול שטרעקט אויס זיין מעכטיקן

אָרעם אין די מלחמות פון די יידן און שלאָגט זייערע שונאים. די יידישע העלדן פון תנ"ך זענען שלוחים, וואָס דער גייסט פון גאָט רוט אויף זיי, צו קענען פירן דאָס פאָלק, און קעמפן פאַר אים זיין גערעכטן קאַמף. אין תנ"ך ווערט דערמאָנט אַ „ספר מלחמות ה׳" — אַ כראָניק פון די יידישע מלחמות, וואָס זענען אין פאָלקס־באַטראַכט „די מלחמות פון גאָט". משה, דער געזעצ־געבער, תורה־ברענגער און קריגספירער האָט, אין אַלע זיינע ריזיקע פאַר־דינסטן פאַרן פאָלק, מער ניט ווי אויסגעפירט די דירעקטיוון פונם גאָט פון ישראל. אין איין פאַל, ווען ער האָט, להיפוך גאָטס באַפעל, צו רעדן צום שטיין, אים אויף אייגענער איניציאַטיוו אַ קלאַפּ געטאָן מיטן שטעקן ער זאָל געבן וואַסער, איז דאָס משהן פאַררעכנט געוואָרן ווי אַ שווערע זינד. דאָך איז משה, דער „איש אלוהים", דער געטלעכער מענטש, פון די יידן נישט פאַרגעטערט געוואָרן. זיין עניוות ווערט באַטאָנט ווי זיין גרעסטע מעלה. זיין רירנדיק מענטשלעך־טראַגיש „ואתחנן"־געבעט צו גאָט, ער זאָל אים לאָזן כאָטש דערלעבן צו זען און באַטרעטן דאָס צוגעזאָגטע לאַנד, איז אין שאַרפסטן קאָנטראַסט צו די פּאַגאַנישע קריגער־העלדן, וואָס זיינען רואיק מקבל זייער גורל פון שטאַרבן אין גלאָררייכן קאַמף, מיט אַ זיכערער באַוואָ־רעניש פון אַ גליקלעכן וואַלהאַלאַ אויף יענער וועלט.

די גרעסטע עפּישע געשעעניש אין דער יידישער געשיכטע איז די באַפרייאונג פון די יידן פון מצרימשער הערשאַפט. אין דער דאָזיקער גראַנ־דיעזער עפּאָפּייע פון יידישן נאַציאָנאַלן אויפקום, איז דער אמתער העלד, דער אויסלייזער, צייכנגעבער, וואונדערטוער און נקמה־נעמער אין די באַ־דריקער, דער בורא אַליין. „ויוציאנו ה׳ ממצרים, לא על ידי מלאך ולא על ידי שרף, ולא על ידי שליח, אלא הקב"ה בכבודו ובעצמו" — און גאָט האָט אונז אַרויסגעצויגן פון מצרים נישט דורך אַ מלאך, און נישט דורך אַ שרף, און נישט דורך אַ שליח, נאָר דער הייליקער־געבענטשט איז ער אַליין, דורך זיין סאַמע אייגענער פּערזענלעכער באַמיאונג.

די רביים און צדיקים זענען פאַרהייליקטע „העלדן" פון דער חסידישער אגדה. דאָך זענען די „מופתים" פון די גוטע־יידן אויפגענומען געוואָרן פון די חסידים נישט ווי וואונדער־מעשים וואָס זענען באַוויזן געוואָרן „מיטן רבינס כוח", נאָר דורכן חסד און רחמים פון גאָט־ברוך־הוא אַליין. די בראַצלאַווער און אַנדערע חסידים פלעגן, פאַרן דערציילן סיפורי־צדיקים, זאָגן אַ לאַנגע תפילה: „רבונו של עולם, אתה האל עושה פלא, ואתה עושה נפלאות בכל דור ודור, על ידי הצדיקים האמיתים שבכל דור — — — למלא פי תהלתם כל היום, כי תהלתם היא תהלתך ותפארתם היא תפארתך"...

(האַר פון דער וועלט! דו ביזט דאָך דער גאָט וואָס באַווייזט וואונדערלעכקייט דורך די אמתע צדיקים פון יעדן דור — — — זאָל מיין מויל פול זיין מיט זייער לויב אַ גאַנצן טאָג, וואָרעם דער לויב פאַר זיי איז דאָך באמת צו דיר דער לויב, און זייער הערלעכקייט איז דאָך באמת דיין הערלעכקייט. (ציטירט פון יצחק רפאל וורפל אין „פון די קוואַלן פונם חסידישן פאָלקלאָר").

די יידישע טראַדיציע ווייסט נישט — און וויל נישט וויסן — פון קיין יידישן גילגאַמעש, ראַמאַ־ווישנו, העקטאָר, פּאַטראָקלוס, אָדיסעאוס, בעאָוואולף אָדער וואינאַמאָינען — מענטשן ווי געטער און געטער אין מענטשנ־געשטאַלט — וואָס זאָלן מאָנומענטאַליזירן דעם כוח־הקיום, די גבורה און גלאָריע פון דער יידישער געשיכטע, פון דעם יידישן פאָלקסגייסט.

* * *

אין די נאָך־ביבלישע תקופות זענען אויך קיין יידישע עפּאָפּייען נישט פאַרפאַסט געוואָרן. דער קירך־היסטאָריקער אייסעביוס האָט אויפגעהיט אַ פּאָר עפּישע פראַגמענטן פון העלעניזירטע יידישע דיכטער פון דער אַלעק־סאַנדרישער עפּאָכע. דאָס זענען האַמעטנע אימיטאַציעס נאָך דער איליאַדע, אויף יידישע טעמעס. די דאָזיקע ליטעראַרישע קוריאָזן זענען גיכער ראיות אויף דער בולטער השפּעה פון דער העלענישער קולטור אויף דער אַלעק־סאַנדרישער יידישער אינטעליגענץ, איידער סימנים פון יידישער שאַפונג אויפן עפּישן געביט.

שרייבערס ביי יידן, סיי בעלי־אמונה, סיי וועלטלעכע, האָבן אין אַלע עפּאָכעס אויסגענוצט פאַר זייערע ליטעראַרישע צוועקן די דראַמאַטישע, ראָמאַנטישע און היסטאָרישע סוזשעטן, וואָס זיי האָבן באַצויגן פון דעם גאָלדגראָבן פון דער יידישער לעגענדע, תנ"ך און געשיכטע. אַלערליי ווערק זיינען פאַרפאַסט געוואָרן אויף די טעמעס פון דער עקדה, יציאת מצרים, מכירת יוסף, ירמיהו און דעם חורבן ירושלים, אליהו הנביא, יונה, שמשון הגיבור, אסתר המלכה, די חשמונאים, די עשרה הרוגי מלכות, חנה מיט די זיבן זין. אָבער איך ווייס נישט פון קיין איין פאָעמע צווישן די דיכטונגען געשטיצט אויף אָט די טעמעס, וואָס זאָל ווערט זיין דעם נאָמען עפּאָפּייע.

אין פאַרלויף פון אַלע יאָרהונדערטער פון מיטאַלטער האָבן יידישע דיכטער נישט מחבר געווען קיין איין רעכטן עפּאָס. די ליטעראַרישע כראָניק דערמאָנט אַ פאַרמעסט אויף אַן עפּישן שיר, „אילת אהבים", פון שלמה דע אָליווערא (אַמסטערדאַם, 1665). אַ צאָל שירים בדרך עפּאָס

זענען דערשינען אין 18טן און 19טן יאָרהונדערט, ווי נפתלי הערץ וויזלס „שירי־תפארת", אַן עפּישער שיר, אין פינף חלקים, אויף דער טעמע פון יציאת מצרים (בערלין, 1789). דער שיר, אַ נאָכמאַכונג נאָך קלאָפּשטאָקס „מעסיאַדע", איז אַ שיין־מליצהדיקע קאָמפּאָזיציע, אָבער פון קנאַפּן פּאָעטיש־קינסטלערישן ווערט. אַ צווייטער עפּישער פּרואוו פון יענער תקופה איז שלום כוהנס „נר דוד", אַרום דער געשטאַלט פון דוד המלך (ווין, 1834). די משכילישע אינטעליגענץ האָט זיך דעמאָלט געקוויקט מיט די דאָזיקע „עפּאָפּייען" אַלאַ האָמער, וואָס האָבן דער יונגער העברעאישער פּאָעזיע צוגעגעבן אַן אייראָפּעאישן ככל־הגוימדיקן גלאַנץ. שפּעטער זענען דערשינען ענלעכע פּאָעמעס, ווי בער שלעזינגערס „החשמונאים" (פּראָג, 1817); שמואל מאָלדערס „ברוריה" (אַמסטערדאַם, 1825); זיסקינד ראַשקאָווס „חיי שמשון" (ברעסלאָו, 1824); גבריאל פּאָלאַקס „קיקיון דיונה" (אַמסטערדאַם, 1853); הירש וואַסערטרילינגס „אדרת אלישע" (ברעסלאָו, 1857). מיט דעם פּאָעטישן סך הכל פון די דאָזיקע העברעאישע שאַפונגען איז נישטאָ צופיל זיך צו גרויסן; און ווי ליטעראַרישע עפּאָפּייען, לויט די מוסטערן אין אַנדערע שפּראַכן, קומען זיי קוים אין באַטראַכט.

די העברעאישע פּאָעזיע פון אָנהויב דעם השכלה פּעריאָד פאַרמאָגט אַ צאָל שירים, מיט אַן עפּישן קאָלאָריט — אָבער ווי אויף צייטיקע עפּישע פּירות קאָן מען אויך איבער זיי קיין ברכה נישט מאַכן. צו יענעם מין געהערן די וואוילע פּרואוון פון דעם פיינעם ליריקער, איבערזעצער, אָבער שוואַכן עפּיקער מיכה יוסף לעבענזאָן: „נקמת שמשון" און „יעל וסיסרא". ער האָט דעם פאַרדינסט פון איבערזעצן אין העברעאיש ווירגילס באַרימטן עפּאָס עאַנידע, לויט שילערס דייטשער ווערסיע. אַנדערע פאַרמעסטלערס אויף עפּישן זשאַנר, פון יענעם דור, זענען קאָנסטאַנטין (אבא) שאַפּיראָ, שלמה מאַנדעלקערן („בת שבע", „שגיון לדוד") וועמענס ווערק הייבן זיך נישט אַריבער די פּרואוון פון זייערע מיטצייטלערס. פון דער שפּעטערדיקער השכלה צייט פאַרדינט דערמאָנט צו ווערן י. ל. גאָרדאָנס „אהבת דוד ומיכל" (ווילנא, 1856) און אַנדערע פון זיינע ווערק, ווי אויך די מיט עפּישן גייסט אָנגעהויכטע שירים פון חיים נחמן ביאַליק און שאול טשערניכאָווסקי.

וועגן די מאָדערנע ישראל־דיכטערס אין שייכות צו עפּאָס־שאַפונג לאָזט זיך גאָר נישט זאָגן, צוליבן פּשוטן טעם ווייל זיי, ווי היינטצייטיקע דיכטערס ביי די אומות העולם, שרייבן נישט קיין עפּאָפּייען. היוצא לנו מדברינו — קיין אמתע עפּאָפּייען, אַפילו קיין לייטישע כמו עפּאָפּייען, האָט די העברעאישע מוזע, זינט דעם אָפּשלוס פון תנ"ך, נישט אינספּירירט.

* * *

די ליטעראַטור אויף יידיש־לשון איז, אין פּרט פון עפּאָס, אַ געטרייע נאָכפאָלגערין נאָך איר העברעאישער שוועסטער.

מ׳קאָן אָנווייזן אויף די וויקל־יאָרן פון דער יידישער ליטעראַטור, ווען די מיטלעלטערלעכע יידישע וואַנדערזינגער פלעגן אויסזינגען ראָמאַנטישע העלדנלידער, קודם נאָך פרעמד־שפּראַכיקע מוסטערן, וואָס זענען דעמאָלט אין דער מאָדע געווען, און שפּעטער אויף ביבלישע טעמעס, שוין מיט אַן אייגענעם נוסח. דאָס שמואל־בוך וואָס שטאַמט פון 15טן יאָרהונדערט פון אַן אומבאַקאַנטן דיכטער, איז דער וויכטיקסטער היסטאָרישער איבערבלייב ביי אונז, פון יענעם מין העראָאיקא. נאָך די טרובאַדורן פון די שמואל־בוך באַלאַדן האָבן אַנדערע דיכטער־זינגערס נאָכגעדיכטעט און געזונגען העלדנ־לידער אַרום תנ״כישע פיגורן און עפּיזאָדן. די דאָזיקע לידער זענען דורכ־געדרונגען מיט אַ הייסן פּאַטאָס און אַ ראָמאַנטישער גלאָריפיצירונג פון די יידישע טראַדיציאָנעלע העלדנפיגורן.

אַ העראָאישע ראָמאַנטיק שלייערט אַרום די ביבליש־עפּישע געשטאַלטן אין יענע פריע געזאַנגען און דיכטונגען אויף יידיש־טייטש, אינם אויפ־שפּראָץ פעריאָד פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור. יענע העלדנ־געזאַנגען, אויף תנ״כישע סוזשעטן, שטעלן מיט זיך פאָר דעם יידישן צושטייער צו דער העראָאישער סאַגאַ און באַלאַדן־ליטעראַטור פונם פעאָדאַלן מיטל־אַלטער. דאָס איז אויך דער נאָענסטער יידיש־ליטעראַטישער באַריר מיט די קלאַסישע פאָלקס־עפּאָפּייען פון הייַנטיקע צייטן, און מיט די קינסטלערישע עפּאָסן פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור.

* * *

אויך די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור ווייס נישט פון קיין עפּאָפּייען צו זאָגן. ס׳איז אַן איינרעדעניש ביי טייל יידישע דיכטערס אַז מיטן אָנשרייבן אַ לאַנגע פּאָעמע אין בוכפאָרמאַט וועלן זיי האָבן מחבר געווען אַ „גרויס״ ווערק, וואָס וועט זיי ביישטיין ווי אַ שטאַרקער זכות גיכער אָנצוקומען אין ליטעראַרישן גן־עדן אַריין. דער טעות ליגט דאָ אין דעם באַגריף „גרויס״ — אַזוי ווי הוילע פראַפּאָרציע אַליין וואָלט שוין פאַרזיכערט קינסטלערישן דערגרייך. און וואָס שייך אָנרופן אַזאַ אויסגעצויגענע איבערגעוואַקסענע פערזיפיקאַציע, אין ווערטערלעכן זין, „עפּאָפּייע״, איז דער פאַרגלייך דאָ ווי

דער אָנווענד פון דעם וואָרט־בילד „גיגאַנט" אויף אַ הויכן, ברייטביינערדיקן פּאַרשוין.

פּאַראַן דערציילערישע פּאָעמעס אין דער יידישער ליטעראַטור ווי פּרוגס „הויפן ערד", פּרצס „מאָניש". דאָס זענען נאַראַטיווע פּאָעמעס, אָבער זיי ווערן ביי אונז באַטראַכט פאַר עפּיש בלויז דערפאַר וואָס זיי זענען נישט קיין לירישע לידער, פאַרמאָגן מער סטראָפן ווי אַ געוויינלעך ליד, און וואָס זיי האָבן עפּעס צו דערציילן. פון אַ פיינערן ליטעראַרישן קאַליבר זענען די באַלאַדן לידער פון מאַני לייבן, מ. ל. האַלפּערן, יהואש. נאָך מער אַמביציעזע פאַרמעסטן זענען י. י. שוואַרצס „קענטאָקי", ה. רויזענבלאַטס „ליים" און „רודעס", און מנחמס „דער גייער". די צוויי לעצט־דערמאָנטע פּאָעמען האָט איין יידישער קריטיקער באַצייכנט ווי „זעלטענע אָדיסייעס", פּראַכט־מוסטערן פון „דעם יידישן עפּאָס". ניט וועלדניק מינערן פון די מעלות פון אָט די פּאָעמעס מוז מען דאָך אָננעמען דעם חשובן קריטיקערס עפּיטעט ווי אַ נאַאיווו־מליצהדיקן קאָמפּלימענט.

אויב „דער גייער" איז אַן „אָדיסייע" איז דאָך מנחם אַ האָמער. . . . מיר פאַרמאָגן אַ פיינע צאָל לענגערע דערצייל־פּאָעמעס, אָבער איך בין מסופק צי זייערע דיכטערס איז אַפילו איינגעפאַלן צו קאָנקורירן מיט דער איליאַדע, די אָדיסייע, ראַמאַיאַנאַ, עאָנידע, אָדער די קאַלעוואַלאַ. . . . עפּאָפּייען זענען לענגערע פּאָעמעס; אָבער אַ לענגערע פּאָעמע, מיט איר גאַנצער וואוילקייט פון אַזאַ שטייגער פּאָעמע, איז פאָרט נאָך נישט קיין עפּאָפּייע, אין דעם זין ווי די ליטעראַטור קריטיק האָט אויפגענומען אָט די פאָרעם און אָט דעם טערמין.

* * *

דער יידישער מאָנאָאיסטישער בליק אויף גאָט, וועלט, נאַטור און מענטש האָט זיך אָפּגעדרוקט אויף דער פאָלקס־פּסיכיק, און אויף דעם גייסט און דער מראה פון דער יידישער שעפערישקייט. דער יידישער פאָלקס־זשעני — אַפילו אָן דראַמע און עפּאָס — האָט אויפגעשאַפן אַ מלכותדיקן אוצר פון גייסטיקע און ליטעראַרישע גיטער. דער פּאַגאַנישער עפּאָס האָט זיך פּשוט ביי אונז ניט אָנגענומען. די סיבה איז פאַרשטענדלעך: דער דאָזיקער „קרבן" האָט זיך נישט געפּאַסט פאַר אָט דעם „מזבח". יידן האָבן אויך נישט קיין סטאַטוען און טעמפּל־אַרכיטעקטורן ווי די גריכן; קיין אַמפיטעאַטערס און מאַרמאָרענע בעדער ווי די רוימער; קיין בילדער פון געטער מיט פיל געכפּלטע הענט און קעפּ ווי די אינדוסן. דאָך ווייס איך

## משה וויטיעס

נישט אַז יידן, צוליב דעם מאַנגל אין אָט די פאָרמען, זאָלן זיך האָבן געפילט שעפעריש הינטערשטעליק לגבי דער ניט־יידישער וועלט. אויפן אָרט פון „זייער" דראַמע און עפּאָס האָבן יידן אַרויסגעהויבן נבואה, און עטיק, און דעם תנ"ך — וואָס זיין אייביקער אידייאישער תוכן איז רייך, און רייף, ליריש, דראַמאַטיש, און עפּיש גענוג אויף צו באַפרוכפּערן די ליטעראַטור פאַר אַלע צייטן.



## די דראַמע

די דראַמע איז איינע פון די חשיבות׳דיקע, באַדייטפולע און גרויס־פאַרנעמיקע, פונם לעבן אַליין באַקומענע פאָרמען, אין דער וועלט־ליטעראַטור.

איר קולטור־געשיכטע, איר אויפשטייג און עוואָלוציע פון האַלב־פרימיטיוון, געצנדינערישן צערעמאָניאַל, אין אַלט־אַלטע צייטן, ביז איר איצטיקן שטאַנד, קומט אונז צו לערנען: אַז ליטעראַטור איז גיכער אַ פּועל־יוצא פון אַ פּאַמעלעכן וואַקסן; דער סך־הכל פון אַ שטילן, אין סוד־געהילטן שאַפונג־פּראָצעס, בשותפות מיט אַ ריזיקן רבים פאָלקס־מענטשן, איבער אַ ווייטן שטח פון יאָרן, איידער אַ גרייטע פאַך־מאַנופאַקטור, אַ סתם־קאָלעקציע חיבורים פון שרייבער־יחידים.

דער עצם זין פון דראַמע — לויט דעם טייטש פון וואָרט גופא — איז אַקציע, האַנדלונג. באַוועגונג איז איר אייגנטלעכער קערן. איר צווייטע כאַראַקטעריסטיק איז אימיטירן, נאָכמאַכן.

די דראַמע איז אַנדערש פון דעם עפּאָס וואָס האָט אויך צו טאָן מיט האַנדלונג און געשעעניש: דראַמאַטישע אַקציע איז פּערזענלעך און אייגנ־טימלעך פאַר דעם בעל־צרה, וואָס איז פאַרפּלאָנטערט אין אַ סיטואַציע, וואָס ער קאָן זיך פון איר ניט אַרויסדרייען. ער ראַנגלט זיך אויף דער סצענע מיט דעם „שד״ פון זיינע פּראָבלעמען, אַזוי ווי יעקב אבינו מיטן מלאך פון גאָט — און ס׳רוב, וואָלט ער מושווה געוואָרן אַרויסצוקומען, כאָטש ווי דער פּאָטער יעקב, ניט קיין גרעסערער בעל־נזק ווי מיט אַן אויסגעלונקענעם היפט . . . אים, דעם דראַמאַטישן העלד, איז אָנגעצייכנט צו האַנדלען אַזוי און נישט אַנדערש ווייל די לאַגע, זיין כאַראַקטער, און זיין גורל באַשטימען זיין דרך. איז דעריבער די טואונג פון דעם „העלד״, זיין ווידערשטאַנד און קאַמף, נאַטירלעך און „באַשערט״ פאַר אים, אין דער נעץ פון קאָנפליקט און פאַרוויקלונג, וואָס דער דראַמאַטישער דיכטער האָט פאַר אונז אויפגעמאָלן.

פאַרקערט, די גרויס־צוגיקע האַנדלונג, די פּאַסירונגען און געשעענישן, אויף אַ ברייטן פאַרנעם, וואָס דער עפּאָס שילדערט ווי אַ דערציילערישע „מעשה שהיה,״ אין דער לעבנס־געשיכטע פון אַ גאַנצן שבט אָדער פאָלק,

פּאַראינטעריגירן אָביעקטיוו, מיט זיך אַליין — ס׳דערוועקט זיך ביים לייענער דער נייגיר צו וויסן דעם אויסגאַנג פון די געפעכטן; צי די מלחמות האָבן זיך געענדיקט מיט אַ נצחון פאַר „אונזער” צד; נאָכצופאָלגן די עטאַפּן אינם לעבן פונם פאָלק־געזעמל וואָס די עפּאָפּייע, ווי אַ פּאָעטיש־געשיכטלעכער סיפּור, וויקלט אויף.

די מעשים און דאָס סצענישע פּאָרקומען אין דער דראַמע זענען כאַראַק־טעריסטיש פאַר אירע „העלדן”; זיי, די מעשים, זענען אַ נעבן־דערשיינען אַרום דעם לעבן און צוזאַמענלעבן פון די באַטראָפענע פּאַרשוינען. די האַנד־לונגען באַקומען זיך פון דעם אויפברויז ביי מענטשן מיט איבער־געקרייצטע, צונויפגעשטויסענע אינטערעסן און עסקים; פון דעם דועל פון זייערע ווילנס, גלוסטן און אַמביציעס, וואָס מאַכן זיי בלינד, אין זייער „אהבה־עצמית”, אין זייער עגאָאיסטישן דראַנג נאָך מאַכט און דערגרייך.

די דראַמע אַנטפּלעקט אַן אומברחמנותדיקן, בראשיתדיקן סדר־העולם, לויט דעם איינשטעל פון אַ געטלעכן רצון און אַן אייביקער השגחה — ווי אין דער אַלט־גריכישער דראַמע; די שייכות פון יחיד צו דער געזעלשאַפט, ווען ער מוז זיך אונטערגעבן, און צו דער מלוכה ווען ממשלה ער מוז אויף זיך מקבל זיין — ווי אין די אינדישע און כינעזישע דראַמעס; אָדער די מרידה פון אַ מענטשן קעגן די אַלגעמיינע לעבנס־פאָרמען — ווי אין די מאָדערנע דראַמען.

די צוויי הויפּט פאָרמען פון דער דראַמע זענען די טראַגעדיע און די קאָמעדיע. אָפּצווייגן, און קאָמבינירטע טעאַטראַלע צופּאַסונגען פון די לעצטע איז די געזאַנג־דראַמע (אָפּערע), מעלאָדראַמע, טראַגי־קאָמעדיע, אָפּערע־בוף, פאַרס און בורלעסק. אָט די פאַרגענגלעכע טעאַטער־שטיק רירן ווינציק־וואָס אָן די לעגיטימע, ליטעראַרישע דראַמע, וואָס צעטיילט זיך אויך אין פאַרשיידנאַרטיקע מוסטערן:

די פּאַסטראַלע דראַמע — קעגן אַ הינטערגרונט פון פעלדער, וועלדער און פּאַשעס ווערט אידיליש געשילדערט דאָס נאַטוראַלע, דאָרפישע לעבן;

די ראָמאַנטישע דראַמע — סצענישע אויפלעבונגען דורך שפּראַך, לבוש און לאָקאַלן שטייגער פון היסטאָרישע פּעריאָדן, אָדער פאַרגאַנגענע געשע־ענישן, ווי למשל אין די שעקספּירישע דראַמען;

די סאַלאָן־דראַמע — וואו די פיגורן, דיאַלאָגן און מאַניערן זיינען פון היינט־צייטיקע, מאָדערן־געקליידטע מענטשן וואָס שפּילן אויס די צביאות, פאַלשקייטן און אינטריגעס אין די „הויכע פענסטער” פונם אויבערשטן עקאָ־נאָמישן שיכט;

די סאָציאַלע דראַמע — וואָס פאַרנעמט זיך מיט געזעלשאַפטלעכע איבלען פון דער מאָדערנער וועלט; עקספּלואַטאַציע פון די ניט־פּריווילעגירטע; יחיד קעגן שטאַט; קלאַסן־קאַמף און מאַסן־נויט.

אַזוי־אַרום איז די דראַמע, צוליב איר באַדינען דאָס לעבן אין אַלע צייטן און ערטער, צוליב אירע דערציערישע און עסטעטישע מעגלעכקייטן, איינע פון די אָנגעזעענסטע און איינדרוקספולע, אינם לעבן גופא פאַרוואָרצלטע פאָרמען, אין די ליטעראַטורן פון די פעלקער.

אין די גרויסע, ליטעראַרישע עפּאָפּייען לייענען מיר די קינסלעריש־לעגענדאַרישע געשיכטע פון אַ פאָלק און מיר כאַפּן אויף, דאָ און דאָרט, אַ וואונק, אַ רמז אויפן גייסט און כאַראַקטער פונם פאָלק כלפּי־חוץ, די מנהגים פון יענעם דור, זיין עטישן ניוואָ און זיינע סאָציאַל־פּאָליטישע השגות.

אין די גרויסע דראַמאַטישע ווערק פון ליטעראַטור באַקענען מיר זיך מיט דעם פילאָזאָפישן איינבליק פונם פאָלק, מיט זיין „קוק" אויף די גרונט־פּראָבלעמען פון דער עקסיסטענץ. גאָט, נאַטור, מענטש און גורל; אויף דער שייכות פון דעם מענטשן צו די פאַרבאָרגענע, קאָסמישע כוחות, השפּעות און געזעצן וואָס אָפּערירן אין דער אַל־וועלט.

די דראַמע אַנטבלויזט די מענטשלעכע זעל ווען זי איז דינאַמיש אויפ־געערירט; ווען אויפגעברויזטע ליידנשאַפטן און עמאָציעס באַוועגן זי, ווי די שטורם־געבייטשטע כוואַליעס פונם ים. די ליטעראַרישע דראַמע פאַרנעמט זיך מיט דעם צוזאַמענשטויס פון אַ מענטשנס גייסט מיט מעכטיקע דרויסנדיקע כוחות, מיט אַ העכערן שטאַרקערן רצון וואָס וויל אים בייגן, אונטעריאָכן — ווי די גזירות פון שיקזאַל, דער קלעם פון פאַמיליע, די הערשאַפט פונם שטאַט.

דער קאַמף פונם יחיד בייצוקומען די קעגנערשאַפט וואָס שטייט אים אין וועג פון זיין אַמביציע, אָדער זיינע רעכטן וואָס ער וויל פאַרטיידיקן, איז אַ דראַמאַטישער; זיין אומקומען אין אַ האָפנונגלאָזן מרידה־פאַרמעסט קעגן אַן איינגעשטעלטן סדר, קעגן דעם קאָלעקטיוון רצון פון משפּחה, קהילה, אָדער שטאַט, איז אַ טראַגישער.

* * *

פאָרשן מיר נאָך דעם באַגינען פון דער דראַמע דערפירט אונז דער שפּור צום פּרימיטיוו־היידנישן גאָטעסדינסט.

„דאָס וויגעלע פון אַלע קונסטן איז געשטאַנען ביים אלטאר" — איז אָנגענומען ווי אַ יסוד אין דער קונסט־פאָרשונג. טעאַטער־שפּיל און דראַמאַ־טיזאַציעס האָבן זיך באַוויזן ביי פאַרשידענע פעלקער אין פאַרשיידן־געשיכט־

לעכע פּעריאָדן פון זייער קולטור־דערוואַכונג. די געבורט פון דער העלענישער דראַמע איז קלאָרער געצייכנט ווי דער אָנהויב פון דער דראַמע ביי אַנדערע פעלקער.

די ליטעראַרישע דראַמע אין איר מאָדערנעם אויפנעם איז אַרויסגע־וואַקסן פון דעם פּאַרצייטיקן, אַלט־גריכישן, געצנדינסט — אַזוי אויך דער עפּאָס און די ליריק. דער הייליקער „באַלאַדן־טאַנץ" — אַ וויכטיקער באַ־שטאַנדטייל פון דעם ריטועלן־צערעמאָניאַל פון דעם אנטיק־פריען דיאָניסישן היינדקולט — ווערט אָנגערופן דער אור־שטאָף וואָס אַלע ליטעראַטור־וואַרי־אַנטן האָבן זיך פון אים אַרויסגעשיילט. דאָס איז געווען אַ עקסטאַטישער עבודה־טאַנץ וואָס האָט פּאַראייניקט זשעסט, מוזיק און שפּראַך אין איין פרום־באַגייסטערטן תפילה־אַקט, וואו גוף און גייסט, חוש און געפיל, האָבן זיך אויפגעלייזט אין אַ ריטמישער עקסטראַוואַגאַנצאַ פון געצנדינערישער התלהבות.

אַזוי לגמרי פאַרגעסן געוואָרן איז יענער רעליגיעז־„פאַרטראָגענער," קונסט־רייכער עבודה־זרה טאַנץ, אַז ס'איז שוין אַפילו שווער פאַר אַ היינטיקן אייראָפּייאישן מענטשן זיך צו פאַרזעצן אין יענער פּסיכישער בחינה פון פרימיטיווער פאַנטאַסטיק און געפיל־פלאַקער, אויפצולעבן דאָס דאָזיקע בילד פונם תהום פון די צייטן. דער מאָדערנער סאַלאָן־און־בינע טאַנץ האָט מיט יענעם מין גאָר ניט געמיינשאַפטלעך אַחוץ דעם נאָמען. די היינט־צייטיקע טאַנץ־ענטוזיאַסטן, איז זייערע ערנסטע „עסטעטישע," „אינטער־פּרעטיווע" פּרוּוון אויפצולעבן דעם טאַנץ, אים מעלה־לגדולה זיין צו אַ מדרגה פון קינסטלערישער עקספּרעסיע, האָבן אפילו ניט אָנגערירט דעם זוים פון זיין פאַרצייטיקן קונסט־רייכן און קונסט־געבערנדיקן פּראָטאָטיפּ.

דער ענגלישער שריפטשטעלער און קונסט־קענער טשאַרלס קינגסלי דריקט זיך אויס וועגן דעם אינספּירירטן אַלט־גריכישן טאַנץ מיט אָט די ווערטער: „. . . אַ טאַנץ וואָס זיין יעדער באַוועג איז אַ וואָרט, און שטיל־שטאַנד אַזוי פילזאָגעוודיק ווי באַוועגלעכקייט; וואָס זיין יעדע פּאָזע־פיגור האָט געקאָנט געבן אַ פרישן מאָטיף דעם סקולפּטאָר פון דער ריינסטער שול. און דער קלימאַקס פון פיזישן באַוועג, אין יענעם אומבאַשרייבלעכן טאַנץ, האָט זיך ניט באַוויזן, ווי אין די היינטיקע, מגושם'דיקע, פאַנטאַמימישע טאַנץ־אַקטן — מיט איבערטריבענעם שפּרינגען און אַקראָבאַטישן דרייען — נאָר מיט נשמה־פלאַטער אין אַלע גלידער, מיט קוים־מערקבאַרע „נענועים," מיט דין־דינע וויברירונגען, וואָס לייגן זיך אויס אין אַ גראַציע וואָס קוועלט פון אינעווייניק." ווערט נאָך צוגעגעבן צו דעם־אָ טאַנץ אויך רעציטאַציע

און געזאַנג, באַקומט זיך דעמאָלט דער גרונט־שטאָף וואָס אי פּראָזע און פּערז, אי דאָס לירישע ליד, דער עפּישער סיפּור און דראַמאַטישע האַנדלונג האָבן זיך פון אים מדרגותוויז אַרויסגעוויקלט.

דער טאַנץ אַרום מזבח, ווי געזאָגט, איז געווען אַ הייליק־געווידמעטער אַקט פון פּרימיטיוון געצנדינסט. ניט קיין פאָרמעלער, פאַרגליווערטער ריי־טואַל פון שפּעטערדיקער, אויטאָמאַטישער, פון די פּריסטער־און־קירך גע־סדרטער רעליגיע — נאָר אַ פרייַ־באַוואויגענע, טיף־איבערגעלעבטע, ספּאָנ־טאַנע „עבודה" פון פּשוטע נאַטור־קינדער, אין גאַנצן אָן „שולונג," אָבער מיט אויפגעפלאַמטע נשמות און צעפּלאָשעטע פאַנטאַזיעס.

די עמאָציאָנעל־גייסטיקע טרייב־קראַפט פאַר אָט דעם מאַגנעטיש־צאַפּלדיקן, מיט געפיל־איבערפלייצנדיקן דינסט־פּראַווען, ביים שטיינערנעם אַלטאַר, אונטערן אָפענעם הימל, איז געווען דער נאַטור־גאָט דיאָניסאָס. שפּעטערדיקע גריכישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען זענען אויך געגעבן געוואָרן אונטערן פרייען הימל — אַ כבוד־טואונג די געטער־ראָליסטן וואָס נידערן אַראָפּ פון די אָלימפּישע הייכן אויסצושפּילן זייערע אינטימע, געטלעכע לעבנס פאַר פּשוטע מענטשן־קינדער.

דער אָפּגאָט דיאָניסאָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ דאָפּלטע סימ־באָליק. זיין השפּעה האָט אָנגערירט ביידע פּאָליוסן פון דער עקסיסטענץ. זיין כאַראַקטער האָט מרמז געווען אי אויף דער געזיכערטער, פאַרלאָזלעכער געזעצמעסיקייט פון דער נאַטור און אירע סטאַבילע פּראָצעסן — אי אויף איר צייטנווייזיקן כאַאָטישן קאַפּריז און קאַטאַסטראָפאַלן ווילקיר. דאָס נעמ־לעכע האָט זיך אַריבערגעטראָגן אויף דעם קעגנבילד אין דער מענטשלעכער פּסיכיקע, אויף ביידע זייטן מטבע פון דעם מענטשנס צווייאיקע פּערזענלעכ־קייט: זיין רצון צו גיין אין שפּאַן מיט סטאַטעטשנער געהאָרכזאַמקייט, זיין בויען און זאַמלען, און גרייטן ירושות פאַר זיינע נאָכקומער — און זיין פּלוצ־צימדיקע פאַרוואַנדלונג אין אַ ווידערשפּעניקן פּורץ־גדר, אין אַ צאַמענברעכער און חרוב־מאַכער, ווען אַ רוח־רע פון זיבר און הפקר נעמט איבער די שליטה איבער זיין גייסט.

פון איין זייט איז דיאָניסאָס געווען דער „שר" פון ספּאָנטאַנער באַ־גייסטערונג אין זמנים פון הצלחה און שאַפונג, רואיקן שטייגער און פרייד־געשטימטן אָנגאַנג; פון דער צווייטער — האָט ער באַפוילן איבער דער באַוועגקראַפט צו הפקרות, פאַרשייטקייט, און אויפגעיושעטען שטער־גייסט אין דער נאַטור ווי אין מענטשן־לעבן. ווי אַ פּערזאָניפיצירונג פון די געהיים־ווירקנדיקע כוחות אין דער טבע, ווען ס׳איז צי פאַרדאַנקען דעם בייט

פון די סעזאָנען, די קאָנטראַסט־מאָמענטן אין דעם נאַטור־גאַנג פון „עבע און פלוס״, פון גערעטעניש און דאַר, פרוכפּערונג און עקרות — אויפן לשון־קבלה פון די אינדישע מיסטיקער — „דאָס איינאָטעמען און אויסאָטעמען פון בראַהמאַ״ — האָט די גאָט־געשטאַלט דיאָניסאָס, דער שוץ־גייסט איבער דעם אַלעמען, משפּיע געווען ערנסטע שטימונגען פון חשבון־הנפש און חרטה, פון טיפן פאַרטראַכטן זיך אין די אייביקע סודות פון לעבן און פאַר־גיין. ווי דער ממונה איבער דעם קוואַל פון לעבן, די וואונדער־מיסטעריע פון פּריה־ורביה, האָט ער אָנגערעגט צו פעריאָדישע אויסברוכן פון אומגע־צאַמטע תאווה־אָרגיעס און ווילד־געטריבענער הפקרות. ער איז געווען „הפּה שאסר — הפּה שהתיר״. ניכטער און שיכרות, ישוב־דעת און געוואַלד האָבן געהויזט אין זיין געביי. טראַגיק און קאָמיזם זענעןביידע געווען זיין געזעצ־לעכער אָפּשטאָם.

די וואונדער־מעשה פון זיינע נסיעות און אַוואַנטוריעס, פון זיין פּול־בלוטיקן, קאַלירפולן לעבן, טראַגישן טויט און ניסים׳דיקן ווידערגעבורט, געהער צו די סימבאָל־רייכע און פּאָעטיש־פאַרביקע מעשיות אין דעם אַלט־גריכישן מיטאָס.

פאַר אַ מוסטער, אַ שנעל־בליק אויף איין כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד:

זיין לויכטנדיקע שיינקייט האָט געלאָקט אַ מאַטראָזן־באַנדע פון צור צו פאַנגען דיאָניסאָסן אַ לעבעדיקן. האָבן זיי אים געפּאַקט בעת ער איז געזעסן אויף אַ פעלז ביים ים, און אים פעסט־געבונדן מיט רימענס. ווי נאָר זיי האָבן באַוויזן אַרויפצוטאַסקן זיי׳ער לעבעדיקן פאַנג אויף דער שיף־דעק, זענען די רימען־בענדער, ווי דורך אַ כישוף, פון אים אַראָפּגעפאַלן אַזוי ווי שטרוי־זאַנגען. וויין, רויטער, שפּילעוודיקער, האָט זיך אָנגעהויבן גיסן, און פלייצן אונטער די פיס. וויינשטאָק־בליטן, ווי לאַנגע גרינע פינגער, האָבן זיך גענומען וויקלען אַרום די מאַסט־ביימער, און זיינען אַראָפּגעהאַנגען אין געדיכטע קלומפּנס פון די זעגל־שטאַנגען. פאַרשיכורנדיקע ריחות האָבן זיך געטראָגן אין די לופטן; טרויבן־בונטן און גירלאַנדן האָבן באַדעקט די וויעסלעס; און אויפן אָרט פון זייער געפאַנגענעם האָט זיך פּלוצלינג אַ באַוויזי געטאָן אַ לייב, וואָס איז זיך געשטאַנען געלאַסן, אין זיין גאַנצער גאָלדנגעלער מאַיעסטעט, אויפן פאָדער־דעק. טיפער פּחד האָט אַרומגעכאַפּט די מאַנשאַפט, וואָס האָט זיך פון שרעק הענדום־פּענדום געוואָרפן אין ים אַריין; און תיכף־ומיד זענען זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דאַלפינען (מיני וואַלפישן), בעת דיאָניסאָס, אָננעמענדיק צוריק זיין פריערדיק געשטאַלט, האָט אַליין בשלום דערפירט די שיף צום פּאָרט. ווען דיאָניסאָס איז אָנגע־

קומען קיין באַאַציאַ, האָט פּענטעאוס, דער מלך, אים מקבל־פּנים געווען מיט פּאַראַד — אָבער אַ טיפער חשד אויף אים, און אַ בייזער ווילן, האָט געטליעט אין זיין האַרצן. פּענטעאוס האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט מיט פאַרבאָטן און שטראָפן דעם דיאָניסישן קולט וואָס האָט גיך פאַרכישופט דאָס פאָלק. ער האָט באַטראַכט די ווילדע הוליאַנקעס, די אָרגיעס פון שיכרות און אויסגע־לאַסענקייט, אין דינסט צום נייעם ליבלינג־גאָט, ווי אַ שאָדן צו דעם פרידן, דער מאָראַל און דעם וואוילזיין פונם פאָלק. ער לאָזט אים, דעם יונגען „גאָט" — אין דער ראָל פון אַ פּרעדיקער וואָס פאַרשפּרייט זיין אייגענעם קולט צווישן פאָלק — פאַרשפאַרן אין תפיסה. אָבער דיאָניסאָס, דורך געטליכן וואונדער, באַפרייט זיך פון הינטער די גראַטעס. לסוף, האָט דער מלך פּענטעאוס, געטריבן פון אַ שטאַרקן נייגער אַליין בייצוואוואוינען איינע פון די געהיים־געפּראַוועטע, דיאָניסישע פייערלעכקייטן, זיך פאַרשטעלט אין פרויען־קליידער, און זיך אָנגעשלאָסן אָן דעם ביינאַכטיקן אָרגיאַסטישן צערעמאָניאַל, אויף די בערג. צום סוף דערקענט מען אים דאָרטן, און נאָך דעם מנהג פונם קולט, אַז יעדע חיה אָדער מענטש, וואָס וואַגט אַריינצודרינגען אין דער הייליקער מחנה, בשעתן גאָטעסדינסט, זאָל צעריסן ווערן אויף שטיקער און אויפגעאָפּפערט ווערן אַ קרבן צום אָפּגאָט — נעמען די פאַרשיכורטע באַקכוס־דינער אַ הייליקע נקמה אין דעם קעניג פּענטעאוס און טייטן אים אויפן אָרט.

אין דער טראַגעדיע „די וואַקכאַנאַלן" פון דעם אומשטערבלעכן קלאַסישן דראַמאַטורג איירי־פּעדעס, געבויט אויף טאָקע דער דאָזיקער אַלטער דיאָניסי־שער לעגענדע, האָבן די פרויען ביים געצנדינסט דערקענט אַז פּענטעאוס איז אַ פאַרקליידעטער מאַן, זענען זיי אים באַפאַלן און אים צעריסן ווי אַ חיה־רעה. דעם קעניג׳ס מוטער — אַ פריערדיקע אָפּשפּעטערין און איצטער אַ ניי־באַקערטע וואַקכאַנקע — אין אַ וואַנזיניקער באַרוישונג, הייבט אויף איר זונס אָפּגעשניטענעם קאָפּ, גלייבנדיק אַז זי האַלט דעם קאָפּ פון אַ לייב אין די הענט, און זינגט אַ טריאומף־ליד. ווען זי ניכטערט זיך אויס, און זעט איין איר טראַגישן טעות, עקלט זי זיך אָפּ פון דעם דיאָניסאָס־באַקכוס קולט וואָס האָט זי „באַזעסן" און איר דעם קאָפּ פאַרדרייט. און ווען דיאָניסאָס זאָגט איר: „דו האָסט מיך, דעם גאָט, ניט איינמאָל מיט חוזק פאַרשוועכט" — ענטפערט זי אים: „צי דאַרף אַ גאָט זיין ווי אַ שטאָלץ־באַליידיקטער מענטש אין זיין כעס?"

אַזעלכע לעגענדעס וואָס שטאַמען פון לאַנגסטיקע, אָפּגעהיטע טראַדי־ציעס, זענען אומגעגאַנגען צווישן פאָלק, ווען דער דיאָניסאָס־קולט האָט זיך אָנגעהויבן עפּידעמיש פאַרשפּרייטן צווישן די העלענישע גריכן. די אַטענישע

הערשער, און די פּריסטער פון דעם שפּעטערדיקן מער געצוימטן הייזנטום, האָבן געפּרואווט אַנטמוטיקן דעם דאָזיקן פאָלק־באַליבטן געצנדינסט, וואָס האָט דעגענערירט דאָס פאָלק מיט זיינע לויזגעריסענע ליידנשאַפטן ביי די חגא־פייערונגען, און פאַרדאָרבנדיקן מאַסן־היפּנאָז. אָבער דאָס פאָלק האָט זיך געקלאַמערט אין דעם נאַטור־געץ פון זייערע אבות. „אַלעס וואָס די פּירער האָבן געקאָנט טאָן איז צוציען דיאָניסאָס צו דער אָלימפּישער געטער־משפּחה, אים העלעניזירן און אַביסל הומאַניזירן; באַשטימען אַן אָפיציעלע פייערונג פאַר אים, פאַרבייטן די אויסברוכן פון משוגענעם עקסטאַז און ווייַן־הוליאַנקעס אויף די בערג, מיט שטילערע פּראָצעסיעס, עראָטישע געזאַנגען און דראַמאַ־טישע פאָרשטעלונגען. פאַר אַ ווייל איז זיי געלונגען אַריבערצוקריגן דיאָניסאָס אויף דער זייט פון אַפּאָלאָ. אָבער צום סוף האָט זיך אַפּאָלאָ געמוזט אונטער־געבן צום אמתן יורש און באַזיגער פון דיאָניסאָס — קריסטוס פון נוצרת״ . . . (וויל דוראַנט: „דאָס לעבן פון די גריכן״).

* * *

פון די דיאָניסישע סימבאָלן, פייערונגען און צערעמאָניאַלן איז די דראַמע אויף דער וועלט געקומען.

פרילינג־צייט, ווען די נאַטור פּירט אויף איר בלענדיקן קאַרניוואַל פון ליבע און באַנייטער יוגנט; ווען זריעה און שפּראָץ, די זאַפט פון לעבן און ווידערלעבן, פלייצט שטראָמענווייז איבערן פּנים פון דער ערד; און שפּעט־אָסיען, ווען די פּירות און תבואות זיינען צייטיק אויף די ביימער און פעלדער, און גאָט'ס שפע באַגליקט די איינזאַמלער אין די געבענטשטע חדשים פון רייפקייט און זעט — דאָס זענען געווען פאַסיקע און נאַטירלעכע צייטן פאַר פייסאַזש און יובל, פרילינג־יום־טובים און חג־האסף פייערונגען, וואָס דאָס פאָלק האָט אַן זיי געקלעפּט, און מיטן לייב־און־לעבן זיך אַריינ־געוואָרפן אין זיי.

די זמנים פון זייען און שניט, פון פלאַנצן און אַראָפּנעמען פון די פעלדער, האָבן אַרויסגערופן אין דער פאָלקס־נשמה געביטענע שטימונגען און בחינות פון געמיט — פון דעם ערנסטן, פאַרטראַכטן און מיסטיש־שרעק־עדיקן, צום געפיל פון האָפערדיגקייט און לעבנס־פרייד, וואָס שוימט אויף אין האַרצן, און רייסט זיך מיט ראַשיקן אימפּעט אויסגעטאַנצט צו ווערן פאַר די הימלען . . .

ווען אָט די רעגונגען, געפילן און מחשבות זענען אַריבערגעוואַקסן די

מדרגה פון שטומען פּאַנטאָמים און דערגרייכט דעם תיקון פון וואָרט־עקס־פּרעסיע — דעמאָלט איז געבאָרן געוואָרן די ליטעראַטור. די פּאַרדבקהטע טאַנץ־שירה ביים אַלטאר איז געווען איר אָנהויב. טייל מיט־פייערער האָבן זיך פּאַרקליידט אין באָקנפעלן ווי סאַטירן. פון זייער הלבשה האָט זיך באַקומען דאָס וואָרט טראַגעדיע. זיי האָבן זיך גרופּירט אין אַ מין טערפּיס־כאָר, אַ טאַנץ־כאָראַל אַרום דעם אַלטאר, און פון זייער זיך דערנענטערן און צוריקציען, אין ריטמישער ווידערהאלונג, פון זייער באַוועג, מעלאָדעקלאַמאַציע און פּאַרכטיקן געזאַנג, האָט זיך אויסגעפורעמט דער באַלאַדנטאַנץ.

די טעמע פון די פּזמונים און „הללויה׳ס״ איז געווען די לעבנסגעשיכטע, די גרויסקייט און די מיסטעריע פון דיאָניסאָס. די לעגענדעס פון זיינע נסיעות, אנטרעפעניש, און עפּיזאָדן פון זיין וואונדער־לעבן, זיינען דערציילט און איבערדערציילט געוואָרן אין צאָללאָזע וואַריאַציעס: אין ליד, רעצי־טאַציע, און מיט פּרימיטיוו־דראַמאַטישן עפעקט.

די ליריק, דער עפּאָס און די דראַמע האָבן שוין עמבריאָניש געאָטעמט אין דעם דאָזיקן פּילפּאַרביקן, געמישטן קונסט־מאַטעריאַל. וואָס מער איינער פון די לעגענדאַרישע מאָטיוון איז איבערגעחזרט געוואָרן, אַלץ קלאָרער און פּאָרמיקער איז עס אַרויסגעקומען. דער דראַמאַטישער עלעמענט האָט אָנגעהויבן דייטלעכער אַרויסצושטייגן. דער סוזשעט וואָס די כאָריסטן האָבן באַדאַרפט „אויסשפּילן,״ איז ביסלעכווייז איינגעטיילט געוואָרן אין באַזונדערע לירישע שטעלן און „ראָליעס.״ די דעקלאַמאַטאָרישע הויפּט־שילדערונג איז איבערגעגעבן געוואָרן איינעם וואָס האָט זיך אָפּגעטיילט פון דעם ציבור אין פּאָדערגרונט, אויפן שטייגער פון אַ פּאָרלייענער, אַ ראש־המדברים. ווען די פּערזענלעכקייטן פון דיאָניסאָס־באַקכוס, און די פּאַרשוינען מיט וועמען ער האָט געהאַט צו טאָן — אַזוי ווי, למשל, אין דער מעשה מיט דעם מלך פּענטעאוס — זענען געוואָרן אַלץ מער לעבעדיקערע געשטאַלטן אין די מוחות פון די גאָטס־פּאָרכטיקע „שפּילער״ — איז אינסצענירונג פּאָוואָלינקע איינגעפירט געוואָרן. די הויפּט כאַראַקטערן זענען „טעאַטראַליש״ פּערזאָני־פּיצירט געוואָרן, און דער טאַנץ־כאָר האָט צוגעטראָגן די ראַנד־פּערזן פון געשיכטלעכער באַלייכטונג און טייטש.

אויף אַזאַ שטייגער, בערך — מיט קאָליר און ציר, מיט היידנישער פּאָרכטיגקייט און עקסטאַז, מיט צעשויבערטער התלהבות און עראָטישן הפקר, מיט שפּיל, מזמור און טאַנץ, איז געפּראַוועט געוואָרן דער אנטיקער עבודה־אַקט פון דעם פּאַרצייטיקן גריכישן פאָלק צו זייער נאַטור־גאָט דיאָניסאָס.

ווען דער אַקט האָט זיך אַנטוויקלט צו אַט־דער אויסגערייפטער מדרגה,

## משה וויטיעס

איז די דראַמע שוין פּאַקטיש געווען אַ קענטיקע, אויסדרוקפולע ליטעראַרישע פאָרעם. שפּעטער, ווען דער דראַמאַטורג האָט זיך באַוויזן, האָט ער אי די פאָרעם, אי דעם אויפגעזאַמעלטן שאַץ פון מאַטעריאַלן, געפונען אַ פאַרטיק־צוגעגרייטן און פאַרזיכטיק־אָפּגעהיטן. ער האָט נאָר באַדאַרפט זיך אָפּגעבן, מיט באַוואוסטזיניקער מיאונג, מיט זיין שוין ראַפינירטן חוש פון אַ קינסטלער, אויסצוברייטערן און דערפירן צו די קינסטלערישע מעגלעכקייטן, די גענוי־אָנגעצייכנטע ליניען וואָס אָט דער ליטעראַרישער אור־ארץ האָט אין זיך פאַרמאָגט.



# די קאָמעדיע

די דראַמע — אַ ספּאָנטאַנער אויפשפּראָץ פון דער איינדרוקספולער עבודה־זרה צום מיטאָלאָגישן גאָט־געשטאַלט, דיאָניסאָס, ביי די פאַר־צייטיקע גריכן, האָט זיך שפּעטער, אין דער קלאַסישער דראַמאַטורגיע, באַוויזן אין די צוויי הויפּט־קאָמפּלעקציעס: די קאָמעדיע און די טראַגעדיע.

דער צוויי־פּנימדיקער גער, דיאָניסאָס, האָט געשפּילט די נידער און הויך־טענער אויף דער קלאַוויאַטור פונם מענטשלעכן געפילס לעבן, אין דעם פּאָרהיסטאָרישן פרי־מאָרגן פון דער העלענישער קולטור.

איך כאַראַקטעריזיר דעם אָפּגאָט דיאָניסאָס ווי אַ צוויי־פּנימדיקן, ווייל אים — ווי דעם סימבאָלישן קוואַל פון די, פון־דער־טבע־אַליין אָנגעוויי־עטע קאָנטראַסט־שטימונגען פון עצבות און פרייד, יאוש און געלעכטער אויפן מענטש־געמיט — איז צו פאַרדאַנקען געווען די עמאָציאָנעלע שטיי־גערונג און ירידה אינם נשמה־לעבן פון זיינע פאַרגעטערער. ער האָט גורם געווען פון איין זייט — מוחיקע פאַרטיפונג איבער דער אייביקער מיסטעריע פון דער נאַטור, איבער דער פאַרבאָרגענער חכמה און ציל־באַוואוסטקייט פון אירע דרכים; און פון דער צווייטער זייט — קינדערשע שרעק און פאַרצאַפּלטן אָנמאַכט, ווען די בייזע שלוחים פון טויט און פאַרוויסטונג, גיבן זיך אַ צעשפּיל און לאָזן הינטער זיך איבער אַ לאַנגן עכאָ פון צעטרייסלונג און צער. און ווידער, ווען דאָס ציקל גיט זיך אַ דריי איבער, און אויפבלי, גערעטעניש און פולקייט רופן אַרויס אין מענטשן־האַרץ אַ שירה פון דאַנק־לויב צום געטלעכן גענאָדגעבער; ווען דאָס וואויל־געבענטשטע, צופרידן־זאַטע לעבן רייסט זיך אויסצושפּילן אַ פאַנפאַרע פון גליקזעליקייט און חדווה איבער דער שמייכלענדיקער מוטער־ערד. אויך די דאָזיקע פריידן־שטראָמען האָבן געפלאָסן פונם זעלביקן קוואַל. אָט די היפּוכדיקע געמיט־לוינעס, די אַנדערשדיקע בחינות פון שטימונג און געפיל־אָפּרוף צום לעבן, האָבן באַצויגן זייער מעכטיקע דינאַמיק פון דעם אָפּגאָט דיאָניסאָס, דעם היידנישן „ממונה“ איבער דער דראַמע פון לעבן און פון דער ליטעראַטור.

דער דיאָניסאָס־קולט, מיט זיין פאַרכישופטן אַלטאַר־דינסט, קאָלירפולע

פּראָצעסיעס, פייערלעכע פעסטן, און בונטע נאַטוראַלע סימבאָלן, האָט ווי דורך אַ מאַסן־היפּנאָז באַוואויגן די נשמה פון דעם המון. די דאָזיקע נאַטור־רעליגיע האָט אָנגערעגט דאָס פאָלק צו די קעגנ־יבעררדיקע געפיל־מאַניפעס־טאַציעס ברבים — פאָרכטיקן עקסטאַז ביי דעם שירה־דינסט, געוואונדט צו דעם מיסטיש־פאַרשלייערטן, פאַרטראַכט־ערנסטן פאָדערפּנים פון דעם דיאָ־ניסישן כאַראַקטער — לוסטפולע אויסברוכן, צעווילדעטע אָרגיעס, אויסגע־לאַסענע מימישע אויפפירונגען אין די חגא־טעג, געפראַוועט אינם גייסט פון דעם סענסועל־חומרדיקן, פאַרשייט־פריילעכן צווייט־געשטאַלט פון דעם דאָזיקן נאַטור־גאָט.

דער צוויי־פּנימדיקער דיאָניסאָס, דער גאָט פון דער דראַמע, איז דער סימבאָלישער פּראָטאָטיפּ פון די טאָפּל־מאַסקעס וואָס מ׳זעט נאָך היינט אויפ־געמאָלן איבער טעאַטער־בינעס — די לאַכעדיקע און די וויינענדיקע מאַסקעס — קאָמעדיע און טראַגעדיע.

ווי יעדע אמתע קונסט האָט די ליטעראַרישע קאָמעדיע ניט נאָר עס־טעטישע, הנאה־געבנדיקע, נאָר אויך עטישע און קינסטלעריש־אידייאישע צילן. אויך די קאָמעדיע, ווי די ליטעראַטור בכלל, איז געווידמעט דער אידייע פונם אייביקן און אַלצייטלעכן אינם לעבן פונם מענטשן־מין. דאָס טרייב־ראָד אין דעם מעכאַניזם פון דער קאָמעדיע און דער טראַגעדיע, ווי אין דער דראַמע בכלל, איז אַקציע — האַנדלונג. די קאָמעדיע, דורך האַנדלונג, סיטואַציע און שאַרזשירטער פּאָרטרעטור, דעקט אויף די שוואַכע כאַראַקטער־מידות פון די באַטייליקטע פּאַרשוינען, זייערע קליינלעכקייטן, פאַלשע פּרע־טענזיעס און פאַרשטעלטע הינטער־געדאַנקען. איר שטייגער איז אַרויסצו־ברענגען די אומלאָגישע „קאָמישע” און פריקרע חוזקדיקע שייכותן צווישן יחידים און גרופּעס, אַרויסגערופן דורך די פּאַרלויפענישן על־פּי סיבה וואָס קאָנען פאָרקומען אין מענטשלעכן צוזאַמענלעב.

די קאָמעדיע אָפּערירט מיט די מיטלען פון סאַטירע, איראָניע, שפּאָט און גוזמא. איר צילברעט איז די שאָטנזייט פונם מענטשלעכן כאַראַקטער — די אייביקע, אין אַלע־דורות־פאַראַנענע טיפּן פון דעם רשע, דעם קמצן, דעם היפּאָקריט, אויסנוצער און דריי־קאָפּ. די קאָמעדיע פאַרמעסט זיך אויף דעם אויפגעבלאָזענעם מאַכטהאָבער, דעם שקרן, באַרימער און דעם אויפּ־געקומענעם תקיף — מיט דעם וואָפן פון הומאָר. זי זוכט אָט די פּאַרשוינען צו דעמאַסקירן, מאַכן זיי לעכערלעך און פאַרמיאוסט אין די אויגן פון זייערע מיטמענטשן.

די קאָמעדיע צילט אַ שטאָך צו טאָן מיטן דינעם שפּיזל פון סאַטירע

אין דער האַרטער פעל פון דעם עגאָיסט, אויסצעצופּן די שרייענדיקע פרעמד־פעדערן וואָס ס׳באַדעקט זיך מיט זיי דער וואולגאַרער נגיד, דער פוסטער בעל־גאווה; אַ רייס צו טאָן פאַר דער גנבהשער באָרד דעם פאַרמאַסקירטן כלי־קודש, און בלויז־שטעלן זיינע כיטרע כוונות. דאָס זיינען די אָנטפּלעקטע, אויבנויפיקע וועגן פון דער קאָמעדיע. איר באַהאַלטענער קינסטלערישער ציל איז אויפצודעקן די להכעיס־איראָניע פון לעבן, וואָס טוט אָפּ, מיט שאָדנפרייד, ווי אַ ביטערער מזיק, אַלערליי קונדס־שפּיצלעך די מענטשנ־קינדער אויף צעפּוקעניש, וואָס מאַכט צו־נישט די בעסטע, אַזוי וואויל־אויסגעלייגטע פּלענער, און אויף וועמען ס׳פאַלט די שולד פאַרוואָס פון די שענסטע מענטשלעכע האָפענונגען לאָזט זיך אַזוי אָפט אויס אַ טייך . . .

* * *

אויפן ערשטן בליק דערשיינען פאַר אונדז אַזעלכע ערשט־ראַנגיקע קאָמעדיען־שרייבער ווי אַריסטאָפאַנעס, שעקספּיר, מאָליער, ווי זיי וואָלטן זיך עפּעס באַקומען פון אַנדערע וועלטן. לפנים, איז ניט צו מערקן די מינדסטע ענלעכקייט אין זייערע ווערק. אַנדערש וואָס אַנדערש קאָן נאָר זיין איז דאָס קלימאַט אין זיי — די סביבה, די מענטשן, דאָס לשון. און דאָך פאַרמאָגן די אויגנשיינלעך אַנדערשדיקע ווערק אַ געמיינשאַפטלעכן גייסט, מעטאָד און קינסטלערישע אידייע, וואָס פאַרבינדערט זיי ווי דראַ־מאַטישע שאַפונגען פון איין מין און שניט.

לאָמיר, פאַר אַ ליטעראַרישן מוסטער, כאַפּן אַ בליק אויף אַריסטאָפאַנעס, דעם עלטסטן פון די דערמאָנטע קאָמעדיע־דראַמאַטורגן, אַ קינסטלער פון אַ לאַנג פאַרגאַנגענער צייט, וואָס האָט בלי־ספק משפּיע געווען אויף די דראַמע־שרייבער פון די אַלע דורות נאָך אים.

אַן אָפּשטאַמער פון גבירישע, געבילדעטע עלטערן, און אַליין אויך אַ רייכער גוט־באַזיצער — (שוין זיין נאָמען אַליין איז אַן „אַריסטאָקראַטישער," מחמת זיין טייטש איז: „אַן אַנטפּלעקונג פונם סאַמע בעסטן") — איז אַריס־טאָפאַנעס געווען די ליטעראַרישע שטים פון דעם עקאָנאָמישן און קולטורעלן אדל פון זיין דור. לויט זיין פאַרניכטנדיקן שפּאָט און הילכיקן חוזק־געלעכטער אויף יעדער פאָרטשריטלעכער און דעמאָקראַטישער נייאיקייט אין אַטענישן לעבן, וואָלט אַ היינט־צייטיקער סאָציאַלער ליטעראַטור־קריטיקער אים באַ־צייכנט ווי אַ קינסטלער אין דינסט פון דער רעאַקציע. ער האָט פאַרטיידיקט די אינטערעסן פונם רייכן קלאַס, אָבער ער האָט באַקעמפט אומערלעכקייט

און פחדנות. ער האָט ווי אַ קאָנסערוואַטאָר אָנגעגריפן יעדע ראַדיקאַלע ענ־דערונג אינם פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן סדר, און זיך איינגעשטעלט פאַר אַלץ וואָס איז אויסגעפּרואווט און דויערהאַפטיק געווען אין דעם איינגע־זעסענעם שטייגער, גוטהייסנדיק די אַלטע טוגנטן, מנהגים און אפילו זינדיקע מעשים, וואָס זיינען שוין געוואָרן אַ טייל פונם פאָלקסלעבן. ער האָט מיט געוואָגטער פרעכקייט געלעסטערט די געטער — (טייל געטער, זאָגט ער, האַלטן אויף שאַנד־הייזער אין הימל) — אָבער ער האָט זיך אָנגענומען פאַר דער געקריוודעטער רעליגיע קעגן די פילאָזאָפן וועמען ער האָט באַשולדיקט אין אונטערגראָבן די מאָכס פון דעם געטערטום. לגבי דעם שטילן, אויס־געהאַלטענעם, קיינמאָל ניט אין־כעס ווערנדיקן, און אין תוך פרומען סאָקראַט, קומט אונדז אַריסטאָפאַנעס פאַר ווי אַ טראַציקער לעסטערער, אַ עזות־פּנים־דיקער סקעפּטיקער — און בכלל אַ פאַראַדאָקסאַלע און קאָמפּליצירטע פער־זענלעכקייט.

זיין סטיל און שפּראַך — איבערהויפּט ווען מ׳פאַרגלייכט אים מיט אייראָפּעדעס, דעם ראַפינירט־ערנסטן שרייבער און טיפן טראַגיקער פון דער זעלביקער תקופה — איז דורכגענומען מיט אַ נאַקעטער פאָרנאָגראַפיע און וואולגאַרן רעאַליזם, וואָס וואָלט דערשטוינט און שאָקירט אַ היינטיקן לייענער.

ער איז דער היפוך פון מאָליער, דעם דראַמאַטישן הומאָריסט פון דער מאָדערנער וועלט, מיט זיין לשון־נקיה און זיבערן אָפּגעהיטענעם סטיל. אין פּרט פון שפּראַכלעכער צעלאָזנקייט איז אַריסטאָפאַנעס גיכער ענלעך אויף דעם געניאַלן, סאַטירישן שריפטשטעלער פון זעכצנטן י.ה. ראַבעליי, וועמנס נאָמען אַליין איז שוין געוואָרן ביי דער וועלט אַ סינאָנים פאַר ניט־רעזערווירטן שפּראַך־אופן און „גראָבן" מאַניער פון אויסדרוק.

אַריסטאָפאַנעס דערמאָנט אַביסל אָן אונדזער אייגענעם יצחק יואל לינעצקי, דעם פּיאָנער־סאַטיריקער פון דער יידישער ליטעראַטור, ביי וועמען דער צוועק פון גיפטיקן חוזק, און אַריינשיסן אַ סאַרקאַסטישע פייל אין די אָביעקטן פון זיין קריטיק, האָט געהייליקט די שפּראַכמיטלען . . .

ניט געקוקט אויף דעם שקאַצישן ניבול־פּה און די אויסגעלאַסענע רייד אָן אַ שפור פון בושה, וואָס מ׳געפינט אין זיינע דיאַלאָגן און בילדער, אפילו אין זיינע פּאָעטיש־לירישע פּאַסאַזשן, איז אַריסטאָפאַנעס, מער ווי אַלע היסטאָריקער איניינעם, געלונגען אויפצוהיטן דעם מאָראַלן קלימאַט און קולטור־ניוואָ פון זיין עפּאָכע. מ׳האַלט אַז ווער ס׳האָט נישט געלייענט די ווערק פון אַריסטאָפאַנעס, קען ניט האָבן קיין אמתע פאָרשטעלונג וועגן דעם גייסט און כאַראַקטער פון דער אנטיקער אַטען און די אַטענער. „אַנדערע

קאָמעדיע־שרייבער נאָך אים זײַנען אויפגעקומען און פאַרגעסן געוואָרן, בעת אַריסטאָפאַנעס האָט איבערגעלעבט אַלע ליטעראַרישע מאָדעס און סאָציאַלע איבערקערענישן, און האָט דערצויגן ביז אין אונדזערע טעג מיט גאַנצע עלף ניט־באַשעדיקטע מוסטערן פון זײַנע צוויי און פערציק טעאַטער־שטיק."
(וויל דוראַנט: „די לאַיף אָוו גריס," ז. 429.)

* * *

אַריסטאָפאַנעס' שטערן פון אַ געניאַלן קאָמעדיע־דראַמאַטורג איז אויפגעגאַנגען אין דער בלי־פּעריאָדע פון דעם גרויסן גריכישן רעפאָרמאַטאָר און דעמאָקראַטישן שטאַטסמאַן, פּעריקלעס, אין פינפטן יאָרהונדערט פאַר דער נייער צייט־רעכענונג. דאָס איז געווען אַן עפּאָכע פון אויפקלערונג, קולטורעלער איבערשיכטונג, און אַ ביז דעמאָלט נאָך קיינמאָל ניט געוואַגטן גייסט אָפּצופרעגן די אויטאָריטעט פון די געטער, און די הייליקע אומבאַרירלעכקייט פון די איינגעפונדעוועטע אינסטיטוציעס.

די שטאָט אַטען האָט געקאָכט דעמאָלט מיט אַלערליי בונטאַרישע אויפשטענדלער און רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען. ס'האָט זיך גערודערט מיט אַ באַוועגונג פאַר פרויען־רעכט; מיט צוריק־צו־דער־נאַטור גרופּעס פון די פיינטהאָבער פון דער הערשנדיקער ציוויליזאַציע, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף אַ ירושה פון אכזריות און פאַרשקלאַפונג, איבערגענומען פון די אַלט־ווילדע צייטן. די סאָפיסטן האָבן מיט אַקראָבאַטישער לאָגיק אַרגומענטירט הין־און־קריק איבער יעדן פּראָבלעם און, ווי מיט אַ צוויי־שאַרפיקער שווערד, פאַרטיידיקט ביידע זייטן פון יעדער פראַגע. סאָקראַט, און זײַנסגלייכן פילאָזאָפן, זײַנען „געגאַנגען אין פאָלק," אָפּגעשטעלט מענטשן אין גאַס בכדי זיי „אויפצומאַכן די קעפּ" מיט אַרויסרופנדיקע פראַגן, אַזוי אַז דער אָנגעטראָפענער האָט לאָגישערווייז, ניט ווילנדיק, אַליין געמוזט פאַרלייקענען זײַנע פאַלשע, ניט באַגרינדעטע מיינונגען. די שטאָט האָט געווימלט מיט פאַרטייטומלער, פאַנאַטיקער פון „רעכטס" און פון „לינקס," זעלאָטן, אידעאַליסטן און שווערמער, פירער און פאַרפירטע. ס'איז געווען לרוב פאַר אַזאַ געניאַלן סאַטיריקער ווי אַריסטאָפאַנעס, וואָס און וועמען צו קריטיקירן, אויסלאַכן, מאַכן קאַריקאַטור און שפּאָט־בילדער. אין זײַן יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן דער אומגליקלעכער, לאַנג־פאַרצויגענער קריג פון אַטען און ספּאַרטאַ. אין אַ ריי טעאַטער־שטיק האָט אַריסטאָפאַנעס פאַרדאַמט דעם דאָזיקן קריג. ער האָט אָנגעוויזן אויף דער שולד פון ביידע צדדים און גערופן צו פרידן.

* * *

אין דער קאָמעדיע „די וואָלקנס" מאַכט דער הומאָריסט אַ קאַריקאַטור פון דעם נייעם כת פילאָזאָפן און היטל־דרייער פון דעם סאָקראַטישן חדר. קולטור־היסטאָריש באַטראַכט, איז דאָס אויפקומען פון אַזאַ שול פון מוטיקע דענקערס און אָפּפרעגערס פון אַלטע ווערטן און דאָגמעס, אַ סימן פון אַן אינטעלעקטועל־קריטישן דערוואַכן פון דעם לאַנג איינגעשלאָפענעם היידנישן מוח. אָבער אַריסטאָפאַנעס האָט אָנגעוויזן אַז, למעשה, האָבן די סאָפיסטן, מיט זייערע פּלפּולים און דיאַלעקטישע דריידלעך, דערפירט דערצו, אַז די מאָראַל־בענדער, וואָס די אַלטע וועלט האָט מיט זיי געהאַלטן אין צאַם די ווילדע מאַסן־אינסטינקטן, זיינען געוואָרן בטל און אויפגעלייזט. די געבאָטן פון „מ׳טאָר" און „מ׳טאָר נישט," וואָס זיינען געווען מאָראַלישע וועג־ווייזערס פאַרן פאָלק, האָבן מער נישט געהאַט קיין האַפט. ס׳פאָלק מאַכט זיך זיינע אייגענע אויספירן פון די נאָוואַטאָרישע רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע רעפאָרמעס. אַ נייער איינשטעל, וואָס באַצוועקט קולטורעלן פאָרשריט, ווערט ביים פּראַקטישן אָנווענד, אַ נעגאַטיווער כוח וואָס פאַרדאַרבט די אידעאַלע כוונות פון זיינע באַגרינדער. לויט אַריסטאָפאַנעס׳ סאַטירע קומט אויס, אַז אויב ס׳פאַרגלוסט זיך אַ מאַסן־מענטש, וואָס פאַרשטייט נישט קיין חכמות, אָפּצוטאָן עפּעס אַ פאַרבאָטענעם אַקט, דאַרף ער זיך נאָר אַריינכאַפּן אין אַ סאָקראַטישן שטיבל, און אַרויסקריגן פון דאָרט אַ היתר־אַרגומענט, חריפות־דיק אויסגעברייעט, אַז ס׳איז נישט דווקא געדרונגען אַז מ׳טאָר נישט . . . די סאָפיסטישע לאָגיק קען צושטעלן ראיות אַז די עבירה איז גאָר קיין עבירה נישט, אדרבה . . .

* * *

אין „די וועספּן," אַ צווייטע קאָמעדיע, ווערן שאַרזשירט די באַגלייט איבלען פון נאָך אַ ניי־צייטיקער רעפאָרמע — דער איינפיר פון געשוואוירענע ביי די געריכטלעכע פּראָצעסן. היסטאָריקער פאַרצייכענען צום שבח פון דעם שוין־דערמאָנטן דעמאָקראַטישן אויפטוער פעריקלעס, אַז דאָס האָט ער צום ערשטן איינגעפירט דעם זשורי־סיסטעם ביי די לאָדענישן אין קרימינאַל־קלאַגעס. די צאָל פון די געשוואוירענע, ביי יעדן משפט, פלעגט דערגרייכן ביז טויזנט — בכדי ס׳זאָל שווער זיין, אויב נישט אוממעגלעך, צו באַשטעכן, אונטערקויפן, די זשורי. אַריסטאָפאַנעס אילוסטרירט דורך דער סאַטירישער

אַלעגאָריע פֿון דעם וועספּן־שפּיל, ווי דער דאָזיקער ראַדיקאַלער פּרואוו אויפֿצוהייבן די גערעכטיקייט, האָט אַרויסגערופֿן אַ פּאַראַזיטן־קלאַס פֿון ליידיק־גייער, וואָס האָבן פֿאַרשאַכערט און קאָרופּטירט די נייע דעמאָקראַטישע יוסטיץ.

דער כאָר אויף דער בינע, פֿאַרקליידט ווי וועספּן — שטעכיקע בינען אַזעלכע — האָט סימבאָליזירט די דאָזיקע כלומרשטע נקי־כפּימניקעס, וואָס פֿלעגן, טאַקע ווי זשומענדיקע בינען, ראַיען און שמייען אַרום די גערעכט־הייזער, אַריינצוכאַפּן אַ לייכט, אָבער אומערלעך, פֿאַרדינסטל ביי דער זשורי־דינסט. די אַגענטן און שמשים פֿון דעם נגידישן צד פֿלעגן זיי פֿאַרט אָפּקויפֿן אין פֿאָרויס, אַז זיי זאָלן נושא־פּנים זיין דעם רייכן, און אָפּגעבן זייערע שטימען לטובת אים, ווען דער יושר האָט גאָר אויסגעטראָגן אויפֿן צד־שכנגד.

* * *

דאָס קרוין־ווערק פֿון אַריסטאָפֿאַנעס׳ קאָמעדיען איז „די פֿייגל.״ דאָ אַנטפּלעקט זיך אין גראַנדיאָזער פֿילזייטיקייט דער זשעני פֿון דעם אומ־שטערבלעכן דראַמאַטישן דיכטער פֿון דער אַנטיקער וועלט. מיט אַ סאַטאַנישן ריזן־כוח שפּילט זיך אָט דער פֿאַרצייטיקער מייסטער פֿון וואָרט און בילד, מיט געטער, מלאכים, מענטשן און אידייען, ווי אַ קאָסמישער לץ וועמען די הימלישע שררות אַליין האָבן פּריווילעגירט און באַשאָנקען. זיין געניאַל געוואָגטער פֿאַרמעסט, זיין מאגיש־קינסטלערישע פֿאַרוואַנדלונגס־קראַפֿט, פֿאַרכאַפּט דעם אָטעם. די בינע איז אַזאַ געוואַלטיק־גרויסע, און אַזוי אויפֿ־געלויכטן מיט טעאַטראַלישן גלאַנץ און ספּעקטאַקולאַרע עפֿעקטן, אַז מ׳פֿאַר־זעט אויפֿן אָרט די אויסגעהאַלטענע, אַלץ־אַרומנעמענדיקע איראָניע הינטער דעם פּעכלדיקן בייט פֿון די סצענעס, און דעם אימפּעטיקן, טרוימאַרטיקן געדריי פֿון דער גאַנצער אויגנבלענדיקער פֿאַנטאַסמאַגאָריע.

די טעמע פֿון „די פֿייגל״ איז נישט באַגרענעצט, ווי אַנדערע פֿון זיינע קאָמעדיעס, אויף איין אַרויסגעהויבענעם ווינקל־שטריך פֿון דעם לאָקאַלן און צייטלעכן לעבנס־שטייגער. אין דעם דאָזיקן טעאַטראַלישן צויבערשטיק פֿאַרמעסט זיך אַריסטאָפֿאַנעס מיט געניאַלער סאַטירע אויף דער גאַנצער עפּאָכע זיינער — דעם טומלדיקן געפּילדער פֿון דעם עולם־גולם וואָס פֿאַר־גלייבט זיך אין די פֿאַלשע לאָזונגען פֿון די דעמאַגאָגן, די אומזיסטע מלחמות און אָפּגענאַרטע רעוואָלוציעס, די אייביקע מחלוקות אַרום די ענינים פֿון קולטור, די מעשים־רעים אין די עסקים פֿון די פּאָליטיקאַנעס — און ברמיזה,

אויף דער טראַגי־קאָמעדיע פון דעם גאַנצן מענטשן־מין און זיין הבל־הבלים־דיק שטרעבן, אין אַן עולם־השקר וואָס ער קאָן נישט איבערמאַכן און וויל זיך דאָך פון אים נישט שיידן.

„די פייגל" איז אַ פאַנטאַזיע אַרום אַ פּאָר אומצופרידענע פאַרשויינען וועמען ס'איז נמאס געוואָרן די אַטענישע ציוויליזאַציע מיט אירע געמיינ־קייטן, אומרעכטן און מאָראַלישער ירידה. זיי באַשליסן איבערצולאָזן דעם גאַנצן וויסטן טאַראַראַם פון די מענטשן און אַנטלויפן צו די פייגל, דאָרטן צו געפינען שלום, יושר און אמת. אינאיינעם מיט די פייגל בויען זיי אויס אַן אידעאַלע שטאָט, אַן אוטאָפּיע אין די רוימען, צווישן הימל און ערד. די פייגל פּלאַנעווען איבערצונעמען אַלע תפילות און בקשות וואָס די מענטשן שיקן אַרויף צו די הימלען; אויך דעם ריח־ניחוח פון קרבנות וועלן זיי נישט לאָזן אויפשטייגן צו די הייכן. אַזוי־אַרום וועלן די געטער אויסגעצערט ווערן פון יניקה־מאַנגל און פאַרשווינדן פון די הימלען, און די פייגל וועלן איבער־נעמען די ממשלה איבער דער וועלט. די בונטאַרן שטעלן אויף נייע פייגל־געטער, און די ביז־איצטיקע געטער בצורת־אדם ווערן אַראָפּגעריסן און פאַרדאַמט. דער אויפשטאַנד צעוואַקסט זיך, און די רוימען קלינגען אָפּ מיט דעם האָפּערדיקן געצוויטשער פון די געפליגלטע קאָנספּיראַטאָרן. די אָלימ־פּישע חבריא הייבט זיך אָן רעכענען מיט דער געפאַר פאַר איר זיכערקייט, און זי שיקט אַ באַפולמעכטיקטע פאַרטרעטערשאַפט צו פאַרהאַנדלען וועגן אַ שלום־אָפּמאַך מיט די פייגלשע פאַרשווערער. די רעוואָלוציע, אויף דער שוועל פון נצחון, ווערט לסוף פאַרשאַכערט פון אַ הויפּטלינג פון די ווידער־שפּעניקער וועמען, ווי אַ לוין פאַר זיין פאַרראַט, מ'גיט פאַר אַ ווייב אַ מיידל, אין דינסט פון דעם הויפּטגאָט צעאוס, און דאָס שוישפּיל ענדיקט זיך בכי־טוב, מיט אַ פריילעכער חתונה.

אָט דאָס זעלטנאַרטיקע שוי־שטיק איז אינהאַלטרייך מיט וויציקן דיאַלאָג, שאַרפער איראָניע, פאַרחלומטן פאַנטאַזם, מעטרישע געזאַנגען און פלעפנדיקע איבעררעאַשונגען, ווי פון אַ ניט־דאָאיקער וועלט. די פייגל־כאָרן, אין איין שטעל, פּראָקלאַמירן זיך צו די ערד־באַוואוינער, די מענטשן, ווי די נייע הערשאַפטן פון די רוימען. זייער ווענדונג צו די מענטשן איז אַ פּיקאַנט־טרעפלעך, ליריש־סאַטיריש געזאַנג, וואָס זיינס גלייכן איז ערגעץ ניט צו געפינען. כאָטש ס'איז געזאָגט געוואָרן אַז דעם פּערפעקטן אַריסטאָפאַנישן ליריזם איז נאָך קיינעם ניט געלונגען איבערצוזעצן געהעריק אויף אַן אַנדער שפּראַך, האָב איך, בטבע אַ פּראָזאַיקער, פאַרט געפּרוווט מיין מזל אויף איין סטראָף — אפשר וועט זיך איבערגעבן אפילו אַ בלאַסע ענלעכקייט פון

**אַט דעם טשיקאַוון, דיכטערישן פּערל:**

איר עלנדע זין פון מענטשלעכן מין,
מיט זאָרג און פּלאָג, פון טאָג צו טאָג, באַשווערט;
נאַקעט און זיגעריש, שטערבלעך און קריגעריש,
מיזערנע, פאַרצרהטע ברואים פון ערד!
האָרכט צו די רייד, דעם קלוגן באַשייד
פון די פייגל־שאַרן, פון רוימען די האַרן,
וואָס בליקן פון אויבן, פון הייכן דערהויבן
אויפן לעבן און פּיין פון די אייביקע נאַרן...

מיט אַזאַ מאגישן ווירוואר פון סצענישער שיינקייט און אומגעצוימטן כוח פון וואָרט, זשעסט און געזאַנג; מיט אַזאַ געמיש פון מוזיקאַליש־דיכ־טערישן ליריזם און וועלט־פאַרצערנדיקן חוזק, מאַכט אַריסטאָפאַנעס חוכא־וטלולא פון דער פאַטאַלער אַמביציע, פון דער פאַריסענער גאווה, אומרעכט און דומהייט אין דער אַטענישער קולטור פון זיין דור — און פון אַלע דורות.

דאָס פאַלשע און פאַרגענגלעכע אין מענטשלעכן לעבן, די קרומע ליניען, די פאַטעטיש־קאָמישע שוואַכקייטן אין דער מענטשלעכער נאַטור, און אין זיין געשיכטע, וואָס אַריסטאָפאַנעס האָט דעמאַסקירט און צעחוזקט, זיינען גרונטשטריכן אין דעם אַלצייטיקן בילד פון דעם מענטש־כאַראַקטער, אין אַלע דורות. דעריבער באַציען מיר נאָך היינט פון דער אַריסטאָפאַנישער קאָמעדיע אַן עסטעטישע הנאה און אַ לעררייכן מוסר־השכל.



# די טראַגעדיע

מיר אַנען די קאַלאָסאַלע איראָניע אין די ווערק וואָס אַזאַ קינסטלער־הומאָריסט ווי אַריסטאָפאַנעס לאָזט אין גאַנג אויפן גאַנצן וועלט־וועזן. מיר „שטויסן זיך אָן" אויף זיין אַלץ־אַרומנעמענדיקן סקעפּטיציזם, וואָס בליצלט אַרום אַלע ווינקלען פונם לעבן, ווי פלאַמענצינגלעך אַרום די וואָרצלען פון אַ בוים. אָבער זיין אייגענער, טיפערער בליק זעט זיך נישט אַרויס; זיין רעיון איז פאַרבאָרגן הינטער דעם מאַסקעראַד פון ליצנות און אַמוזירנ־דיקן סצענע־שפּיל אַרום כלומרשט אויבנויפיקע, צופאַליקע צונויפטרעפענישן, און די אויף־געלעכטער געוויזענע טיפן און שייכותן. די מינוט פון לאַכן איז אויסגעשלאָסן פון טראַכטן. די טראַכטונג פונם הומאָריסט אַליין איז פאַר־שלייערט און איינגעשלאָסן אין זיין ווערק, וואָס וואַרט אויפן קריטישן אַנטדעקער און אויסטייטשער. זיין טרער גלאַנצט אויף פאַרן אויג פונם לייענער ערשט נאָכן קאַנוואולס פונם געלעכטער. זיין ערנסטע מחשבה טויכט אויף מיטן אומעט וואָס באַגלייט יעדע סוף־שמחה, ווען די קלעזמער האָבן איינ־געשטילט, די הוליאַקעס האָבן זיך אויסגעטאַנצט, און דאָס „פריילעכס" וואָס די מוזיק האָט אויסגעשפּילט עכאָט אָפּ מיט געוויין . . .

אָבער ווען די אידייאישע כוונה פונם דראַמאַטורג זאָל דורכדרינגען צום פאָדערגרונט פון דער דראַמע, און זיך אַנטפּלעקן פאַרן צוקוקער ווי די טאָן־געבונג, ווי דער לייט־מאָטיף פון אַלץ וואָס ווערט פאַר אים פאָרגעפירט, וועט אַזאַ שטיק אָננעמען דעם כאַראַקטער פון טראַגעדיע.

די קלאַסישע טראַגעדיע אינסצענירט די אומבאַהאָלפענע מאַטערנישן פון אַ מענטשן אויף וועמען די „געטער" האָבן זיך אָנגעזעצט, די העכערע אָן־אַ־נאָמענדיקע כוחות וואָס לויערן אויף אים, האַלטן אים אין קלעם אַלע טעג פון זיין לעבן, פאַרלייגן פלענער פאַר זיין אומקום, שטעלן אים אונטער שטרויכלונגען אין וועג, און דער מענטש אַליין האָט גאָר קיין דעה נישט איבער דעם גורל וואָס אים איז אָנגעצייכנט.

די עובדה פון דער טראַגעדיע — להיפּוך דער קאָמעדיע וואָס פאַר־נעמט זיך אין גרינגן געמיט, דורך איר אַקציע און טיפּאַזש, מיט די לייכטערע

געשעענישן אויפן אויבערפלאַך פון לעבן — איז אַרויסצוהייבן, און דורך סצענישן עפּיזאָד אילוסטרירן, די טיפסטע פּראָבלעמען פון דער עקסיסטענץ. די טראַגעדיע מאַניפּולירט מיט די „לעבעדיקסטע" דראָטן פון דער מענטש־לעכער פּסיכישער דינאַמיק. דאָס איז אַ דראַמאַטיש־קינסטלערישע פאַר־טיפונג פון די אייביקע פראַגן פון גאָט, וועלט, מענטש און נאַטור, וואָס האָבן פון קדמונים אָן באַלאַסטיקט די מוחות פון דער דענקענדיקער מענטש־הייט. די טראַגעדיע איז געלאָדן מיט פילאָזאָפישער וואָגיקייט; זי איז דורכגענומען מיט דעם שווערגעמיט פון מחשבה און רעיון. איבער איר שוועבט דער אומעט פון גייסטיקן אומרו, פון טיף־טראַכטונג אין דעם וועלט־רעטעניש, אין דעם שורש־נשמה פונם מענטשן, און זיין גורלדיקן באַהעפט מיטן לעבן. זי טראָגט די גערדאַנקלעכע קרוין פון דער דראַמאַטישער קונסט — און אפשר פון אַלע קונסטן.

די תוכיקע לעבנספראַגן וואָס באַוועגן די טראַגעדיע פאַרשפּיצן זיך אויף איין ברענפּונקט: דער קאָנפליקט צווישן פרייהייט און נויטווענדיקייט. די ווידעראַנאַנדיקע קעגנשטעלונג צווישן דעם יחיד און דעם רבים. דער פון נאַטור־אויס פרייער רצון פונם מענטשן וואָס וויל זיך ניט לאָזן בייגן אונטערן יאָך פון פליכט און געזעלשאַפטלעכן צוואַנג.

אַ פּראָבלעם וואָס איז אַזוי אַלט ווי די מענטשלעכע ציוויליזאַציע, און וואָס וועט צוזאַמען מיט איר פאַרשווינדן, אַ פּראָבלעם וואָס שטעלט זיך פאַר די אויגן פון איעדן נפש ווי נאָר ער קומט צום באַוואוסטזיין, אַ פּראָבלעם וואָס קאָן דינען ווי דער שליסל צו אַלע „טראַגעדיעס" פונם דאַזיין פון אַ מענטשן, איז: ווי זאָל דער יחיד שלום מאַכן מיט די אייזערנע געזעצן, מיט די האַרבע און פעסטגעשטעלטע תנאים פון דעם געזעלשאַפטלעכן סדר? ווי זאָל דער איינצלנער אונטעריאָכן זיין געירשנטע טבע, בייקומען זיינע פּרימיטיווע דראַנגען, גובר־זיין דעם „יצר־הרע" וואָס ווערט מיט אים געבוירן, און וואָס באַוועלטיקט אים פון קינדווייז אָן, בכדי צו לעבן בשלום מיט זיין קאָלעקטיוון מיט־מענטשן?

די דאָזיקע צוויי פיינטלעכע עלעמענטן וואָס זיינען לכל־עת גרייט אויף געפעכט: די איינגעאָרדנטע מאָראַל פון דער קהילה־מאַכט, און די אינטים־טבעדיקע נטיות פון דעם גלוסטנדיקן מענטשלעכן הארצן; די טיף־פאַר־וואָרצלטע צאַמען פון מנהג, דין און „טאַבו", און די ספּאָנטאַן־באַוועגלעכע, אָבער מיט געוואַלט געהאַמעוועטע טרייב־כוחות אין דער פּסיכיקע פונם יחיד — אָט דער אייביק־אַנגייענדיקער „וויתרוצצו" צווישן מענטש און וועלט, איז גורם די דראַמע פון לעבן, און יעדער מענטשן־זון מוז, בלית־ברירה,

נאָכקומען דעם באַדינג פון אויספעכטן פאַר זיך אַ שטיקל האַרמאָניע צווישן דיביידע. ער מוז בעל־כרחו זיך איינקרעמפּעווען אין דער צוואַנג־יאַקע פון דער עטאַבלירטער אנשטענדיקייט — אויב אים זאָל באַוואָרנט זיין אַ שטיקל מנוחה, אָן דראַמע און אויסרייסעניש, אין זיין לעבן; אויב אים זאָל „באַשערט" זיין אַ ניט־פאַרשטערטע וועלט; אַז אים זאָל געשאָנקען ווערן זיין ישוב־הדעת, זיין עצם עקסיסטענץ!

פאַראַן געזעצן אין לעבן וואָס זיינען איינס מיטן לעבן אַליין, און וואָס בייטן זיך קיינמאָל נישט. פאַראַן אוראַלטע און וויטגרייכיקע, זייליקע אינ־סטיטוציעס, ווי די פאַמיליע, דער שטאַט. פאַראַן ברייט און טיף־ווירקנדיקע היסטאָרישע כוחות אין דער מענטשן־וועלט, ווי ראַסע, פאָלק און רעליגיע — און ווי איז צו דעם יעניקן וואָס פאַרפירט מיט זיי אַ מלחמה . . . וואָס רופט אַרויס אויף זיך זייער צאָרן . . . מיט קיין גאַנצע ביינער וועט ער שוין פון אַזאַ אומגלייכן און אומגליקלעכן פאַרמעסט נישט אַרויס. אַזאַ איינער פאַלט אַריין אין תחום פון טראַגעדיע. אָט די ווידערשפעניקייט פונם יחיד קעגן דעם הערשדיקן סדר, זיין וואַגן אָפּצוטרייסלען פון זיך די התחייבותן פון דער „אָרדענונג," זיין פאַרלוירענער קאַמף מיט די כוחות וואָס ער קאָן קיינמאָל נישט בייקומען — פון דעם באַציט די טראַגעדיע איר טעמע און שטאָף.

כדאי אויף דעם אָרט צו באַטאָנען אַז מיט דעם פּרינציפּ פון שכר־ועונש — פאַרברעכן און שטראָף — מיט דעם קאָנפליקט צווישן מענטש און וועלט, פאַרנעמען זיך אויך אַנדערע ליטעראַטור פאָרמען, מחוץ דער טראַגעדיע. אין דער טראַגעדיע קומט צום אויסדרוק, אויף אַ דראַמאַטיש־הערלעכן אופן, דער פּאַסיאָן, די מוראדיקע אַגאָניע פון אַן אויסדערוויילטער, הויכער נשמה. די מעלאָדראַמע, די פּאָפּולערע ליטעראַטור, וועקט רחמנותביים לייענער און טעאַטער־גייער צו די ליידן פון זייערע פיקטיווע פאַר־שוינען. ס'נעמט אָן אַ עקל און אַ שוידער צו אַ וועלט וואו אַזוינס קאָן פאָר־קומען. די נעבעכדיקע קאַליקע, דער פאַרוויינטער יתום, דער אָפּגענאַרטער אין ליבע, די אָרעמע אלמנה, און די עלנדע עגונה, זענען פּאַטעטישע אָבער ניט קיין טראַגישע פיגורן. דער אומענדלעכער, טריבער קאַראַוואַן פון די אומגליקלעכע, וואָס ציט איבער די אויסגעטראָטענע וועגן פון דער ליטעראַ־טור; די בני־עניים, די פון מזל געקריוודעטע, צעהויקערטע נפשות פון דער „יאמא," די נידערשיכט פונם לעבן, פונם גרוב פון נויט און טרערן — צייכענען זיך אונטערן סימן פון פּאַטאָס. זייערע רירנדיקע געשיכטעס, אין די „לעבנס־בילדער," קאָנען אונז ניט אַריבערהייבן איבערן געפלעכט פון

ליידנשאַפט און ווייטאָק, קאָנען אין אונז ניט וועקן קיין קאָסמישן באַטראַכט, אָדער אונז פאַרשאַפן די העכערע עסטעטישע הנאה, וואָס מיר געניסן פון דער ליטעראַרישער טראַגעדיע.

יסורים אַליין, אפילו אומשולדיק געליטענע; דער טויט, אפילו ווען הונגער און נויט האָבן אים גורם געווען, איז אין עצם נישט טראַגיש. דער שוואַכער, און צום סדר־לעבן ניט צוגעפּאַסטער מאַסן־מענטש, וואָס פאַר־ברעכט אַנטקעגן געזעץ, און די געזעלשאַפט מאָנט אויף פון אים איר חוב, און איר נקמה דערגרייכט אים, איז מיט זיין גאַנצער צרה׳דיקייט פאָרט נישט קיין טראַגישער העלד. וואָרעם, אַלט איז די וועלט, און אין די צוואַנגען פון אייביקער לייד צאַנקט אויס דאָס מענטשלעכע לעבן. אָבער נאָר די „עליטע״ פון דעם מענטשן־מין, די „בני־עליה,״ די הויכע נשמות, זענען בכוח צו ליידן אומבאַשרייבלעך טיף, און שטאַרק, און העראָאיש, אַזוי אַז זייערע יסורים ווערן סימבאָליש פאַר דעם וועלט־ווײ, פאַר דער טראַגיק פון דער אוניווערסאַלער מענטשלעכער נשמה. אָט די אויפגעהויבענע ווערדע פון דער געליטענער מענטשלעכער זעל, די געדאַנקלעכע דערהויבונג, די עקזאַלטאַציע ניט נאָר פון קידוש־השם נאָר אויך פון „קידוש־האדם,״ אין דעם לייד און אומקום פון די אדעליקע מורדים קעגן דעם וועלט־סדר, טראָגן זיך אַריבער צו אונז פון דער ליטעראַרישער טראַגעדיע. דעריבער זענען די העלדן פון די קלאַסישע טראַגעדיעס ס׳רוב מיטאָלאָגישע האַלב־געטער, פּרינצן און מלכים — ניט ווייל אַן אביון אין טראַנטעס קאָן ניט זיין קיין טראַגישער העלד — נאָר כדי מרמז צו זיין אַז טראַגיש געפּרואווט ווערן איז דער גורל פון די אומגעוויינלעכע, און טיף־פילנדיקע נשמות, וואָס זייערע תהומיקע יסורים פאַרגייסטיקן דעם מענטשן און הייבן אויף זיין חשיבות איבער אַלע ברואים פון דער ערד.

די הייליקע, טיף־טראַגישע יסורים פון די „עשרה־הרוגי־מלכות,״ די צען פירשטן פון גייסט — וואָס האָבן איינגעשטעלט זייערע גרויסע לעבנס פאַר גאָט׳ס וועגן און זיין תורה — ווען די רוימער האָבן אכזריותדיק פאַרפּייניקט; די ליידן פון אַ קעניג־ליר, אויף וועמעס צעטרייסלונג און נשמה־בראָך די הימלען אַליין וויינען; דער פון געוויסן געפּלאָגטער מאַקבעט, וועמעס פאַרשפּעטיקטע חרטה קאָן נישט אויסקויפן זיין געוואַלדיקע זינד; די סובלימירטע, האַרץקלעמענדיקע טראַגיק אין דעם טויט פון אַ סאָקראַט, וועמען די אַטענישע הערשער האָבן פאַרמשפט אויסצוטרינקען אַ בעכער גיפט, און ער פילאָזאָפירט פאַר זיינע פאַרוויינטע תלמידים מיט אַ מאַיעס־טעטיש־גייסטיקער רו, און אַ רעזיגנירטער וואַרט ער אָפּ זיין אומפאַרמיידלעכן

גורל, ביז זיינע אברים ווערן ביסלעכווייז פאַראַליזירט, און דאָס ליכט פון זיין מוח לעשט זיך אויס אויף אייביק — אָט דאָס זיינען טראַגישע ליידן פון טראַגישע נשמות וואָס קומען אָפּ, און גייען פון דער וועלט פאַר זייער איבער־טרעטן, אומגערן אָדער בכיוון, די געזעצן וואָס הערשן אין דער וועלט. דאָס איז די רירנדיקסט־דערהויבענע פאַזע פון דער טראַגעדיע — די טראַ־געדיע פון מאַרטירערטום. ווען דער איידעלער מורד פאַרלירט, ווי ס'איז באַשטימט ער זאָל פאַרלירן, אין זיין העראָאישן פאַרמעסט מיט דער מאַכט פונם שטאַט און דער געזעלשאַפט, ווערט זיין אומקום אַ מייל־שטיין אין וועג פון דעם מענטשלעכן פאַרשריט, אַ „קידוש־השם" פאַר הויכע צילן, וואָס דינט ווי אַ טרייסט און אַ מוסר פאַר שפּעטערע דורות. מיט זיי, און מיט אַזעלכע גורלדיקע לעבנס ווי זייערע, פאַרנעמט זיך די ליטעראַרישע טראַגעדיע.

* * *

די קלאַסישע גריכישע טראַגעדיע, דורך אירע גרויסע, אומשטערבלעכע שעפער, ווי עסכילאָס, סאָפאָקלעס און אייראָפּעדעס, אַנטפּלעקן קינסטלעריש דעם גרונט־פּרינציפּ פון זינד, מרידה און שטראָף, וואָס איז טעמאַטיש דאָס האַרץ פון דער טראַגעדיע־דראַמע אין אַלע צייטן.

איך וויל געבן אַ קיצורדיקן איבערבליק כאָטש איבער אַ פּאָר פון די קלאַסישע מייסטערס, און זייערע ווערק, בכדי צו באַגרינדן די טעאָרעטישע פאָרמולירונגען אין דעם פריער־געזאָגטן.

עסכילאָס האָט געלעבט און געשאַפן אין פינפטן יאָרהונדערט פ.ק.צ. ער איז געווען אַ געפרייזטער דראַמאַטישער דיכטער אין זיין דור, און ער האָט געוואַלטיק משפּיע געווען אויף דער דראַמע פון אַלע דורות, ביז אין אונזערע טעג. ער האָט געשאַפן זיבעציק — אַנדערע זאָגן, ניינציק — טעאַטער־שטיק, וואָס זיבן פון זיי זיינען אונז פאַרבליבן. זיין נאָמען ווערט צום אָפטסטן דערמאָנט אין פאַרבינדונג מיט דער גערימטסטער פון זיינע טראַגעדיע־דראַמען, „דער געבונדענער פּראָמעטעאוס," און מיט זיין קרוין־ווערק, די טיפזיניקע מוסטער־טראַגעדיע, די „אָרעסטעאַ" טרילאָגיע אַרום דער צענטראַלער, מיטאָלאָגישער פיגור פון דעם קעניג אגאַמעמנאָן, וואָס איך וועל שפּעטער באַטראַכטן. אַ קליינע ליטעראַטור פון פאַרשיידנאַרטיקער קריטישער אויסטייטשונג אויף די אייראָפּעיאישע קולטור־שפּראַכן, איז שוין אָנגעשריבן געוואָרן אַרום דער ליטעראַרישער טראַגעדיע פּראָמעטעאוס.

לאָמיר כאַפּן אַ בליק אין דעם דאָזיקן פּיל־געראַמטן און רייך־באַשריבענעם ווערק פון דער קלאַסישער ליטעראַטור.

דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף ביי דער סצענע וואו פּראָמעטעאוס, דער טיטאַן, אַ מיטאָלאָגישער ריז מיט אַ געטלעכער באַגאַבונג, ווערט — אויפן באַפעל פון צעאוס, דעם ראש פון די געטער — צוגעבונדן מיט אַ קייט צו אַ פעלז אין די קאַווקאַזישע געבערג. דאָס ווערט אויף אים דורכגעפירט אַ שטראָף אַזאַ פאַר זיין בגידה קעגן די געטער, מיט דעם וואָס ער האָט טייל פון זייערע טייערסטע סודות אַנטפּלעקט: ער האָט געלערנט די שטערבלעכע ערד־באַוואוי־נער, די מענטשן. ער האָט נישט קיין חרטה פאַר זיין אַרויסגעבן די קנאַיש־אָפּגעהיטע געהיימנישן פון די געטער. ער שליידערט טראָציק זיין מרידה קעגן דער אָלימפּישער „פמליא״ און רעכנט אויס באַרימעריש וואָס ער האָט אַלץ אויפגעטאָן פאַר דער קולטור פון די מענטשן. אָבער אַצינד, אַ באַשטראָפטער און אַ צוגעקאָוועטער צום פעלז, איז ער מאַכטלאָז זיך אַליין צו העלפן. ביז זיין קומען — זאָגט ער — האָבן די בני־אדם

געלעבט ווי די בלינדע מוראַשקעס אונטער דער ערד
אין פּוסטע היילן אומבאַזונטע. צי דען
האָבן זיי געהאַט אַ וואָרהאַפטיקן צייכן פון ווינטער,
פון פרילינג מיט זיינע בלומען־ריחות,
אָדער פון זומער מיט זיין גאָלדיקער שפע פון פּירות?
נייערט אין חושך און אין כאַאָס האָבן זיי אַלץ געטאָן —
ביז א י ך האָב זיי פאַרשטאַנדיקט ווי סיטוען אויפגיין די שטערן
און פאַרשווינדן שטיל אין סודותדיקן ערגעצלאַנד.
אויך דעם שליסל פון ציפער האָב איך זיי דערלאַנגט,
וואָס עפנט די היכלען פון חקירה און וויסן. און אותיות
זיי געלערנט קייטלען; כיהאָב אויך געוועקט אין זיי
זיכרון — דעם צעמענטירער פון די חכמות, דעם געביטער
פון די מוזן. דאָס בין איך געווען דער ערשטער
צו יאָכן די לאַסט־פי, און קיינעם
חוץ מיר איז צו פאַרדאַנקען דאָס זעגלען פון שיפן
איבער ימען. און איך,
וואָס האָב פאַר די שטערבלעכע אַל־די קונסטן
אויפגעדעקט — קאָן דאָס מינדסטע
ניט דערטראַכטן צו ראַטעווען זיך אַליין....

די ערד און די ימים וויינען אויף זיינע יסורים. אַלע אומות טרויערן מיט, און טרייסטן אים, אַז אומגליק קאָן קיינער ניט אויסמיידן, און אַז דער צער קומט צו איעדערן נאָך דער ריי. אָבער דער רחמנות און די טרייסט־ווערטער, פון אַלע עלעמענטן אין דער טבע, קאָנען נישט לינדערן די איבער־מענטשלעכע ליידן פון דעם פעלז־געשמידטן טיטאַן. ער בלייבט אַליין, פאַראיינזאַמט מיט זיין געפאַלנקייט, מיט זיין בושה, מיט זיינע אין־לשער׳דיקע יסורים. די רוגזה פון די געטער טורעמט זיך קעגן אים אַלץ מער און מער. צעאוס שליידערט אַ פיילן־בליץ, און דער פאַרשולדיקטער טיטאַן ווערט געשטירצט אין תהום. אָבער אַזוי ווי פּראָמעטעאוס איז אַליין אַ בן־אלים, אַ קינד פון די געטער, איז אים נישט באַוויליקט די אויסלייזונג פון טויט. ער ווערט אַרויסגעהויבן פונם שאול־תחתיה, און זיין פריערדיקע פייניקונג ווערט באַנייט. ער איז ווידער מיט קייטן געשמידט צום פעלז, און אַ רויב־פויגל ווערט באַפוילן אויסצופּיקן, מיט זיין שאַרפן שנאָבל, דאָס האַרץ פון דעם אוממעכטיקן פּראָמעטעאוס. אַזוי שנעל ווי דער רויבפויגל פּיקט אים אויס דאָס האַרץ בייטאָג, וואַקסט עס ווידער צוריק ביינאַכט. אַזוי גייט אָן די מאַוימדיקע שטראָף איבער דעם פאַרמשפּטן זון פון די געטער, פאַר אַ משך פון דרייצן מענטשלעכע דורות. לסוף ווערט דער פויגל דערהרגעט פון דעם פריינטלעכן לעגענדאַרישן ריז העראַקלעס, אָדער הערקולעס, וואָס איז זיך משתדל ביי צעאוסן, אַז ער זאָל מוחל־זיין דעם לאַנג־געפּייניקטן פּראָמעטעאוס. דער טיטאַן האָט חרטה אויף זיין אַמאָליקן פאַרברעך, גיט זיך אונטער דער אַלימפּישער אלמאַכט, און איז מקבל אויף זיך דעם עול פון געהאָרכזאַמקייט און פליכט.

אין דער דאָזיקער דראַמאַטיזירטער לעגענדע סימבאָליזירט עסכילאָס די סובלים־אייביקע טעמע פון דער קלאַסישער טראַגעדיע: דער אומדער־באַרעמדיקער עונש וואָס מוז, על־פּי־גורל, קומען אויף אַ מענטשן, ווען ער וואַגט זיך שטעלן קעגן דער אויבערמאַכט פון דער געהיימער השגחה, וועמענס העכערן רצון ער איז אייביק אונטערגעוואָרפן; די פאַרבאָרגענע, אָבער אַלץ־באַשטימענדיקע כוחות אין דעם וועלט־סדר, וואָס צייכענען אָן דעם שיקזאַל פון איעדן נפש, און לייגן אויף אים אַרויף אַן „עול־מלכות־שמים" וואָס ער טאָר פון זיך קיינמאָל נישט אָפּטאָן. אויך דאָס מענטשלעכע סאָציאַלע לעבן איז געהאַמעוועט מיט די זעלביקע חומרות פון געבאָט. דער פּשוטער מענטש פון אַ גאַנץ יאָר היט אָפּ, פאָלגט אויס, און אין דעם זכות, לעבט אויס זיינע יאָרן, אָן העלדישן טראַגיזם, אָבער מיט אַ מאָס פון שלווה און רו. דער העכערער, אויסדערוויילטער יחיד פאַרמעסט זיך צו דערנענטערן די גאולה

פונם מענטשן־מין, זאָגט אַריין זיין דעה, רייסט זיך צו פאַרריכטן די וועלט־עוולה לויט זיין מענטש־באַגריף, און קומט אום מיט משונהדיקע ענויים פאַר זיין העזהדיקן פּרואוו. קיין אויסוועג איז נישטאָ. קיין תרופה איז נישט פאַראַן קעגן דעם גזר פון דעם וועלט־רצון. אויך די קונסט האָט נישט קיין לייזונג פאַרן אייביקן מענטש־און־וועלט פּראָבלעם.

צוויי טויזנט יאָר שפּעטער איז מילטאָן נאָכגעגאַנגען אין די טריט פון עסכילאָס. זיין פּוריטאַנישע גאָטפאַרכטיקייט האָט דעם גרויסן ענגלישן דיכטער קינסטלעריש נישט אָפּגעהאַלטן פון צו מאַכן דעם רעבעלירנדיקן, געפאַלענעם מלאך — אין זיין „פאַרלוירענער גן־עדן" — פאַרן סימפּאַטישן הויפּט־העלד פון זיין מיסטערישער פּאָעמע. געטע האָט שטאַרק באַוואונדערט דעם קלאַסישן „פּראָמעטעאוס" און האָט, אין זיין יוגנט, נאָכגעזונגען זיין מרידה־ליד. בײַראָן האָט זיך, אין פאַרלויף פון זיין שטורמיש־קורצן לעבן, פערזענליך אידענטיפיצירט מיט דעם מיטאָלאָגישן טיטאַן פון דער אַנטיקער גריכישער טראַגעדיע; און שעלי, דער בונטאַרישער דיכטער און קריגער, האָט די פּראָמעטעאוס־טעמע אויפגעלעבט אין דער מאָדערנער ליטעראַטור מיט זיין „דער אויפגעבונדענער פּראָמעטעאוס", וואו דער ווידערשפּעניקער האַלב־גאָט גיט זיך קיינמאָל נישט אונטער . . .

די פּראָמעטעאוס־טראַגעדיע פון עסכילאָס איז אַ קינסטלעריש מוסטער־בילד פאַר אַלע צייטן, פונם טראַגישן דועל צווישן דעם ליכט־ברענגער און דער אינערציע פון די יושבי־חושך, די צופרידענע תושבים פון די „אומבאַזונטע היילן"; דעם הויכגעשטיגענעם זשעניע וואָס זוכט מיט אייגענעם כוח צו רירן דעם איינגעזעסענעם „סטאַטוס־קוואָ"; דעם אידעאַל־טרעגער אין קאַמף מיט דער פאַרעקשנטער אָפּגעשטאַנענקייט, וואָס פאַרשטעלט זיינע טריט. אויך אַנדערע אינטערפּרעטאַציעס אויף דעם סימבאָל פּראָמעטעאוס זיינען אָנגעגעבן געוואָרן. שלעגל האַלט אַז „אַנדערע גריכישע טראַגעדיסטן האָבן געשריבן טראַגעדיעס — אָבער „פּראָמעטעאוס" איז די טראַגעדיע אַליין" . . .

* * *

די צווייטע גרויס־פאַרנעמיקע טראַגעדיע פון עסכילאָס איז די „אָרעסטעא" טרילאָגיע. דאָס דאָזיקע ווערק, אויפגעפירט צוויי יאָר פאַר דעם טויט פונם דראַמאַטורג, שטייגט נאָך אַריבער די טראַגעדיע „פּראָמעטעאוס" אין פּרט פון טיפער דראַמאַטישער שפּאַנונג און ליטעראַריש קינסטלערישן

פאַרטיפן אייביקע קאָסמישע אידייען. עסכילאָס בויט אויף אָט דאָס קונסט־ווערק אַרום דעם פּראָבלעם פון אַ מענטשן וואָס פאַרלירט זיין גלייכן און זיכערן וועג אין לעבן, און ווערט האָפנונגסלאָז פאַרשטריקט אין דעם גורל־נעץ פון די „געטער". די גדולים פון דער קריטיק ווי סימאָנדס, מאָרעי און אַנדערע, שאַצן די „אָרעסטעאַ" ווי דעם פערפעקטסטן דערגרייך פון דער גריכישער דראַמע — און אפשר פון דער כלליקער דראַמע פון אַלע צייטן.

אין דער „אָרעסטעאַ" טרילאָגיע זעען מיר ווי אַ פאָטער איז מקריב זיין טאָכטער לטובת זיין פאָטערלאַנד, און פאַרזינדיקט זיך דערביי שרעקלעך קעגן דער הייליקער אינסטיטוציע פון דער פאַמיליע. די טראַגישע איראָניע פון זיין לאַגע באַקומט זיך פון אָט דער עבירה מתוך מצווה. דער זכות פון טובה־טאָן דער מדינה קאָן אים נישט ביישטיין, און ער מוז אויסקויפן זיין האַרבן חטא מיט זיין לעבן. די שלוחים פון גערעכטיקייט וואָס ברענגען אים גופא אום, מוזן אַליין אויך אומגעבראַכט ווערן, ווי עס שטייט געשריבן (אבות, פרק שני, ז'): על דאטפת אטיפוך וסוף מטיפיך יטופון — ווייל דו האָסט דערטרונקען, האָט מען דיך דערטרונקען, און צום סוף וועלן אויך דיינע דערטרינקער דערטרונקען ווערן.

דער קיניג אַגאַמעמנאָן קומט צוריק אַ זיגרייכער העלד פון די טראָיאַ־נישע שלאַכטן. „ער איז אָנגעקליידט אין פאַנצער־שטאָל, דער קינגלעכער קריגער, וואָס אַרמייען האָבן געציטערט פאַר זיין צאָרן". די קיניגין קליטעמ־נעסטראַ ווייס שוין פון אַפריער, אַז אויפן וועג, איבערן ים, צו די שלאַכטן, אין אַ שטילן געוויטער, האָט ער אויפגעאָפּפערט זיין טאָכטער איפיגעניאַ ווי אַ קרבן, כדי די ווינטן זאָלן שטאַרקער בלאָזן און שנעלער דערפירן זיינע באַוואָפענטע שיפן צו די ברעגן פון טראָיאַ. זי טראָגט אַ פייערדיקע רוגזה אויף איר מאַן, און אַ שבועה אין האַרצן אים צו טייטן, פאַרן יונגן לעבן פון זייער קינד, וואָס ער האָט צוליב זיין גאַוודיקער סאָלדאַטסקער אַמביציע אומגעבראַכט.

זי נעמט אויף אַגאַמעמנאָנען מיט אַן אָנשטעל פון ליבשאַפט און גרויס פרייד. זי דריקט אויס, אין פראַזן פון רירנדיקן פאַטאָס, איר יאָרן־לאַנגע בענקשאַפט נאָך אים, און איר פיינלעכע דערוואַרטונג נאָך זיין אַהיימקער. „פאַר דיינעטוועגן זיינען די שטראָמען פון מיינע טרערן, פון פיל וויינען, אויסגעטריקנט געוואָרן, און קיין טראָפּן איז מער פון זיי נישט פאַרבליבן. אָבער אין מיינע אויגן, מאָט פון שפּעטן וואַכן, קאָנסטו מערקן ווי איך האָב אויסגעקוקט אויף אַ סימן פון דיין זיג, וואָס האָט זיך אַלץ מער פאַרלענגערט. אין מיין געשטערטן שלאָף פלעג איך אויפצאַפּלען ביים מינדסטן רויש פון

אַ פלאַטער־פליג, ווייל איך האָב געחלומט פון דיין אויסשטיין זיך אַלע פלאָגן פון פאַרצויגענעם קריג, און פון דער געגאַרטער שעה פון דיין ענדלעכער רו אין מיינע אָרעמס״. אַגאַמעמנאָן איז חושד דער קיניגינס געטריישאַפט, אָבער ער באַגלייט זי אַ שוויגנדיקער אין פּאַלאַץ אַריין. אין דער געשפּאַנטער פּאַוזע וואָס פאָלגט נאָכדעם, טרעט אויף דער כאָר און זינגט, מיט געדעמפּטער שטים, אַ ליד וואָס ווינקט אָן אויף אַן אָנזאָג פון אומגליק און וויסטער בשורה. פלוצלונג דערהערט זיך אַ גרוילעכער אויסגעשריי וואָס שווידערט אויף דעם סצענישן אָרום — דער אַנגסט־געשריי פון דעם דערמאָרדעטן אַגאַמעמנאָן. אָט דער מאָמענט איז דער הויך־פּונקט, דאָס האַרץ־פּינטל, פון דעם גאַנצן טראַגי־שפּיל. די טיר עפנט זיך, און קליטעמנעסטראַ דערשיינט, מיט אַ האַק אין האַנט, און אַ בלוט־פלעק אויפן שטערן — די ראַכע־נעמערין פאַר דעם מאָרד פון איר טאָכטער — אַ נקמה־אַקט וואָס איז גלייכצייטיק אַ רציחה, און מוז אויך אויסגעקויפט ווערן מיטן בלוט פונם בעל־נוקם.

מיט דעם מאָרד פונם קיניג האָט זיך קליטעמנעסטראַ פאַרזינדיקט קעגן שטאַט, וואָס האָט אין יענער צייט, ווייזט אויס, איבערגעלאָזן די „גערעכטיקייט״ אין פראַגן פון דיני־נפשות, צו די גואלי־הדם, די נאָענסטע קרובים פון דעם דערמאָרדעטן. די דעמאָלטיקע וועלט האָט געגלייבט — אַ גלויבן וואָס האָט אָנגעהאַלטן אויף טויזנטער יאָרן שפּעטער — אַז די נשמה פון דעם אומגעבראַכטן קאָן נישט געפינען קיין רו אין קבר כל־זמן מ׳וועט זיך ניט נוקם זיין אין דעם הורג־נפש.

אין צווייטן טייל פון דער אָרעסטעס־טרילאָגיע ווערט באַהאַנדלט די ראָל פון דעם זון אָרעסטעס, וואָס אויף אים ליגט איצט דער בלוטיקער חוב צו זיין דער גואל־הדם פאַר זיין דערמאָרדעטן פאָטער, און נקמה נעמען אין דער מאַמען. די קיניגין־מוטער האָט איר זון, אָרעסטעס, געהאַט אַוועקגעשיקט אין אַ ווייטער שטאָט צו פאַרגעסן, אין דער פרעמד, זיין פאָטערס טויט און אַזוי אַרום אויסמיידן זיין הייליקע פליכט אים צו רעוואַנזשירן. אָבער אַלטע לייט דאָרטן קנעלן מיט אים איין דאָס אוראַלטע געזעץ פון נקמה. אַ טיף־געפּלאָגטער פון זיין שרעקלעכער שליחות, וואָס ער מוז בעל־כרחו דורכפירן, קומט ער אַהיים, זוכט אויס זיין פאָטערס קבר, און לייגט אויף אים אַרויף אַ לאָק פון זיינע האָר, מיט אַ שבועה אַז דעם פאָטערס טויט וועט נישט פאַרשוויגן ווערן. ער פאַרנאַרט זיין מוטער מיט פאַלשע רייד, איידער ער איז איר מקיים־פּסק, און פירט טאַקע אויס זיין גורלדיקע מיסיע. אָרעסטעס דערשיינט אַ האַלב־וואַנזיניקער פונם באַוואוסטזיין אַז ער האָט מיט זיינע אייגענע הענט פאַרטיליקט זיין מוטער.

אויך אָרעסטעס איז געוועזן בלויז אַ געצייג פון גערעכטיקייט, אָבער דאָס נעגירט נישט זיין האַרבע עבירה קעגן דער אומבאַרירלעכקייט פון דער משפחה. אויך זיין שולד מוז אויסגעלייזט ווערן. ער ווערט פאַרפאָלגט פון די פוריען, די פערזאָניפיצירטע גייסטער פון זיין געפלאָגטן געוויסן. נאָך לאַנגער מאַטערניש און האַרבער תשובה ווערט זיין זינד פאַרגעבן, נאָכדעם ווי די געשוואָרענע, ביי אַ געריכט־סצענע, וואו די געטין אַטענע נעמט זיך פאַר אים אָן, זענען אים דן לכף־זכות. ביים פאַרהער ווערט אַרויסגעבראַכט אַז אַ זון איז די זרע פון זיין פאָטער, ניט פון דער מוטער, בכן, ווערט דורכדעם אָפּגעשוואַכט די קלאָגע קעגן דעם באַשולדיקטן, פון אַ געוואַלט־טואונג צו אַ בלוט־נאָענטן משפחה־מיטגליד.

די באַפרייאונג פון אָרעסטעס ביי אַ געריכט־פאַרהער ווערט אויסגעטייטשט פון די סאָציאַלע ליטעראַטור־קריטיקער, ווי דער אָנזאָג פון אַ נייער ערע אין גריכישן לעבן, ווען די פּרימיטיווע גואל־הדם טראַדיציע איז פאַרביטן געוואָרן מיט אַ יושרדיקן פּסק־דין, געשטיצט אויף אַ מיושבן באַטראַכט פון די אומשטענדן, אין אַ געגעבענעם פאַל, און אַ מעגלעכקייט פאַרן אָנגעקלאָגטן זיך צו פאַרטיידיקן. די געטער ווערן מענטשלעכער . . . זייער בלינדע טיראַניי און קאַפּריזנער ווילקיר גיט זיך אונטער דער מענטשלעכער עוואָלוציע. דאָס איז זיך איין טייטש.

די ריין־עסטעטישע קריטיקער זעצן אויס קעגן דעם גינציקן אויסגאַנג פון דער דאָזיקער מעכטיקער טראַגעדיע־דראַמע. זיי זעען אין דער ריינוואַשונג פון דעם העלד, אויף אַן אויסגעקליגלטן טעכנישן פּונקט, אַן אָפּנייג פון דער קינסטלערישער אויסגעהאַלטנקייט פון דער קלאַסישער דראַמע, און אַ פאַרלעצונג דורכדעם פון איר ליטעראַרישער חשיבות. די סצענע פון דעם געריכט, זאָגן זיי, איז צוגעשטעלט געוואָרן צוליב פּאָליטישע פּניות, און די סוף־מעשה, וואָס ענדיקט זיך מיט דער באַפרייאונג פון דעם מוטער־מערדער, איז אַ בפירושער פלעק אויף דעם גאָלדענעם הערב פון דעם געניאַלן עסכילאָס. „אויך אַנדערע גרויסע קינסטלער האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט פון דער גלייכער קינסטלערישער ליניע. דער מענטשלעכער זשעניע איז נישט פריי פון פּגימות — (דזש. פּ. מאהאפי : „אַן איבערבליק איבער דער גריכישער ציוויליזאַציע").

די מאָדערנע ליטעראַרישע טראַגעדיע פאַרטיפט איין נשמה, איין העלד־פיגור, אין אַ מרידה־שטרייט מיט די פאַרוואָרצלטע אינסטיטוציעס פונעם מענטשלעכן קהילה־לעבן, מיט די איינגעפונדעוועטע נאָרמען פון דער געזעלשאַפט, די פאַרהייליקטע מנהגים און שטייגערס וואָס זיינען מיטן כוח פון

אינערציע, אמונה און שטאַט געוואָרן ווי האַרבע דינים, מיט דער מאַכט און אַלעמאַליקייט פון אַ נאַטור־געזעץ.

אין דער מאָדערנער ליטעראַטור טרעפן מיר אָן דיזעלביקע פּראָבלעם־טעמעס וואָס האָבן באַשעפטיקט די מוחות פון פאַרצייטיקע גריכישע טראַגיקער. אַ נאָענטער ביישפּיל איז „האַמלעט", אַ זון וואָס אויף אים פּרעסט דער שטאַמיקער חוב צו נעמען נקמה אין זיין אייגענער מוטער, אַ מיטשולדיקע אין דעם מאָרד פון זיין פאָטער. האַמלעט — אַ דואַלער סימבאָל פון הומאַנער עטישקייט און טונקעלע ירושה־השפּעות פון ווייטן עבר — קאָן ביי זיך נישט פועלן אויסצופירן דאָס אייזערנע געבאָט פון דער אוראַלטער ווענדעטאַ. ער רעדט און רעדט — אין די אומפאַרגלייכלעכע מאָנאָלאָגן פון שעקספּירס מייסטערשטיק — אָבער ער דעררעדט זיך פאָרט צו גאָרנישט. די אַלטע פאָרהיסטאָרישע געטער זיינען טויט, אָבער זייער פרימיטיווע ירושה וואָרצלט נאָך אין מענטשלעכן האַרצן. די אוראַלטע גערעכטיקייט פאָדערט אַז דער זון זאָל זיך נוקם־זיין אין דעם מערדער פון זיין פאָטער, אָבער די היינט־וועלטיקע מאָראַל פון דער מאָדערנער מענטשהייט דערלאָזט נישט ער זאָל לייגן אַ האַנט פון געוואַלט אויף זיין אייגענער מוטער. וואו איז די אמתע גערעכטיקייט? ווער זאָל אים זאָגן וואָס ס'איז דער גערעכטער וועג? לויט די געירשנטע השגות פון זיין שטאַם, איז ער אַ פּחדן און אַ שוואַכלינג; באַטראַכט אין גייסט פון מענטש־קולטור, איז ער אַ דראַמאַטישער העלד, וועמענס איידעלע נשמה ווערט צעריסן פון היפּוכדיקע כוחות, אַ מענטש מיט אַ האַרץ און געוויסן, וואָס וואַרפט זיך ווי אַ געפאַנגענער פויגל אין אַלע זייטן צו געפינען אַן אויסוועג פון דעם טעמפּן ווינקל פון זיין שווערער דילעמע. די ליטעראַטור קאָן ניט און טאָר ניט פּסקענען, עצהן אָדער באַשטימען. איר עובדא איז צו פיקסירן אין געטרייע בילדער די טראַגישע ראָל פון דעם אייביקן מענטשן, דעם גורל־געפּענטעטן און פאַרווּרטיילטן, פאַרשטריקט אין דעם סודותדיקן געוועב פונם לעבן, עד־סוף־כל־הדורות.

* * *

סאָפאָקלעס, דער צווייטער פון די דריי הויפּט טראַגעדיען שרייבער, וואָס האָבן געלעבט און געשאַפן אין דעם בלי־פּעריאָד פון דער אַטענישער קולטור, פאַרנעמט דעם אויבנאָן אין דער געשיכטע פון דער קלאַסישער דראַמע. זיין נאָמען, סאָפאָקלעס, האָט דעם באַטייט: דער חכם און בעל־מראה. צו זיבן און צוואַנציק יאָר איז ער פּרעמירט געוואָרן ווי אַ טראַגעדיען

דיכטער, אין יאָר 468, פ.ק. ער האָט איינגעפירט נייאיקייטן אין דער פאָרעם און בינע־טעכניק פון דער טראַגעדיע. ער איז שטוינלעך מאָדערן אין דער פסיכאָלאָגישער פאַרטיפונג און כאַראַקטער־שילדערונג פון זיינע העלדן. אָבער אויך זיינע טעמען באַציען זיך פון די טיפענישן און גרונטן פון לעבן, פון מענטש־און־גורל פּראָבלעמען. אויך אים מאַטערט די אייביקע מיסטעריע פון די פאַרהוילענע כוחות פון שיקזאַל און מזל וואָס „באַשערן״ אומגליקן און פאַרדרייענישן, אַפילו פאַר דעם אומשולדיקסטן. און הילפלאָז און אָן אַ דעה איז דער מענטש קעגן דער אכזריות פון די הימלישע געוועלטיקער, וואָס זענען טויב אי צו זיינע פרומע תפילות, אי צו זיין אנגסטיק אויסגעשריי פון וויטאָג און שגעון. ווי זאָגט טאַקע אַ העלד אין סאָפאָקלעס׳ טראַגעדיע: „מיר זיינען אין תוך אומשולדיק, אָבער די געטער זיינען אומדערבאַרעמדיק. זיי רופן אַרויס קינדער צום לעבן, און מאָנען ביי זיי ליבשאַפט און פיעטעט אין נאָמען פון פאָטער־רעכט; דאָך בליקן זיי מיט שטאַרע, גלעזערנע אויגן אויף דער נויט און פיין פון זייער אייגן באַשאַף!״

אין דער „עדיפּוס״ טראַגעדיע — אַ קלאַסישע דראַמע וואָס ווערט נאָך היינט געשפּילט אין מאָדערנע קונסט־טעאַטערס — וואָס פלעגט אויס־געשפּילט ווערן אין דריי באַזונדערע אויפפירונגען — ווערט אַן אַלטע לעגענדע פון גריכישן פאָלקלאָר צעפירט אויף אירע טראַגישע יסודות.

אַן אָראַקל — אַ פאַרמיטלער וואָס גיט איבער צו די מענטשן דעם רצון פון די געטער — זאָגט פאָרויס דעם קיניגלעכן פּאָר, לאַיוס און יאָקאַסטאַ, וועגן זייער נאָך־ניט געבוירענעם זון (עדיפּוס) אַז ס׳איז באַשטימט ער זאָל דערהרגענען זיין פאָטער און חתונה האָבן מיט זיין מוטער. ווען זייער ערשטלינג איז אויף דער וועלט געקומען האָבן די עלטערן, בכדי אויסצומיידן דאָס מקוים ווערן פון דער שרעקליכער פאָרויסזאָגונג פון דעם אָראַקל, דאָס קינד אַוועקגעטראָגן אין די בערג און אים דאָרט איבערגעלאָזט אויף הפקר. אַ פּאַסטוך געפינט דאָס נפשל און גיט אים אַ נאָמען, עדיפּוס, צוליב זיינע געשוואָלענע פיסלעך, און ברענגט עס צו דער קיניגלעכער פאַמיליע פון זיין מדינה. זיי דערציען עס ווי זייער אייגן קינד. ווען דער יונגער פּרינץ איז אויסגעוואַקסן, דערוויסט ער זיך — ווידעראַמאָל דורך אַן אָראַקל — דעם סוד פון זיין גורל. ביי אים איז קיין ספק נישט, אַז דער אָראַקל פאַררופט זיך אויף די עלטערן וואָס האָבן אים דערצויגן, מחמת ער האַלט זיי פאַר זיינע נאַטירלעכע טאַטע־מאַמע. ער אַנטלויפט פון דעם אימהדיקן גורל וואָס הענגט איבער אים, און לאָזט זיך וואַנדערן אין דער ריכטונג פון דער מדינה וואו ער איז טאַקע אויף אַן אמתן געבוירן געוואָרן.

נאָך אַזאַ וואָרנונג, טראַכט מען, וואָלט אַ צווייטער, אויפֿן אָרט פֿונעם העלד, זיך געהיט די טריט נישט צו געבן דעם שלים־מזל קיין פּתחון־פּה אים צו דערגרייכן. אָבער, אַפּנים אַז וויבאַלד „באַשערט״, איז נישט שייך זיין אַ חכם. מאַכט זיך, אַז עדיפּוס טרעפֿט זיך אָן אין וועג מיט אַן אַלטן מאַן, צעווערטלט זיך מיט אים, און הרגעט אים אַוועק אומגערן אויפֿן אָרט, נישט וויסנדיק אַז דאָס האָט ער אומגעבראַכט זיין אייגענעם פֿאָטער, דעם קיניג לאַיוס.

לויט דער לעגענדע, וואָס דינט ווי דער סוזשעט פֿאַר דער טראַגעדיע, באַגעגנט זיך עדיפּוס נישט ווייט פֿון דער שטאָט, מיטן ספּינקס — אַ מיטאָ־לאָגיש בעל־חי אַזאַ, מיט אַ פּנים פֿון אַ פֿרוי, מיט אַן עק פֿון אַ לייב, און מיט פֿליגל פֿון אַן עוף. דער דאָזיקער מאָנסטער פֿלעגט לויערן אויף די וועגן, אָפּשטעלן פֿאַרבייגייער און זיי הייסן טרעפֿן זיין רעטעניש. אַלע וואָס האָבן נישט געקאָנט געבן די ריכטיקע תשובה, פֿלעגט ער פֿאַרניכטן. די איינוואוינער פֿון דער שטאָט האָבן באַשלאָסן אַז דעם, וואָס וועט ריכטיק ענטפֿערן אויף די פֿראַגן פֿונעם ספּינקס, וועלן זיי מאַכן פֿאַר זייער קיניג, וואָרעם דער ספּינקס האָט צוגעזאָגט אַז נאָכדעם ווי עמיצער וועט אים ריכטיק ראָטן דאָס רעטעניש, וועט ער זיך אַליין נעמען דאָס לעבן. עדיפּוס הערט אויס דאָס פֿלעפֿנדיקע רעטעניש: „וואָס איז אַזוינס אַ באַשעפֿעניש וואָס האָט פֿיר פֿיס אין דער פֿרי, מיטנטאָג — צוויי, און פֿאַרנאַכט — דריי?״ עדיפּוס ענטפֿערט אים אַז דאָס איז אַ מענטש: קינדווייז, אין זיין פֿרי־מאָרגן, קריכט ער אויף אַלע פֿיר; ווי אַ דערוואַקסענער, אין מיט־טאָג פֿון זיין לעבן, גייט ער אויף צוויי פֿיס; און אויף דער עלטער, אין דער שקיעה־צייט, נעמט ער צוהילף אַ שטעקן צום גיין — ווערט ער אַ דריי־פֿוסיקער. דער ענטפֿער איז נישט פֿון די געוואַלטיקע חידושים, אָבער דער ספּינקס איז צופֿרידן געשטעלט פֿון דעם באַשייד. באַלד דערויף האַלט ער זיין צוזאָג זיך אַליין צו פֿאַרלענדן. ער שפּרינגט צום טויט אין אַן אָפּגרונט, און עדיפּוס קומט אָן אין שטאָט אַריין, וואו מ׳נעמט אים אויף מיט גרויס פּאַראַד, ווי דעם מלאך־הגואל וואָס האָט באַפֿרייט די באַפֿעלקערונג פֿון אַ גרויסער צרה.

ווען דער אַלטער מלך קומט מער ניט צוריק אַהיים, זאַלבן די שטאָטלייט עדיפּוסן פֿאַר זייער קיניג. לויט דעם מנהג־המדינה, נעמט עדיפּוס די קיניגן יאָקאַסטאַ פֿאַר אַ ווייב, און האָט מיט איר פֿיר קינדער.

נאָך יאָרן בושעוועט אַ מגפֿה אין דער קרוינשטאָט, און די איינוואוינער רינגלען אַרום דעם פּאַלאַץ צו בעטן דעם קיניג ער זאָל אויפֿאָפּפֿערן אַ פּאַסיקן קרבן איינצוצעמען די צאָרנדיקע געטער. אַן אָראַקל זאָגט פֿאָרויס אַז די

מגפה וועט זיך נישט אָפּטאָן כל־זמן אין זייער מיט געפינט זיך, אַן אומבאַ־שטראָפטער, דער אומבאַקאַנטער מערדער פון דעם אַלטן קיניג לאַיוס. עדיפּוס פאַרדאַמט דעם רוצח, ווער ער זאָל נישט זיין, וואָס פאַר זיין שרעקליכן חטא איז אַזאַ שווערע שטראָף אָנגעשיקט געוואָרן אויפן פאָלק.

אין אַ צווייטער סצענע — אפשר די שטאַרקסטע אין דער גאַנצער גריכישער דראַמע — באַפעלט עדיפּוס אַן אַלטן פריסטער, ער זאָל אויסזאָגן, אויב ער ווייס, דעם נאָמען פון דעם מענטשן וואָס האָט דערמאָרדעט דעם אַלטן קיניג אויף וועמעס טראָן ער זיצט אַצינד. דער פריסטער רופט אָן דעם נאָמען פון עדיפּוסן אַליין! קיין דראַמאַטישערן מאָמענט קאָן מען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן ווי די סצענע, ווען עדיפּוס באַגרייפט אַז דאָס איז ער אַליין דער מערדער פון זיין פאָטער, און אַז ער האָט געלעבט און געהאַט קינדער מיט זיין אייגענער מוטער. לכתחילה, ווייל די קיניגין נישט גלייבן די דאָזיקע שוידערלעכע אויפדעקונג. זי פרואווט די גאַנצע מעשה צו־נישט מאַכן, און זי דערקלערט עס „פּרווידיאַניש", ווי אַן אויפטויך פון טונקעלע „וואונטש־דערפילונגען" אין אַ בייזן חלום. אַ סך מענער" — ווייל זי אים אויסרעדן — „ווייזט זיך אויס, אין שלאָף, אַז זיי טיילן דאָס בעט פון זייער אייגענער מוטער, אָבער פאַרשטענדיקע מאַנסבילן מאַכן אַוועק מיט אַזעלכע קליניקייטן און נעמען זיך דערפון נישט צום האַרצן". אָבער, ווען ס'שטעלט זיך אַרויס אַז דער פאַקט איז אַ טראַגישער אמת, הענגט זיך יאָקאַסטאַ אויף, און עדיפּוס, אַ געריירטער פון עגמת־נפש און שולד־געפיל, לעשט אויס דאָס ליכט פון זיינע אויגן, זאָגט זיך אָפּ פון דער מלוכה, און לאָזט זיך אַוועק וואַנדערן נע־ונד איבער דער וועלט. אַ בלינדער, עלנדער בעטלער, וואָגלט עדיפּוס אויף זיין גלות־וועג, און ליידט זיך אָן אַ ים מיט יסורים, ביז זיין תשובה איז פאַרפולט. ער גייט אַריין אין אַ טאָליקן וואַלד־ווינקל, און פאַר־שווינדט דאָרט צווישן די ביימער־שאָטנס — אַ רמז אויף די שאָטנס פון מיסטעריע און טראַגיק, וואָס באַגלייטן דעם מענטשן אויף זיין קורצן לעבנס־שפּאַן, אין דעם עמק־הבכה, דעם טרערן־טאָל פון זיין פאַראומערטער וועלט.

* * *

די דראַמען פון דער עדיפּוס טרילאָגיע שטעלן מיט זיך פאָר אַן אימ־פּאָזאַנטן ליטעראַריש־דראַמאַטישן בנין וואָס טורעמט זיך קעגן די הימלען ווי אַ ריזן־געביי, ווי אַ שטוינלעכער דענקמאָל צו דער קינסטלערישער שעפערישקייט פון אַלטערטום. דאָ האָבן מיר אַ פּערפעקטן מוסטער פון דעם

קלאַסישן סטיל — נעטע געטאַקטקייט, געשליפענע שיינקייט, געמאָסטענער טאַקט, שיינענדיקע פּאַליטור און אַ מעכטיקער אָבער רעזערווירטער פּאַטאָס. אויך די אַרכיטעקטאָנישע סטרוקטור איז קלאַסיש — יעדע שורה איז אויף איר אויסגערעכנטן אָרט, און יעדע האַנדלונג שטייערט צו צום דראַמאַטישן קלימאַקס און טעמאַטישן ציל. אַריסטאָטל פלעג זיך פאַררופן אויף „עדיפוס דער קיניג" ווען ער האָט געוואָלט אַנווייזן אויף אַן ערשט־קלאַסיק, מייסטעריש־געבויעטע דראַמע. דאָס דאָזיקע קונסט ווערק קאָן באמת דינען ווי אַן אָביעקטיווער פירוש אויף אַריסטאָטל'ס געדאַנק וועגן דער פונקציע פון דער טראַגעדיע — „קאַטאַרסיס", די עמאָציאָנעלע אויסגעלאָדנקייט, די דערלייכטערונג און דערהייבונג, דורך רחמנות און גרויל, וואָס זי פאַרשאַפט דעם צוקוקער. „עדיפוס" איז אימיטירט געוואָרן דורך סענעקא אין לאַטיין, דריידן און לי אויף ענגליש, ניקאָליני אין איטאַליעניש, קאָרניי, וואָלטעיר און אַנדערע אויף פראַנצויזיש. אָבער — ווי איין קריטישער אָפּשאַצער דריקט זיך אויס — „קיין איינער פון זיי פאַרמאָגט אַפילו נישט קיין אָפּשטראַל פון דער זשעניאַליטעט פון דעם אָריגינאַל".

* * *

דורך דער גריכישער דראַמע — ווי די פריערגעבראַכטע קיצורדיקע סך־הכלען גיבן צו זען — שנירלט זיך ווי אַ רויטער פאָדעם דער פּרינציפּ פון זינד, עונש און תשובה. וואָס דער גורל לייגט אויס פאַר אַ מענטשן, און וואָס אַפילו די געטער אַליין זיינען אויך צו דעם אויסגעזעצט. פון דעם דאָזיקן פאטום — אַ נאָמען פאַר די פאַרהוילענע כוחות וואָס פאַרזיגלען דעם „ונתנה־תוקף" פון איעדן באַשאַף, און באַשטימען זיין מזל אין לעבן — איז זיך נישט אָפּצובינדן אָדער צו אַנטלויפן פון אים. די דאָזיקע געהיים־כוחות באַווירקן אַ מענטשנס מעשים, און זענען קאַפּאַבל, ווען זיי זעצן זיך אויף איינעם אָן, אים צו פאַרקירעווען, קעגן זיין אייגענעם רצון, אין די קרומוועגן פון פאַרברעכן, שטרויכלונג און אומגליק, און אויף אים אָנשיקן איובס צרות.

מ'דאַרף אויך אין זינען האָבן ביים לייענען די קלאַסישע דראַמע, אַז ביי די גריכן רעכנט זיך די פאַמיליע, און ניט דער יחיד, ווי דער ציפער־איינס, דער גרונט־באַשטאַנד פון דער געזעלשאַפט. אַלע מיטגלידער פון דער משפחה זיינען ערב איינער פאַרן צווייטן. און דער חוב פאַר אַ זינד פון אַן איינצלנעם קרוב קעגן דער פאַמיליע, ליגט אויפן געוויסן פון איעדן

מיטגליד, ביז דורכן תיקון פון אַ לאַנגער „חד־גדיא" פון נקמת־דם און שטראָף, דאָס פאַרברעך ווערט אויסגעקויפט.

אין דער מאָדערנער דראַמע און ליטעראַטור איז ס׳רוב דער יחידישער העלד דער מיטלפּונקט פון דער האַנדלונג, און דער דראַמאַטישער דועל ווערט אויסגעפאָכטן אין דער קאַמף־אַרענאַ פון זיין אייגענער אינערוועיניקסטער נשמה־וועלט. דאָ ברויזן די ליידנשאַפטן, דאָ ראַנגלען זיך קאָנפליקטיווע מאָטיוון פאַר דער אויבערהאַנט; אָדער דער העלד איז באַהערשט פון איין צעפלאַקערטער ליידנשאַפט, וואָס לאָזט זיך ניט צאַמען צוליב דער חומרא פון געזעץ, אָדער פון וועגן געזעלשאַפטלעך־מאָראַלישן פאַרבאָט. די היינט־צייטיקע דראַמע שטרייכט אונטער דעם דינאַמיש־עמאָציאָנעלן אויפברויז, און די ביטערע פאָלגן ווען אַ מענטש פאַרלירט זיין גלייכגעוויכט אויפן שמאָלן שטעג צווישן איין באַצווינגענדיקער תאווה און דער אינהיביציע פון מאָראַל, ווען דער צעבונטעוועטער עגאָ באַגערט דאָס זייניקע און דער באַזיגטער רצון גיט זיך אים אונטער . . .

אָטעלאָ ווערט אַן אייביקער סימבאָל פון דער ווילדער, שטורמיש־צעשטערנדיקער פוריע פון אייפערזוכט;

מאַקבעט קאָן נישט גובר־זיין די תאווה צו דעראָבערן פאַר זיך די העכסטע גדולה, און ווערט געטריבן צו באַגיין אַ ברוטאַלן און טרוסליוון מאָרד;

צעזאַרס אַמביציע פאַר קיניגלעכער מאַכט און וועלט־באַהערשונג באַ־צווינגט אים אַליין און פירט צו זיין טראַגישן סוף דורך די הענט פון זיינע אייגענע אָנהענגער;

זשאַן וואַלזשאַן מאַטערט זיך מיט אַלע כוחות אויסצופּלאָנטערן פון די פאָלגן פון זיין יוגנטלעכער זינד — אָבער זיין פיינלעכע מי איז אַרויס־געוואָרפן;

מאגי טוליווער, די געפילפולע, די ספּאָנטאַנע און וואַגנדיקע העלדין, פאַלט אין קאַמף מיט די טעמפּע, גראָב־פעליקע נפשות אין איר סביבה;

אַנאַ קאַרענינאַ ווערט פאַרכאַפּט פון אַ שטאַרקער, אָבער פון שטאַט און קירך ניט־געהייליקטער ליבע, און זי קעמפט אַן אַלייניקן, פאַרצווייפלטן קאַמף קעגן דער גאַנצער מאַכט פון דער סטאַטעטשנער געזעלשאַפט.

דער אייביקער מענטש, ווי אַ שפּילצייג אין די הענט פון די „געטער", אַ צילברעט פאַר זייער רוגזה און קנאה, אָדער ווי אַ קרבן פון זיינע אייגענע ליידנשאַפטן, און זיין מרידה קעגן דעם סאָציאַלן אָדער קאָסמישן איינשטעל — אָט דאָס איז דער טעמאַטישער שטאָף פון דער טראַגעדיע־דראַמע.

## די טראַגעדיע

די מיסטעריע און טראַגיק פון לעבן האָבן, דורך דער אַלכעמיע פון קינסטלערישער פאַרוואַנדלונג און דעם וואונדער פון שפּראַך, אַרויסגערופן די ליטעראַטור צום לעבן. אָט די „קבלה" פון „ליטעראַטור און לעבן" ווערט אַנטפּלעקט פאַרן קריטיקער און אָפּגעקליבענעם לייענער, דורך איינע פון אירע מעכטיקסטע פאָרמען — די דראַמע און אירע צוויי הויפּט קינסטלערישע דערשיינונגען: די קאָמעדיע און די טראַגעדיע.



# די דראַמע ביי יידן

דער יידישער מאָמענט אין דער געשיכטע פון דער דראַמע דאַרף, פּאַראַנטעטיש, אַרויסגענומען ווערן פון דעם אַלגעמיינעם סכום.

די ביבלישע ליטעראַטור איז אַן אייביקער קוואַל פון הויך־אַנטוויקעל־טער, שאַרף־אַקצענטירטער, לעבנס־רייכער דראַמאַטישקייט. דראַמאַטיקער אין אַלע צייטן האָבן פון אירע פיגורן, עפּיזאָדן און סיטואַציעס באַצויגן, ווי פון אַן אומאויסשעפּלעכן ברונען, דראַמע־מאָטיפן פאַר זייערע ווערק. דאָך געפינען מיר נישט אין די כתבי־קודש קיין דראַמאַטישע פאָרמען. זיי אַנט־פּלעקן זיך בעיקר אין עפּישע, דערציילערישע, פּראָפעטיש־דרשהדיקע, און חכמה־זאָגערישע מוסטערן.

אַן אויסנאַם איז דאָס ספר איוב, וואָס צוליב זיינע דיאַלאָגן, די „איני־טריגע" פונם שטן, די „ראָלן" פון די באַטייליקטע פּערזאָנען און, אגב, אויך צוליב זיין ענלעכקייט אויף די ערשטע עסכילישע טראַגעדיעס, ווערט „איוב" אָפט באַצייכנט ווי אַ דראַמע. אָבער „סטאַטישע" דיאַלאָגן אַליין — כאָטש אַלצייטיקע, מענטש־און־וועלט פּראָבלעמען ווערן אין זיי דורכגעלופטערט — דאָך, אָן באַוועגליכקייט, אָן אַ צווישן־מענטשלעכן פּלאָנטער און געראַנגל, און אָן אַ באַשטימטן אויסגאַנג — בילדט זיך נאָך נישט, לויטן קלאַסישן באַ־גריף, קיין אמתע דראַמע. ענלעכס קאָן געזאָגט ווערן אויף „שיר־השירים", וואָס לויט זיין ליטעראַרישן לבוש, האָט דאָס ספר, לפּנים, אַ קרבות מיט דראַ־מאַטישער פאָרעם.

די יידן, ווי אַנדערע פעלקער, האָבן געהאַט אַ שטאַרקע נטיה צו טעאַטער־שפּיל. אויף דעם זאָגט עדות דער דראַמאַטישער כאַראַקטער פון די ביבלישע געשטאַלטן, ווי אויך פון די עלטסטע יידישע לעגענדעס און פאָלק־מעשיות. ממעג זיך משער זיין אַז נאָך אין ביבלישע צייטן האָבן יידן געהאַט סצענישע פאַרוויילונגען, אין פאָרם פון פשוטן פאָלק־שפּיל, וואו סזענען אויפגעלעבט געוואָרן די פאַרהייליגטע געשטאַלטן פון דער יידישער טראַדי־ציע. אויך אין דער תלמודישער עפּאָכע און אין פאַרלויף פון מיטלאַלטער האָט אַן אופן פון טעאַטער־שפּיל פאַרנומען אַן אָרט אין יידישן לעבן. נאָכן

מיטלאַלטער, איבערהויפּט אין איטאַליען און שפּאַניע, האָבן יידן גענומען אַ גרעסערן איינטייל אין דער אָרטיקער דראַמאַטורגיע.

דער יידישער ווידערווילן צו דער גריכישער קונסט, מיט איר הייד־ניש־רעליגיעזן הינטערגרונט און גייסט, איז געווען אַ באַשטימנדיקער גורם אין דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער ליטעראַטור ביי יידן. דאָס פּאַגאַנישע טעאַטער וואָס איז געווען — ווי די קונסט בכלל — געווידמעט די געטער, וואָס פלעגן פיגורירן ווי מענטשן־העלדן אין די אַלט־גריכישע דראַמעס, האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט באַקומען די הסכמה פון די חכמי־התלמוד וואָס האָבן געפורעמט די יידישע אמונה, דאָס יידיש־גייסטיקע לעבן.

מהאי טעמא האָבן די יידן זיך אָפּגעקערט פון די פּלאַסטישע קונסטן, פון סטאַטועס און געמעלן. לויט דעם טרעפלעכן אויסטייטש פון דעם געלערנטן און שריפטשטעלער דר. סאלאמאן גאָלדמאַן („די בוק אָוו יומען דעסטיני״) איז די אידייע פון דער יידישער אַנטיפּאַטיע צו „פּסל״ און „תמונה״ אַז די סטאַטוע שמידט צו דעם רעיון צום אויגנשיינלעכן און חומרדיקן. די טבע ביים צושויער צו באַטראַכטן די סטאַטוע ווי דעם אַלץ־מיט־אַנאַנדער פון דעם סקולפּטור־ווערק, ברענגט צו טעמפּקייט, באַגרענעצטע וויזיע און עבודה־זרה.

דער יידישער פאָלק־זשעני האָט זיך אָפּגעגעבן דעם וואָרט, ווייל דאָס וואָרט איז גלייכצייטיק אי בילדלעך, אי אַבסטראַקט. עס רעדט צום דמיון און צום מוח — סוגעסטירט איינצייטיק פאָרמיקע אימאַזשן, און שפּרייט זיך אויס אין די אומענדלעכע רוימען. גאָט איז אַ „פּאָעטער״ און אַ „רבון עלמין״ — דער שעפער פון די וועלטן, להיפּוך דער סטאַטוע וועמענס דימענסיעס דאָס אויג נעמט רונד־אַרום, און די הענט קאָנען אָנרירן.

אינאיינעם מיט „פּסל״ — סטאַטוע — און „תמונה״ — בילד, האָט דער יידישער געדאַנק אויך אָפּגעוואָרפן „דמות״ — פאָרשטעלונג, טעאַטער, וואו געטער אין מענטש־געשטאַלט האָבן געשפּילט די הויפּט ראָלן.

שפּעטער, אין די צייטן פון בית־שני, ווען די רוימער האָבן איבערגענומען די גריכישע קולטור־פאָרמען און אימיטירט זייערע מאָדעלן, פלעגט מען פון די רוימישע בינעס חוזק מאַכן פון יידן. דאָס האָט נאָך מער פאַראיבלט דאָס טעאַטער אין די אויגן פון די חז״ל. אַ ראיה אויף דעם איז אַ מדרש (איכה) וואָס טייטשט דעם פּסוק „ובמושב לצים לא ישב״ — אין דער מסיבה פון די אָפּשפּעטערס האָט ער נישט פאַרבראַכט — אַז דאָס באַציט זיך אויף דעם רעכטפערטיקן מענטשן וואָס ווייכט אָפּ פון אַזעלכע אומווערדיקע ערטער ווי דאָס טעאַטער . . .

אין די צייטן ווען די גריכישע קולטור, דער העלעניזם, האָט שטאַרק באַווירקט די יידישע אינטעליגענץ, ווי אין דער חשמונאים עפּאָכע, זענען עפּענטלעכע טעאַטער־שפּילן אויפגעפירט געוואָרן אין ירושלים. די יידישע גייסטיקע פאָרשטייער האָבן דאָס העפטיק באַקעמפט ווי אַן אָפּקער פון יידישער טראַדיציע, און ווי אַ קולטור־אַסימילאַציע. די גמרא (עבודה זרה) פאַרזאָגט שאַרף דעם טעאַטער־באַזוך, און לייגט אויף אים אַרויף אַן איסור: „אין הולכין לטרטיאות״ — מען זאָל ניט גיין זען די טעאַטער־פאָרשטעלונגען.

אָן אַ טעאַטער, האָט זיך די דראַמע ממילא ניט אַרויסגעהויבן ווי אַ פאָרעם אין יידישער ליטעראַרישער שאַפונג.

אין שייכות מיט דעם קעגן־געפיל וואָס די חכמים האָבן געהאַט צום טעאַטער לאָזט זיך דענקען אַז דער פּרעכטיקער עבודה־צערעמאָניאַל אין בית־המקדש — צערעמאָניאַל און ספּעקטאַקל זענען דאָך כמעט סינאָנימע קרובים — האָט סובלימירט און באַפרידיגט דעם הונגער פאַר טעאַטער־פאָרשטעלונג ביי די יידישע פאָלקס־שיכטן.

* * *

די געשיכטע פון דער דראַמע באַווייזט אַ מערקווירדיקע אויסגעהאַלטענע ליניע אין שייכות צום גייסט פון יידישקייט.

לאָמיר וואַרפן אַ בליק אויף דער „דראַמע ביי יידן״ אין דער מיטל־עלטערלעכער צייט אין אייראָפּע.

די קלאַסישע גריכישע דראַמע האָט אויסגעצאַנקט אין די ברוטאַלע לאַפּעס פון אירע יורשים, די רוימער. די קינסטלערישע בינע פון די אין־שיינקייט־פאַרליבטע העלענער, איז פאַרביטן געוואָרן מיטן וואולגאַרן צירק, און מיט די ריזיקע רוימישע אַמפיטעאַטערס, וואו טויזנטער פון די ערשטע קריסטן און יונגע שקלאַפן זענען אומגעקומען אין די בלוטיקע גלאַדיאַטאָרישע געפעכטן.

אין פינפטן יאָרהונדערט, איז אין גאַנץ אייראָפּע שוין קיין סימן נישט געבליבן פון דער פּרעכטיקער דראַמע און אימפּאָזאַנטן טעאַטער־שפּיל וואָס האָט אויפגעשיינט ביי די היידנישע גריכן פון אַמאָל. די קריסטן, צוליב זייערע אייגענע טעמים, האָבן פאַרבראַקירט דאָס טעאַטער וואָס איז, אינ־איינעם מיט דער גאַנצער היידנישער קונסט־ירושה פון די גריכן, געלעגן אַ פאַרטריקנטע מומיע אין דעם מאַוזאָלעאום פון דער געשיכטע.

אָבער דווקא די יידן, האָבן אין יענער צייט, אָדער אפילו נאָך פריער,

געכאָוועט אַן אייגענעם מין פּרימיטיווע טעאַטער־פאָרשטעלונג — דעם פּורים־שפּיל. איינמאָל אַ יאָר, לכבוד דעם יום־טוב פּורים, האָט דער עולם זיך געלאָזט וואוילגיין מיט דעם דאָזיקן „אַקט" וואָס האָט, אין שול־הויף, פאָרגעשטעלט די מעשה פון מגילת־אסתר, דעם נס־פּורים. דאָס דאָזיקע פאָלקס־שפּיל האָט מיט דער צייט זיך דערוואָרבן אַן אייגענעם נוסח און שטייגער.

אַזוי ווי פון דעם פאַרצייטיקן דיאָניסישן ריטואַל ביי די אַלטע גריכן, האָט זיך אַרויסגעשיילט די קלאַסישע העלענישע דראַמע, אַזוי האָט דער יידישער, נאַאיווער פּורים־שפּיל געטראָגן אין זיך די ערשטע קערנער־שפּראָצן פון דער שפּעטערדיקער אייראָפּעאישער דראַמע.

ס'איז אַן איראָניש „שפּיצל" פון דער טעאַטער־געשיכטע וואָס גראָד די יידן, מיט זייער פאַרשקצן די בינע, זאָלן האָבן אויפגעהיט די זוימען פאַר דעם היינטוועלטיקן, אייראָפּעאישן טעאַטער.

מיט דעם דערמעגלעכן אַ זייטיקן און „פאַרשטעלטן" אויסגאַנג פאַר דעם נקמה־דורשט פון אַ הילפלאָזן און געפּייניקט פאָלק, האָט דער פּורים־אַקט „צוגעשפּילט" דער פאַראומערטער גלות־פּסיכיקע פון דעם יידישן עולם. די יידן, מיט זייער נקמה־נעמען, יעדעס יאָר, אין דעם המן־הרשע פון דער מגילה, האָבן זיך געקילט דאָס האַרץ פאַר די רדיפות און לייד וואָס זיי זענען זיך אויסגעשטאַנען פון די „המנס" פון זייער דור, און פון די „טרייפענע זין" פון „אדום" און „עמלק", אין אַלע צייטן.

אַרום צענטן יאָרהונדערט, נאָך דער נייער צייטרעכענונג, ווען די קריסטן האָבן איינגעפירט די „נאַרנפעסטן" — לוסטיקע חגא־קאַרניוואַלן, ווען דער המון־עם פלעג פּראַוועז פאַרשייטע הוליאַנקעס, און האָט זיך דער־לויבט אין די קירכן־ספּעקטאַקלען אפילו צו חוזקן פון די פּויפּסטן — האָט דער יידישער פּורים־שפּיל אָנגענומען אַן ענלעכן כאַראַקטער. די ראָל פון דעם פּורים־נאַר, אָדער פּורים־רב, שטאַמט פון יענער צייט, ווי אויך דער אומגלייכלעכער ניבול־פּה פון די דיאַלאָגן אין יענע שפּיל־טעקסטן און דער וואולגאַרער „רעאַליזם" פון דעם לשון, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם ליטעראַריש־מאָראַלישן קלימאַט פון יענער מיטלעלטערלעכער עפּאָכע.

דער אחשוורוש־שפּיל, ווי דער „מכירת־יוסף" און „עקדת־יצחק" שפּילן, זענען געווען יערלעכע אינסטיטוציעס וואָס יידן האָבן, בלויז אין דער בגילופין־שטימונג פון פּורים און אין דעם וואויל־געמיט פון חנוכה, מיט דעם מין ליצנות זיך דערלויבט אַ פריילעכע מינוט. דאָס ניכטערע, אַ גאַנציאָריקע יידישקייט האָט נישט פאַרטראָגן קיין טעאַטער.

דאָס פּורים־שפּיל האָט זיך, צוליב כמה טעמים, נישט געקאָנט אַנט־וויקלען צו׳ן אַ מדרגה פון „פּאָלנער״ דראַמע ביי יידן, אָפּגערעדט שוין פון דערגרייכן דעם מעמד פון אַ נאַציאָנאַלער דראַמע.

נאָך אַ שטיין־אין־וועג — און דאָסמאָל גאָר אַ וואַזשנער — צו דער אויסברייטערונג פון די פּורים־שפּילן ס׳זאָל דערפון אַרויסקומען אַ טעאַטראַ־לישער עפּעס, איז געווען דאָס פּראָבלעם פון פּערזאָניפיצירן די ווייבלעכע פיגורן פון מגילת אסתר. פאַר די ראָלן פון אסתר־המלכה, וושתי און זרש האָבן זיך דאָך געפאָדערט „אַקטריסעס״ זיי אויסצושפּילן. און אָט דעם פונקט נאָכצוקומען האָבן זיך יידן פשוט קיין עצה נישט געקאָנט געבן.

ביי די אַמאָליקע גריכן האָבן קיין פרויען זיך נישט באַטייליקט אין די דראַמען. און אפילו אין די עליזאַבעטישע דראַמען, אין שעקספּירס אויפפירונגען, האָבן אויך פרויען־שפּילערינס קיין אָנטייל נישט גענומען. די טראַדיציאָנעלע מאָראַל וואָלט נישט צוגעשטימט צום אויסמישן־זיך פון פרויען און מענער אויף דער בינע, שפּילן ראָמאַנטישע ליבע־סצענעס, קומען אין קערפּערלעכן באַריר. די ליטעראַריש־באַרימטע ליבע צווישן „ראָמעאָ און דזשוליעט״ איז אויסגעשפּילט געוואָרן פון צוויי זכרים.

די יידישע מאָראַל און צניעות בנוגע פרויען איז דאָך זיכער נישט אָפּגעשטאַנען פון דער גויעשער. און מיט דער עצה אַז מאַנסבילן זאָלן שפּילן די פרויען־ראָלן האָבן יידן זיך נישט געקאָנט באַניצן צוליבן בפירושן לאַוו פון דער תורה: „לא ילבש גבר שמלת אשה״ — אַ מאַן טאָר זיך נישט פאַרקליידן אין ווייבערישע בגדים. גיבן מיר נאָך צו דעם אַלטן „מושב־לצים״ פאַראורטייל קעגן טעאַטער־פאָרשטעלונג בכלל, ווערט קלאָר אַז יידישקייט און טעאַטער האָבן נישט געקאָנט הויזן אונטער איין דאַך.

* * *

ס׳איז וויכטיק אויף דעם אָרט אָנצומערקן אויף דעם אידייאישן אַנדער־בליק, אויף דעם תוכיקן אונטערשייד צווישן דער גריכישער און דער יידישער גרונט־שטעלונג בשייכות דער דראַמע:

די קלאַסישע גריכישע דראַמע — בפרט די טראַגעדיע — האָט אידייאיש געוואָרצלט אין דעם פאַרצאָרנטן און פאַרביטערטן אָפּרוף פון די מענטשן קעגן דעם אומיושר פון די געטער. די געטער זענען אומגערעכט, קאַפּריזנע, אָן רחמים, און גלייכגילטיק צום גורל פון די שטערבלעכע, די מענטשן, הייסט עס. דער טראַגיש־באַ׳עוולה׳טער בן־אדם האָט דורך דעם מעדיום

פון דער גריכישער טראַגעדיע־דראַמע געביילט די פויסטן קעגן די הימלען הלמאי די געטער שפּרייטן נעצן פאַר דעם בלינדן, אומבאַהאָלפענעם מענטשנ־זון; פאַר דער פּאַראויסבאַשטימונג פון זיין עונש פאַר זינד וואָס מ׳האָט פאַר אים לכתחילה לאָקעריש צוגעגרייט ער זאָל זיי מוזן באַגיין; פאַר דעם גורל וואָס איז פאַר אים אויסגעלייגט און וואָס ער האָט נישט דעם מינדסטן כוח און רצון אים צו ענדערן.

קעגן דעם דאָזיקן היידניש־נעגאַטיוון בילד וועגן דעם כאַראַקטער פון די אָלימפּישע געטער — וואָס אין פאַרגלייך מיט זיי איז דער „זינדיגער מענטש" אַליין אַ צדיק־תמים — זעען מיר די יידישע פאַרהייליקונג און אידעאַליזירונג פון „זיין־ליבן־נאָמען" וועמען ס׳ווערט צוגעשריבן די סאַמע עטיש־דערהויבנסטע טוגנט.

דער חילוק פון דעם יידישן און אָט דעם העלענישן באַנעם איז דער: אויך ביי יידן איז דער איבערשטער דער מסבב־הסיבות, דער פאַראור־זאַכער פון אַלץ וואָס געשעט,און קיין זאַך טוט זיך נישט פון זיך אַליין. אָבער אַ ייד האָט אַ פרייע בחירה אויסצוקלייבן דעם גערעכטן וועג, זיך היטן פון זינד און אויסמיידן די שטראָף פאַר שלעכטס־טואונג. דער רבונו־דעלמאַ־כולא איז אַ דיין־אמת — זיין משפט איז גערעכט. דער באַשעפער איז אַן „אל־רחום־וחנון", און אַן „אל הנקדש בצדק", — אַ דערבאַרמדיקער גאָט, און אַ גענאַד־ווייזער, אַ גאָט וואָס איז געהייליקט מיט גערעכטיקייט. ער פירט די וועלט מיט רחמים. פון אַ גזירה־מין־השמים קאָן אַ מענטש זיך אויסקויפן דורך תשובה און צדקה. די וואָגשאָל פון צדק איז אַלעמאָל באַ־לאַנסירט. אויב די השגחה פּירט אַמאָל אַ מענטשן, אַן אומשולדיקן, אויף אומוועגן פון יסורים און לייד, איז דאָס אויך צום גוטן. אמת, אויך די יידישע חקירה פאַרנעמט זיך מיט די האַרבע קשיות מכוח דער מענטשלעכער מערכה. אויך דער יידישער געדאַנק זוכט אַ תירוץ אויף דער לפנימדיקער אומגלייכקייט אין דער געטלעכער הדרכה. דאָס אייביקע פּראָבלעם פון „צדיק ורע לו ורשע וטוב לו" — פאַרוואָס גייט עס דעם רשע אַזוי גוט און דער צדיק קומט אָפּ אויף דער וועלט? — גיט נישט קיין רו דעם יידישן געדאַנק. אָבער דער ענדלעכער אויספיר פון דער יידישער פילאָסאָפיע פאַררופט זיך אויף בטחון אין גאָט־ברוך־הוא. די וועגן פון כביכול זענען פאַרהוילן פאַר אַ בשר־ודם וועמענס באַגרענעצטער שכל קאָן קיינמאָל נישט משיג זיין די דרכים פונם באַשעפער. אָבער אַלץ איז סוף כל סוף צום גוטן אין די דרכי־העולם. „כל דעביד רחמנא לטב עביד" — וואָס דער גאָט פון רחמים טוט — טוט ער צום גוטן. נמצא, אַז די יידישע נשמה, וואָס איר

משה וויטיעס

יניקה איז פון דעם אייביקן גאָט וועמענס חסד עס טוט זיך קיינמאָל נישט אָפּ, האָט נישט באַגערט און זיך נישט באַנייטיקט אין דער מרידה־פאָרעם פון דער דראַמע־טראַגעדיע, און אויפן שטייגער ווי זי האָט געדינט דעם העלענישן גייסט.

* * *

דאָס מאָדערנע וועלטלעכע יידיש טעאַטער, ציענדיק דעם פאָדעם פונעם פורימדיקן יוסף־שפּיל, פון עטינגער, גאָלדפאַדען, גאָרדין ביז די היינטצייטיקע דראַמאַטורגן, האָט אויך ווינציק־וואָס אויפגעטאָן אין פּרט פון אויפשטעלן אַ נאַציאָנאַלע דראַמע. מיט פאַרשטעלונגען אויף יידיש־לשון נאָך וועלטלעכע טעאַטראַלישע מוסטערן, אפילו מיט אַ צולאָג פון אַ צאָל פאָלקסטימלעכע פּיעסן פון יידישן לעבן, שאַפט זיך נאָך ווייט נישט קיין נאַציאָנאַל־יידיש טעאַטער. אַזעלכעס, אָן דעם הסכם ,אָן דער מיטהילף פונעם פאָלקס־גייסט, פון די כאַראַקטעריסטישע קולטור־שעפערישע כוחות פונעם יידישן פאָלק, איז כלל נישט מעגלעך.

יידישקייט איז דער שאַפנדיקער, באַשטימענדיקער כוח אין אַלע יידיש־גייסטיקע ווערטן. דראַמע, ווי דער עפּאָס, איז אַפנים נישט קיין אָרגאַנישער אויסדרוק פון דער אייגנטימלעכער שעפערישקייט פונעם יידישן נאַציאָ־נאַלן זשעניע.

נאָכקוקנדיק דער געשיכטע פון טעאַטער ביי יידן באַקומט זיך, ווי פון זיך אַליין דער אויספיר, אַז טהאַליאַ און מעלפּאָמענע, די גריכישע טעאַטער־מוזן פון קאָמעדיע און טראַגעדיע, האָבן נישט בעסער „אָפּגע־שניטן" אין גבול פון יידישקייט, ווי די אַנדערע מיטאָלאָגישע געטער. דער גייסט פונם היסטאָרישן יידישקייט האָט, אין אַלע תקופות, זיך אָפּגעוואָרפן פון אַ שידוך מיטן טעאַטער, און האָט קיינמאָל נישט געגעבן זיין הסכמה די יידישע דיכטערס זיך מתחתן צו זיין מיט דער דראַמע.



# וועגן עסייען און עסייאיסטן

די יידישע ליטעראַטור האָט פון איר אָנהויב אָן אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע נטיה צו „אייראָפּעאישקייט,‟ איבערצונעמען דעם שטייגער, די מאַנירן, פאָרמען און מיטלען פון די מאָדערנע ליטעראַטורן — אַזוי ווי אַ פּריש־געקומענער אין אַ נייער מדינה, וואָס סטאַרעט זיך וואָס גיכער אַראָפּ־צוּוואַרפן זיין אויסלענדישן טראַכט, כדי זיך אויסצוגלייכן מיט די איינגע־באָרענע. די מעשה־ביכלעך וואָס דער פאַקנטרעגער פלעג אויסלאָדן פאַר די אויגן פון דער פאַרבענקטער, אַרויסקוקנדיקער יוגנט, וואָס פלעג זיך קוים דערוואַרטן אויף זיין אָנקומען אין שטעטל, זיינען שוין ס׳רוב באַשטאַנען פון „העכסט־שפּאַנענדע‟ געשיכטעס לויט דעם שניט פון די פראַנצויזישע שונד־ראָמאַנען.

אונזערע שרייבער־פּיאָנערן האָבן זיך זשעדנע געכאַפּט פאַר אַלע פאָרמען און ליטעראַרישע מאַניפאַרגעס, אין געברויך ביי די אומות־העולם, אין יענעם דור. האַלב־דערבאַקענע פאַלק־שרייבער האָבן זיך געריסן ווערן אויף גיך וועלט־ליטעראַטן. דער קודמדיקער טאָפּל־קאָפּ איבער אַ דערציילונג, מיט דעם חנעוודיקן „אָדער‟ („אבן נגף‟ — אָדער „אַ שטיין אין וועג‟ — דינעזאָן) איז שפּעטער פאַרביטן געוואָרן מיט אַ געקלאָמערט אונטערקעפּל ווי „סקיצע,‟ „עטיוד,‟ „עסקיז,‟ „ערציילונג,‟ „פראַגמענט.‟ סתם פּראָזע־שרייבעכצן, אין גאַזעט צי זשורנאַל, ווי מאמרים, אויפקלערונגען, פּאָפּולאַריזאַציעס אין קירצערער פאָרם, האָבן געהערט צו איין כלל־קאַטעגאָריע — „אַרטיקלען.‟ די עסיי, אַן אַלט־נייע, פּלאַסטישע, הויך־אַנטוויקלטע ליטעראַרישע פאָרעם פאַר די לעצטע פאַר הונדערט יאָר, און וואָס ווערט חשיבותדיק געשאַצט אין אַלע אייראָפּעאישע ליטעראַטורן, איז ערשט דאָ ניט לאַנג ביי אונז אַדאַפּטירט געוואָרן. ס׳הייסט נישט אַז יידישע פּראָזאַיקער האָבן אינגאַנצן ביז אַהער ניט געשריבן אין טאָן און גייסט פון דער עסיי, אָבער ס׳איז פאַרט זייער טשיקאַווע וואָס אונזערע שרייבער פון „באַטראַכטונגען,‟ „אָפּהאַנדלונגען‟ און גלאַט „אַרטיקלען,‟ האָבן עפּעס ווי פּשוט נישט געוואוסט אַז ס׳פאַראַן אין דער ליטעראַטור אַ פאָרם־באַצייכענונג אַזאַ וואָס הייסט „עסיי.‟

דער דאָזיקער מצב האָט זיך אָבער אין די לעצטע יאָרן היפּש געביטן. דאָס באַשיידענע, ניט פּרעטענדירנדיק „אַרטיקל" איז שוין „הלך לעולמו" — אַראָפּ פון דער סצענע. ווי מ׳וואָלט מיטאַמאָל געזוכט צו דערכאַפּן און ממלא־זיין דעם ביז־איצטיקן פאַרזען, זיינען שוין היינטיקע פּראָזע־זאַכן פון אַ ניט־בעלעטריסטישן כאַראַקטער, אין בלאַט און זשורנאַל, געוואָרן אויס אַרטיקלען און אַריבער אויף אַ העכערער עוואָלוציע — „עסייען." אינם פאַך־זשאַרגאָן פון ליטעראַרישן שמועס ווערן נעכטיקע פּובליציסטן, רעצענזענטן און אַפילו זשורנאַליסטן שוין דעקאָרירט מיט אַ ניי־מאָדישן טיטל: „עסייאיסטן" — אַ שיין וואָרט וואָס מאַכט צו פילן דעם שרייבער ווי ס׳וואָלט אים אויסגעלייזט פון האַמעטנער מלאכהשאַפט, און אים דערהויבן צו אַ העכערער, כמעט קינסטלערישער מדרגה . . . מיר קאָנען זיך שוין אַפילו באַרימען מיט אַן עסייען־אַנטאָלאָגיע. אמת, פון דעם דאָזיקן עסייען־אָפּקלייב זיינען די ליטעראַטור־קריטיקער נישט איבעריקס נתפּעל געוואָרן — אָבער מ׳קאָן דאָך פון דער אַנטאָלאָגיע אָפּלערנען נאָך אַ ראיה־לדבר אויף דעם אויפגעוואַכטן חשק צו אָט דעם „נייעם" זשאַנר.

מיט דעם אַלעמען איז נאָך די עסיי אין אידיש אַן אויסלענדערין, וועמען ס׳קומט ניט אָן גאָר גרינג זיך איינצולעבן אין איר נייער היים. מ׳האָט זי, דוכט זיך, אויפגענומען מיט אַ מין בעדואינישער גאַסט־פריינטלעכקייט, אָבער זי האָט זיך נאָך אַלץ נישט אָריענטירט אין דער דאָזיקער סביבה. זי רויטלט זיך נאָך, מיט דער שעמעוודיקייט פון אַ פרעמדלינג, און זי ציטערט אויף ביים אָנבליק פון דער כאַפּטע מאַנסלייט וואָס זיינען להוט מיט איר זיך צו פאַרקנסן.

חוץ מזה, איז מען נאָך נישט אין גאַנצן קלאָר אין איר אַקוראַטנעם יחוס, אין איר אָפּשטאַם און באַטייט; איר מהות און פאַרנעם איז כמעט ווי גאָר נישט פאַרטייטשט געוואָרן — אַפילו נישט פון אונזער „יחיד־במינו," דעם אונטערנעמערישן קאָמפּילאַטאָר פון דער עסייען־אַנטאָלאָגיע. אַפילו איר סאַמע מין — גראַמאַטיקאַליש — איז נאָך ביי אונז נישט פעסטגעשטעלט: צי זאָל מען זאָגן „דער," „די" אָדער אפשר גאָר „דאָס" עסיי . . . די צעמישעניש אין די מינים פון אַ סך ווערטער אין אונזער פאָלקס־שפּראַך לאָזט זיך כאָטש טיילוויז דערקלערן מיט טראַדיציע, מיט לאָקאַלן דיאַלעקט. אָבער וועגן עסיי קאָן נישט גילטן דער תירוץ פון לאַנדסמאַנשאַפט, וואָרים נישט אין ליטע, אוקראַינע אָדער גאַליציע האָט דאָס פאָלק געניצט אַזאַ וואָרט. איז די פאַרלעגנהייט אַלגעמיין פאַר יעדן יידיש־שרייבער. זאָגט מען איינמאָל אַזוי און אַן אַנדערש מאָל אַזוי . . .

* * *

דער חידוש פון דער עסיי — איר אַלמענטשלעכער אינהאַלט, איר אַרויספירן די אייגנגעשטאַלט פונם שרייבער אין פאָדערגרונט פון זיין שריפט — געהער צו דער כלליקער איבערבויאונג און אַ גאַנצע ריי „חידושים" מצד דעם הומאַניזם, דער נייער אויפשוואונג פון מענטש־קולטור וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין אייראָפּע אינם צייט־אָפּשניט פון דער רענעסאַנס. יענער דור האָט געמאַכט אַ געוואַלט־ריס אין דעם לאַנגן, טויזנט־יאָריקן המשך פון אַלט־וועלטיקע השגות, און אויסגערופן: „גענוג!" צו דער מיסטישקייט, דער פון מענטש־און־נאַטור דערווייטערטער מעטאַפיזיקע פון מיטלאַלטער, וואָס האָט רק עוסק געווען אין חקירות מכוח „יענער־וועלט," און ענלעכע, פון לעבעדיקן־לעבן אָפּגעטשעפּעטע אַבסטראַקציעס.

דאָס אַלטערטום האָט פאַרהייליקט דאָס געשריבענע וואָרט. די אַלט־העברעאישע ליטעראַטור — וואָס פון אירע אומפאַרגלייכלעכע מוסטערן איז אויפגעשטעלט געוואָרן דאָס וועלט־בוך, דער תנ"ך — האָט געדינט הויכע און ווייטע אידעאַלן. זי האָט זיך אָפּגעגעבן דעם — פאַר יענער צייט — ריזן־געדאַנק פון אַחדות־הבורא, די איינהייט פון וועלט־באַשאַף און די איינציקייט פון זיין באַשעפער. זי האָט געטראָגן די פאָן פון דער אחד־אידייע אין אַ געצנדינערישער, האַלב־פּרימיטיווער וועלט. די דעמאָלטדיקע ליטע־ראַטור איז בכלל באַשווערט געווען מיט תוכן און עובדא; איר הויכגעשטעל־טער ציל איז געווען די איבערגעשטאַלטונג, די איבערדערציאונג פון יחיד, ווי פון גאַנצן פאָלק. זי אַליין איז געקומען „מפי־הגבורה," ווי אַ פועל־יוצא פון דירעקטער התגלות, פון אינספּירירטער אַנטפּלעקונג, און איר מיסיע איז געווען צו ווייזן דעם וועג, און ברענגען אַ בשורה פון אויסלייזונג פאַר אַלע פעלקער און דורות.

אויך די היידנישע ליטעראַטור האָט געגליט מיטן הייליקן פייער פון רעליגיאָזיטעט. זי האָט טאַקע נישט פאַרמאָגט די מעכטיקע דינאַמיק, דעם רעבעלישן אימפּעט, ווי אַנגעיאָגט פון די מדברשע אוראַקאַנען, די פלאַמענדיקע רעטאָריק, און דעם באַצווינגענדיקן פּאַטאָס פון דעם תנ"כישן אייגנאַרט; דאָך איז זי באַוואויגן געוואָרן דורך איר אייגענעם, טיף־רעליגיעזן גייסט. האָבן דאָך אַלע קונסטן אַרויסגעשפּראָצט פון די ערשטע זוימען, וואָס זיינען פאַרזייעט געוואָרן ביים דעם פייערלעכן, סוגגעסטיוון ריטואַל, דעם פּרימיטיוון, פאָרהיסטאָרישן גאָטעס־דינסט. די געטער, סימבאָלן פון אַלע מיסטעריעס און כוחות אין דער טבע, ביי די אַלטע פעלקער, האָבן „געהויערט" אין נאַציאָנאַלן

עפּאָס, אין קאָלירפולן צערעמאָניאַל, אין מעשה, פאָלקס־ליד, סטאַטוע, געזאַנג און טאַנץ.

דער שליח פון גאָט לעבט ניט פאַר זיך; ער סובלימירט זיין „איך" אין דער עקזאַלטאַציע פון זיין געוואַלטיקער שליחות. די שטים פון גאָט רעדט דורך זיינע לעפצן. דער נביא־דיכטער קומט ברענגען צו טועהדיקע מענטשן דעם רצון פון דער אַלמאַכט. ער קומט בענטשן, שטראָפן, וועקן, טרייסטן און פאַרקונדיגן דעם אחרית־הימים. זיין גורל איז פאַרחתמעט; ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע ערדישע „גליקן" וואָס טאַקסירן דעם כוח, דעם מוח, פון אַ פראָסט־שטערבלעכן אַלע זיינע יאָרן. דער אויסדערוויילטער צו לעבן פאַר „עבודת־השם" דאַרף נישט אָנזאַמלען קיין נכסים, פאַרגרייטן זיך מיט אַ זאָרגן־פרייער עלטער, אויפשטעלן אַ דור, און ווערן אַן אָנגעזעענער בעל־הבית אין דער קהילה. ער האָט אַפילו נישט די השגה פון זיך קונה־שם זיין, אַז זיין נאָמען זאָל געריכט ווערן ווי אַן אויפטוער, אין זיין דור אָדער נאָך זיין פאַרגיין. זיין אייגן לעבן און גאָר זיין מיאונג, זיינע היוכע גאָבן, און אַלץ וואָס איז זיין, האָט ער מיט אַ פרייען רצון געבראַכט ווי אַ קרבן־מנחה, אַ געשאַנק־אָפּער, אויפן מזבח פון זיין גאָט־באַרופענעם פאָלק־דינסט.

אין אַן ענלעכן גייסט צו די יידישע נביאים און אַלצאַיינס ווי זיי, מאָטיווירט פון אַ כוונה צו לערנען, אויפהייבן און דערציען דאָס פאָלק, האָבן די געוויילטע חכמים, סופרים און דיכטער ביי אַלע פעלקער, געשריבן זייערע ערנסט־גרויסע, אומפּערזענלעכע ווערק — ווערק פון מוסר, חקירה, חכמה, לערע און שירה. די פאַרבליבענע קונסט־ווערק פון דער אַלטער וועלט טראָגן אין זיך אינעווייניקסטע באַוויזן, אַז זיי זיינען נישט פאַרטראַכט געוואָרן צוליב ריין־עסטעטישע טעמים, צו פאַרשאַפן סתם־אונטערהאַלט, צו פאַרוויגן די חושים מיט קונסט־פאַרוויילונג. די אָנגעווענדעטע סימבאָליק, און אַלע קינסטלערישע מיטלען אין אָט די ווערק, באַווייזן אַז זייער צוועק איז געווען אַרויסצוהייבן טיפע, אַלצייטיקע אידייען וועגן דעם אייביקן מענטשן — די פאַראויסבאַשטימונג פון זיין גורל, דער לויערנדיקער, פאַרהוילענער „פאַטום" וואָס באַגלייט זיינע טריט, און וועגט זיינע מעשים אויף דער וואָג־שאָל פון די געטער; די גרונט־פּראָבלעמען פון זינד און תשובה, שכר־ועונש, דער גע־ראַנגל פון גוטס און שלעכטס אין דער נשמה פון מוטער־מענטש — אידייען וואָס שיילן זיך אויס פון עצם לעבן אַרויס, אין אַלע צייטן, און וואָס זיי, די דאָזיקע אידייען, איז צו פאַרדאַנקען דער זכות־הקיום, די קלאַסישע חשיבות, די קינסטלערישע ווערדע פון דער פאַרצייטיקער ליטעראַטור.

דער אַמאָליקער שרייבער אַליין, מיט זיין פערזענלעכן קלסתר־פנים,

האָט זיך זעלטן־ווען אַרויסגעשטעלט אין זיין חיבור. אויך דער ערלעכער שרייבער, ווי דער נביא — זיי האָבן אָפט געהאַט כמעט אידענטישע פונקציעס — האָט עוסק געווען אין אַ מלאכת־הקודש, אַ הייליקע אַרבעט ניט פֿאַר לוין וועגן. ער האָט געשריבן מיט אַ אָפּגעהיטער פעדער לדורות. ער איז געווען דער פאַראויסזאָגער און פאַראויסלויפער, די צונג און דאָס געוויסן פון פאָלק. דעם באַזעלטן שרייבער׳ס באַוואוסטזיין ווי אַ שאַפֿנדיקער קינסטלער, צו פאַראייביקן זיין נאָמען דורך זיין ווערק, האָט נאָך געדרימלט אין זיין נשמה. ווי דער בוי־מייסטער ווערט אויסן ווען דער בנין איז פאַרענדיקט, אַזוי איז דעם מחבר׳ס יחידישקייט אויפגעלייזט געוואָרן אין זיין ווערק.

לאָזט זיך דאַרום פאַרשטיין פאַרוואָס דאָס אַלטערטום האָט אונז איבערגעלאָזן אַזאַ אָרעמע ירושה פון ביאָגראַפישן מאַטעריאַל וועגן זיינע קינסטלער און שעפער. די נעמען פון אַ סך גרויסע אַלטערטימלעכע שרייבער, זיינען מיטן גאַנג פון דער צייט, געוואָרן צו לעגענדע און סימבאָל. נאָר על־פי סברא, און פון צופעליקן וואָרט און וואונק, האָבן די געלערנטע אויפגעשטוי־קעוועט אַן אומדייטלעכע, פראַגמענטאַרישע פּאָרטרעטור פון די ביבלישע געשטאַלטן, ווי פון די ניט־אידישע פיגורן פון דער אַנטיקער וועלט.

* * *

פאַרשלייערט פון היסטאָרישן, אַנאָנימן טונקל, זיינען אי די ספרים, אי זייערע מחברים. אַזוי, למשל, האַלט מען אַז מער ווי צו איין נביא־עקסטאַטיקער מיטן זעלבן נאָמען דאַרף צוגעשריבן ווערן דאָס גאָט־באַזעלטע נביאַאישע ספר ישעיה; אַזוי קאָן מען נישט וויסן די אייגנטלעכע ראָל פון ברוך בן־נריה, דעם סופר־באַגלייטער פון ירמיהו ביים איבערשרייבן דעם נביא׳ס אימפּראָוויזירטע, הימל־געצונדענע רעדעס. מ׳גלויבט אַז עזרא הסופר איז אידענטיש מיטן נביא מלאכי, די מגילות שיר־השירים, רות, קוהלת, אסתר, און בכלל תנ״כישע ספרים ווי איוב, תהילים, משלי, שטייען ווי ריזיקע ליטעראַרישע דענקמאָלן, וואָס שליסן איין אין זיך אויף אייביק דעם גרויסן סוד פון זייער שאַפונג. דער רוח־הקודש האָט די דאָזיקע לויכטנדיקע ווערק אַרויסגערופן, און האָט אויף זיי אויסגעשפּרייט זיינע פאַרהילנדיקע פליגל ווי אויף זיין אייגן באַשאַף. אַנדערש געזאָגט: דער זשעני פון ישראל האָט דורך זיינע געבענטשטע זין, געשאַפן אָט די אוצרות פון וואָרט און גייסט און זיי וועלן פאַרבלייבן לכבוד ולתפארת, דער שטאָלץ און דער ציר פון דעם יידישן פאָלק.

אַלע פּרואוון פון די ביאָגראַפן אַרום די ביבלישע אָדער קלאַסיש־באַרימטע געשטאַלטן, פּונקט ווי די מאַלערישע פאַרשטעלונגען פון זייער פיזישער ענלעכקייט — זיינען פאַנטאַסטישע אויסטראַכטענישן. וואָס ווייסן מיר איינגטלעך פון דער פּערזאָן פון אַכנאַטאָן, בודאַ, האָמער, האַמוראַבי, קאָנפוציוס, לאַאָ־טצע, סאָקראַט, דעם נוצרי? — ניט פיל מערער ווי מיר ווייסן פון אדם־הראשון, צי פון אַנדערע לעגענדאַריש־סימבאָלישע נעמען. פּאַרציייטיקע שרייבער האָבן ניט געפירט קיין טאָג־ביכער, האָבן נישט געשריבן קיין אויטאָביאָגראַפיעס, מעמואַרן, קאָנפעסיעס; זיי האָבן ניט פאַרזיכערט געזעצלעך זייער אויטאָר־רעכט אויף זייערע חיבורים, און ניט אַריינגעגעבן זייערע פאָזירטע בילדער נעבן שער־בלאַט. בלויז די קעניגלעכע הערשער האָבן געקאָנט דינגען, אָדער צווינגען שרייב־קנעכט, אויסצוקריצן אויף מאָנומענטן און ליימענע טאָוולען, איבערטריבענע כראָניקעס פון זייערע „גרויסע" מעשים. כמעט אַלעס אַנדערע וואָס איז געשריבן געוואָרן, איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ פּריוווילינג געשאַנק צו די געטער, און איז געוואָרן, מיט דער צייט, דאָס גייסטיקע כלל־פאַרמעגן פון פאָלק. אָט די טראַדיציע פון אַנאָנימען, פאַרשטעלטן, און בכלל פון דעם אומפּערזענלעכן שרייבן, אַפּילו אין ווערק וואָס האָבן יאָ געטראָגן אַ נאָמען פון אַ פאַרפאַסער, האָט אָנגעהאַלטן לאַנגע יאָרהונדערטער, אַפּילו שוין נאָכן אויפקומען פונם קריסטנטום, און ביז נאָכן סוף פון מיטלאַלטער. פאַרמאָגן מיר ספרים פון דעם וויטן אַמאָל, וואָס מאַכן צו גלייבן ווי זיי וואָלטן אַראָפּגעפאַלן פאַרטיקע פון הימל, אָדער ווי זיי וואָלטן דורך אַ ספּאָנטאַנער ביאָלאָגיע, אָן אַ פאָטער־מחבר, געקומען אויף דער וועלט. פרומע מענטשן באַטראַכטן טאַקע אָט די ספרי־קודש עד היום ווי פון „אויבן" דיקטירטע, ווי איבערמענטשלעכע שאַפונגען. איינציקע, זעלטנפאַלע אויסנאַמען וואָס מ'מעג צורעכענען צו דער גאַטונג פון עסיי, ווייל זיי זיינען מער אָנגעטעמט „משמני־הארץ," פון די זאַפטן פון דער ערד, ווי „מטל־השמים," ווי פונם טוי פון הימל, געפינט מען אַפּילו אין דער ביבלישער, ווי אין דער קלאַסישער, גריכיש־רוימישער ליטעראַטור. קוהלת, משלי, שופטים, גרויסע שטעלן פון ספר שמות אין חומש, זיינען געשריבן אין כאַראַקטער פון דער עסיי. די מעשיות, משלים, שפּריכווערטלעך און אַרויסזאָגעכצן, אין לייכטן געמיט, אַרום די אייביקע טעמעס, ווי חכמה, טוגנט, גאווה, רכילות, נקמה, ליבע, א. אַ. זיינען עסיי־מעסיק אַוועקגעשטעלט, כאָטש ס'איז יענע שרייבער אַוודאי אויפן זינען נישט געקומען אַז זיי באַנוצן זיך מיטן עסייאיִשן מעטאָד. פּלוטאַרך האָט געשריבן בדרך עסיי, וועגן גריכישע העלדן און אימפּאָזאַנטע פיגורן, ווי וועגן לעבעדיקע מענטשן,

אַנשטאָט ווי פון אויסגעדמיונטע, מאַרמאָרענע סטאַטוען מיט אויסגעלאָשענע אויגן. ציצעראָ, סענעקאַ, און אפשר אַ פּאָר אַנדערע, האָבן אויף אַזאַ אופן באַהאַנדלט, אין דער אַלט־לאַטײַנישער ליטעראַטור, די פּראָבלעמען: אומ־שטערבלעכקייט, פּאַטריאָטיזם, פליכט, פריינטשאַפט, עלטער און טויט. ווי האָט עמיצער אַמאָל געזאָגט (רעדנדיק וועגן עסיי): בלויז דאָס וואָרט איז ניי — דער עצם איז אַן אַלטער.

* * *

דער עסייאיסט, ווי דער קריטיקער, קומט אויף שפּעט אין דער אַנט־וויקלונג פון אַ ליטעראַטור — ערשט נאָך דעם פאָלקס־דיכטער, דעם חוזה, דעם דערציילער, דעם מוסר און משלים־שרייבער. אַזוי ווי דער קריטיקער מוז זיך שטיצן אויף אַ גרייטער, שוין־עקזיסטירנדיקער ליטעראַטור פאַר זיינע באַלייכטונגען און שטודיעס, אַזוי אויך דער עסייאיסט — ער קומט ניט אַזוי אַנטפּלעקן קיין דבר־חדש ווי צו קאָמענטירן, מיט אייגענעם קול און נוסח, זיך אַרויסזאָגן און רעפלעקטירן אויף עקזיסטירנדיקע, שוין־געשאַ־פענע ווערטן.

ווען אַ פאָלק האָט זיין געאָגראַפיש ווינקל אויפן ערד־קוגל זיך דער־וואָרבן; זיין אָרט אונטער דער זון שוין אויסגעפאָכטן; זיין נאַציאָנאַלן שטייגער איינגעשטעלט; זיין גייסט־פאַרמעגן אָנגעזאַמלט אין די אַרכיוו־שפּייכלער; און די עקאָנאָמיק, כאָטש פאַרן פּריווילעגירטן שיכט, אַ באַוואָרנטע — דעמאָלט ערשט איז די סצענע פריי און צוגעגרייט פאַרן ליטעראַרישן סאַלאָן־שמועסער, דעם עסייען־שרייבער. דער עסייאיסט איז אַ וויצלינג און ערודיט, און אמתדיק געניסן פון אים, קאָן נאָר דאָס געזיפּטע זעמל־מעל פון דער לייענערשאַפט. ער שפּאַצירט לייכט־טראָטיק איבער די קולטור־גיטער פון זיין פאָלק, און פון דער וועלט, און זיין לייענער דאַרף פּעאיק זיין מיטצוהאַלטן מיט אים. ער וועט זיך פאַררופן אין זיינע סטיליזירטע „פלוי־דערייען" אויף די אַלערלייאיגסטע זאַכן, פון די פאַרשיידנסטע געביטן, און נאָר דער באַהאַוונטער לייענער איז אים ביכולת נאָכצופאָלגן.

און דאָך איז די עסיי אַ פּאָפּולער־צוגענגלעכע פאָרם. כמעט אַלע לייענער קאָנען פון דער עסיי הנאה האָבן. די מאַסן־אוידיטאָריע וואָס האָט זיך אויסגעכאָוועט פאַר דער היינטיקער עסיי, און וואָס האָלובעט זיך מיט איר, ווייזט אָן אויף איר פאָרצוג ביים לייענער־עולם, ווי ביי דער ליטעראַריש־גראַמאַטנער אינטעליגענץ.

אויך אין דעם ליטעראַרישן שפּאַציר — די עסיי — ווי אין די מערסטע

געביטן פון מענטשלעכן שאַפן, קומען אויף אַפריער די באַגרינדער־פּיאָנערן, די „ראשונים," די קודמדיקע גרויסע אַנטדעקער, וואָס טרעטן אויס דעם נייעם וועג פאַר די נאָכקומענדיקע דורות.

ערשט צום סוף פון 16טן יאָרהונדערט שטייט אויף דער ערשטער אויסגעשפּראָכענער מורד, דער געוואָגטער ווידערשפּעניגער קעגן דער פאַר־הייליקטער, אומפּערזענלעכער רוח־הקודש טראַדיציע פון שרייבן — מישעל דע־מאָנטען. דאָס יאָר 1580 ווערט באַטראַכט פאַרן געבורט־יאָר פון דעם נייעם, ליטעראַרישן זשאַנר, פון דער פאָרעם וואָס האָט פאַראייניקט דעם נאַטירלעכן דריילינג פון שרייבער, טעמע און סטיל; אַ פאָרעם וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַן עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון ליטעראַטור, אַ גרענעץ־ליניע צווישן דעם אַלט־קלאַסישן און היינט־וועלטיקן צוגאַנג — די ליטע־ראַרישע עסיי.

דער שרייבער האָט אויפגעהערט שפּילן די ראָל פון אַ פאַרמיטלער צווישן דער הימלישער שררהשאַפט און די ערד־באַוואוינער, און געוואָרן אַ מענטשלעכער מענטש, וואָס שרייבט פאַר זיינס־גלייכן, פון זיך, און פון וואָס אים וואויל־געפעלט. דער „רוח־הקודש" האָט נאָך אַלץ צו טאָן מיט דעם שרייבער'ס שאַפונג — ער מוז נאָך אַלץ בעטן אויף „אינספּיראַציע," אויף „באַגייסטערונג" — אָבער ער רעדט שוין איצט דרייסט אין זיין אייגענעם נאָמען, וואָס ער שעמט זיך מער נישט אָנצושרייבן אויף זיין ספר, און ער באַהאַלט זיך מער נישט, מיט שיפלותדיקער באַשיידנקייט, אונטער די פאָלעס פונם „מלאך רזיאל," צי פון אַנדערע אמתדיקע, אָדער אויסגעטראַכטע גייסטער.

אינם אויבן־אָנגעגעבענעם יאָר האָט דע־מאָנטען אַרויסגעלאָזן די ערשטע צוויי בענד פון זיינע עפּאָכאַלע עסייען אונטער דעם ביז־דעמאָלט נאָך ניט באַקאַנטן טיטל „עסאַיס."

ער האָט געלעבט אין דעם רעכטן מיטן פון דער תקופה ווען פראַנקרייך האָט געבלוטיקט פון דעם „הייליקן קריג," וואָס האָט אָנגעהאַלטן דרייסיק יאָר און ממש פאַרצערט דאָס לאַנד. דער דראַקאָן פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם און אומטאָלעראַנץ האָט מיט זיין גיפטיקן אָטעם פאַרסמט די לופט אין פראַנקרייך, ווי אין גאַנץ אייראָפּע. פון איין זייט די קאַטוילישע קירך, מיט די באַוואָפנטע פעאָדאַלע הויפלינגען, וואָס האָבן זיך אַרום איר גרופּירט, און די הוגענאָטן — די פּראָטעסטאַנטישע רעפאָרמאַטאָרן וואָס האָבן דאָרט, ווי אין אַנדערע לענדער, געקעמפט פאַר זייער לעבן מיט דעם אָרטאָדאָקסישן קאַטויליציזם — מיט זייערע אייגענע אַמביציעזע דוכוסן און גראַפן, אויפן קעגנערישן צד, האָבן זיך געהאַסט, געשלאָגן און געמערדערט אָן אַן אויפהער.

ביידע פּאָליטיש־רעליגיעזע פּאַרטייען האָבן מלחמה געהאַלטן כלומרשט פאַר גאָט׳ס וועגן, אָבער אין אמתן האָט יעדע פון זיין געזוכט צו פאַרכאַפּן די מאַכט, און פאַרפלאַנצן אַ מלוכה־דינאַסטיע אונטער איר פאָן און גלויבן.

די קאָנספּיראַטאָרקע און טייוולישע מרשעת קאַטערינע דע מעדיצי — היסטאָריקער באַהויפּטן אַז קיין איין פּרוי אין דער געשיכטע האָט ניט אָפּגעטאָן אַזוי פיל שלעכטס ווי זי — וואָס האָט רעגירט אין נאָמען פון איר שוואַכזיניקן זון, האָט אָפיציעל געשטיצט די קאַטוילילקן, און אין געהיים, ווען ס׳האָט זיך איר געלוינט, האָט זי געהאָלפן די הוגענאָטן. זי האָט נאָכאַנאַנד געטריבן איר אינטריגאַנטישע פּאָליטיק, און אויפגעהעצט די שטרייטנדיקע צדדים צו ווילדע אויסברוכן און מאַסן־שחיטות. ווי אין די פינצטערע יאָרן פון דער אינקוויזיציע, האָבן די פאַרגלאָצטע קלעריקאַלן געזוכט צו לייטערן דורך די פייערן פון דער אויטאָ־דאַ־פע, די פון שטן־פאַרפירטע נשמות פון די „אומגלויביקע״, וואָס זיינען אין זייערע הענט אַריינגעפאַלן. אויף די פלאַמענדיקע שייטער־הויפנס האָבן די פאַרפייניקטע גופים פון זייערע קרבנות געפלאַקערט ווי לעבעדיקע שטורקאַצן. צו די דאָזיקע העל־אילומינירטע גאַסן־ספּעקטאַקלען, פלעגן די פאַרהוליטייעוועטע הויף־דאַמען קומען זיך צו־קוקן, מיט פערוווערזער הנאה, ווי צו אַ צירק־פּאַנאָראַמע. דער רעפאָרמיסטי־שער אויפשטאַנד קעגן דעם דאָמינירנדיקן קאַטויליציזם איז אַלץ ווייטער אָנגעגאַנגען. דאָס לאַנד איז צעריסן געוווען פון בירגער־קריג, און האָט געפיבערט אין אַ העלישער אָרגיע פון מאָרד, פאַנאַטישער רציחה, בלוט און פייער.

קעגן אָט דעם טריבן, רויט־געשטרייפטן, געשיכטלעכן האָריזאָנט איז אויפגעקומען דער איראָנישער סקעפּטיקער, דער אָפּנהאַרציקער, הומאָר־רייכער וואָרט־שמיד, דער ליטעראַרישער בר־שכל און פּראָזע־ליריקער, דער איניציאַטאָר פון אַ נייעם סטיל און אַ נייער פאָרעם — דע־מאָנטען. ער איז געוועזן אַן אַריסטאָקראַט און אַ קרוב־למלכות. זיין שטאַנד און איינפלוס האָבן פאַר אים מעגלעך געמאַכט דעם לוקסוס פון בלייבן „נייטראַל״ אין יענעם פאַרביסענעם קאַטויליש־פּראָטעסטאַנטישן געפעכט. פאַראַן אַ יש־אומרים, אַז ער אַליין האָט געשטאַמט פון אידן. זיינע שילדערונגען פון די נגישות, אין צייט פון גירוש, פון די פּאָרטוגעזישע יידן, זענען געשריבן מיט אַ מיטגעפיל, מיט אַ מאָראַלער אַנטריסונג פון אַן אוהב־ישראל. פרי־פאַר־עלטערט פון אַ דראַמאַטיש־געשפּאַנטער, מיטגעמאַכטער יוגנט, אין יענער שטורמישער עפּאָכע, מיט אַ הבל־הבלים בליק פון אַ וועלט־מידן זקן, וואָס האָט זיך געענוג אָנגעזען און אָנגעליטן אין דעם עמק־הבכא פון אַ פאַרשאָלטענער

וועלט, ציט ער זיך צוריק, ביי זיין 38טן יאָר, אין זיין ווילא, כדי צו אַנטרינען פון דעם צעשויבערטן שגעון, וואָס האָט גערינטן איבער זיין לאַנד און דערפירט זיין פאָלק תחת־חרב, צו פאַרטיליקונג דורך דער שווערד פון פאַנאַטישן ברודער־האַס. איבער דער טיר פון זיין אַרבעט־צימער קלעפּט ער אָן אַן אויפשריפט: איך פאַרשטיי נישט. איך צווייפל. איך באַטראַכט. ער געפינט רעטונג און רו אינם עיר־מקלט פון זיין אייגענער אינערלעכער וועלט; ער אַנטלויפט צו זיך אַליין, און טויכנדיק אין זיינע איכישע טיפן ברענגט ער פון דאָרטן אַרויס זיינע אומשטערבלעכע עסייען.

אָט ווי אַלעקסאַנדער סמיט, איינער פון דע־מאָנטען׳ס פאַרערער־קריטיקער, און אַליין אַ סענסיטיווער דיכטער פון דער עסיי, כאַראַקטעריזירט אים:

„אין דע־מאָנטען איז געקומען צום אויסדרוק אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקער סקעפּטיציזם, אַ מעלאַנכאָליש־סובטילער הומאָר, אַ זין פאַר דעם אין־סוף, וואָס הילט אַרום דאָס מענטשלעכע לעבן, און וואָס מאַכט אים צו שפּאָט, נאַרט אים אָפּ, און שליידערט אים זיין אייגענעם געדאַנק צוריק אין פּנים אַריין. אַ מענטשן — זאָגט ער — איז באַשערט אָפּצולעבן אויף דער ערד עטלעכע צוגעציילטע יאָרעלעך, מיט באַשרענקטע כוחות, און מיט אַ וויסן וואָס קאָן נאָר דערגיין ביז אַ גרענעץ; אַן אומדורכדרינגלעכער חושך איז הינטער אים און אַ חושך פאַרשטעלט אים די שיין פון פאָרנט — קאָן ער קיינמאָל ניט זיכער זיין אין קיין שום זאַך, אַ חוץ אַז ער איז געבוירן געוואָרן, און אַז ער מוז בעל־כרחו אַוועק פון דער וועלט. טאָ, פאַרוואָס־זשע, אום הימל׳ס ווילן, זאָל ער וועלן זען אַ מיט־מענטשן ברענען אויפן שייטער־הויפן, ווייל יענער האָט אַן אַנדער מיינונג פון אים אין דער פראַגע פון ווי מ׳זאָל אָנטאָן דאָס תפילה־קלייד, אָדער צוגרייטן דעם גאָטעס־דינסט? — פון דע־מאָנטען׳ס פאַרקלערטער ספקות, און פון זיין רחמימדיקן באַנעם, אין יענער שוידערלעך־אומטאָלעראַנטער תקופה, האָט זיך לסוף באַקומען דער געדאַנק פון טאָלעראַנץ וואָס ער, דע־מאָנטען, איז געווען זיין אַפּאָסטאָל. מיט זיין קענטעניש אין דער וועלט־ליטעראַטור, זיין באַצויבערן אַיעדערן מיט זיין בליציקן שאַרפזין און קלוגשאַפט, האָט זיך זיין השפעה אַריבערגעטראָגן פון מוח צו מוח, און אַזוי אַרום צוגעהאָלפן צו דער ראַדיקאַלער ענדערונג צום גוטן, וואָס האָט שפּעטער איינגעטראָטן אינם אייראָפּעאישן געדאַנק. זיינע אידייען האָבן זיך אפשר ניט באַצויגן פון די העכסטע הייכן; ער איז געווען ווייט פון זיין אַן אַסקעט; ער האָט ליב געהאַט די תענוגים פון עולם־הזה; ער האָט פאַרטראָגן אַלץ אַחוץ אכזריות. אָבער דאָס זאָל ניט קלענער־שטעלן זיינע גרויסע פאַרדינסטן פון אַ הומאַניטאַר, אַ ליבעראַלער גייסט און אַ קינסטלער. אָט

אויף אַזאַ אומדירעקטן אופן זיינען גרויסע שרייבער אָנגעשלאָסן אָן די דערציִערישע כוחות פון דער וועלט. אין לעצטן סך־הכל געפינען מיר, אַז זשעניאַליטעט און הומאָר שטייען ס׳רוב מיט דעם גערעכטן צד; און דער מענטש וואָס קעמפט היינט אַנטקעגן רשעות, באַציט אַ גרעסערע מיטהילף, ווי ער אַליין באַגרייפט אפשר, פון דער סאַטירע פון איין שרייבער, פון דעם משל פון אַ צווייטן, דעם ליד פון אַ דריטן — כאָטש די דאָזיקע שרייבערס גופא זענען נישט געווען קיין פּאַרטיי־אָנגעהעריקע, אָדער אַפילו ווען מ׳האָט זיי בשעתם צוגערעכנט צום קעגנערישן לאַגער."

* * *

קאָן מען דעפינירן די עסיי? — אַזוי ווי מ׳קאָן ענטגילטיק פאַרטייטשן און צו פאַרשטיין געבן ליטעראַטור, שיינקייט, מוזיק, פּאָעזיע אָדער קונסט. אַוודאי לאָזט זיך עפּעס זאָגן אַרום דעם פּראָסט־פּשט פון דער בחינה ליטע־ראַרישקייט וואָס הייסט עסיי — אָבער דעם פּראָמעטעאישן פלאַם וואָס לויכט דערין קאָן דאָס הוילע אָרעם־וואָרט נישט אַרומנעמען.

עסיי באַטייט אַ פּאַרזוך, אַ פּרואוו. להיפּוך דער גרינטלעכער, אויס־פירלעכער טעזיס, אָדער טראַקטאַט, איז אָן עסיי אַ לייכט־באַרירנדיקער, ניט־אויסשעפּנדיקער ליטעראַרישער פּאַרמעסט. אָט דער ווערטער־בוך באַגריף דאַרף דאָס דעקן אי דעם מהות, אי די פאַרשיידענע וואַריאַנטן פון עסייאיס־טישן שרייבן. דעריבער די צעמישעניש אין די מוחות פון לייענער און שרייבער מכוח דעם אייגנטלעכן זין פון דער עסיי, ניט דווקא אין יידיש־ליטעראַרישן תחום, נאָר אַפילו אין דער מאָדערנער קריטיק. אַזוי, למשל, האָט דער ענגלישער דיכטער־קלאַסיקער פּאָופּ לענגערע געדאַנקלעכע פּאָעמעס וואָס הייסן ביי אים עסייען: "עסיי וועגן מענטש;" "עסיי וועגן קריטיק;" דער דענקער לאָק האָט אָנגעשריבן אַ פילאָזאָפישן טראַקטאַט אונטערן נאָמען "עסיי מכוחן מענטשלעכן פאַרשטיין." ס׳דערמאָנט זיך דעם פּאָליטיש־עס־טעטישן טעאָרעטיקער בוירקס מאָנאָגראַפיע "עסיי וועגן דערהויבנקייט און שיינקייט." אַלערליי אַקאַדעמישע אַרבעטן ווערן אויך אָנגערופן עסייען — מסתמא דערפאַר ווייל זייערע פאַרפאַסערס מיינען מיט דעם אַ באַשיידענעם וואונק־אָנדייט אַז זייערע אַרבעטן זיינען נישט אויסשעפּנדיק.

פונקט ווי אַלץ וואָס איז געשריבן אין מעטרישער פאָרם צירקולירט אין פּאָלק אונטער דער מאַרקע "פּאָעזיע" — כאָטש דער גרעסטער טייל דערפון האָט אפשר די קנאַפּסטע שייכות צו דער ריינער פּאָעטישער ליריק

— אַזוי אין ליטעראַריש־קריטישער אָפּשאַצונג פון דער עסיי מיינט מען ניט די פֿאָרמעלע טראַקטן, טעקסטן, און אַנדערע עסיי־אַרטן, נאָר די אינטימע, פֿאַמיליאַרנע עסיי, וואָס איז דורכגענומען מיט דער פערזענלעכקייט און די שטימונגען פון דעם שרייבער.

דער עסייאיסט רעדט צו זיין לייענער „כדבר איש אל רעהו," ווי צו אַ נאָענטן חבר. ער איז נישט ביי זיך קיין גאָט־געזאַלבטער, און ער האַלט זיך נישט פֿאַר קיין „אָראַקל," וואָס האָט אַ פּרייען צוטריט צום ראָט פון די געטער; אים איז נישט אָנפֿאַרטרויט די לעצטע וויזהייט, און ער רעדט נישט אַראָפּ פון אָלימפּישע הייכן מיט אַ טונקל־סימבאָלישער מעטאַפֿאָריק צו זיין בלודנעם, געפּלעפטן צוהערער, וואָס בוקט זיך פֿאַר אים מיט דער־שראָקענעם יראת־הכבוד. אויך דער עסיי־שרייבער, ווי זיין לייענער, איז אַן עלנטער ילוד־אשה, אַ נאַטור־קינד, וואָס האָט אויפגעוואַכט אין דעם פֿאַר־שאָטנטן אור־וואַלד פון מיסטעריעזן וואָס באַגלייטן דאָס לעבן. ס'לאָקן אים דערפֿאַר אַלע זייטיקע וועגן און פֿאַרבאָרגענע סטעזשקעס, כאָטש ער ווייס אַז ער איז פֿאַרמשפּט צו אייביקער בלאָנדזשעניש. ער טיילט זיך מיט זיין צוהערער יעדן פרישן איינדרוק, יעדן רעפלעקס פון זיין נשמה ווי ער דערשפּירט אים נאָר. ער לאָזט זיך אַריינבליקן אין די קעמערלעך פון זיין האַרץ, און ער אַנטפּלעקט אויפן אָרט זיין עופלה־געדאַנק וואָס פּיקט זיך אָקאָרשט אויס פון דעם איי פון אומבאַוואוסטזיין. ער איז מער בעל־דמיון ווי בעל־מוח. ער איז אַ לירישער דיכטער אין פּראָזע, און ווי יענער, רעדט ער נישט אין נאָמען פון אויטאָריטעטן, נאָר פון דעם איכישן געפּלאָנטער פון זיין אייגן נפש, אין דעם טאָן פון „אני הגבר:" איך אַליין בין דער העלד פון מיין אייגענעם שרייבן, איך לאָז צו וויסן־געבן ווי דאָס וועלט־רעטעניש, דער וועלט־חלום גיט זיך אָפּ אויף מיין אייגענער פּנימיות, אויף מיין סוביעק־טיוו, אינעווייניקסט לעבן. נישט קיין אַקאַדעמיקער־מחבר פון שווער־לייביקע שטודיעס איז ער; נישט קיין באַטיטלטער בר־סמכא וואָס שטעלט אויף פּאַכמענישע, פון די „זקנים" געכשרטע טעקסטן; און נישט קיין מלמדישער פּאַרטייטשער פון יענעמס האַרבע סוגיות. אלא וואָס־זשע דען? — ער איז דער פּראָטאָקאָל־פירער פון זיינע אייגענע אַוואַנטיורן מיטן לעבן, זיין צוזאַ־מענטרעף מיט דער וועלט. ער איז אַ פרייער דיכטער אין דער ליטעראַטור פון זיין פֿאָלק, וואָס שאַפט עסייאישע פּראָזע־ליריק אויף דער טעמע „איך און די וועלט."

דער עסייאיסט איז ניט קיין הייס־אָטעמדיקער זעלאָט, וואָס איז איבער־צייגט ביי זיך אין האַרצן, אַז נאָר ער באַזיצט דאָס אמתע פּאָרטל פֿאַר דער

אויסלייזונג פון דער מענטשהייט, אַז אים איז געגעבן געוואָרן צו וויסן דעם איינציקן ריכטיקן וועג וואָס פירט קיין „מעקאַ,״ און וואָס ער איז גרייט אויף מסירת־נפש פאַר זיין אַני־מאַמין. דער שרייבער פון עסיי איז אַן אייביקער סקעפּטיקער; ער דערזעט די האַלב און שטיקלעך אמתן פון אַלע קרעדאָס, אָבער דער חוש פון אַן אָפענעם, ניט פאַרקנעכטעטן מוח זאָגט אים אונטער, אַז דעם גאַנצן קיילעכדיקן אמת, דעם שיקזאַל פון מענטשן־מין אין סוף־הימים, האָט מען נאָך דערוויייל צו אונזערן אַ בר־נש, נישט מגלה געווען. טיפט ער זיך נישט דווקא אין ענינים וואָס ליגן ברומו של עולם. אומעטום, אין דער גאַנצער טבע, באַווייזט זיך דאָס וואונדער־געשאַף פון דער געהיימער האַנט, די זעלביקייט וואָס שנירלט זיך דורכן בריאת־עולם, די חכמה פון „מלא־כל־הארץ.״ אין יעדינקן קליין־געשעען איז אויך פאַראַן טעמע, די געקניפּטע קרבות פון אַ ליאַדע־עפּעס מיט אידייע, אין די מינדסטקייטן — סוגעסטיע, רעגונג, אימפּרעסיע.

„אַן עסייאיסט איז נישט קיין העלדישער יעגער אָדער אומרואיקער וועלט־באַרייזער. ער רייסט זיך נישט צו פאַרמעסטן אין כוחות מיט אַ ברוי־מענדיקן לייב. ער קוקט ניט אויס אויף קיין שטורעמווינטן, ניט אויפן ים און ניט אויף דער יבשה. אים איז ליב אין זיין מנוחהדיקן באָרטן זיך צוצו־האָרכן צום שטורם־געוואַי אַרום די פעלזן, אַבי דאָס מזל זאָל אים אַמאָל צושאַנצן די מצווה פון אָפּראַטעווען עמיצן פון שיף־ברוך. זיינע הענט זענען ניט רויט פון רעוואָלט אַנטקעגן דער וועלט. ער האָט אויפגענומען די רע־יונות פון אַ סך מענטשן, אָבער ווען קעגנערישע פילאָזאָפיעס באַווייזן אים נייע אמתן, וועט ער זיך אַלץ האַלטן באַשיידן ביי זיין אייגענער מיינונג, און בלייבן טאָלעראַנט צום גלויבן פון אַנדערע. ער בליקט אַרויף צו די ווייטע שטערן, און באַנעמט דעם אומענדלעכן, פאַרנעפּלטן חלל וואָס מיר לעבן אין אים — דאָך ציט ער פאַר צו שרייבן גראָד וועגן היימיש דרויב, וואָס ס׳איז אַרום דעם ניט שייך קיין שום וויכוחים. פאַראַן גענוג קלאָג־מוטערס אויף דער שאָטן־זייט פון לעבן אָן אים; ער וויל ליבערשט, ווי דער זון־זייגער, מאַרקירן דאָס ליכט. דער הילכיקער געקלאַפּער פון דער שטאָט אונטער זיינע פענצטער, די אויסגעשרייען פון די גאַסן־הענדלער, לאַכעדיקע קינדערלעך וואָס באַ־קרייטלען דעם ברוק אין זייער שפּיל; טאַנצדיק געוועש איבער די דעכער, און אַ רויך געדרייט אין ווינטער־ווינט — אָדער אַ שעפּסן־סטאַדע צופוסנס גרינע בערגלעך — אויב ער האָט גראָד דאָס גליק צו זיצן ביי אַזאַ פענצטער צו דער נאַטור — אָדער אַפילו אַ זוניקע לאָנקע, איז אויך אַ וואַזשנער קרן פאַר אים. אָט אַזעלכע זאַכן ווערן אַריינגעוועבט אין דעם געוואַנט פון זיינע

מחשבות. דעריבער לאָזט זיך אַן עסיי נישט אָנשרייבן געכאַפּטערהייט, אין איילעניש, אויף דער קני.״ (טשאַרלס ס. ברוקס: „אַנדייטן צו די פּילגרימער.״)

דער כאַראַקטעריסטישער אינהאַלט פון דער עסיי גיט זיך איבער אין אַ סטיל פון שאַרמאַנטער אייגנאַרט — אַ סטיל וואָס נאָר דער געבוירענער עסייאיסט קאָן אים אויפשפּילן, און וואָס פּאַנגט דעם ליטעראַטור־לייענער ווי דאָס כישופדיקע לאַרעליי־ליד דעם פאַרגאַפטן פישער־יונג. דער סטיל פון דער אינטימער עסיי איז לופטיק־לייכט און דין־געהאַמערט ווי גאָלד־לייש. ער טראָגט זיך גרינג און שוואונגיק, ווי פויגל־פּלי דורך די רוימען. דער עסיי־דיכטער לעבט זיך אויס אין פולקייט און רחבה אין דעם דאָזיקן עלאַסטישן מעדיום. ס׳טרעפט אַז אַלע זיינע געמיט־לאַגעס, אַלע אייגנשאַפטן פון זיין יחידישקייט, אַלע ווינקלען און שליפן פון זיין טאַלאַנט, האַרמאַנירן זיך צונויף אין איין עסיי: דאָס האַמלעטישע מאָנאָלאָגירן אין עלעגישן טאָן, דער איראָניש־געשפּיצטער הומאָר, שטייגער און כאַראַקטער־שילדערונג מיט דעליקאַטן שטריך און קלוגן איינבליק, דער חן פון מעשה־דערציילערישן אַמאָל־איז־געווען, און דאָס גאַנצע עסייאישע שרייבן דורכגעפעדימט מיט וויציקייט, מיט טרעפלעכן זאָג און באַמערק, בייט זיך, מיניעט זיך אין אָנצי־ענדיקן, פאַרביקן וואָרט־געוועב. דער עסייאיסט איז נישט געבונדן, ווי דער פּערזן־דיכטער אין די דלד־אַמות פון משקל און גראַם; ער דאַרף, ווי דער טעאָרעטיקער, אין קיין פּינקטלעכן ערגעץ ניט אָנקומען; אַלע פאָרמאַליסטישע פּענטעס זיינען אָפּגעטאָן פון זיין פריי־געלאָזטער מוזע — אַזוי, אַז אין געלאָ־סענעם טעמפּאָ פון מחשבה, שטימונג און סטיל ווערט ביי אים אויסגעמייסטערט דאָס קונסט־שניצעריי וואָס הייסט עסיי.

דער ענגלישער שיין־שרייבער דאָנסאַני שרייבט מיט פאַנטאַסטישע אימאַזשן וועגן פּאָעזיע, און באַדויערט דעם באַשרענקטן מענטשן וואָס איז נשמה־טעמפּ צו איר שיינקייט און טרוים:

„וואָס מיינט עס דען פאַר אַ מענטשן נישט ליב צו האָבן פּאָעזיע? ס׳מיינט אַז אַזעלכער וועט נישט וויסן צו זאָגן פון קיין טרוימען און קיין פאַנטאַזיעס, פון קיין פאַרהייליקטע זכרונות פון אַ פאַרגענגענעם, גאָלדענעם אַמאָל; אַזוינער וועט ניט אויפגערירט ווערן פון בלויע זומער־נעכט, פון מאָרגן־רויט איבער ווילדער לאַנדשאַפט; אים וועט אויספעלן דער טעם פון נגינה און זון־שיין, פון פאַרטרוימטע מעשהלעך דערציילט אַרום אַ היימלעכן פייער; און ער וועט נישט באַמערקן די גלי־ווערעמלעך און דעם געשטאַכלטן רויזן־קוסט — וואָרים פון אָט דעם אַלעמען, און נאָך און נאָך, נעמט זיך דאָך די פּאָעזיע. ס׳מיינט אַז אַזאַ איינער ווערט אויסגעשלאָסן אויף תמיד פון

דער חברותא פון גרויסע דיכטערס, וואָס געהערן שוין דער אייביקייט. און אַזעלכער וועט אויך נישט אָנען דעם טיפערן מיין וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין די וואָכעדיקסטע זאַכענישן אַרום — אַזוי ווי פּיצלעך שרעטעלעך וואָס פאַרשטעקן זיך אין בלומען־בעכערלעך. אומזיסט וועט ער זיך אַ גאַנצן טאָג אָפּקלאַפּן די הענט אויף די פאַרזיגלטע טויערן פון נימפן־לאַנד — זיי וועלן זיך פאַר אים נישט אויפעפענען; דער פאַרכישופטער שלאָס — אויסגעלעלערט און פּוסט, און די פעען־מלכה מיט אירע באַגלייטערינס וועלן דאָרט ניט זיין אים אַנטקעגנצוקומען."

דעם דאָזיקן געהויבענעם מזמור האָט דער דיכטער געמעגט אָפּזינגען אויך לכבוד דער צווילינג־שוועסטער פון פּאָעזיע — דער אינטימער עסיי. אויך דאָ וועט דער דרויסנדיקער הדיוט פאַרזען די וועלטן און וועלטעלעך אין לפנימדיקע קלייניקייטן; אים וועט ניט געגעבן ווערן די זכיה פון נאָענטן באַריר מיט דער פינקלדיקער גייסטיקייט פון דעם עסייען־דיכטער, וואָס זאָל אים מיטנעמען, ווי אַן אייגענעם, אויף זיינע אינטערעסאַנטע עקסקורסיעס איבער נייע שטעגן פון פרישן געדאַנק און אויפנעם, טועם צו זיין פון זיין קוואַלנדיקן סטיל, וואָס זעטיקט דעם גייסט מיט לאַכעדיקע ליכט־פינטלען פון הומאָר, מיט ערנסטער מוחיקייט, מיט געמעל, סיפּור, רעיון און שטימונג; אויפצוכאַפּן יעדן ניי־געבאָרענעם געדאַנק, ווי אַ שיינענדיק רענדל, נאָר־וואָס געמינצט פונם שרייבער׳ס מחשבה. אָט דאָס אַלץ און נאָך, וואָס ס׳גע־ניסט דער מיטפילנדיקן לייענער פון דעם קינסטלערישן „פּרואווו," דער זשאַנר פון שטענדיק־באַנייטער לעבעדיקייט און חן — די אינטימע ליטעראַריש־לירישע עסיי.

פאַרשטייט זיך אַז נישט איעדער עסייאיסט שפּילט אויס די „אידעאַלע" עסיי פון דער ריינסטער פּראָבע. נאָך דעם ערשטן, פראַנצויזישן עסיי־שעפער דע־מאָנטען, מיט זיין לייכטער האַנט און גאוונישער שפע פון שטאָף און שפּראַך, האָט דער ענגלישער מלוכה מענטש, דענקער און שריפטשטעלער לאָרד ווערולאַם (פּרענציס בייקאָן) אָנגעהויבן שרייבן עסייען. אויב דע־מאָנטען איז געווען — סטיליסטיש פאַרגליכן — אַ גאָלד־ציער, איז בייקאָן געווען אַ געראָטענער אַרטיזאַן־ווערקער אויף שווערן־אייזן. זיינע עסייען זענען אָנגעקליידט מיט אַ שטאַטלעכער ווירדע, זיין מאַניער איז וואָגיק־ערנסט, און זיין לשון צייכנט זיך אויס מיט הויך־געלערנטקייט און עקזאַקטן אויסדרוק. נישטאָ ביי אים דעם פראַנצויז׳ס לייכטער שמועס, דער אינטים־טאָניקער וועגד, די היימישע „חברשע" אַטמאָספער. דאָך טראָגן בייקאָנ׳ס עסייען אויף זיך אַ קלאַסישע מאַיעסטעט און ווערן הויך־געשאַצט אין דער

ליטעראַטור. זיי האָבן זייער אַדעליגן, באַרימטן אויטאָר מער באַקאַנט געמאַכט צו אינטעליגענטע לייענער, אויף אַלע מאָדערנע שפּראַכן, ווי זיינע ווייניקער־באַוואוסטע פילאָזאָפישע ווערק.

שפּעטער זיינען אויפגעקומען אין דער ענגלישער ליטעראַטור אַ גרויסע פּלעיאַדע, ערשט־ראַנגיקע עסייען־שרייבער ווי האַזליט, לעם, קאָלרידזש, דע־קווינסי, אדיסאָן, סטיל, סטיוונסאָן, גאָלדסמיט, דר. דזשאָנסאָן, און אַ רייכע צאָל אַנדערע, וואָס האָבן די מאָדערנע עסיי אַרויפגעהויבן צו איר היינטיקן גלאַנץ. אויך אַמעריקע האָט היפּש בייגעטראָגן. די נעמען עמערסאָן, און פאַר אים, אוירווינג, דער היינטיקער קריסטאָפער מאָרלי, און אַ טייל פון די לעצט־צייטיקע קאָלום־שרייבער — וואָס האָבן איבערגענומען דעם עסייאישן שרייב־מאַניער און וועמענס לייענער ציילן אין די מיליאָנען — ווייזן אָן אויף דעם וואוקס פון דער עסיי אויפן אַמעריקאַנער באָדן. נאָך די פראַנצויזן איז דער אַנגלאָ־זאַקסישער זשעני בכלל, ווייזט עס אויס, מסוגל פאַר עסייען־שאַפונג. אַ שנעלע רשימה אַפילו נאָר פון די באַרימסטע בריטאַנישע עסייאיסטן וואָלט זיך אויסגעצויגן אויף אַ היפּשן פּאַראַגראַף.

די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור — צוליב איר יונגקייט, און אפשר צוליב דער טיף־דרינגדיקער תנ״כישער השפעה אויף דער יידישער פסיכיקע — און שרייבער זיינען געטרייע קינדער פון זייער פאָלק אַפילו ווען זיי ווייסן עס נישט — איז דעריבער נישט רייך־באַשאָנקען מיט מוסטערן פון דער ריינער עסיי. מ׳שרייבט ביי אונז יאָ אין עסייאישן גייסט, אָבער קיין פאָלנע, אויסגעוואַקסענע עסייאיסטן וואָס זאָלן זיך אויסגלייכן מיט די ענגלענדער אָדער פראַנצויזן, האָבן מיר ניט דערצויגן. דר. א. קאָראַלניק, קאַליא טעפּער, משה נאַדיר, מ. י. חיימאָוויטש, חיים ליבערמאַן, יעקב גלאַטשטיין, חיים גרינבערג, א. אַלמי, צביון, זענען בלי־ספק שרייבער פון עסייאישן קאַליבר. חוץ זיי האָבן אַ צאָל אַנדערע אָנגערירט דעם זוים פון דער אינטימער עסיי. אונזערע קלאַסיקער מענדעלי, שלום־עליכם, פרץ און אברהם רייזען, פאַרמאָגן זיכער אין אַ היפּשער מאָס, פון יענעם אינטים־פּערזענלעכן, אומעטיק־פאַרטראַכטן מעדיטאַציע־שטייגער, וואָס איז האַרץ פון דער עסיי. דאָס איז אפשר די סימפּאַטישסטע, די ליבסטע זייט פון זייער שאַפן — ווי בכלל דער ליריש־עסייאישער עלעמענט ביי יעדן שרייבער, אין יעדער פאָרם, איז זיין שענסטע מעלה, דער סימן מובהק פון אַ קינסטלערישן יש ביי אים, און וואָס לויט דעם דאָזיקן באַשטימענדיקן שטריך פון עכטן טאַלאַנט, ס׳דערפילט אים דער לייענער און ס׳דערקענט אים דער מבין.

מיר זענען אַן ערנסט פאָלק; מיר האָבן תמיד באַוואונדערט דעם

תלמיד־חכם, דעם געלערנטן, דעם דאָקטאָר... אונזעריקע זענען בשם־אַדושם געגאַנגען אויף קידוש־השם. מיר זענען אַ פאָלק מיט גרויסע היסטאָרישע און נאָך גרעסערע הייניקע, באַרעכטיקטע קריוודעס צו דער וועלט. אַ פאָלק פון מיסטיק, גורל, און פּראָבלעמען, איז נאָך אַלץ פרעמד אונזער נאַציאָנאַלן גייסט דער וואוילטאָג פון ליטעראַרישן „לייכטזין,“ דער לוקסוס פון סתם רעפלעקטירן אָן אַ „תכלית,“ צוליב דער הוילער הנאה פון זען, קלערן און שיין אַרויסזאָגן. איז דאָס ליריש־ליד, די קורצע דערציילונג און דער אַרגו־מענטליוועמר מאמר ביז איצט געווען דער רוב־בנין פון אונזער שריפט־וועזן אויף יידיש.

אָבער אונזער ליטעראַטור אויף מאַמע־לשון מעג שטאָלצירן מיט איר פענאָמענאַלן שפּרונג פאָראויס במשך פון בלויז אַ צוויי־דריי דורות. מיר האַלטן שוין איצט ביים אויסקריסטאַליזירן די עסיי. די מאָדישקייט ביי אונז פון אַט דער עלעגאַנטער פאָרם, וואָס אַלע ווילן זי אויפנעמען און זיך מיט איר צירן; וואָס דער ראַפינירטער עסיי־מאַניער לאָזט זיך מערקן אַלץ אָפטער אין אונזער בעסערער פּראָזע, איז סימפּטאָמאַטיש אויף צייטיקונג און וואוקס. די יידישע עקספּערימענטאַלע עסיי באַוועגט זיך לעצטנס אַרום דער אַקסיס פון יידישע, נאַציאָנאַל־היסטאָרישע קולטור־ווערטן. דאָס איז צו פאַרדאַנקען דעם אויפגעוואַכטן באַוואוסטזיין ביי יידיש־שרייבער אויף זעלבסט־דערקענטניש; זייער אויסטשוכן זיך פון דער יוגנטלעכער לײדנשאַפט נאָכ־צואַמען די וועלט־שרייבער, צו פאַרמאַסקירן די אייגענע פיזיאָגנאָמיע מיט פרעמד־געבאָרגטן; זייער קומען צום שכל אַז אַ געזונטע ליטעראַטור דאַרף וואָרצלען אין אייגענעם באָדן פון פאָלק־לעבן, פאָלק־טראַדיציע און די ירושה׳דיקע גייסטיקייטן פון דער אומה. אַט דער נייער ווענד־פּונקט, וואָס ווערט אַלץ מער ניכר אין יידישן ליד און עסיי, איז די סאַמע שטאַרקסטע ראיה אויף אונזער ליטעראַרישן רייף ווערן.

זאָל נאָר דעם קינסטלערישן יידישן וואָרט באַשערט זיין יאָרן און לייענער־דורות — וועט שוין אין דעם בוקעט פון די אייראָפּעאישע עסייען זיך וואויל איינפּאַסן די יינגסטע און שענסטע בליאונג אינם גאָרטן פון אונזער פאָלק־ליטעראַטור — די יידישע עסיי.

## וועגן קריטיק

די הויפּט־צווייגן פון דער שיין־קונסט, ווי די מוזיק, די סקולפּטור, די מאַלעריי, אפילו דער טאַנץ — נימו געקוקט אויף זייער ריזיקן אָפּגאַנג אויפן מאַרק פון פּאָפּולערן אונטערהאַלט — זיינען, אין זייער עצם, פרעמד און ווייט־אָפּגערוקט פון די גייסטיקע אינטערעסן פון דעם המון־עם, שוין אַריינגערעכנט די דורכשניטלעכע אינטעליגענץ. ס'רעכנט זיך ניט פאַר קיין „עם־הארצות", ווען אַפילו אַ יודע־ספר, אַ מענטש פון בוך, באַזיצט נישט דעם א"ב פון קענטעניש אין דער טעכניק אָדער אין די טעאָרעטישע אַבסטראַק־ציעס פון די קונסטן.

לכתחילה זיינען די קונסטן געווען קעסט־קינדער ביים פאָלק. דער פאָלקס־זשעניע האָט זיי אויף דער וועלט געבראַכט און זיי האָבן באַגלייט און באַשיינט דאָס פאָלקס־לעבן און זיך קעגנזייטיק משפיע געווען. מיטן גאַנג פון די צייטן האָבן די קונסטן זיך ברייט און הויך צעוואַקסן, זיינען אַרויס פון רשות פון פאָלק און יעדע קונסט־פאָרעם איז געוואָרן אַן אָפּגעשלאָסן קעניג־רייך פאַר זיך אַליין, אַ ממלכת־כוהנים פאַר די פּראָפעסיאָנאַלן, פאַך־מייסטער און ווירטואָזן. דער ברייטער עולם איז, צוליב פאַרשיידענע קולטור־היסטאָ־רישע סיבות געבליבן הינטערשטעליק און האָט ניט מיטגעהאַלטן מיט דער האַסטיקער עוואָלוציע פון דער קונסט. אין אונדזערע טעג קומען נאָך מענטשן מאַסנווייז אין די קונסט־טעמפּלען הנאה האָבן פון דעם עבודה־ספּעקטאַקל, וואָס דאָס קינסטלערישע פּריסטער־געזינדל פירט פאַר זיי אויף. אָבער אין דער „תורה" פון קונסט מישן זיי זיך נישט. מיט דעם — גלויבט מען — דאַרפן זיך פאַרנעמען נאָר די איינגעשוואוירענע, די באַרופענע.

אַנדערש, לפנים, איז מיט דער ליטעראַטור. אין איר גבול ווייזט זיך איטלעכן אויס, אַז ער איז אַ גלייכבאַרעכטיקטער. יעדער גראַמאָטנער מענטש פילט זיך פריי צו דיסקוטירן איבער ליטעראַרישע פּראָבלעמען, זאָגן מיינונגען, האָבן „שטאַנדפּונקטן." פאַר דעם האַלב־אינטעליגענט איז די שרייב־קונסט גאָר קיין קונץ ניט. ווען ער האָט נאָר חשק און צייט וואָלט ער אויך געשריבן — טראַכט ער זיך — און אפשר נאָך בעסער פון די ליטעראַטן אַליין. אַ

מענטש, וועמען ס׳וואַלט, ניכטערערהייד, ניט איינגעפאַלן צו ראַדירן אַ בילד, שפּילן אויף אַ באַסון, אָדער אויסצוהאַקן אַ פיגור פון מירמלשטיין, נעמט זיך מיט אַ גרינג געמיט און געוויסן שרייבן אַ דערציילונג אָדער „פּאַרפאַסן“ אַ געדיכט.

די דעמאָקראַטיע פון דער קולטור אין אונדזער ציוויליזאַציע האָט צוגאַנגלעך געמאַכט די קונסטן פאַר דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג; אָבער זייער אידייאישער מהות איז נאָך אַלץ פאַרן ברייטן עולם אַ ספר־החתום, אַ פאַרזיגלטער בוך. איבערהויפּט וואַרפט זיך אין די אויגן אַ מאָדנע פּסיכאָ־לאָגיע בנוגע ליטעראַטור. די לייענער־מאַסן פילן זיך היימישער מיט דער ליטעראַטור ווי מיט אַנדערע עסטעטישע פאַרוויילונגען. דער אומדערזעט־לעכער הונגער נאָך לייען־מאַטעריאַל טרייבט די ביכער־פּראָדוקציע אויף אַ גוואַלדאַוונעם שטייגער. אַלט און יונג לייענט געשמאַק. אָבער, וואָס איז דער עסענץ פון ליטעראַטור? וואָס איז דער קען־צייכן פאַרן ליטעראַרישן ווערק להיפּוך דעם שונד־בוך? וואָס איז די שייכות פון ליטעראַטור צו לעבן און מענטש, וואָס איז איר ציל, פונקציע און באַשטרעבונג? — אָט דאָס איז נאָך אַלץ אַ פאַרשטעלטע קבלה, אַ מיסטישער רזי־דרזין, אַ סוד־סודות פאַר דעם רוב מענטשן, בתוכם אַ מערהייט פון די שרייבער אַליין.

* * *

קעגן אַ הינטערגרונט פון כלליקן אומוויסן בנוגע די קונסטן, און בפרט די עסטעטיק פון ליטעראַטור, טורעמט זיך די קריטיק, אַן אַלייניקע, ווי אַ פאַראיינזאַמטער שלאָסביים וועג. די פּילגרימער, וואָס ציען זיך צו דער מעקאַ פון קונסט, קומען זעלטן אַהין אַריין. די באַגרינדערין פון ליטעראַטור און איינע פון אירע הויפּט־געביטן — די קריטיק — ווערט צום ווינציקסטן פאַרשטאַנען; דער לאָמפּ וואָס זי האָט אויפגעהאַנגען דערגרייכט נאָך ניט מיט זיין שיין אַלע בלאָנדזשעדיקע; איר חשיבות און אויפטו ווערט נאָר פון געציילטע אָפּגעשאַצט; און זי קאָן זיך ניט איבערנעמען אפילו מיט אַ חלק פון דעם בלינדן דרך־ארץ, וואָס ווערט צוגעטיילט, פון אַ רוב לייענער און שרייבער, די עטאַבלירטע פאָרמען און צווייגן. די קריטיק איז דאָס שטיף־קינד פון דער ליטעראַטור און הפקר ווי דער שטעטלשער יתום. יעדער יונג וואָס האָלט אַ פּען אין האַנט איז תמיד גרייט זיך פרעך צו וויצלען איבער דער „אומזיסטער פרעסערקע“ ביים טיש פון ליטעראַטור. שרייבערשע געשפּרעכן זיינען אָפּט צוגעפּעפּערט מיט שטעך־ווערטלעך, ביטול־רייד און

אַריינזאָגענישן אויפֿן חשבון פֿון דער קריטיק. דער קריטיקער איז אַ „פּער־סאָנאַ נאָן גראַטאַ" צווישן שרייבער. זיי וואָלטן אָן אים און אָן זיין שרייבעריי, דוכט זיך זיי, זיך געקאָנט וואויל באַגיין. ביים שרייבער־געזעמל איז דער קריטיקער בסך־הכל אָדער אַ „לויבער" אָדער אַן „אַראָפּרייסער." דער גע־לויבטער שרייבער האַלט ס׳רוב, אַז מ׳האָט אים נישט גענוג געלויבט און דער אַראָפּגעריסענער ווערט דעם קריטיקער אַ דם־שונא אויפֿן לעבן. ניט זעלטן זיינען די טענות צום רעצענזיע־שרייבער — וואָס פֿאַרבייט דעם אמתן ליטעראַטור־קריטיקער ביי די לייענערס, וואָס לעבן זיך אויס מיט דער טאָג־צייטונג — אַז ער איז מאָטיווירט פֿון פּניות, אַז ער „פֿאַרשווייגט" אַ שרייבער און אַז ער טרייבט קליינלעכע פּאָליטיק — אפֿשר ניט אָן גרונט. אָבער ס׳בלייבט פֿאָרט דער ביטערער פֿאַקט, אַז די קריטיק גופֿא ווערט באַטראַכט פֿאַר אַ מין ליטעראַרישן פּאַראַזיטיזם, ניט קיין „שעפֿערישע" פֿאָרם, ווי די דערציילונג, דאָס ליד און דער ראָמאַן. דעם לויב־קריטיקער וואָלט מען מסתמא געלאָזן זיך אַרומבלאָנקען אויף דער ליטעראַרישער גאַס; אָבער דעם פֿאַרשאָלטענעם „אַראָפּרייסער" — אַי, ווען מ׳קאָן אים פֿאַר׳מסרן צום „מלכות," מ׳זאָל אים ערגיץ־ווייט פֿאַרשיקן און ער זאָל אויף אייביק פֿאַרפֿאַלן ווערן אין אָסטראָג! אַזוי־אַרום וואָלט מען זיך אי געקילט דאָס האַרץ, אי פּטור געוואָרן פֿון אַ רשע־מרושע, און אויפֿגעהערט צו ליידן פֿון זיינע סאַדיס־טישע נגישות.

און דער קורא־נכבד אַליין, זיין מאַיעסטעט דער לייענער? — ער ליידט גראָד ניט פֿון קיין נקמה־קאָמפּלעקסן בנוגע דעם קריטיקער; אָבער — אָפּגערעדט פֿון פֿאַרשטענדעניש — קיין איבעריקן דרך־ארץ פֿאַר דער קריטיק האָט ער אויך ניט. אַ קריטיקער קומט אָפּט אויס צו הערן פֿון זיין בעסטן לייענער אפֿילו, אַז ער קאָן נאָך ניט זאָגן זיין מיינונג וועגן דעם קריטיקער׳ס אַן עסיי איבער אַ שרייבער׳ס אַ ווערק, ווייל ער, דער לייענער, האָט נאָך ניט אויספּייעט איבערצולייענען דאָס קריטיקירטע בוך. ער זעט אין דער שאַפֿונג פֿון קריטיקער מער ניט ווי אַן אַרויסגעגעבענעם פּסק — און ווי קאָן ער אורטיילן צי דער בעל־פּוסק איז גערעכט איידער ער האָט אויסגעהערט דעם געמשפּטן? דעם קריטיקער׳ס אייגענער פֿאַרמעסט אויף חידוש און אויסטייטש, זיין סטיל, וויזיע און געדאַנק, זיין גאַנצע קרעאַטיווע ענערגיע איז פֿאַרן ווינט.

* * *

די גרויסע מערהייט פֿון די פֿאָלקס־מאַסן זיינען נאָך אַלץ אומבאַוואוסט

אויף זייער אייגענער ראָל אין דער עוואָלוציע פון ליטעראַטור. שרייבערס שרייבן — שרייבן זיי; אָבער וואָס האָט דאָס צו טאָן מיטן פאָלק? די מיטל־אַלטערלעכע גלייכגילט פון מענטשן צו אַלעם שײַנעם און עסטעטישן דויערט נאָך ביז אויף היינט. ס'האָט זיך אין תוך ווייניק־וואָס געביטן, כאָטש מיר זיינען לפּנים אַזוי ווייט אַוועק פון יענע „פינצטערע" צייטן. צום שטוינען איז די פּאַסיווע, פּאַרטייעטע זעלבסט־צופרידנקייט פון די וואָרט־קינסטלער אַליין. זיי זיינען נוטה צו פאַרבלייבן שוין אויף תמיד „פרייע" נאַטור־קינדער, פויגל־אין־די־צווייגן זינגער, מיט אומבאַרירבאַרע רעכטן אין זייער געביט. זיי זיינען זיך „ריינע" דיכטער, געזאַלבטע פּרינצן פון דער לירע, וואָס שרעקן זיך צוצורירן צו אַלץ וואָס שמעקט מיט „טעאָריע," ווי אַן אַריסטאָקראַט פאַר אַ גראָב־אייזן. קוקן זיי כמורנע אויף דער קריטיק — אויף איר, וואָס האָט זיי אַריינגעפּירט אין דער ברייטער וועלט אַריין, וואָס האָט אויפגעהויבן זייער שטאַנד און אויסגעסטראָיעט אַ פּאַנטעאָן פאַר זייער אומשטערבלעכקייט.

די דיכטער־געזעלן, איבערהויפּט די אינטואיטיוו־פילנדיקע און „אומ־באַוואוסטזיניקע" צווישן זיי, האָבן בטבע פיינט יעדן פּרואוו — פון דרויסן — אויף צאַם, קאָנטראָל און דעה־זאָגעניש. דאָ ליגט אפשר דער שליסל צו דעם פּסיכישן קידער־ווידער, צו דעם מיסטרויען און מרידה־געפּיל מצד די דיכטער צו דער קריטיק. דער שרייבער קאָן מיט אַ רואיק געמיט ניט צוזען ווי ס'ווערט אויפגעהויבן דער פּאָרהאַנג פון דעם קדשי־קדשים פון קינסטלערישער יצירה; ווי די צאַרטע פּרוכט פון זיין באַהעפט מיט דער מוזע ווערט רעדוצירט צו „עסטעטיק," „עטיק," „טענדענץ," „אידייע" און סתם שכלדיקן פּאַנאַנדער־קלייב. דער פּרימיטיוו, בכלל, ציטערט פאַר דעם העזהדיקן צוגאַנג פון דעם אומדערשראָקענעם בר־מוח צו די סודותדיקע דערשיינונגען פון דער נאַטור. ס'לויערט אין אים אַ פּחד פאַר דעם צאָרן פון די געטער פאַר אַזאַ מענטשלעכער דרייסטקייט, און פאַר דער נקמה וואָס זיי וועלן נעמען פאַר דעם דאָזיקן חילול־השם. דאָך האָט די וויסנשאַפט מרחיב געווען און אָן ערך פאַר־גרינגערט דאָס לעבן פון מענטשן אויף דער ערד. אויך דער קינסטלערישער „פּרימיטיוו" האָט זיך באמת ניט וואָס צו באַקלאָגן אויף דער קריטיק פאַר דעם ליכט, אָרדנונג, זין און געדאַנקלעכער ווירדע, וואָס זי האָט אַריינ־געבראַכט אין דער וועלט פון ליטעראַטור, פאַר דער עליה, וואָס זי האָט געגעבן דעם קונסט־ווענזן און אויך אים אַליין.

באמת זיינען די קינסטלער — ובפרט די שרייבער — אַ דאַנק דער קריטיק, געוואָרן סימבאָל־פיגורן פון הויכער קולטור און חשיבות אין יעדן ציוויליזירטן ישוב. וואָס זייער פּערזענלעכע מאָראַל און כאַראַקטערס האָבן

אָפּט ניט מיטגעהאַלטן מיט דער עטישער אחריות, וואָס זיי איז אָנפאַרטרויט געוואָרן, געהער צו אַן אַנדער דיסקוסיע. די קריטיק האָט זיי אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט פונם גייסטיקן באַשטרעבן פון פאָלק. זי האָט אָנגעוויזן אויף זייער לעבנס־וויכטיקער, פאָלקס־דערציערישער פונקציע און וועלט־באַדייט. זי האָט געשאַפן אַ יורה־דעה און אַ פילאָזאָפיע פאַר זייער טועכץ. די גדרים, מוסטערבילדער, קעגנזאַצן און כללים, וואָס זי האָט אַריינגעפירט, זיינען געוואָרן דער פּרובירשטיין פאַר אויסצייכנונג און פּערפעקציע. אָן דער קריטיק וואָלטן די היינטיקע אַדל־לייט פון שריפט פאַרבליבן, ביז אויף היינט, שטאַטלאָזע טרובאַדורן, גאַסן־זינגער, נושאי־כלים פון די מאַכטהאָבער, סתם טאַלאַנטן — ווי מ׳האָט אין די מיטלאַלטערלעכע צייטן אויף זיי געקוקט.

מיט דעם פאַרגאַנג פון דער העלענישער קולטור האָט זיך פאַר אַ לאַנגן משך פון יאָרן אָפּגעטאָן די גדולה, דער יחוס פון קונסט און קינסטלער. אַפּאָלאָ׳ס טעמפּל איז חרוב געוואָרן, זיין השפעה האָט אויפגעהערט, און מיט אים איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די עבודה צום גאָט פון שיינקייט. אין מיטל־אַלטער איז אַן אַקטיאָר, אַ משורר, אַ שפּילער, אפילו אַ מחבר פאַררעכנט געווען ביי די פאָלקס־מענטשן פאַר אַ בטלן, אַ ציגיינישער האָלעדראַנץ, אַ „קאָ־מעדיאַנטשיק,״ אַ האַלב־פאַראַכטעטער אָנהענגער פון אַ מומיפיצירטן קולט. די פאַרלייקענער פון שעקספּיר׳ס אויטאָר־רעכט אויף זיינע ווערק שטיצן זייער טענה, אַז ניט ער, נאָר דער הויכבאַטיטלטער פילאָזאָף פרענציס בייקאָן, איז געווען דער אמתר מחבר, דער עיקר אויף דעם באַקאַנטן פאַקט, וואָס אין יענע צייטן איז געווען אַ בושה פאַרן מיניסטער און יחסן לאָרד בייקאָן צו האָבן צו טאָן מיט טעאַטער. דעריבער האָט ער זיך פשוט געשעמט צו אידענ־טיפיצירן זיין באַרימטן נאָמען מיט די דאָזיקע דראַמען . . .

* * *

אין פרט פון יראת־הכבוד צום ספר זיינען יידן געווען אַן אויסנאַם. די פּלאַסטישע קונסטן האָבן טאַקע ניט באַשעפטיקט דעם יידישן זשעניע צוליב פאַרבאָט פון דער אמונה; דערפאַר האָבן חיבור און שריפט — מיט דעם אומפאַרגלייכלעכן ביבלישן אוצר, ווי אַ קוואַל פון לערע, עקזאַלטאַציע און טרייסט פאַרן פאָלק — תמיד משפיע געווען אויפן יידישן גייסט.

דאָס היסטאָרישע יידישע פאָלק איז כשר באַרעכטיקט צום הויכן טיטל עם־הספר — דאָס פאָלק פון בוך — ניט בלויז פאַר זיין לערנען און אָפּהיטן די תורה, נאָר אויך פאַר זיין טייער־האַלטן די צאָליקע „קריטישע״ ספרים

אויף דער תורה. איך מיין די גאונישע ווערק פון פירוש, באַלייכטונג און טייטש וואָס זיינען איר געווידמעט — אַ קאַלאָסאַלע תורה־קריטיק, אַזוי צו זאָגן, וואָס דער יידישער גייסט האָט ניט אויפגעהערט צו שאַפן פון זינט דעם אָפּשלוס פון תנ״ך. די מפרשים און תורה־באַלייכטער ווי ר׳ סעדיה גאון, רש״י, דער רשב״ם, אבן־עזרא, דער רד״ק, דער רמב״ן, אברבנל, דער מלבים, זענען שאַפערס פון אַ נעבן־תורה צו דער תורה. די מדרשים, די קבלה זענען קוואַלן פון ליכט און פּאָעטישע מיסטיק אַרום די כתבי קודש. דער תלמוד — מיט זיינע אייגענע מפרשים ווי רש״י, די בעלי תוספות, דער ראב״ד, דער רמב״ם, דער ווילנער גאון — איז אַ ריזן־ווערק פון קריטישן פונאַנדערקלייב, אויסברייטונג און פאַרטייטשונג פון דעם מסורהשן תורה־טעקסט.

די חז״ל זענען געווען די ערשטע „ביבל־קריטיקער,״ ווי סזאָגן עדות דערויף די פיל שטוינלעך־דרייסטע פאַרטיפונגען און זעלבסטשטענדיקע טראַכטונגען זייערע אַרום די בילישע מיסטעריען. דאָס האָבן זיי די ערשטע זיך אַרויסגעזאָגט אַז: „תורה מגילה מגילה ניתנה״ (גיטן ס׳.) — די תורה איז אונדז געגעבן געוואָרן מגילות־וויין; ד.ה., ניט ווי אַ פאַרענדיקטע גאַנצ־קייט מיטאַמאָל . . . אויפפאַלנדיק איז דער מאמר: „מעולם לא ירדה השכינה למטה ולא עלו משה ואליהו למרום״ (סוכה ה׳) — די שכינה האָט קיינמאָל ניט אַראָפּגענידערט אויף דער ערד און ניט משה און ניט אליהו זענען ווען אַרויף אויפן הימל . . . מיר טרעפן אָן אַזאַ „מאָדערנע״ באַטראַכטונג וועגן ספר־איוב: „איוב לא היה ולא נברא אלא משל היה״ (בבא בתרא ט״ו) — איוב האָט קיינמאָל ניט עקזיסטירט אין לעבן, ער איז נאָר אַ משל. אגב, איז די טעמע איוב, ווי אַ „משל״ פאַר דער קונסט, אויסגענוצט געוואָרן אין דער וועלט־ליטעראַטור. „האַמלעט״ פון שעקספּיר איז בלי־ספק אַן איובדיקע געשטאַלטונג; אויך גערטע׳ס „פאַוסט,״ די שטן־פיגור מעפיסטאָפעל, די סצענע אין הימל, דער דראַמאַטישער דיאַלאָג, זענען דירעקטע נאָכמאַכונגען נאָכן ספר־איוב.

לגבי די יידן האָט זיך דער אייראָפּייאישער געדאַנק, אין זיין אָפּרוף צו די פיל־געביטן פון מענטשלעכער גייסטיקייט, היבש פאַרשלאָפן . . .

* * *

ערשט אין די יאָרן פון דער רענעסאַנס, ווען די אַנטיקע טעקסטן פון דער גריכישער און רוימישער ליטעראַטור זיינען ווידער צום שיין געקומען, איז אויפגעלעבט געוואָרן די קלאַסישע טראַדיציע — דער אינטערעס אין דער

נאַטור, אין דער שיינקייט פון וואָרט, בילד און קלאַנג, אין דער מענטשלעכער נשמה און איר בענקשאַפט נאָך אויסדרוק. אויך די ביבל, אין דער קלאַסישער, אַלט־גריכישער איבערזעצונג, איז געוואָרן אַ געוואַלטיקער, קולטור־וועקנ־דיקער כוח. די הומאַניסטן — גייסטיקע פירער פון יענעם דור, וואָס האָבן איבערגעלאָזט דעם הימלישן ירידֹ, די סכאָלאַסטישע וויכוחים אַרום אומ־וויכטיקע פּרטים פון רעליגיע, דעם אָבערגלויבן אין כישוף און גייסטער, און געזוכט אויסצוטרעטן אַ וועג צום מענטש — האָבן זיך דעמאָלט שטאַרק אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט פון קלאָר מאַכן און באַלייכטן די ניי־באַלעבטע ווערק פון אַלטערטום. זיי האָבן געהאָלפן גרייט צו מאַכן דאָס פעלד פאַר די שפעטער־געקומענע עסטעטישע און פילאָזאָפישע קריטיקער, וואָס האָבן, אין דער מאָדערנער וועלט, עטאַבלירט די ווערדע און חשיבות פון דער ליטעראַטור.

* * *

פאַרשטייט זיך, אַז די קריטיק האָט זיך ערשט באַוויזן נאָכדעם ווי די ליטעראַטור איז אויסגעוואַקסן און רייף געוואָרן — פונקט ווי דער מענטש־לעכער ישוב, דאָס חברותא־לעבן האָט זיך געמוזט אַנטוויקלען און ווערן אַ קאָמפּליצירטע גאַנצקייט, איידער עטישע כללים און פאָרמעלער שטאַטלעכער געזעץ זיינען איינגעשטעלט געוואָרן. ס'האָט זיך קודם געמוזט אָנקלייבן אַ שלל מיט ליטעראַרישע ווערק מכל המינים, איידער קריטישע מאָסן האָבן זיך אויסגעאַרבעט. מוסטערווערק מיט „איינגעבאָרענע" אייגנשאַפטן פון שיינקייט און גרויס־פאַרנעם דאַרפן אַפריער געשאַפן ווערן, כדי צו דינען פאַר אַ נאָרמע פון גוסט און דערגרייך, מ'זאָל זיך קאָנען פאַררופן אויף זיי ווי אויף מאָדעלן פון קונסט, לויט אַן אָנגענומענע קריטעריע פון פאַרגלייך און מעסט. ווי דאָס פענאָמען פון נאָכאַנאַנדיקע נאַטור־פּראָצעסן, אין ביאָלאָ־גישן און פיזיקאַלישן דערשיינען, האָט געמוזט לאַנג און געניי באַאָבאַכט ווערן, איידער ס'האָט זיך אויסגעבילדעט אַ סדר'דיק, קלאָר־געשטעלט וויסן וועגן די „דרכי־הטבע," די געזעצן וואָס אָפּערירן אין דעם גאַנצן באַשאַף, אַזוי האָט דער שאַפונג־סך־הכל פון דורות צוגעשטעלט דער קריטיק דעם קונסט־מאַטעריאַל פאַר אירע כלל־שלוסן, די טעאָריעס פון אויסטייטש און אַלגעמיינעם באַנעם. דאָס קאָסמישע מייסטערבילד פון בריאת־עולם האָט פריער געמוזט פאַרענדיקט ווערן, און ליגן אויסגעשפּרייט אין זיין גאַנצער מורא'דיקער פּראַכט פאַרן אויג פון באַשעפער, איידער ער האָט עס געקאָנט קריטיש באַטראַכטן און געפינען, אַז עס איז „כי־טוב." איז משמע פון דעם, אַז פאַר בראשית האָט כביכול אַליין דאָס ניט געקאָנט באַשטימען . . .

די ערשטע „קריטישע" פאַרמעסטן — אָנגעהויבן אין אַלעקסאַנדריע, ווען דער אַזוי־גערופענער קלאַסישער פעריאָד האָט זיך געשלאָסן, און פון דער שפּעטערער רענעסאַנס־צייט, אין איטאַליע — זיינען געווען „טרוקענע" אַרבעטן פון געלערנטע ליבהאָבער און נאָכפאָרשערס. זיי, די ערשטע קרי־טיקער, האָבן זיך אָפּגעגעבן מייסטנס מיט איבערשרייבן, מסדר זיין, רעדאַגירן און באַשטימען די עכטקייט פון די אויפגעגראָבענע און געפונענע טעקסט־פראַגמענטן, און בכלל אויפשטעלן די אָפּגעמעקטע, צעוואָרפענע, פונם זשאַווער פון דער צייט פאַרדאָרבענע, כתבי־ידן פון די ליטעראַרישע מייסטער פון אַלטערטום. זייערע הערות, ראַנד־באַמערקונגען, און אָנווייזונגען אויף די גליונות זיינען געווען לאַמטערנעס אין דער נאַכט פאַר די פאָרשנדיקע נאָכ־קומער. די דאָזיקע מיזאַמע טוערס — די געלערנטע „רש׳יס" פון די וועלטלעכע חיבורים פון קלאַסישער ליטעראַטור וועמענס געטרייע, געווויד־מעטע האָרעוואַניע האָט אָפּגעראַטעוועט די טייערע, אַמאָליקע כתבים פון פאַרגעלט און פאַרגעסן ווערן — האָבן פאַרדינסטן פאַר דער מאָדערנער קולטור, וואָס זיינען גאָר ניט אָפּצושאַצן. וועגן צוויי כמעט שוין פאַרגעסענע נעמען אין דער געשיכטע פון דער ענגלישער ליטעראַטור, העמינג און קאָנדעל — די צוויי טעאַטראַלן־חברים פון שעקספּירן, וואָס האָבן צוגעגרייט צום דרוק, און אַרויסגעגעבן די באַרימטע אויסגאַבע־אין־פאָליאָנט, וואָס נעמט אַריין אַכטצען פון די שעקספּירישע דראַמען — באַמערקט דער חשובער אַמעריקאַ־נער דיכטער לאָועל: „איך צווייפל צי די צוקונפט איז שולדיק אַ גרעסערן חוב צו נאָך אַנדערע צוויי מענטשן, וואָס האָבן געלעבט אין יאָר 1632, ווי צו די צוויי אומבאַקאַנטע אַקטיאָרן, וואָס האָבן אין יענעם יאָר אַרויסגעגעבן די פאָליאָ־אויסגאַבע פון שעקספּיר׳ס טעאַטער־שטיק. ס׳איז כמעט זיכער, אַז ווען ניט זיי וואָלטן אַלע זיינע ווערק, וואָס זיינען ביז דעמאָלט ניט געדרוקט געווען, פאַרלאָרן געוואָרן אויף אייביק — און צווישן אָט די ווערק געפינען זיך ,יוליוס צעזאַר,׳ ,די טעמפּעסט,׳ ,מאַקבעט.׳ "

די אַלעקסאַנדרישע בעל־מגיה׳ס, די איבערגעגעבענע נאָכזוכערס און פאַרטייטשערס, האָבן זיך געפּאָרעט צום מערסטן מיט די האָמערישע כתב־יד פאַרמעטן, די „איליאַדע" און די „אָדיסייע". אַריסטאַרך, אַ קריטישער וועג־ווייזער פון יענער צייט, האָט אויף זיך אַזוי פיל געשטעלט, אַז ער האָט געמאַכט אייגענע רעוויזיעס אויף די אָריגינעלע טעקסטן. על־כל־פּנים זיינען די דאָזיקע קלאַסישע עפּאָפּייען פון די אַלטע גריכן אָפּגעראַטעוועט און איינ־געהיט געוואָרן דורך יענע געטרייע טוער, די ערשטע פאָרשער און פּיאָנערן, וואָס זייער מין האָט געלייגט דעם גרונט־שטיין פאַר דער מאָדערנער קריטיק.

מ ש ה   ו ו י ט י ע ס

* * *

די ליטעראַרישע ירושה פון אַלטערטום, דער געשריבענער אוצר פון די גריכישע און רוימישע קלאַסיקער, איז ניט דערגאַנגען צו אונדז אַ גאַנצע, אַ באַוואָרנטע און אויפגעהיטע, ווי היינטיקע ווערק וועלן אָנקומען צו די שפּעטערע דורות. דרוק, פּאַפּיר און איינבונד, וואָס פאַרזיכערט אונדזערס אַ בוך מיט אריכת־ימים, האָט דאָס אַלטערטום, מיט זיין גאַנצער חכמה און קולטור־רייכקייט, צום גרויסן באַדויערן, ניט פאַרמאָגט. די אָריגינעלע כתבים — ס׳רוב פון זיי „מגילות" פון געטריקנטן פאַרמעט, האָבן זיך אָרומ־געוואַלגערט „וואו די וועלט האָט אַן עק." זיי זיינען פאַרשלעפּט געוואָרן אין ווייטע מדינות, נאָך לאַנגע יאָרהונדערטן און דורות ווידער אַנטדעקט געוואָרן, און זיינען על־פּי־נס אויפגעשטאַנען תחית־המתים, און אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פונם „שטויב פון די צייטן." גליקלעכע צופאַל־שאַנסן האָבן צוגעשפּילט די ענטוזיאַסטישע זוכער און זאַמלער פון אַנטיקע מאַנוסקריפּטן, אין מיטלאַלטער. פּויפּסט ניקאָלאַס דער פינפטער, ווען ער איז נאָך געווען אַ מאָנאַך, האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דעם ניט גאַנץ פרומען ציל פון זוכן און איבערשרייבן די ווערק פון די קלאַסישע, גריכיש־רוימישע היידן. ווען ער איז דערהויבן געוואָרן צום פּויפּסטלעכן טראָן, האָבן זיינע אַגענטן גענישטערט אין אַלע מאָנאַסטירן און ביבליאָטעקן פון איירָאָפּע, צו געפינען אַלטע מאַנוסקריפּטן. אַזוי האָט מען אין נאַסע, אונטערערדישע קלויסטער־קאַמערן פון דרום־דייטשלאַנד דערוויִשט זעקס אָראַציעס (רעדעס) פון ציצערא און אויף אַן ענלעכן אופן, צום ערשטן מאָל, גאַנץ קווינטיליאַן. אין אַלטערטום גופא זענען שוין אַ סך עלטערע ווערק פון אַ פריערדיקן דור געהאַט „שפּורלאָז" פאַרשוואונדן. די ווערק פון דעם „פּרינץ פון די פילאָזאָפן," אַריסטאָטעל, למשל, — דעם גאון פון דער אַלטער וועלט — זענען צוויי הונדערט יאָר אָפּגעלעגן פאַר־וואָרפענע אין אַ פינצטערן, נאַסן קעלער, ביז מ׳האָט זיי, גאַנץ אומגעריכטער־הייד, אַנטדעקט אין אַן אַלטן קופערט, האַלב צעפוילטע, פון ווילגאַט צעפרע־סענע. אין וועסטפאַליע האָט אַ מאָנאַך אַנטדעקט אַ מציאה־גדולה, ווען אים איז אומדערוואַרט געקומען צו דער האַנט אַ פּערל פון דער אַלט־לאַטיינישער ליטעראַטור — די שריפטן פון דעם רוימישן היסטאָריקער טאַציטוס, אַ ווערק, וואָס האָט געהאַט אַ גרעסערן איינפלוס אויף דער מאָדערנער פּראָזע, אפשר, ווי קיין אַנדער איינציק בוך אויף דער וועלט. צופעליקע געפינסן זענען אויך די רעשטלעך־ווערק, וואָס מיר פאַרמאָגן היינט פון פּלאַטוס, מאַניליוס, קאַל־פּורניוס, פּעטראָניוס אַרביטער און נאָך אַנדערע באַרימטע לאַטיינישע נעמען.

ראָמאַנטיש און פאַרביק איז די באַשרייבונג פון די טשיקאַווע פאַקטן אין שייכות מיט די געפונענע פראַגמענטן און מאַנוסקריפּטן. אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל ליטעראַטור־געשיכטע, וואָס וואָלט זיך געלייענט ווי אַ פאַרכאַפּנדיקער דעטעקטיוו־ראָמאַן, וואָלט געקאָנט אָנגעשריבן ווערן אַרום די אויסטערלישע טראַפּעניש און אומגלויבלעכן צופאַל־שפּיל, וואָס האָבן באַשטימט דעם גורל פון די חשובע, פאַרמעט־געראָלטע ווערק; ווי דאָס מזל האָט געפירט מ׳זאָל זיי זוכן, און געפינען, אין פאַרוואָרפענע ווינקלען, און נאָך לאַנגער, זאָרגפעל־טיקער מי, זיי אַרויסהייבן פונעם תהום פון פאַרגעסנהייט.

גרויס איז דער פאַרדינסט פון די אומדערמידלעכע זוכער, פון די קאָליג־ראַפן און איבערשרייבער, און איבערהויפּט פון די ערשטע קריטיקער־מפרשים און צורעכט־מאַכערס פון די כמעט פאַרהייליקטע טעקסטן. מ׳קאָן מיט רעכט זאָגן, אַז די אַרבעט איז פאַר זיי געווען אַ מלאכת־הקודש. זייער באַציאונג פון ערפורכט און ליבשאַפט קאָן נאָר פאַרגליכן ווערן מיט דעם אומענדלעכן אויסדיוער, שטרענגער פאָרזיכטיקייט און געהייליקטער מיאונג, וואָס די יידישע גאונים און מפרשים האָבן געווידמעט דער תורה. ס׳קאָן זיין, אַז דער ענגלישער עססעיסט ראָסקין האָט געטראַכט פון דעם אויפטו פון די ערשטע קריטיקער־באַלייכטער, ווען ער האָט באַמערקט, אַז „צו זיין אַליין גרויס מיינט, אַז נאָך איין גרויסער מענטש איז צוגעקומען אין דער וועלט, בעת אַרויס־צוברענגען די גרויסקייט פון צוועלף אַנדערע מענטשן מיינט, אַז די וועלט איז באַרייכערט געוואָרן מיט נאָך צוועלף גדולים.״

* * *

ווי געריטעניש און שפע קומט פריער פון איינזאַמלונג און שניט, אַזוי האָבן אַלערלייאיקע ליטעראַטור־פלאַנצונגען, אין פעריאָדן פון שעפערישן אויפגאַנג און בלי, אין פאַרשידענע צייטן און קולטורן, קודם באַדאַרפט אויפקומען, און זיך פאַרמערן, ביז די עסטעטישע קריטיק האָט זיך געקאָנט באַווייזן. אָבער פריער האָבן די טעקסטן־איבערזעער, גראַמאַטיקער, אויס־פאָרשערס און איינטייטשערס צוגעגרייט פאַר איר דעם באָדן.

די שפּעטער געקומענע ליטעראַטור־קריטיק האָט זיך פאָרגענומען אויס־צולייגן די געאָגראַפיע פון דער ליטעראַטור, נאָכשפּירן די עוואָלוציע פון די פאָרמען, פאָסטולירן נאָרמען פון געשמאַק, אויסברייטערן דעם שטח פון תוכן און אידייע. קיין איינציק ווערק אַליין, און קיין שום ליטעראַטור אַפילו, האָט ניט געקאָנט דינען ווי אַ יסוד פאַר דער העכערער ליטעראַרישער קריטיק.

איינצלנע שאַפונגען, ווי די האָמערישע עפּאָסן, „די געטלעכע קאָמעדיע״ און ענלעכע, האָבן טאַקע היבש סטימולירט דעם קריטישן חוש. אָבער נאָך און נאָך ווערק, פון דעם זעלבן הויכן קאַליבער, האָבן געדאַרפט דערשיינען ביז איין ליטעראַרישע פאָרעם אפילו, איז רעכט באַנומען געוואָרן. די קלאַסישע דראַמע, למשל, מיט איר ווירדיגער שטאַטור, איר סאָלידע פאָרעם און שוואונג, האָט נאָך פאַרט נישט געקאָנט געבן אפילו אַן אָנצוהערעניש, אין פאַראויס, אויף דער שפּעטערדיקער ראָמאַנטישער דראַמע. פון סאָפאָקלן ביז שילערן, פון עסכילן ביז שעקספּירן איז אַ ווייטער מהלך — דאָך האָט די דראַמאַטישע פאָרעם געמוזט דורכגיין אַלע שטעגן און פאַזן, פון די גריכן ביז אינדיע, און די מאָדערנע אייראָפּע. דער זשעני פון פעלקער און ראַסן האָט דורך איר גע־דאַרפט קומען צום פאָדערשיין, ביז איר באַדייט און פאַרנעם איז לסוף קלאָר געוואָרן אין דעם קריטישן מוח. די דראַמע, ווי אַ קינסטלערישער אויסדרוק פון דער „דראַמע פון לעבן״, האָט מען ערשט תופס געווען, נאָכדעם ווי זי איז אויפגענומען געוואָרן קעגן אַ היסטאָרישן הינטערגרונט, ווי אַ ליטעראַרישע וועלט־דראַמע; ווען זי האָט שוין געהאַט מיטגעמאַכט אירע עטאַפּן פון אַנט־וויקלונג, צעצווייגטער אויסברייטונג אין די ליטעראַטורן פון די פעלקער, ווענענס געשיכטלעכן גורל און נאַציאָנאַלן כאַראַקטער זי האָט אָפּגעשפּיגלט.

דאָס אייגענע איז וואָר מכוח דעם עפּאָס, די ליריק, די באַלאַדע, די נאָוועלע. בכדי אָפּצומעסטן דעם צושטייער פון איין פאָלק, באַדאַרף דער סך־הכל פון אַלע ליטעראַטורן אָפּגעוואויגן ווערן. צו באַנעמען תוכיק און טיף בלויז איין שאַפונג, דאַרף דער גאַנצער ליטעראַרישער האָריזאָנט ליגן פאַרן אויג. יעדעס קונסטווערק איז זיך סומך אויף דער ביאָגראַפיע פון דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור. ס׳טרעפט, אַז אַ סענזיטיוון לייענער זאָלן שטאַרק געפעלן זיין היינעס באַלאַדן, טשעכאָווס דערציילונגען אָדער רייזענס לידער, און דאָך זאָל ער ניט זיין קיין גרויסער בקי אין די ליטעראַטורן און געשיכטע פון די פעלקער, צו ווענען די דיכטער געהערן — אָבער, צי וועט אַזאַ לייענער, אָן דער הילף פון קריטיק, אַנען וואָס ס׳הייסט ליטעראַרישע פערספעקטיווע; צי קאָן ער זיך אפילו אָנשטויסן אויף דעם מקור פון דעם קינסטלערס מיסטישן כוח? אויף די שטיל־ווירקנדיקע עלעמענטן פון אַרבשאַפט, פאָלק, שבט און סביבה, וואָס האָבן משפיע געווען אויף זיין פסיכיקע און געפורמעט זיין פערזענלעכקייט; אויף דער ראָל פון דעם דיכטער אין דעם וואוקס און פאַרמער פון זיין ליטעראַטור? ווי קאָן אַזעלכער באמת אָפּשאַצן דעם דיכ־טערס גרויסקייט און חשיבות, ווען ער איז ניט היימיש אין זיין ליטעראַטור און פאָלקס־געשיכטע; ווען די כישופדיקע מיסטעריע פון לירישע פּאָעזיע

אין דער וועלט־ליטעראַטור האָט קיינמאָל ניט באַשעפטיקט זיין מוח? ס'איז מאָדיש צו פּרייזן דיכטער, ווי צו צירן זיך מיט בלומען — אָבער וויפיל פאַרטראַכטן זיך אויף דעם סימבאָל פון אַ „געוויינלעכער״ רויז: אַז אַלע סודות פון באַשאַף ליגן פאַרבאָרגן אין איר צאַרט געוועב? אַז הימל און ערד האָבן זיך באַהעפט כדי צו געבערן דאָס דאָזיקע וואונדער פון פאָרם, פאַרב און ריח! יעדער עכטער דיכטער איז פאַרוואקסן אין סאַמע האַרץ פון דער וועלט. דורך אים ריידן די דורות פון עבר צו די קינדער פון דער צוקונפט. ס'איז מער ווי אַ מליצה צו זאָגן, אַז אַלע דורות פון וועלט־לעבן האָבן אין אים אַ חלק — ראַסע, און געשיכטע, און שטאַם, און קלימאַט, און לאַנד; דער שעפערישער ווילן אין דער טבע, און די נשמה פון דער גאַנצער מענטשהייט וואָס לעכצט נאָך אויסלייזונג און גליקזעליקייט . . .

* * *

די קריטיק איז נאָך גאָר אַ יונגע בליאונג אינם גאָרטן פון דער ליטע־ראַטור. די עיקר־תנאים פאַר דעם אויפקום פון אַן אוניווערסאַלער אידייע פון ליטעראַטור, זיינען ערשט גרייט געוואָרן אין דער היינטיקער וועלט, מיט אַ פּאָר דורות צוריק. מ'טרעפט אָן, דאָ און דאָרט, ביי די דענקער פון אַלטער־טום אַ וואונק, אַ רמז אויף דער באַהאָפטענער קרובהשאַפט צווישן ליטעראַטור און לעבן; אַז זי רינגלט אַרום די מענטש־באַוואוינטע ערד; אַז די טיפסטע בענקשאַפט, די ווייטסטע חלומות, דער שטומער צער און עקזאַלטירטע פרייד פון דער אַלמענטשלעכער נשמה, קומען דורך איר צום אויסדרוק, אויף איר אייגענעם אומשטערבלעכן לשון. אָבער זיי האָבן דעם געדאַנק ניט קלאָר תופס געווען אין זיי האָבן אונדז ניט איבערגעלאָזט קיין שום פאַרטייטשונג פון דער וואָרט־קונסט — די חשובסטע, דעם־מענטשן־נאָענסטע פון די קונסטן. די אַנטפּלעקנדיקע אידייע וועגן דעם גאָט־געגעבענעם זיווג פון ליטעראַטור און לעבן, וועגן דער איינהייט פון די קונסטן, וועגן דעם אוניווערסאַלן כאַראַק־טער פון ליטעראַטור — אַז יעדער איינצלנער און אָרטיקער אויסדרוק פון מענטשלעכן גייסט, אין ליטעראַרישער קונסט־פאָרם, גיסט זיך האַרמאָניש צונויף מיט דער אייביקער מענטשלעכער נשמה פון אַלע צייטן און לענדער — אָט דער בליק אויף ליטעראַטור, ווי אַן אינספּירירטער דאָקומענט פון לעבן, איז אַ פלעפנדיקע נייאיקייט, וואָס געציילטע אייראָפּייאישע דענקער און שריפטשטעלער האָבן אַרויסגעבראַכט ערשט אין פאָריקן יאָרהונדערט, און וואָס איז פאַרטיפט געוואָרן אין אונדזער תקופה.

אַזעלכע מייסטער ווי געטהע, לעסינג, הערדער, ווינקלמאַן, קאָלרידזש, קאַרלייל, בראַנדעס, סען־בעוו, טען, אַרנאָלד, עמערסאָן, סיימאָנס, האָבן אַנטוויקלט — ווער אין אַ קלענערער, ווער אין אַ גרעסערע מאָס — די קריטיק פון ליטעראַטור און קונסט. זייערע שריפטן זיינען פאַר אונדז היינט אַן אויטאָ־ריטעטנע באַזע פאַר אַ פילאָזאָפיע פון ליטעראַטור און עסטעטיק. אין די פראַכט־ווערק פון אָט די הויך־ראַנגיקע שרייבער איז שוין די קריטיק אַרויסגעוואַקסן פון אירע קינדערשע שיכלעך — פון דעם פעדאַנטישן גריבלען, אַרומשרייבן און צונויפשטוקעווען די געפונענע כתבים־אַנטיקן — צו אַ רייפער, אימפּאָזאַנטער פאָרעם פאַר אָריגינעלן, קרעאַטיוו־קינסטלערישן אויס־דרוק.

ניט דער נייגיר פון פאָרשער, דער אינטערעס פון געלערנטע, און אוודאי נישט — ווי עס מיינען די „חכמים״ — אַ מאַנגל אין אייגענעם שעפערישן טאַלאַנט, האָט באַוואויגן די גרויסע קריטיקער־ליטעראַטן פון מאָדערנע צייטן צו פאַרטיפן זיך אין די ווערק פון אַנדערע שרייבער. זיי האָט קודם, ווי קינסטלער, געמאַניעט די ריזיקע „טעמע״ פון ליטעראַטור אַליין, אַ טעמע איבער אַלע טעמעס, וואָס האָט אָט דעם מין שרייבער איינגענומען און צוגע־צויגן צו זיך. דער פאַרמעסט פון ליטעראַטור צו אַנטפּלעקן די נשמה, דאָס האַרץ און דעם גורל פון דעם אייביקן הומאַן — דעם בן־אדם פון אַלע צייטן און דורות; די באַמיאונג פון איר דערפינדערישן זשעניע, אויף אַלערלייאיקע לשונות־אינסטרומענטן, צו געפינען שפּראַך פאַר דעם קאָסמיש־שטומען וועלט־סוד; דאָס טיפן זיך אין די רעגולירטע פּראָצעסן, סודות און כוחות אין דער נאַטור; בכלל דער וואונדער פון אויסדרוק, אין די ראַמען פון שיינקייט און פאָרעם, האָט מאַגנעטיזירט די דאָזיקע שריפטשטעלער־דענקער צו ווידמען זייערע קינסטלערישע גאָבן און אַנאַליטישן גייסט דעם כישופדיקן געביט פון ליטעראַטור־שטודיע.

ערשט ווען דער באַגריף „וועלט־ליטעראַטור״ איז אָנגעווענדט געוואָרן אויף די נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן, איז דורך דעם בולטער געוואָרן דער געדאַנק, אַז אַלע פעלקער זיינען אינאיינעם אַן איינהייטלעכע מענטשהייט; קינדער פון איין מאַמען, צעשפּרייטע איבער דעם פּנים פון דער ערד; אונ־טערוואָרפן דעם אומפאַרמיידלעכן גורל פון יעדן „נפש כל חי״, פון איטלעך לעבעדיקן באַשאַף אויף דער ערד. יעדע פאָלקס־ליטעראַטור איז דערימערט אַ קאַפּיטל אינם ספר־האדם, דעם בוך פון דער מענטשהייט. ווי אַ פועל־יוצא פון אַזאַ אויפפאַסונג איז אַלץ קלערער געוואָרן דער געדאַנק אַז די ליטעראַטור בכלל איז מענטש־געשיכטע אין אוניווערסאַלן זין; און באַזונדער־גענומען

— אַ שפּיגל־בילד פון דער נאַציאָנאַלער מראה, די אייגנטימלעכע כאַראַק־טעריסטיקע פון די פעלקער־משפּחות; פון די פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און גייסטיקע כוחות, וואָס דאָמינירן אין יעדער ליטעראַרישער עפּאָך; אויך פון די השפּעות, וואָס האָבן באַשטימט דאָס אַנטשטיין און אַנטוויקלען פון די גרונט־וויכטיקע ליטעראַרישע פאָרמען. אַזוי־אַרום, למשל, זיינען מיר באַקענט געוואָרן מיט די פּאַרצייטיקע גריכן דורך זייער ליטעראַטור און קונסט, וואָס האָבן פיקסירט דעם לעבנס־שטייגער זייערן. אויף דעם אופן האָט מען אָנגעהויבן פאַרשטיין פאַרוואָס די דראַמע, למשל, האָט זיך אין איין תקופה אַריבערגעהויבן איבער אַנדערע פאָרמען בעת אין אַ צווייטער — די ליריק, אין אַ דריטער — די נאָוועלע. אָט דער העלער איינבליק אין דעם אייגנטלעכן זין פון ליטעראַטור, ווי אַן אַלוועלטלעכער דאָקומענט פון דעם לעבן אַליין, פונם לעבן פונם גאַנצן מענטשן־מין, ווי פון דעם פאָלק און דעם יחיד, איז דער חידוש, דער גרויס־צושטייער פון דער מאָדערנער ליטעראַ־רישער קריטיק. אָנווייזנדיק אויפן ענגען פאַרבינד פון דער ליטעראַטור פון אַ פאָלק מיטן נאַציאָנאַלן לעבן זיינעם, און די שייכות פון אָט דעם צום מענטשלעכן צוזאַמענלעבן און געזעלשאַפטלעכקייט בכלל, האָט די מאָדערנע קריטיק אַוואַנסירט די פאָרשונג אין די סאָציאַלע וויסנשאַפטן, די אינטער־פּרעטאַציע פון געשיכטע, די עוואָלוציע פון קולטור.

* * *

דער אָנהויב פון ליטעראַרישע רייכטימער אין אונדזערע טעג, דער פאַרצווייגטער לאַבירינט פון דער קונסט מיט איר ווייט־דערגאַנגענער טעכ־ניק, מאַכט שווין צום גלייבן, אַז דאָס פאָלק — ווי אַ מיטבאַטייליקטער שותף אין זיין ליטעראַטור — פעלט אויס אין דעם אַלעמען, אַז דאָס „פּאַך" אַליין פאַבריצירט שריפט און בוך פאַרן געברויך פון דער באַפעלקערונג. די קריטיק האָט די הויך־קאָמפּליצירטע ליטעראַטור פון היינטיקע צייטן צוריקגעפירט צו פאָלק, נאַטור און לעבן. זי האָט אונדז אַוועקגעטראָגן צו דער פרילינג־צייט פון ליטעראַרישן דערוואַכן, און ווי אין אַ צויבער־גלאָז אונדז געלאָזן זען דאָס סטיכייאישע, ספּאָנטאַנע אָנגיין פון פאָלק־שאַפונג פון קדמונים אָן, דעם אויפקום פון די פאָרמען, די ערשטע פאַרצייטיק־פּרימיטיווע שפּראַכן אין דעם פאָרהיסטאָרישן באַגינען, דעם פּרימאָרגן פון דער ליטעראַטור.

הערדער, איינער פון די מאָדערנע פּיאָנערן־קריטיקער, דערציילט אונדז

פון יענער צייט, ווען דאָס לעבן איז יונג געווען און איז געגאַנגען געאַרעמט מיט דער פּאָעזיע: „אין יענע פריידיקע טעג האָט די פּאָעזיע געקלונגען אין די אויערן פון פאָלק, אויף די ליפּן און אויף די האַרפן פון די פאָלקס־זינגער. זי האָט געזונגען פון געשיכטלעכע געשעעענישן, פון טאָג־פּאַסירונגען, פון מיסטעריעז, וואונדער און צייכנס. זי איז געווען די בלום פון פאָלקס־כאַראַק־טער, פון זיין שפּראַך און לאַנד, פון זיין פּראַצע, פאַראורטיילן, ליידנשאַפטן, שטרעבונגען — און פון זיין נשמה."

אין די צייטן, ווען דאָס פאָלק איז היימיש געווען מיט זיין קולטור, און האָט זי געקענט אויף אויסנווייניק, האָט געבליט די קינדהייט פון דער ליטע־ראַטור. אויפן וועב־שטול פון דער פאָלקס־פאַנטאַזיע איז די ליטעראַטור געמייסטערט געוואָרן. אַ ביישפּיל איז דער עפּאָס — איינע פון די פריעסטע ליטעראַרישע פאָרמען. געפלאָכטן פון לעגענדע און היסטאָרישן פאַקט, וואָס האָט געטליעט אין זכר פון די דורות, האָט דער עפּאָס־שיר פאַראייביקט די געשיכטע און העלדן־פיגורן פון דעם שטאַם. די עפּאָפּייאישע דיכטונגען זיינען בעל־פה דערציילט, ריציטירט און געזונגען געוואָרן, מיט צוגאָבן און באַרייכערונגען פון יעדן פאָלקס־טאַלאַנט, ביז מיט דער צייט איז רייף געוואָרן די זאַפטיק־רייכע פרי אויפן בוים פון פאָלקס־שאַפונג — דער ליטעראַרישער עפּאָס.

דער געדאַנק, אַז פאָלקס־לעבן האָט זיך אַריבערגעטראָגן אין קונסט, אַז פון לעבן איז געוואָרן ליטעראַטור, וואָס איז אַליין לעבן און גייסט, איז שוין גאָר נישט פרעמד דעם היינטיקן אינטעליגענטן לייענער. אָבער, צי ווייס ער אויך, אַז דאָס האָט די עסטעטיש־פילאָזאָפישע ליטעראַטור־קריטיק, ערשט אין אונדזערע צייטן, צום ערשן פאַרטיפט, און אַרויסגעבראַכט אין אָריגינעלע קריטיק־ווערק, וואָס זיינען אַ צירונג און אַ שטאָלץ פאַר דער וועלט־ליטע־ראַטור? די ביאָגראַפיע פון דער מענטשהייט איז צו לייענען אין אירע קאָלעקטיווע ווערק. רעליגיע, געשיכטע, קונסט און ליטעראַטור זיינען גע־בוירן פון דעם לעבן און לייד פון מענטשן־קינדער פון זינט דעם אָנפאַנג פון די צייטן. אַט די פּיראַמידן פון גייסט זיינען טאַקע אויסדרוקפולע עדות אויף ריזיקן אויפטו; אָבער פריער פאַר אַלץ סוגעסטירן זיי די דראַמע פון דער מענטשלעכער נשמה — אין איר הערקולאַנישן געראַנגל זיך אָפּצורייסן פון דער אור־שטומקייט, וואָס גליווערט אין איר — צו דערגרייכן אַ תיקון פון אויסלייזונג דורך זשעסט, בילד, קלאַנג און — וואָרט. דער ענגער מעכאַ־ניש־יחידישער באַגריף — אַז ליטעראַטור איז אַ הוילער פועל־יוצא פון דעם

דיכטערס אייגענער מי און טעכנישער האָרעוואַניע — איז פאַרביטן געוואָרן, דורך דער מאָדערנער קריטיק, מיט דער עפּאָכאַלער אידייע:

אַז די ליטעראַטור איז אַן אַנטשטיין פון אַ געמיינזאַמער מענטשלעכער שעפערישקייט; אַז זי איז אַ האַרמאָנישע, וועלט־אַרומנעמענדיקע קונסט, און דערפאַר אַ באַשטייאיקער, רוח־הקודש־באַזעלטער דאָקומענט פון דער מענטשלעכער נשמה. אָט די באַפּרוכפּערנדיקע, קולטור־שפּרייטנדיקע אידייע, איז די פּרוכט פון דעם קריטישן צוגאַנג, אַנאַליז און אויסטייטש. אַן אידייע, וואָס האָט אַנטפּלעקט דאָס ליכט, ניט פון איין ליטעראַטור־ווערק, ניט פון איין פּאָרעם, אַפילו ניט פון דער ליטעראַטור פון איין פאָלק, נייערט פון דעם גאַנצן וואונדערהאַפטיקן אויפטו פון דעם מענטשן־מין — די ליטעראַטורן פון די פעלקער.



# ראָמאַנטיק און ראָמאַנטיזם

דאָס וואָרט ראָמאַנטיק איז איינגעהילט אין אַ שלייער פון מיסטעריע און ווידערשפּרוך. ליכט און שאָטן בייטן זיך אין די רמזים פון זיינע סוגעסטיעס וואָס עפּענען אויף וועלטן און וועלטלעך. ס'איז אפשר נישט צו געפינען נאָך אַזאַ וואָרט אין מענטשלעכן שפּראַך־אוצר וואָס בלענדט מיט אַזוי פיל פאַרביקייט און טראָגט אַזאַ טיף־געדאַנקלעכן באַדייט; אַ וואָרט וואָס איז ביי אַלעמען אויף די ליפּן און קיינער קען ניט געבן זיין אַקוראַטנעם טייטש; אַ וואָרט וואָס איז פאַרוועבט מיט זיידן־פעדים אין פּשוטן פאָלקס־ליד און זיין מהות פיגורירט ווי אַ געהויבענער יש אין דער עסטעטישער קריטיק; אַ וואָרט וואָס איז זיך מתחבר מיט באַגריפן וואָס זענען זיך סותר איינס־ס'אַנדערע און אַיעדערער קאָן דערויף זאָגן זיין אייגענע תורה.

דער קריטישער פאַכמאַן פלייסט זיך פאַרשטענדלעך צו מאַכן די אָנקערי־קייט פון דער דראַמע, דעם עפּאָס און אַנדערע ליטעראַרישע פאָרמען מיטן לעבן פון מענטש און פאָלק — די ראָמאַנטיק אַנטפּלעקט אפילו פאַר דעם ניט איינגעשולטן לייענער דעם ענגען באַהעפט צווישן ליטעראַטור און לעבן. און ווי דאָס לעבן איז אַ „חלום־יעוף", אַ פאַרביישוועבנדיקער חלום און אַ ביטערע וואָר; אַ שיר־השירים אידיליע און אַ טריבער קוהלת סך־הכל; אַ „מה־טובו" הימנע און אַ איכה־לאַמענט, און בלייבט לסוף נישט אויסגע־דרשנט און ניט אָפּגעמשפּט — אַזוי איז די ראָמאַנטיק אין זיך כולל גליק־זעליקייט און סכנה, מנוחה און ריזיקאַלישע אַוואַנטורע. זי ווערט אָנגעווענדט לשבח און לגנאי; זי איז אַ באַדינערין, מיט אַ גילדערנעם שפּיגל אין דער האַנט, פאַרן לעבן, און אַ פאַרביינערן און איבערשאַפערן פון דער ווירקלעכקייט. דאָס דאָזיקע וואָרט איז אַזוי אויסגעדינט און בייגעוודיק ווי אַ גאָלד־געצויגענער פאָדעם, און ס'לאָזט זיך מיט געוויסהייט קיין ענטגילטיקע פאַרטייטשונג אויף דעם ניט געבן.

פאַראַן כל'ערליי ראָמאַנטישקייטן, „כשר'ע" און שאַנדהאַפטיקע: די ראָמאַנטיק פון דער יוגנט און די ראָמאַנטיק פון אַ קאָלומבוס, וואָס ציט אים אין ווייטע וועלטן אַריין צו אַנטדעקן אַ נייעם קאָנטינענט; די ראָמאַנטיק

פון גאָט־זוכעניש און די ראָמאַנטיק פון זינד; די ראָמאַנטיק פון מתן־תורה און די ראָמאַנטיק פון דעם „עגל"; די מיסטישע ראָמאַנטיק פון קבלה און חסידות און די ראָמאַנטיק, להבדיל, פון די ריטערלעכע קרייץ־צוגער, וואָס האָבן אין זייער ראָמאַנטישער התלהבות אומגעבראַכט גאַנצע אידישע קהילות; די ראָמאַנטיק פון אַ קייסערלעכע דינאַסטיע מיט איר „שר" אין הימל, און די שטורמיש־העלדישע ראָמאַנטיק פון אַ רעוואָלוציע. טייל „מתנגד׳ישע" סאָציאַל־קריטיקער פון דעם ראָמאַנטיזם וואָס זעען אין אים אַ כוח פאַר שלעכטס, ווילן האָבן אַז זשאַן זשאַק רוסאָ, דער באַרימטער פראַנצויזישער ראָמאַנטיקער, איז געווען דער פאָטער פון דער לעצט־צייטיקער פאָליטישער רעאַקציע אין אייראָפּע און אין אַנדערע וועלט־טיילן; אַז דער אויפקום פון טאָטאַליטאַרן שטאַט איז צו פאַרדאַנקען רוסאָ׳ס ראָמאַנטישע טעאָריעס וועגן דעם איבערבוי פון דער געזעלשאַפט!

מ׳קאָן אָנפילן גאַנצע בלעטער מיט ציטאַטן פון דעם ווידערשפּרעכלעכן און אַלדייטיקן אָנווענד פון דעם באַגריף ראָמאַנטיק ביי מאָדערנע שרייבער. אָט זענען עטלעכע אויסצוגן, צום אילוסטרירן:

„אין די פאַרהוילענע פּרטים וואָס דער אַבסטראַקטער קלאַסישער גע־שמאַק האָט זיך פון זיי אָפּגעווענדט האָט דער ראָמאַנטיזם געפונען נייע קוואַלן פון באַגייסטערונג". (דזשיאָפרי סקאָט: „די אַרכיטעקטור פונם הומאַניזם").

„היינט קאָנען מיר לכל הפחות באַטראַכטן דערשיינונגען מיט אַ קלאָרן מוח וואָס איז אָפּגערייניקט פון דעם ראָמאַנטישן געמויזאַכץ, וואָס האָט אין פריערדיקע צייטן פאַרטונקלט אונזער בליק" (דזשאַן דאָס פּאַסאָס: פאָרוואָרט צו „די דריי זעלנער").

„די ראָמאַנטיקער האָבן זיך אַריינגעטיפט אין זיך אַליין און האָבן באַ־שאַפן מזרח־לענדער, וואָס זענען אומגלויבלעך אָריענטאַליש, וועלדער אומ־גלויבלעך בראשית׳דיק, און צייטן — אומגלויבלעך מיטלאַלטערלעך" (פּ. ב. אַרטץ: ציטירט פון דזשאַן ב. וואולף: „פראַנקרייך").

„דער גרויסער נאָוועליסט און קענער פון אַלטערטום, סער וואָלטער סקאָט, האָט באַוויזן די היסטאָריקער אַז געשיכטע מוז זיין לעבעדיק, פּיל־קאָלירעווודיק און ראָמאַנטיש אויב מען וויל זי זאָל זיין אַ וואָרער שפּיגל פון די ימי־קדם, די פאַרגאַנגענע עפּאָכן" (דזש. מ. טרעוועליאַן: „קליאָ, אַ מוזע און אַנדערע עסייען").

„דייוויד קאָפּערפילד (דיקנס) איז אי אַ רעאַליסטיש, אי אַ ראָמאַנטיש בוך; ס׳איז רעאַליסטיש דווקא דערפאַר, ווייל עס איז ראָמאַנטיש" (דזש. ק. טשעסטערטאָן).

„עכטע ראָמאַנטישע קונסט שליסט נישט אויס אפילו דעם וואָכעגדיקן רעאַליזם פון דער גאַס. ראַבינזאָן קרוזאָ איז פּונקט אַזוי רעאַליסטיש ווי עס איז ראָמאַנטיש. ביידע אייגנשאַפטן ווערן דערפירט צו אַן עקסטרעם, דאָך ליידט נישט קיין איינע פון זיי״ (ראָבערט לואי סטיווענסאָן: „מעמוארן און פּאָרטרעטן״).

„אַרום און אַרום האָט געבלעזלט און געפעכלט דער באַרוישנדיקער ווייַן פון דעם נייעם ראָמאַנטיזם. שאַטאָבריאַן און וויקטאָר הוגאָ, מיט זייערע טיטאַנישע טראַגעדיען, מיט זייערע אומגעצוימטע פאַנטאַזיעס, זייערע פּופּורנע פּאַסאַזשן, זענען געווען די אָנערקענטע, ליטעראַרישע האַלב־געטער פון יענעם דור״ (דזש. וו. פּירסאָן).

„אפשר איז די הויפּט־סיבה פון דער שטייגנדיקער פּאָפּולאַריטעט פון יאָהאַן סעבאַסטיאַן באַך׳ס מוזיק, וואָס דער צוהערער פילט בחוש, ניט געקוקט אויף אַלע טעכנישע קאָמפּליצירטקייטן, אַז אָט די דאָזיקע מוזיק איז פּאָרט די שאַפונג פון אַ ראָמאַנטיקער״ (דייוויד האָל).

„נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע ליטעראַרישע רעוואָלוציע אין אייראָפּע, וואָס האָט געבראַכט אַ לערע צו די פעלקער, אַז דעם אמתן גייסט פון קלאַסישקייט איז צו געפינען אין דעם זשעני פון זיין אייגענער ראָמאַנטיק״ (עדוואַרד בולווער ליטאָן: „שילער׳ס לעבן״).

„אין קורצן — ער האָט באַזעסן אַ ראָמאַנטישן טעמפּעראַמענט, וואָס איז אויסגעזעצט צו אַלע קאַפּריזן, פאַרגענגלעכע עקסטאַזן, די עלעגישע מעלאַנכאָליעס, אומעט־שטימונגען און כראָנישן יאוש וואָס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די ראָמאַנטיקער פון זיין דור״ (וו. פּ. גיעזע: סען־בעוו״).

* * *

דער טייטש פון וואָרט „ראָמאַנס״ נעמט זיך פון די לידער און מעשיות וואָס זענען געשריבן געוואָרן אויף די אייראָפּייאישע פאָלקס־שפּראַכן, וואָס האָבן זיך אָפּגעטיילט פון לאַטיין נאָך דער צעפאַלונג פון דער רוימישער אימפּעריע. „ראָמאַניש״ האָט באַצייכנט אַ לאַטיינישן דיאַלעקט פון די פעלקער אין די אָפּגעלייגטע ווינקלען פון דער פריערדיקער רוימישער הערשאַפט, ווי למשל, די פּראַנצויזישע פּראָוואַנס, וואו מ׳האָט גערעדט אויף אַ „לינגוואַ ראָמאַנאַ״, אַ רוימיש־לאַטיינישן אָפּצווייג, להיפּוך די „לינגוואַ לאַטינאַ״, דאָס ריינע לאַטיין פון די רוימישע קלאַסיקער, וואָס האָט זיך אַלץ מער אָפּגערוקט

פון לעבעדיקן געברויך און געוואָרן די קולטור־שפּראַך פון דער שטודירנדיקער אינטעליגענץ.

און אַזוי ווי די מיטלאַלטערלעכע פּאַרפּאַסונגען, פון אַרום דעם 12טן און 13טן יאָרהונדערט, אויף די דעמאָלטדיקע לאַטייניש „זשאַרגאָנען", זענען באַשטאַנען פון וואונדער־געשיכטעס, מערסטנס אין לאַנגע פּאָעמען און אויס־געצויגענע באַלאַדן, וואָס האָבן דערציילט פון קאַמפן, נסיונות און נצחונות אַרום דעם לעבן פון העראָאיש־לעגענדאַרישע פיגורן פון לאַנג פאַרגאַנגענע דורות, זענען מיט דער צייט אַלע אַזעלכע מעשיות, אין ליד און פּראָזע, פון דעם־אָ פאַנטאַסטישן מין, אָנגערופן געוואָרן ראָמאַנצן אָדער ראָמאַנען. אין דער געשיכטע פון ליטעראַטור ווערט דער אָנהויב־פּעריאָד פון אַזאַ שטייגער־שרייבן, מיט עקסטראַוואַגאַנטע גוזמאות, אויף שלעסער־אין־דער־לופטן טעמעס וועגן ניט־דאָאיקע ירידן אויף ווייטע, אומבאַקאַנטע הימלען, באַצייכנט מיט דעם נאָמען „דער מיטלאַלטלעכער ראָמאַנטיזם".

די ראָמאַנטישע ריכטונג האָט נישט אַלעמאָל געשפּילט די זעלבע ראָל אין דעם גאַנג פון ליטעראַטור; און ס'איז אַ שטודיע פאַר זיך אַליין נאָכצו־שפּירן דעם אויפקום, פאַרגיין און ווידערגעבורט פון דעם ליטעראַרישן ראָ־מאַנטיזם. אין די ראַמען פון אָט דער עסיי איז מיר נישט דערלויבט מער ווי אַ פאַרמעסט אויף בלויז ראשי־פּרקים און אַן אַלגעמיינעם בליק.

* * *

דער דערוואַקסענער מענטש, אין אַלע צייטן און דורות, האָט פון זיין קינדהייט מיטגענומען מיט זיך אויף זיין גאַנצן לעבנסגאַנג אַ בענקשאַפט נאָך ווייטע וואונדער־וועלטן, וואו די לאָגיק פאַרלירט איר שטרענגע ממשלה, די פעסטגעשטעלטע נאַטור־געזעצן ווערן אויפגעלייזט, און וואו דאָס אייביקע מענטשן־קינד, מיט דער הילף פון דער פאַנטאַזיע, באַשאַפט זיך זיין אייגענעם בראשית. אויף די פליגלען פון זיין כח־הדמיון האָט ער זיך אויפגעהויבן איבער דער וואָכעדיקער וואָר פון זיין צוגעשמידקייט צו סביבה און מקום, און האָט זיך אַריינגעכישופ'ט אין אַן אַנדער וועלט, וואָס ער האָט פאַר זיך אויסגעחלומ'ט. אַ דאַנק אָט דעם געטער־געשאַנק צו קענען אַנטרינען פון זיין ביטערן גורל, אָפּצוטאָן פון זיך כאָטש פאַר אַ ווייל די האַרבע קללה וואָס האָט נאָכבאַגלייט זיין אור־פאָטער אדם־הראשון פון גן־עדן, און צו באַווייזן פאַר אַ מינוטקעלע זיך אַהינצו צוריק אַריינצוגנב'ענען, האָט דער פאַרצאָגטער בן־אדם געפונען טרייסט, פאַרגעסנהייט און באַנייטן כוח ביי צוקומען די

געפּענטעטע אָנמאַכט, די קנעכטשאַפט און פּיין פון זיין פּאַראומערטער עק־סיסטענץ.

דער פאַרביקער, קולטור־אַלטער אָריענט, וואו דאָס וויגעלע פון דער ליטעראַטור איז געשטאַנען, האָט באַשאָנקען די וועלט מיט אַן אוצר׳דיקער ירושה, אין אַלערליי וואַריאַנטן, פון דער ראָמאַנטישער פאַנטאַסטיק: דער תנ״ך וואָס ליכטיקט מיט אַ געטלעכע ראָמאַנטיק, דער רייכער צושטייער פון דער אגדה אין תלמוד און מדרש — מעשיות וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט איבער דער וועלט און באַפרוכפּערט די ליטעראַרישע ראָמאַנטיק פון די פעלקער; דער היפּשער בייטראָג פון דער אַראַבישער ליטעראַטור, און די ליטעראַטורן פון פּערסיע, אינדיע און כינע און פון אַנדערע מזרח־לענדער.

די אַנטיקע ליטעראַטור פון די גריכן און רוימער, וואָס האָט צום מיינסטן משפּיע געווען אויף דער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער ליטעראַטור — אַ השפּעה, וואָס גייט אָן ביז היינט — איז ביי דער וועלט־קריטיק פאַר־רעכנט זוי דווקא פון אַ ניט־ראָמאַנטישן כאַראַקטער. די העלעניש־רוימישע טראַדיציע האָט אַרויסגעבראַכט דעם קלאַסיציזם, וואָס סימבאָליזירט טאַקע אויף תמיד די צווייטע זייט פון דער מטבע פון ליטעראַטור, דעם היפּוך פון ראָמאַנטיזם. צווישן אָט די צוויי הויפּט־שטרעמונגען אין דער ליטעראַטור פון אַלע צייטן גייט אָן לפנים אַ נאָכאַנאַנדיקער „ויתרוצצו״, אַ נאַטירלעכע קעגנערשאַפט, מיט אַ נצחון פאַר איין צד און אַ ירידה פאַרן צווייטן, אין די פאַרשיידענע תקופות. דער ראָמאַנטיזם און קלאַסיציזם בילדן, לויט דער סכעמאַטישער אויפפאַסונג פון די טעאָרעטיקער — דעם אייביקן קאָנטראַסט־שפּיל צווישן די אַנטקעגנדיקע פּאָליוסן פון דער מענטשלעכער פּסיכיק, אויסגעדריקט אין אַזעלכע קולטור־צווילינג געפּעכטן פאַר דער אויבערמאַכט אין ליטעראַטור און לעבן, ווי: פון חסידות און מתנגדות, העברעאיזם און העלעניזם, הלכה און אגדה, „דיכטונג און וואַרהייט״, יום־טוב און וואָך, קדושה און חול, רחמים און דין.

די קונסט פון די אַמאָליקע גריכן אַנטפּלעקט אַ מערקווירדיקן פאַרצוג פאַר קלאָרקייט, שאַרפליניקייט, און שלימות פון פאָרעם. אַזוי אין זייער אַרכיטעקטור, סקולפּטור און ליטעראַטור, באַקומט דער „ניגלה״, די חומר׳־דיקע געשטאַלטונג, איר העכסטן תיקון פון עקספּרעסיע. זייער „צלם״ און „פסל״, בילד און פיגור, זעטיקן דאָס אויג מיט זייער אָפּגעווירעטער נעטקייט, מיט זייער אויסגערונדיקטער, פאָלקאָמענער גאַנצקייט.

די שיינע, היידניש־נאַאיווע סימבאָליק פון דעם גריכישן מיטאָס, די מענטש־געשטאַלטונג פון זייערע געטער, וועמען דאָס אויג קאָן מיט איין בליק

אַרומנעמען און דער מוח גרינג תופס זיין, האָבן באַפרידיקט גאָר דעם קאָסמישן נייגיר פון די גריכן מכוח די גרויסע מיסטעריעז אַרום מענטש, באַשאַף, נאַטור און גורל. זייער קונסט, אַ דירעקטער פּועל־יוצא פון זייער אמונה, אַנשטאַט פון אַ ריין־עסטעטישן דראַנג, ווי מען מיינט געוויינלעך, איז לחלוטין אין הסכם מיטן פּרימיטיוו־פּאָעטישן רעליגיעזן באַנעם זייערן. די גריכישע קאָסמאָגאָניע האָט אַלץ פאַרענטפערט, קלאָר, שיין און פּשוט. די מאַטערנישן פון דעם יידישן גייסט וואָס האָט צוהילף גענומען די מיסטיק, אין זיין אייביקער מיאונג אַריינצוקומען אין „פּרדס", צו דערבליקן דעם „אור־הגנוז", דאָס פאַרבאָרגענע ליכט פון דעם אוניווערס, צו אַנען דעם פּילפּאַכן סוד פון בריאה און השגחה, האָבן גאָר נישט באַאומרואיקט דעם העלענישן מוח. די גריכן האָבן באַוויזן די זעלטענע האַרמאָניע אין זייער רעליגיע און קונסט, דורך אויסשליסן אַלע אומגעווינטשטע פּרעמדקייטן, וואָס וואָלטן זיך אַריינגעריסן אין דער איינהייט פון זייער וועלט. יעדן אויסלענדער, וואָס זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, און נישט געוואָלט פאַרשטיין, האָבן זיי דערקלערט פאַר אַ „באַר־באַר". פּונקט אַזוי האָבן זיי, אין זייער זעלבסטצופרידנקייט און זעלבסט־גענוגנקייט, אויסגעשלאָסן ווי באַרבאַרישע ווילדקייטן אַלע פרעמדע, אַרויס־רופנדיקע אידייען, וואָס וואָלטן געשטערט די אָלימפּישע רו פון זייערע געטער און צעשאָקלט די פונדאַמענטן פון דעם אייגנאַרטיקן בנין, וואָס זיי האָבן אויפגעשטעלט.

די קלאַסישע העלענישע ליטעראַטור, און איר שטרעבן צו כולו־שיינקייט, צום קאָמפּלעטן מיניאַטור, צום אויסגעהאַמערטן „כפתור־ופרח", ווייס ניט פון קיין נאָוועלן, ראָמאַנען ווי מיר האָבן זיי היינט. עזאָפּ'ס פאַבלען און פּלאַטאָ'ס דיאַלאָגן זענען די נאָענסטע ענלעכקייטן אויף ראָמאַנטישער, דערציילערישער פּראָזע, אויף אַ באַאַרבעטן מעשה־שטאָף לויט אונזערע מאָ־דערנע פאַסאָנען. אַזאַ צעשוואומענע, געשטוקעוועטע און ניט־צעמענטירטע, ניט אויסגעגאָסענע שאַפונג ווי אַ ראָמאַן, וואָלטן זיי באַטראַכט פאַר אַן עסטעטישן דיסקאָרד, אַ קינסטלערישן „באַרבאַריזם". זייער זשעני האָט זיך אַנטפּלעקט אין פאָרעם־גלייכע, אויסגעטאָקטע מאָדעלן, אין באַגרענעצטע ראַמען. זיי האָבן זיך געצירט מיט זייערע אימפּאָזאַנטע מייסטערשטיק פון זייער ליריק, דראַמע, געשיכטע, אָראַטאָריע און פילאָזאָפישן דיאַלאָג.

* * *

אין די מיטלאַלטלעכע יאָרהונדערטער, ווען דאָס קריסטנטום, נאָך זיין

נצחון איבער דער געצנדינערישער וועלט, האָט עטאַבלירט זיין אייגענע העגעמאָניע, האָט אייראָפּע געשמאַכט אין אַ מדבר פון אומוויסן, קנעכטשאַפט און אַפּאַטיע. אונטער דעם גרויען אַש האָט געזשאַרעט אַ דומפּער פייער, אָבער קיין וואַרעמקייט און קיין ליכט האָט זיך נישט באַוויזן. די עשירות׳דיקע ירושה פון דער אַנטיקער גריכיש־רוימישער קולטור איז געווען פאַרבאָטן, פאַרגראָבן, פאַרגעסן.

די קלאַסישע היידן האָבן באַטאָנט דעם מענטשנס רעכט אויף צו לעבן און הנאה האָבן פונם לעבן — (על־כל־פנים איז דאָס געזאָגט געווען אויף דעם פרייען בירגער; די שקלאַפן זייערע זענען, פאַרשטייט זיך, ניט פאַר־רעכנט געוואָרן פאַר קיין מענטשן. אָבער נישט דאָס בין איך אויסן). שוין זייערע געטער אַליין, מיט זייער נאָכגעבן זיך אַלע מענטשלעך־זינלעכע תאוות און תענוגים, האָבן געוויזן דעם וועג צו אַ גענוסרייכער עולם־הזה.

דער מיטלאַלטערלעכער מענטש איז אַנטוואוינט געוואָרן פון געלעכטער, פון די פריידן פון לעבן. אַן אייזערנע דיסציפּלין פון פּראַצע, שרעק און לייד האָט פאַרטעמפּט זיין געהער און אויסגעטריקנט די זאַפטן אין זיין נשמה. דאָס קריסטנטום האָט אָוועקגעשטעלט געהאַרכזאַמקייט צו דער קירך און אַ לעבן פון פרומער נזירות, ווי דעם וויכטיקסטן באַדינג פאַר אַ חלק אויף יענער וועלט. דער פּסוק אין תהלים: „השמים שמים לד׳ והארץ נתן לבני אדם" — דער הימל איז אַ הימל פאַר גאָט, אָבער די ערד איז געגעבן געוואָרן צו די מענטשן־קינדער — האָט די קירך איבערגעטייטשט אויף איר אייגענעם שטייגער: די מענטשן קענען דערגרייכן דאָס קעניגרייך פון גאָט ווען זיי וועלן וואָס ווייניקער הנאה האָבן פון דער ערדישער וועלט. און בכדי צו ראַטעווען זיך פון אייביקן גיהנום, זענען זיי מחויב אויסצופּאָלגן אין אַלץ די געבאָטן פון די קירכן־פּאָטערס. דאַנטע, דער באַרופענער פאַקל־טרעגער פון מיטל־אַלטער, שפּיגלט אָפּ דעם גייסט פון דער צייט, אין זיין „געטלעכער קאָמעדיע". ער שילדערט וואָס ס׳ווערט געטאָן אויף יענער וועלט צו די וואָס האָבן זיך צופיל געמישט אין ערדישע עסקים, און זיך געיאָגט ביים לעבן נאָך גרויסע חלקים עולם־הזה.

די קירך האָט דעם מענטשן נישט באַוויליקט קיין שום פרייהייטן — ווייניקער פון אַלץ די פרייהייט צו דערוועבן וויסן. אַפּילו אַריסטאָטלען אַליין, דער פאַרצייטיקער קוואַל פונם גאַנצן היינטיקן וויסן, האָט דאַנטע באַהאַנדלט ווי אַן אומגלויביקן. „ער (אַריסטאָטל — מ. וו.) איז געווען אַ הייד, נישט בשלום מיט דער קירך, און דערפאַר האָט מען אים געמוזט אונטערוואַרפן דער ,געטלעכער אָרדנונג׳. דאָס ריזיק גרויסע גוטס, וואָס ער האָט געטאָן

פאַר דער מענטשהייט איז ניט גענוג געווען ווי אַ זכות אים צו דערהויבן צו דעם ,פּאַראַדיז פון די הייליקע', און דאַנטע האָט אים — הגם, אפשר ניט מיטן גאַנצן האַרצן — אַריינגעשטעלט אין ערשטן קרייז פון דעם געטלעך־באַשטימטן גיהנום" — (לאורי מאַגנוס: „אַ געשיכטע פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור").

* * *

אין יענער צייט איז די באַזיגטע רוימישע אימפּעריע צעפּיצלט געוואָרן אויף קליינע פירשטנטימער און מאַכט־ראַיאָנען פון די פעאָדאַלע באַראָנען. די קריגערישע, ריטערלעכע הויפּטלינגען האָבן אין די פרידלעכע צווישן־צייטן נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. אַ בלייערנער, פאַרכמורעטער הימל האָט געהאָנגען איבער די קעפּ פון מענטשן. דער קלויסטער, מיט זיין געטורעמטן צלם־שפּיץ, האָט פאַרשטעלט די זון, און דער סמוטנער, שרעק־שפּרייטנדיקער, באַראָנאַלער פעסטונג־שלאָס, איז געשטאַנען אין צענטער פונם פאָלקס־לעבן. די באַפעלקערונג האָט געהאָרעוועט עבודת־פּרך, געצאָלט בלוטיקע צינזן דעם לאַנד־הער, צו וועמענס קאַפּריזנעם ווילקיר זיי זענען תמיד געווען אויסגעזעצט.

דאָס לעבן איז געווען אַ שווערע לאַסט אפילו פאַר די פּריווילעגירטע ליידיק־גייער, און די לאַנגוויל, די בענקשאַפט נאָך זון און גליק, האָט ווי אַ זשאַווער געפרעסן די געמיטער. דעמאָלט איז די טעמע פון ליבע — אַ טעמע וואָס האָט זיך קנאַפּ־וואָס אָנגעזען ביי די קלאַסישע גריכן און רוימער — דערהויבן געוואָרן צו ערשטראַנגיקן יחוס.

די ריטערלעכע זעלנער־יונגען אַרום דעם פירשטלעכן העגעמאָן — ווען די אָרטיקע און גרויס־פאַרנעמיקע שטרייטערייען האָבן זיך פאַר אַ וויילע אָפּגעשטעלט — האָבן זיי זיך אַרויסגעלאָזט אויף די ווייטע וועגן זוכן אַוואַנטורעס און צעשטרייאונג. די שיינע, בלאָנדע, אַדעליקע בתולה איז געוואָרן דער ראָמאַנטישער סימבאָל פון דעם פאַרנודיעטן ריטערטום. דער פרויען־קולט האָט באַזעסן די מוחות פון דעם פעאָדאַלן אויבערשיכט. צו ראַטעווען די שמאַכטנדיקע שיינהייט, וועמען אַ בייזער דוכוס האַלט געפאַנגען אין זיין באַוואָפנטן שלאָס, באַוואַכט פון אויסגעטראַכטע דראַקאָנען, וואָס פייער־צונגען זעצן פון זייערע נאָזלעכער, איז געווען דער סימבאָלישער ציל פון יענע ריטערלעכע עקספּעדיציעס. די באַוואוינער פון די גראַפישע שלעסער האָבן זיך ניט געקאָנט זאַט אָנהערן מיט די דערציילטע און באַשריבענע מעשיות פון ליבע, געפעכט און העלדישקייט. דער מאָטיוו פון דער אומ־

גליקלעכער בת־מלכה, וואָס לײַדט זיך נעבעך אָן אַ ים מיט צרות ביז דער העלדישער בן־מלך, בײַקומענדיק אַלע מכשולים און סכנות, באַפרײַט זי און לעבט מיט איר גליקלעך אויף לאַנגע יאָר, האָט פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין די „ראָמאַנטישע" נאָוועלן ביז אָנפאַנג פון אונזער יאָרהונדערט. דער דאָזיקער מאָטיוו איז אָט דעם מין ראָמאַנען שטאַמט אָפּ פון יענעם ריטערלעכן קולט, און פון די ראָמאַנצן וואָס האָבן אַמוזירט און פאַרווײַלט דאָס שווער־באַפּאַנצערטע און קריג־גרייטע ריטערטום אינם האַלב־טונקל פון די מיטל־אַלטערלעכע שקיעה־צײַטן.

וואַנדערנדיקע זינגער־שפּילער — די טרובאַדורן, מינעזינגער אין דײַטשלאַנד, די טרואוואַרן אין פראַנקרײַך — פלעגן אומוואַנדערן פון שלאָס צו שלאָס און אויסזינגען, מיט גיטאַרע באַגלייט, זייערע ראָמאַנסן־לידער פון העראָאישער און טראַגישער ליבע פאַר דעם הויף־באַראָן און זײַנע לײַט. דערהויפּט האָבן זיך מיט דעם געלאָבט די פּריצישע דאַמען־צוהערערינס.

„די שווײַגנדיקע יאָרהונדערטער פונם מיטלאַלטער" האָבן באַקומען דאָס ערשטע לירישע לשון דורך אָט די זינגנדיקע וואַנדעראָוויניקעס. די זינ־גער, ווי די הויף־נאַרן, האָט מען דעמאָלט דערלויבט אויסנאַמלעכע רעכטן ווי פון אַ באַזונדער־פּריווילעגירטן קלאַס. מ׳פלעגט גוטמוטיק פאַרקוקן זייער פאַרשטעלטע סאַטירע, זייער געוואַגטע לצנות און קאַפּוליער אַנצוהערענישין די אַדעליקע באַדריקער. אין די טרובאַדורישע „שאַנסאָנען", מיט אומצייליקע קופּלעטן, מערקן זיך אָן פונקען פון דער אַראַבישער פּאָעזיע, און פון דער שפּאַנישער דיכטונג, וואָס האָבן אַריבערגעשוועבט קיין פּראָוואַנס און פון דאָרט זיך פאַרשפּרייט איבער אייראָפּע. די דאָזיקע רויע, נאַאיווע, יונגע פאָלקס־פּאָעזיע איז ווײַט געווען פון טעכנישער אָדער ליטעראַרישער רײַפ־קייט. די לאַנגע מעלאָ־דעקלאַמאַציעס וועגן באַשווערטער ליבע, וועגן פאַר־צײַטיקע העלדן און זיגערישע מלכים, זייערע טריאומפאַלע לעבנס־געשיכטעס און טיטאַנישע קעמפערייען, האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גרויסן, ראָמאַנ־טישן אויפבלי אין די וויקל־יאָרן פון די אייראָפּעאישע ליטעראַטורן.

אַרום דעם צענטן יאָרהונדערט האָבן זיך אָנגעהויבן באַווײַזן, און שנעל איבערגעגאַנגען אין אַ געדיכט געוועבטעניש — פּראָזע־שאַפונגען. דאָס זענען געווען צעשוואומענע, צעשויבערטע ראָמאַנען, דערציילערישע פאַרזעעניש אָן ריקזיכט אויף וואַרשײַנלעכקייט, קינסטלערישן אמת אָדער וואָסער־ס׳איז גע־טרײַשאַפט צום לעבעדיקן לעבן. די דאָזיקע ראָמאַנען האָבן זיך געשטיצט אויפן לעבן פון די קריסטלעכע הייליקע, דערציילנדיק מיט הפקר׳דיקער גוזמא און ניט געזשאַלעוועטער פאַרב, וועגן זייערע איבער־מענטשלעכע

נסיונות, זייער אומגלויבלעכן אויסדויער, זייער סטראַשנע גאָטספאָרכטיקייט און צדקות אָן אַ ברעג. אַנדערע וואַריאַנטן זענען געווען נאָכשרייבעכצן נאָך אַלט־קלאַסישע, איבערהויפט רוימישע ווערק, וואָס זייער אָנדענק האָט נאָך געטליעט אין זכרון פון די מיטלאַלטערלעכע סכאָלאַסטיקער און שרייבער. די דאָזיקע מעשיות זענען טאַקע נישט געווען קיין גע׳סדר׳טע, מיט פרומער קינסטלערישער כוונה געמייסטערטע ווערק — אָבער די פרייגעלאָזטע פאַנטאַזיע האָט זיך דאָרטן געלאָזן וואוילגיין; די צעפּלאָשעטע צונג האָט זיך נישט געקאָנט אָפּשטעלן אין איר געלאָף. די ראָמאַנטישע בלום האָט זיך צעוואָקסן ווי אַן עקזאָטישע פלאַנץ אויף אַ טראָפּישן צויבער־אינזל.

דאָס קריסטנטום האָט געהאַט איינגעשלונגען אָבער נישט רעכט פאַרדייעט די היידנישע געטער פון די אייראָפּעאישע פעלקערשאַפטן. דער קאָלעקטיווער געדאַנק פון דעם המון האָט נאָך שווערלעך באַנומען די נייע גרענעצן פון דער קריסטלעכער, גייסטיקער געאָגראַפיע. דאָס פרייע דענקען איז סאַי־ווי געווען פאַרבונדן מיט סכנות־נפשות, האָט די שעפערישע ענערגיע פון יענע דורות פאַר זיך געפונען אַן אויסוועג, און די שטומע, פאַרקלעמטע נשמה — טרייסט, אָפּרו און זיסע פאַרשלעפערונג אין דער צעפליגלטער ראָמאַנטיק, וואָס האָט באַצייכנט דעם געבורט פון דער יונגער אייראָפּעאישער ליטעראַטור.

דער פּרימיטיווער פּראָזע־ראָמאַן פון יענער צייט — אַ פאַרברייטערונג פון דעם לירישן ראָמאַנס און דער באַלאַדע — האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ נעבעכדיקע ירידה פון די הימל־הייכן וואָס די ליטעראַטור האָט, אין פריערדיקע תקופות, געהאַט דערגרייכט. די „קריסטלעכע ציוויליזאַציע״ האָט משמעות נישט צוגעשטעלט דעם שעפערישן מענטשלעכן גייסט קיין קלאָרן לעבנס־באַנעם, קיין איינהייטלעכן וועלט־געדאַנק און אויסבליק, ווי דער מאָנאָטעאיזם ביי יידן, אין די תנ״כ׳ישע צייטן האָט עס געטאָן און ווי די היידנישע קולטור, וואָס דאָס קריסטנטום האָט פאַרביטן. אויסגעליידיקט פון אידייאישן תוכן, און אָפּגעשראָקן פון דער קירך און די מאַכט־רעגירער אָנצורירן אַ רעאַלן פּראָבלעם, האָט יענע ראָמאַנטיק עוקר געווען פונם לעבן און זיך געשטעלט דעם ציל צו דינען ווי אַ האַשיש פון באַרוישונג פאַרן פּריצישן קלאַס, און אפילו פאַר די בעזגראַמאָטנע פאָלקס־שיכטן, וואָס האָבן די מעשיות צווישן זיך איבערדערציילט בעל־פּה. דאָך, מיט זיין גאַנצער עקסטראַוואַגאַנציע און אומקינסטלערישער פאַרשייטקייט, האָט דער מיטל־אַלטלעכער ראָמאַנטיזם זיך צעפלאַקערט ווי אַ וואַלד־שרפה, און זיין אָפּדרוק אויף דער ליטעראַטור איז נאָך אָנצוזען ביז אין אונזערע טעג.

ס׳לייגט זיך אויפן שכל אַז דער נעגאַטיווער נאָך־טעם וואָס פאָלגט

נאָך דעם ראָמאַנטיזם ביז היינט, באַציט זיך פון יענע, פריע אָנהויב יאָרן, פון יענעם „פאַרכאַפּנדיקן" גאַטונג ליטעראַטור וואָס האָט פאַרוויגט די ראָ־מאַנטיק אין אַ שם־רע פון איבערטריבנקייט און ליטעראַרישן הפקר; דאָס סאַמע וואָרט ראָמאַנטיזם קייטלט זיך גלייך אין די מוחות פון מענטשן מיט שונד, „בבא־מעשה" און נישט געשטויגענער האָצע־פּלאָץ — חסרונות וואָס האָבן טאַקע אויף אַן אמתן כאַראַקטעריזירט דעם ראָמאַן אין די ערשטע צייטן פון זיין אויפקום.

אויף דער פּאָזיטיווער זייט פון יענעם ראָמאַנטישן פּעריאָד דאַרף פאַר־צייכנט ווערן, אַז די טעמפּע, סטאַגנירטע מענטשן־מאַסע פון דער מיטלאַל־טערלעכער אייראָפּע, איז דערצויגן געוואָרן צום לייענען, הערן און הנאה האָבן פון אַ ליטעראַריש־דערציילטער מעשה; אַז די פאַר׳חושכ׳טע וועלט פון דעמאָלט האָט באַצויגן טרייסט, האָפנונג און אויסלאַדונג דורך יענער ליטעראַטור; די שפּראַך־אינסטרומענטן, די יונגע לשונות־צווייגן פונם אַלטן לאַטייניש בוים האָבן זיך אויסגעשליפן, און דער שטיינערנער באָדן איז אויפגעאַקערט געוואָרן פאַר אַנדערע ליטעראַרישע בליאונגען. אויך אונזער יידישע ליטעראַטור ציט איר אָנהויב געשיכטע פון יענער צייט. אַזעלכע באַאַרבעטונגען און נאָכשריפטן נאָך יענע מוסטערן, און לויט יענעם נוסח, ווי דאָס „בבא־בוך", „שמואל־בוך", „קיניג אַרטורס הויף" און אַנדערע וואָס האָבן זיך אָפּגעהיט ביז אויף היינט, פאַרבינדן אונזער יידישע ליטעראַטור מיט דער מיטאַלטערלעכער ראָמאַנטיק.

* * *

אַרום סוף פערצנטן יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבן די פיל־באַשריבענע רענעסאַנס־צייט אין אייראָפּע — די צייט פון מרידה קעגן דעם אַבסאָלוטיזם פון דער קאַטוילישער קירך, די צייט פון גייסטיקער דערוואַכונג און קולטורעלן ווידערגעבורט.

די היינטיקע אייראָפּעאישע ליטעראַטור באַציט איר יניקה פון די דריי גרויסע קולטור־ירושות פון אַלטערטום: די אידישע, די גריכישע און די רוימישע. אַלע דריי זענען געווען, ווי פריער באַמערקט, פאַרגעסן, פאַרגראָבן און פאַרוואָרפן. די הומאַניסטן, די „קולטוריסטן" און רעפאָרמאַטאָרס פון דער רענעסאַנס צייט, איז פאַרגעשטאַנען די ריזן־עובדה אויפצובויען אַ נייע וועלט אויף די יסודות פון די אַלטערטימלעכע קולטור־רעשטן וואָס זיי האָבן באַדאַרפט אַ פריער געפינען, נאָכדעם איבערזעצן און פאַרטייטשן.

בכדי אומצוקערן די ערד צו די מענטשן־קינדער, צו באַפעסטיקן דאָס רעכט פון די בני־אדם אויף צו לעבן, לאַכן, לייענען און וויסן, האָבן ים־פאָרער זיך אַרויסגעלאָזט אויף ריזיקאַלישע נסיעות איבער מורא׳דיקע, נישט־אויסגעמאָסטענע ימ׳ען, אין „עק־וועלט" אַריין, צו געפינען נייעם, און נישט באַהערשטן שטח, אָנצוהויבן די וועלט אויפס־ניי. מיט נישט ווייניקער מי און סכנה האָבן די בוך־פאָרשער געהאָרעוועט אויפצושטעלן די קלאַסישע ליטעראַטור פון דער אונטערגעגאַנגענער אַטען און די חרוב־געוואָרענע רוים. די ביבל, די שיף און אַ שווער־דערוואָרבענע גריכישע גראַמאַטיק, זענען געווען די וואונדער־געצייגן וואָס די רענעסאַנס־פּיאָנערן האָבן מיט זיי אויפגעבויט זייער נייע וועלט.

ס׳איז אויסער די גרענעצן פון מיין פאָרגענומענעם ציל איבערצוגעבן, אפילו אין אַ קיצור, די חבלי־לידה, דעם שאַפונג־פיבער, דעם פּיין און די פרייד פון די הומאַניסטישע בויער פון די ניי־געבאָרענע אינסטיטוציעס און ווערק פון יענער צייט — אַ צייט, וואָס פון איר נעמט זיך אַלעס וויכטיקע און ווערטפולע אין דער מאָדערנער קולטור.

ווען די גריכיש־לאַטייניש קלאַסישע ווערק זענען דורך די הענט פון די געטרייע מיער, די זוכערס, אָפּשטויבערס, קאַליגראַפן, איבערזעצערס און קאָמענטירערס, צוריקגעשטעלט געוואָרן; ווען האָמער, פּלאַטאָ, אַריסטאָטל, אַריסטאָפאַן, אייראָפּעדעס, ווירגיל, אָוויד און אַנדערע אַנטיקע גדולים, זענען אויפגעשטאַנען ליטעראַרישן תחית־המתים, האָט זייער אומגעהויערע השפּעה באַשטימט פאַר עטלעכע הונדערט יאָר דעם קורס און כאַראַקטער פון דער נאָכקומענדיקער ליטעראַטור. די דאָזיקע קלאַסיקער האָט זיך בשעתם אין זייער לעבנס־צייט און אָרט, זיכער נישט גע׳חלום׳ט אַז ס׳וועט זיי באַשערט זיין, מיט טויזנט יאָר שפּעטער, צו ווערן פאַרהערלעכטע פיגורן און איבער־דערציער פון דורות; אַז זייערע ווערק וועלן דינען ווי אידעאַל־מוסטערן פאַר אַ ניי־געבאָרענער ליטעראַטור, געשאַפן לויט זייער גייסט און אין זייער נוסח.

ס׳איז אויפגעקומען אַ נייע צייט פאַר דער ליטעראַטור — די צייט פון דעם קלאַסיציזם. די שרייבערס האָבן איצטער געהאַלטן פאַרן אויג די קלאַ־סישע פּערפעקציע פון אַ נעטער, רעזערווירטער, עמאָציע־באַשרענקטער אָבער פאָרעם־אָפּגעהיטענע ליטעראַטור.

געשטיצט און געגערט פון דער ראַציאָנאַלער השקפה, וואָס האָט גורם געווען צו נאַטור־פאָרשונג און וויסנשאַפטלעכן פאַרמעסט צו פאַרגרינגערן און פאַרשענערן דאָס מענטשלעכע לעבן, האָט דער רענעסאַנס אויפגעלויכטן מיט חכמים, סופרים ונבונים. אויך דער קלאַסיציזם, אַ פּראָדוקט פון יענער תקופה,

האָט במשך עטלעכע דורות אויסגעכאָוועט גרויס־פּאַרנעמיקע דיכטער, דראַ־מאַטורגען און נאָוועליסטן, וואָס זענען אַליין געוואָרן ניי־צייטיקע קלאַסיקער אין דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור.

* * *

אין זיבעצטן יאָרהונדערט האָט זיך די פּאָליטישע אייראָפּע געהאַט באַפעסטיקט. די מאָנאַרכן זענען געזעסן פעסט אין זאָטל. לואי דער פערצנטער, קעניג פון פראַנקרייך, אַרומגערינגלט אין זיין פּאַלאַץ פון זיינע הויף־דאַמען און קאַוואַליערן, האָט געשטעלט דעם טאָן פאַר קאָרעקטער מאַנירלעכקייט אין דער עטיקעטע פונם בירגערלעכן־לעבן. די עלעגאַנטע, פּאָלירטע העפלעכקייט פון פראַזע און אויפפיר אין געזעלשאַפטלעכן אומגאַנג, האָט זיך אימיטירט אין דער מאָדע און מאַניער פון דער ליטעראַרישקייט.

די עקזאַקטע וויסנשאַפטן, בעיקר די מאַטעמאַטיק, האָבן באַטאָנט דעם פּרינציפּ פון סדר, געזעץ און צוועקמעסיקייט אין דער נאַטור. מיטן געאָמעט־רישן מעטאָד האָט מען געמאָסטן די הימל־וועגן און אויסגעלייגט די קאָרידאָרן פון דער פילאָזאָפיע און עטיק. דער לעבעדיקער, אירנדיקער מענטש, דער גלויביקער־צווייפלער, מיט זיין אינטואיטיוון געפיל־לעבן, זיין שרעק פאַרן איבערנאַטירלעכן, זיין הענט־שטרעקן צום הימל, זיין אייביקע וויגעניש צווישן די „סילא און כאַריבדיס" פון זינד און תשובה — אָט דאָס אַלץ איז פאַרזען און בטל געוואָרן אין אַ טויטער סתם־אַבסטראַקציע: „דער מענטש". פּינקט־לעכקייט, אויסגעהאַלטענער טאָן און אידייע, גראַדע ליניען און דורכאויס לאָגישער פּראָצעס — דאָס איז געווען דער ריכט־שנור, די שאַצמאָס פון דעם ראַציאָנאַל־קלאַסישן געדאַנק. די ליטעראַטור האָט מיטגעהאַלטן מיט אָט דעם דרך און מקיים געווען אַלע אָנגענומענע רעגלען. זי איז געוואָרן דער היכל פון דעם קלאַסיציסטישן קולט. אירע הויפּט־סימנים זענען געווען דאָס מקפיד זיין אויף דעם הערלעכן, גרויסאַרטיקן סטיל, די געמאָסטענע אַרכיטעקטאָניק פון פאָרם, און אַ פּריציש העכער־האַלטן זיך איבער דער „געמיינערער", אומזויבערער, לינקער זייט פון לעבן. דער מענטש פון אַ גאַנץ יאָר — להיפּוך דעם אָנגעסטראַיעטן אַריסטאָקראַט וואָס דעקלאַמירט ריטמישע, אויפגעבלאָזענע מאָנאָלאָגן אין די נעאָ־קלאַסישע, טעאַטראַלישע טראַגעדיעס — דער מענטשלעכער מענטש, פאַרשטריקט אין אַ גורל־נעץ, אין געפילן־פּלאָנטער אין שייכות צו זיך און זיין מיט־מענטשן, זיין אייביקן פּאַק מיט צרות און פאַרגענגלעכע פרייד, זיין מרידה־גייסט און פאַראויסיקן

שטרעבן צו אַנדערע און העכערע מדרגות — אָט דעם אַלעמאָליקן מענטשן האָבן די קלאַסיציסטן אויסגעשלאָסן פונם רשות־היחיד פון זייער נגידישן, ליטעראַרישן תחום.

די קלאַסיציסטן האָבן נאַטירלעך נישט פאַרלייקנט דאָס געפילס־לעבן. זיי האָבן אויפגענומען דעם מענטשן ווי אַ מין מיטאָלאָגישן „צענטאור" — אַ באַשעפעניש וואָס איז האַלב מענטש, האַלב פערד. דער חלק מענטש איז די „פאַרנונפט", דער שכל וואָס האַלט די לייצעס, גיט דירעקטיוון, קאָנטראָלירט און צענזורירט דעם חיה'שן אונטערטייל. אויב דער „אונטערשטער" האַלט זיך נישט אין דער מעלה, ווערט דער פאַראַנטוואָרטלעכער, אַלמעכטיקער שכל פון אויבן, זיך אַ נעם געבן און צוריקשטעלן די האַרמאָניע. דער ראָמאַנטיקער פאַסקאַל, וואָס האָט מבשר געווען די אָנקומענדיקע ראָמאַנטישע מרידה, האָט דעם סוביעקטיוון מענטשן שוין טיפער פאַרשטאַנען, ווי ס'זאָגט דערויף עדות זיין טרעפלעך וואָרט; „דאָס האַרץ האָט זיין אייגענעם שכל וואָס דער שכל פאַרשטייט ניט" . . .

די שרייבער פון קלאַסיציזם האָבן יאָ דערלויבט טייל געפילן ביי זייערע פאַרשוינען — די מילדע, אָנשטענדיקע, סטאַטעטשנע, ווי: פאַרגעניגן, איבערראַשונג, געלעכטער, אַמוזירונג. אויפטרייסלונג פון נשמה־בראָך, היסטערישער אויסגעשריי, אָפענער ניט־פאַרטעמפּטער געוויין, זשעסט פון פאַרצווייפלונג, ליידנשאַפטלעכן אויפפלאַקער, אויסברוך פון בליציקן טעמפּעראַמענט — אַזעלכע „גרעבערע" אויפדעקונגען פון דער מענטשלעכער אינערלעכקייט, וואָלטן שאָקירט דעם הויף־אַדל אין קעניגלעכן סאַלאָן. און ממילא וואָלטן זיי וואולגאַריזירט די געאיידעלטע עסטעטיק פון דער קלאַסיש־ריינער ליטעראַטור.

די זינד פון דעם קלאַסיציזם — זיין פאַרלעצן זיין אייגענע פאָרמולע, זיין זעלבסטצופרידנקייט און פאַרשטעלן די אויגן צו דער מענטשלעכער נאַטור, צו דער וועלט אַרום און אַריבער זיינע פאַרגרויזעטע גרענעצן, האָט אים דערפירט צו דעקאַדענץ און צו דעם „ראָמאַנטישן רעוואָלט", אין לעצטן פערטל פון אַכצנטן און אָנהויב נייַנצנטן יאָרהונדערט. טיילווייזיקע, אָדער אויסגעהאַלטענע קלאַסיציסטן, וועמענס אָרט אינם פּאַנטעאָן פון די אומשטערבלעכע איז פאַרזיכערט, זענען ראַסין, בואַלאָ, קאָרנעי, סוויפט, פּאָופּ, לאַפאָנטען, מאָליער.

* * *

די אויפגעקומענע בונטאַרישע ראָמאַנטיקער פון דער נייער ליטעראַ־

רישער איבערקערעניש האָבן צעבראָכן אַלע צאַמען, פֿאַרבראַקירט אַלע געקינצלטע אָנשטעלן און צירלעכע פּאָזן פֿון די קלאַסישע שרייבערס. די נייע שרייבערס האָבן אויסגעשפּילט די גאַנצע גאַמאַ פֿון דער מענטשלעכער נאַטור און איר פּסיכישע דינאַמיק. די ליטעראַרישע פּראָזע איז פֿאַרפֿיינערט און אויסגעשליפֿן געוואָרן און אַלץ מער פֿאַרביטן די פֿאַרמעלע פּאָעזיע. די ראָמאַנטישע התלהבות האָט זיך מאַניפֿעסטירט אויף אַלע מענטשלעכע געביטן. גלייבן אין דעם מענטשן, אין זיין צוקונפֿט, אין זיין רעכט צו רעווידירן אַלטע דאָגמעס, און צו שפּרייזן האָפֿערדיק איבער דער גאָרער ערד וואָס איז למטה, און איבער אַלע מעטאַפֿיזישע שטעגן וואָס למעלה, איז געוואָרן דער אני מאמין פֿון די ראָמאַנטישע אויפֿשטייגער. די פּעולה פֿאַר דער ליטעראַטור פֿון דער ראָמאַנטישער מרידה, די קינסטלערישע פּירות און רייכע, שאַרמאַנטע בליאונגען, וואָס זי האָט געבערט, זענען איבער יעדער אָפּשאַצונג. די ראָמאַנטישע דיכטער און פּראָזע־מייסטער פֿון ערשטן ראַנג, אין דער קלענסטער רשימה, ווי ראָסקין, קאַרלייל, וויקטאָר הוגאָ, היינע, לעאָפּאַרדי, בייראָן, שעלי, געטע, שילער, פּושקין, גאָטיע, שאַטאָבריאַן, סען־בעוו, אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד, רוסלאַנד, פֿראַנקרייך און אַנדערע אייראָפּעאישע ליטעראַטורן — באַקרוינען דעם נייעם ראָמאַנטישן אויפֿשטייג.

ניט געקוקט אויף דעם נצחון פֿון דער ראָמאַנטיק אין דער ליטעראַטור פֿון דער נייער צייט און די געוואַלטיקע השפּעה אירע אויף די לייענער־דורות, איז דער עצם ענין „ראָמאַנטיק" נאָך אַלץ איינגעהילט אין אַ נעפּל פֿון פֿאַרטושטן זין און פֿילמינימדיקן אָנווענד.

ווייל אין די מיטאַלטערלעכע ראָמאַנטישע טרובאַדורן־לידער האָט זיך געזונגען וועגן ליבע און אַוואַנטורע, איז שוין אויף תמיד פֿאַרבליבן דאָס וואָרט־באַהעפֿט פֿון ראָמאַנטיק מיט פֿאַרליבעניש און „שטאַרקע" עפּיזאָדן.

און אַזוי ווי דער סצענישער הינטערגרונט פֿון יענע באַלאַדן און ראָמאַנסן איז אויך נישט געווען קיין וואָכעדיקער, נאָר דווקא אַ „כישוף׳דיקער טאָל", אָדער אַ פֿאַרביקער בלומענגאָרטן, האָט זיך איינגעפֿעסטיקט דער שם־התואר „ראָמאַנטיש" פֿאַר יעדן פּרעכטיקן נאַטור־ווינקל, ווי אַ קאָנטראַסט צו דער דערווידערדיקער, אַלטעגלעכער דאָאיקייט. נאָך עפּעס — אַזוי ווי די פּאַסירונגען אין די אַמאָליקע ראָמאַנען זענען געווען זעלטנאַרטיקע, ווייט־לויפֿיקע, רחוק־מן־האמת׳דיקע אויסטראָכטענישן, איז צוגעשטאַנען נאָך אַ ניואַנס צו די שמות־נרדפֿים פֿאַרן וואָרט ראָמאַנטיק: וואונדערהאַפֿטיק געשעענעש. אין סך הכל, שוועבן אַרום דעם וואָרט „ראָמאַנטיש" די סוגעסטיעס: ליבעס שפּיל, „ראָמאַנסירן", פּלאַי־פּלאַים׳דיקע פֿאַרלויפֿענישן, סצענישע

נאַטור־שיינקייט, ווילדער פּלאָנטער פון אומוואַרשיינלעכע מענטשן־שייכות׳ן, לונאַטישער זשעסט און ווירוואַר פון ברויזיקן געפיל־אויסברוך.

ווייל ס׳רוב מענטשן, אַריינגערעכנט די אינטעליגענץ, טראַכטן און רעדן נישט מיט אַן אייגענעם שכל, און איינגעשטעלטע קלישעען זענען אַ מכת־מדינה אין לשון און שריפט, איז אפשר דאָס וואָרט ראָמאַנטיק אויף אייביק פאַר׳משפט צו טראָגן אָט די אַלע הויקערס אויף זיינע צאַרטע פּלייצעס.

אַ רגע פון קריטיש איבערטראַכטן וואָלט קלאָר־געשטעלט אַז די אויס־גערעכנטע נעבן־מיינען אַרום דער ראָמאַנטיק, וואָס וואַרפן אויף איר אַ נעגאַטיוון שיין, זענען ניט קיין צוניפגעוויקלטע עלעמענטן אין איין גאַנצן קנויל. דראַמאַטישער עפּיזאָד, אפילו מיט אומגעוויינלעכן איבערלעב און סכנה, אין אַ ראָמאַן, איז פאַר זיך אַליין נישט קיין ראיה אויף קינסטלערישן שקר און דרויסנדיקייט פון לעבן; אַ פאַרביקער סטיל איז לאַוו־דווקא פּאָזע און געמאַכטע אָרנאַמענטיק. צו כאַראַקטעריזירן וואָלטער סקאָט, קאָלערידזש, דזשאָרדזש סאַנד, דיומאַ ווי ראָמאַנטיקער, מיינט בכל־אופן נישט, אַז די דאָזיקע ליטעראַרישע חשובים ווערן געשטעלט אונטער חשד פון קינסטלע־רישער פעלשונג. מיט דעם אַליין וואָס דער „ראָמאַנס״ ווערט אויסגעשפּילט אויף אַן עקזאָטישן אינזל, ווערט די דערציילונג דערפון נישט פּסול — און ווען די מעשה קומט פאָר אין אַ „רעאַליסטיש״ הינטער־געסל, און אַז די פּאַרשוינען זענען שמאַטע־קלייבער, איז מען דען שוין מיט דעם אַליין באַוואָרנט קעגן שונד און פאַרזיכערט מיט קינסטלערישן אמת? איך וויל צופירן צום סוף־דבר: אַז אוודאי געשיקט זיך אַ ליטעראַרישע ראָמאַנטיק אָפּגעשיידט פון די ירושה׳דיקע חסרונות פון אַ היסטאָרישן הפקר, פּונקט ווי ס׳געשיקט זיך אַ פאַרדאַרבענער קלאַסיציזם און אַ שונדישער רעאַליזם. דער עפּישער ראָמאַנטיקער, אָנגעווענדעט אויף איינעם, גיט דאָס מינדעסטע ניט צו וויסן צי דער בעל־דבר איז אַ „העלד״, אַ ליבהאָבער, אַ פּרינץ פון אַ צויבער־מעשה, אַ מקובל, אַן אַנטדעקער, אַ בעל־גוזמא אָדער אַן אמת־זאָגער.

דער וויטערגאַנג פון דעם ראָמאַנטיזם אין סוף ניינצנטן און אָנהויב איצטיקן יאָרהונדערט, זיינע זייטן־וועגן און קרומע ליניען וואָס האָבן באַ־וואויגן אונזער דר. נאָרדאַו — אין זיין בוך „ענטאַרטונג״ — צו פאַר׳משפּט׳ן די גאַנצע קולטור פון יענער תקופה, צוזאַמען מיט אירע גרעסטע פאָרשטייער, ווי אַ „געריר־טע״, פּסיכאָפּאַטישע דערשיינונג — איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך אַליין. אויך די נעאָ־ראָמאַנטישע נייע שולעס און זשאַנרן, ווי דער רעאַליזם, נעאָ רעאַליזם, א.ד.גל., דער דעטעקטיוו ראָמאַן, די קורצע ראָמאַנטישע דער־

ציילונג, וואָס דער אַמעריקאַנער דיכטער פּאָו האָט צום ערשטן אַריינגעפירט, געהערן אַ מער אַרומנעמענדיקע ליטעראַטור־שטודיע ווי עס איז אָט דער איצטיקער באַשיידענער פּרוּוו מיינער.

* * *

ס'איז כדאי צו פאַרמיידן אין פאָראויס אַ פאַלשן איינדרוק, וואָס קאָן זיך שאַפן ביים לייענער, פון אָט דעם גאַנצן פּילפּול אַרום די הויפּט שטרע־מונגען פון ליטעראַטור, דהיינו, אַז אַ פעסטע מחיצה שיידט זיי פאַנאַנדער, מיט גרינטלעכע צווישנשיידן, וואָס דערלאָזט קיינמאָל נישט קיין שלום־בית ביי זיי. טייל קריטיקער זענען שטאַרק מסופק צו מ'קאָן בכלל אָפּצייכענען שאַרפע גרענעצן אין ליטעראַטור לויט נוסח און ריכטונג. דאָס איינטיילן שרייבער אין בחינות, וואָס זענען לגמרי אַנדערש און וואָס פאַרלייקענען זיך קעגנזייטיק, איז אַ סכעמאַטיש־טעאָרעטישער צוגאַנג מצד די ליטעראַטור־מפרשים. נאָך אַלע שטרייטערייען און וויכוחים צווישן די „בעלי הלכה" און די „בעלי אגדה" אין תלמוד, ביי די „ראשונים" און די „אחרונים", קומט ביאַליק צום אויספיר — אין זיין באַרימטער עסיי „הלכה און אגדה" — אַז ביידע שיטות זענען איין גאַנצקייט, אַז די איינע וואַקסט זיך אַריין אין דער צווייטער, און אַז זייער „מחלוקה" גופא איז מרבה תורה. דאָס אייגענע איז חל אויף חסידות און מתנגדות.

אויך די „חסידים" פון ליטעראַטור זענען אין תוך גאָר נישט אַזוי גרונט־אַנדערש פון זייערע „קעגנער" און פאַרקערט, ווי עס ווייזט זיך אויס. וואָלטער פּאַטער, דער גוט־באַקאַנטער קריטיקער־עסטעט, איז פון די וואָס האַלטן אַז די ראָמאַנטישקייט און קלאַסישקייט זענען אייגנטימלעך פאַר אַלע שרייבער אין יעדן צייט־אַלטער. די צוויי טענדענצן זענען געבוירן געוואָרן אין גן־עדן און דער „נחש" איז געווען דער ערשטער ראָמאַנטיקער. נאָך אַלע היום'ס, איז דער קלאַסיציזם־ראָמאַנטיזם נישט קיין קאָנפליקט צווישן צוויי היפּוכ'דיקע כוחות, צווישן צוויי פיינטלעכע מחנות, אין אָפּגערוקטע לאַגערן, וואָס שטייען „זה לעומת זה", גרייט אויף מעסער־שטעך. גיכער שטעלן זיי פאָר אייגנשאַפטן פונם מענטשלעכן גייסט וואָס אַנטפּלעקן זיך אין מענטשלעכע ווערק, אין אַלע צייטן און אין אַלע קולטורן.

ס'טרעפט אַז איין שרייבער שאַפט אין ביידע נוסחאות. ציענדיק דעם פאַרגלייך מיט דער אידיש־רבנישער וועלט — הלכה און אגדה האָבן געהויזט בשלום אין דעם ריזן־גייסט פון רבי עקיבא; דער מתנגד'ישער ווילנער

גאון שמ׳ט ניט נאָר פאַר זיין גרויסקייט אין „נגלה״, נאָר אויך פאַר זיין גדלות אין „נסתר״.

די גריכיש־רוימישע קלאַסישקייט איז נישט אויסגעהוילט פון ראָמאַנטיק, און מ׳קאָן אָנווייזן אויף קלאַסישע ביישפּילן אפילו אין דער מיטלאַלטערלעכער ראָמאַנטיק. „דער האָמערישער עפּאָס, די אָדיסייע גופא, איז דורכגענומען מיט ראָמאַנטישקייט: דער אַהיימקער פון דעם מידן וואַנדערער וואָס קומט צוריק, נאָך יאָרן פון לעגענדאַרישע איבערלעבענישן, צו זיין פרוי און שטוב, איז דאָך אַליין אַ הויפּט־ראָמאַנטישע טעמע. די האָר פון דעם העלדישן וואַנדערער זענען פייכט פון דער לאַנגער נסיעה. אויף מידע שיפן און ווייטע פאָרטן פון ערגיצלאַנד האָט זיין אויג גערוט. דער פּאַלאַץ פון אַלציִנוס אין ווּעמענס גאָרטן ס׳וואַקסן באַרן אויף באַרן און עפּל אויף עפּל, און וועלקן קיינמאָל נישט, און טרויבן־בונטן רייפן זיך אייביק אויפן ווינשטאָק, און פייגן אויף פייגן — דאָס זענען דאָך בילדער פון אַ צויבער־וועלט! און וואָס פאַראַ וואונדערגעשיכטעס און חידושים פון זיינע רייזעס אָדיסייאוס האָט צו דערציילן: די מעשה פון פּאָליפעמוס, דעם ריז מיט איין אויג אין מיטן פון זיין שטערן, וואָס האָט אויפגעפרעסן צוויי פון דעם בעל־סיפור׳ס חברים פאַר איין מאָלצייט. און די צויבערין צירצע, און דאָס ליד פון דער סירענע, און די נשמה־פאַרצערנדיקע לאָטוס בלום, און דאָס טונקעלע הויז גופא פון דער העלישער נידערוועלט — דאָס איז דאָך דער סאַמע שטאָף און עסענץ פון דער ראָמאַנטיק. און האָמער איז ניט דער איינציקער. ווירגיל און אָוויד זענען אין מיטאַלטער געווען דאָס זויער־טייג פון דעם ראָמאַנטיזם. פון זיי האָבן עס די ראָמאַנצירער פון יענער צייט איבערגענומען זייער ליידנשאַפט און שוואונג. צו זיי זענען די דאַמען פון דער הויף־ראָמאַנטיק שולדיק געווען אַ חוב פון דאַנק און געטריישאַפט. און איז נישט לוציאַנס „אמת׳ע געשיכטע״ ראָמאַנטיש? און „דאַפניס און קלאָע״? און זענען דען נישט געווען קיין מכשפות אין טעסאַליע ווען אַפּולעאוס האָט געשריבן? (טשאַרלס ווּיבלי, פּאָרוואָרט: „עסייען אין ראָמאַנטישער ליטעראַטור״: דזשאָרדזש ווינדהעם).

די גרענעצן און קאַטעגאָריעס אין די אַנטפּלעקונגען פונם מענטשלעכן גייסט זענען „ספירות״ פון זיינע שעפערישע אייגנשאַפטן, עטאַפּן צום באַרג־שפּיץ פון דערקענטעניש, סימנים וואָס צייכענען די קרייז־וועגן פון דער נשמה. אין לעצטן סך־הכל, אין דעם „עולם האצילות״ פון דעם העכערן פאַרשטיין, פאַרשווינדן אַלע אויגנשיינלעכע מחיצות, און ס׳לויכט אַרויס די אידייע פון דעם גייסטיקן מאָניזם, די איינהייט פונם מענטשלעכן זשעני אין זיין פילפאָרמיקער התגלות.

ס׳איז נישט אַזוי דער „נוסח״, ווי די ערלעכע „כוונה״, דאָס ריינע האַרץ און די גרעסטע נשמה פון דעם „חזן״, וואָס באַשטימען די אָנגענומענקייט פון דער ליטעראַרישער „תפילה״ . . .

* * *

די יידישע ליטעראַטור אויף מאַמע־לשון איז מאָדעלירט נאָך ניט־יידישע מוסטערן. עס פעלט אין איר עצם די אָרגאַנישע תמימות און אייגנטימלעכע מראה, וואָס איז דער חותם פון אַנדערשדיקן כאַראַקטער פון אַ פאָלק, וואָס איז אידענטיפיצירט מיט זיין ליטעראַטור. מ׳שרייבט ביי אונז אין קלאַסישן, רעאַליסטישן, נאַאיוו־פאָלקסטימלעכן, איראָפעאיש־מאָדישן און אין אַנדערע שטייגער־סטילן. אונזער פאָעזיע בייט איר פנים צו אָפט, און איז אַלעמאָל באַווירקט פון דער פרעמד. ביז דעם נייציייטיקן חורבן וואָס די צווייטע וועלט־מלחמה האָט אויף אונז אָנגעיאָגט, איז זי געווען אָפגעקייטלט פונם יידישן געשיכטלעכן פאָלקסלעבן, אַזוי אַז מ׳קאָן אין איר נישט שפירן קיין נאָרמאַלן פולס־שלאַג ווי אין אַנדערע פאָלקס־ליטעראַטורן. דער רוסישער רעאַליזם מיט זיין טראָפּ־שטעלן אויף כאַראַקטער־טיפּאַזש און מיט זיין פאַרטיפן דעם פסיכאָלאָגישן מאָמענט האָט משפיע געווען צום קענטיקסטן אויף דער יידישער בעלעטריסטישער פּראָזע.

נישט געקוקט אויף איר אַלגעמיין רעאַליסטישן לבוש איז אונזער ליטעראַטור אין תוך אַ טיף ראָמאַנטישע. אָבער, אויף איר ראָמאַנטיק דאַרף מען זיך קאָנען פאַרשטיין! די יידישע ראָמאַנטיק איז נישט קיין אָפענע, דעקאָלטירטע און פאַרשייט־אָפּגעדעקטע. דער אָרעאָל פון אַ הייליקער ראָמאַנטיק וואָס שוועבט איבער דעם טראַגישן רעאַליזם פון דער יידישער געשיכטע — און וואָס דאָס לויטערע, אידישע אויג איז מסוגל צו דערבליקן — שטראַלט אַדורך יענע געטרייע ווערק וואָס געהערן באמת אונזער נאַציאָנאַל־ליטעראַטור. מיר פאַרמאָגן נישט קיין „טריסטאַן און איזאָלדע״ אָפּערע־ראָמאַנסן, מיט טעאַטראַליש־סטיליזירטע „ליבעסטאָדט״ געזאַנגען. מיר האָבן נישט געררייכערט קיין ראָמאַנטישן ווירוויך צו דער ליבע פון אַן „עלאָאיז און אַבעלאַרד״, אַ ליבע וואָס גרייכט אַריבער די גוף׳ישע גרענעצן און האָט אַ תקומה אין פּלאַטאָנישער אומשטערבלעכקייט. היינעס אַזראַ וואָס זינגט אינעם באַרימטן ליד:

און איך שטאַם פון יענע אַזראַם
וועלכע שטאַרבן ווען זיי ליבן!

זינגט זיך ביי אברהם רייזען אין זיין פּאַריידישטער פּאַראָדיע:

כּיבּין פון עלנט, נויט, אַ זינגער
מיין געבורט־אָרט איז די ליטע
וואו מען שטאַרבט אין גאַס פון הונגער . . .

אָבער די שרה׳לעך, מלכּה׳לעך און שיינדעלעך פון דעם הונגעריקן און נויט־באַזעצטן יידישן שטעטל פון ליטע און פּוילן, מיט זייער צניעות׳דיקער, כּשר׳ער, יידישער ליבע, פאַלן נישט אַראָפּ קעגן די הויך־באַזונגענע און רייך באַשריבענע בעאַטריטשעס, דולציגעאַס, לאוראס און גרעטכענס פון דער אייראָפּעאישער ראָמאַנטיק.

חנן — אין אַנ־סקי׳ס פאָלקסשטיק „דער דיבוק״ — וויל זיך, אין גייסט, נישט שיידן פון לאה׳ן, זיין זיווג, נאָכדעם ווי ער שטאַרבט פון ליבע־פּיין און בענקשאַפט. אויך לאה׳ס נשמה ציט זיך צו איר באַשערטן, וואָס רופט זי צו זיך פון די רוימען. אויב „עזה כמות אהבה״ — שטאַרק ווי דער טויט איז די ליבע — איז דער העכסטער מעטאַפאָרישער אינסטאַנץ פון דער שיר־השירים ליבע, מעג אויף זייער ליבע געזאָגט ווערן „אויב נישט נאָך העכער״, ווייל די נשמות פון די „דיבוק״־העלדן באַהעפטן זיך אין אַן אייביקן אהבת־נפש נאָך זייער טעאַטראַלישן, אָבער פאָרט פּריצייטיקן, שיידן זיך פון דער זינדיקער וועלט וואָס זיי האָבן מנצח געווען.

די קורצזיכטיקע השכלה האָט בלויז געזען די בלאָטע פון דעם שטעטל און פאַרזען די דימענטן וואָס האָבן פון יענער בלאָטע אַרויסגעפינקלט. די משכילים האָבן אָנגעוויזן אויף דער סימבאָלישער, אויסגעביינערטער שטעטלשער קליאַטשע, אָבער האָבן זיך נישט פאַרשטאַנען אויף דעם רייכטום אין דעם בידנעם ביידל וואָס זי האָט געפירט. זייער חסיד, „דער פליאַסקעדריגע״, איז איבערגעלעגן ביים רבי׳ן, דעם „פינסטערלינג״ — אָבער צו דער העלער ראָמאַנטיק פון חסידות זענען זיי בלינד געווען. פּרץ׳ן איז באַשערט געווען צו כאַפּן זיך אין צייט אויף אָט די ראָמאַנטישע אוצרות און אַדאַנק דעם, זיך צו פאַראייביקן ווי אַ קלאַסיקער פון דער יידישער פאָלקס־ליטעראַטור. רייזען, דער רעאַליסט לפנים, האָט אַרויסגעהויבן די פיל־קאָלירעוודיקע ראָמאַנטיק פון דער אָרעמער ליטע, און זיינע שטעטלשע פאַרשוינען געגעבן נישט נאָר אַ ליטעראַריש־קינסטלערישן, נאָר אויך אַ יידיש־שיינעם און אוניווערסאַל־מענטשלעכן תּיקון. פאַרן אויג זענען דער פרוש, דער פריקאַש־טשיק, דער לערער, די מאַרק־יידענע, דאָס איידעמל אויף קעסט — די כאַראַקטעריסטישע רייזענישע גאַלעריע — שווערלעך צו דערקענען ווי

„ראָמאַנטישע" פיגורן, לויט די נאַאיווע, סענטימענטאַלע, אין סך־הכל פלאַכע, גוי'עשע מוסטער־בילדער. אָבער רייזען, דער אָריגינעלער, טיף־יידישער קינסטלער, האָט אונז מגלה געווען זייער נשמה־לעבן, און מיט זייער אַנט־פלעקטער ראָמאַנטיק פאַרטונקלט דאָס טעמפע, ברוטאַלע ריטערטום פון אַמאָל, און די עלעגאַנטע פאַרוק־און־שווערד קאַוואַליערן פון שפּעטער. אויף רייזענען איז אָנגעמאָסטן דער פריער געברויכטער ציטאַט פון טשעסטערטאָן אויף דעם ענגלישן נאָוועליסט טשאַרלס דיקנס. זיין ווערק איז „אי רעאַליסטיש, אי ראָמאַנטיש; ס'איז רעאַליסטיש דווקא דערפאַר ווייל עס איז ראָמאַנטיש".

גאָר אַנדערש איז רייזענ'ס אמת'ע, יידישע פאָלקס־ראָמאַנטיק פון דער אַריסטאָקראַטישער ראָמאַנטיק פון אַ צווייטן באַרימטן יידישן שריפטשטעלער וואָס באַגלימצערט מיט רעגנבויגן פאַרבן דעם מאָנאַרכישן לוקסוס, די ראָסקאָש־נע הלבשה און בלענדיק הוד־מלכות געשטאַלט פון אַ „קניאַז פּאָטיאָמקין", ווע־מענס קעשענעס פונם זיידענעם שלאָף ראָק זענען אָנגעפילט מיט שעמערירנ־דיקע בריליאַנטן, וואָס ער האָט ליב צו שאַרן די פינגער דורך זיי; אָדער דעם גרויס־פאַרנעמיקן שרייבער, וואָס האָט אין זיין יוגנט יאָ דערזען די ראָמאַנטיק פונם „שטעטל" און איז אויף דער עלטער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער בוימל־דיקער, געצנדינערישער ראָמאַנטיק פון דעם נוצרי און פון דער לעגענדאַ־רישער טראַגיק פון זיין אויסגיין אויפן רוימישן קרייץ.

ווען יידישע שרייבער וועלן פאַרטיפן די יידישע מיסטיק, די יידישע אוניווערסאַלע גאולה־אידייע, די אומשאַצבאַרע ירושה פון יידישער גייסטיקייט, אויפגעהיט אין דער נשמה פון פאָלק און אין די ווערק וואָס באַציען זיך פון איר, וועט די יידישע ליטעראַטור פאַרלייכטן מיט אַ יידיש־קינסטלערישער, זיידענער ראָמאַנטיק, וואָס האָט נישט קיין גלייכן אין די ליטעראַטורן פון די אומות.



# דיכטער און ליטעראַטור

אויף כלערליי אופנים, און מיט דער הילף פון פאַרשידענע השפּעות, ווערט אַ ליטעראַטור געפורעמט און באַווירקט — דער גאַר־גרויסער צושטייער פון פאָלקלאָר און פאָלקסגעשיכטע, דער איינדריגלעכער אָטעם פון דעם צייטגייסט, אין דעם דור און דעם לאַנד פון דעם דיכטערס שאַפן, דער קענטיקער אָפּדרוק פון נאַטור און סביבה און נאָך אַנדערע באַלדיקע און זייטיקע כוחות, וואָס האָבן פון תמיד אָן פועל געווען אויף די נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן.

דאָס זענען השפּעות מחוץ, דרויסנדיקע איינפלוסן, וואָס זענען מוסיף צו דעם דיכטערס שאַפונג. אָבער וועגן דעם דיכטער אַליין — דער אייגנטלעכער בעל־יוצר פון דעם ווערק — די ראָל פון זיין פּערזענלעכקייט, זיינע קינסטלערישע גאָבן און דעם מלאכת־הקודש פון זיין אינספּירירטער אַרבעט, איז אַוודאי רעכט אַ באַזונדערע באַטראַכטונג.

די קולטור־ירושה פונם פאָלק איז טאַקע דער קוואַל וואָס דערנערט דעם שרייבער. פון דאָרט נעמט זיך זיין שפּראַכלעכע יניקה; זי לאָזט אים אויפנעמען אין זיך דעם ניגון פון דער פאָלקס־נשמה און פון דאָרטן באַציט ער זיינע טיפאַזשן און סוזשעטן. אָבער דעם שרייבערס יחידיש־קינסטלערישע פּערזענלעכקייט איז דער מקור פון וואַנען אַ ווערק פון ליטעראַטור באַקומט זיין באַזעלנדיקע אידייע, זיין סטרוקטורעלע פאָרעם, זיין אייגן־מראה פון סטיל און ליטעראַרישן פּאַרנעם. יעדע אָריגינעלע, געבענטשטע פּערזענלעכקייט שטראָמט, פון אירע געהיימע גרונטן, מיט אַנטפּלעקטער נייאיקייט פון פאָרעם און געדאַנק. דורך יעדער שעפערישער פּערזענלעכקייט ווערן אַלץ נייע אויפוויקלונגען פון מענטשלעכן לעבן אַרויסגעבראַכט און אַלץ נייע פּאַזן פון שיינקייט באַוויזן. אין ערגעץ נישט ווי אין דער קונסט, איז די אויסשטראַלונג פון דער גרעאָטענער פּערזענלעכקייט אַזוי באַשיינפּערלעך צום דערקענען; אין ערגעץ לאָזן זיך אַזוי אירע אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן נישט אָנזען. אַ באַקאַנטע ראיה אויף דעם איז די

אָנגענומענע קריטעריע ביי שרייבער, צו שאַצן די ליטעראַרישע מעלה פון אַ ווערק לויט דער חתימה פון דעם שרייבערס פּערזענלעכקייט וואָס עס' טראָגט אויף זיך.

דער קלאָר־געוואָרענער באַגריף פון פּערזענלעכקייט, וואָס האָט אַקטי־ווירט דעם אייראָפּעאישן געדאַנק אין די סוף־מיטלאַלטערלעכע תקופות, איז געווען אַ דינאַמישער ווענד־כוח אין דעם אויפקום פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור. ווען דער שרייבער פון דער רענעסאַנס־עפּאָכע האָט פון זיך אָפּגעוואָרפן די אינהיביציע פון דער קירך וואָס האָט געגליווערט זיין מוח, האָט ער שוין אויך, אין גייסט פון יענעם אויפגעוואַכטן דור, געוואַגט איבער־רייסן מיט דער אַלטערטימלעכער טראַדיציע פון אַנאָנימען שרייבער, פון זיין ראָל פון אַ פּנימלאָז געפעס פאַרן רצון פון דער הימלישער היעראַרכיע, פון אַ פּאַסיוון שליח פון „אויבן" פאַר די שטומע און פאַרפינצטערטע מאַסן. ער, דער צו־זיך געקומענער שרייבער, האָט אָנגעהויבן באַוואוסט ווערן אויף זיין אייגענער פּערזענלעכקייט און חשיבות, אויף זיין עובדא פון אַ קולטור־עסטעטישן דערציער און פאַרוויילער, אויף זיין רעכט פאַר גייסטי־קער און ליטעראַרישער „אויטאָנאָמיע" — אַ קינסטלער מיט אַן אייגענעם נישט־באַצוואונגענעם געדאַנק און פריי־שעפערישן ווילן.

אין ליטעראַרישן שמועס ווערן אָפּט אַרויסגעזאָגט מיינונגען וועגן אַ בוך, אַז עס איז דורכגענומען מיט אַן אויטאָביאָגראַפישער אַטמאָספער, באשר דעם מחברס אייגן לעבן, זיין גאַנץ נפש, ווערט דאָרט אָפּגעשפּיגלט. דער אמת קאָן זיין גאָר אַנדערש: אַ בוך וואָס איין שטאַרקע, עמאָציאָנעלע כוואַליע האָט דעריבער אַ פלייץ געגעבן, וואָס איין כאַראַקטער־צוג אָדער אַן איבערוועגנדיקער שטריך פון דעם שרייבערס פּסיכיק לאָזט זיך אָנזען, — אַז אַזאַ בוך זאָל זיין פאַקטיש לער פון אַ פולער, אמתער פּערזענלעכקייט.

ס'קומען אויפן זינען אַזעלכע ווערק פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַ־טור — ווערק וואָס האָבן מיט עטלעכע דורות צוריק פאַרבלענדט מיליאָנען לייענערס — ווי רוסאָס „קאָנפעסיעס", געטהעס „דיליידן פון יונגן ווער־טער", בייראָנס „מאָנפרעד", שילערס „די רויבער", מאַריע באַשקירצעפס „טאָג־בוך". אָט די סוביעקטיווע ווערק ווייזן אויס, לכאורה, צו טראָגן אויף זיך אַ שטאַרקן אָפּדרוק פון דער רונד־אַרומיקער פּערזענלעכקייט פון זייערע אויטאָרס. אָבער דאָס איז פאָרט אַ פאַלשער איינדרוק. דער זיגל פון אַ ריי־פער, אויסגעבילדעטער, פול־שטאַטוריקער פּערזענלעכקייט פעלט אויס אין דעם מין ליטעראַרישע מוסטערן. דער ראָמאַנטישער ווידערשפּעניקער רוסאָ, דער פאַר־זיין־צייט געוואַגטער סאָציאַלער רעפאָרמאַטאָר און ליטעראַרישער

פאַרלויפער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, זעט זיך קנאַפ־וואָס אַרויס אין זיין באַרימטער „ווידוי״; געטהע, על־כל־פּנים דאָס צייטיקע, אימפּאָ־נירנדיקע געטהע־געשטאַלט, זיינע פילזייטיקע גאָבן, דער ברייטער שטח פון זיין ליטעראַרישער פאַרנעמיקייט, זענען כלל נישט בנמצא אין דעם יוגנטלעכן, סענטימענטאַלן אויסגוס „ווערטערס ליידן״; דעם שווערמערישן, אומרואיקן, פאַרליבטן בייראָן, דעם דיכטערישן בעל־רגש און מעלאַנכאָלישן אַוואַנטורע־זוכער, איז שווער צו דערקענען אין דער פאָזירטער דראַמאַטי־שער פּאָעמע אַרום אַן אומפילעוודיקן, אוממענטשלעכן „אויבערמענטש״ מיטן נאָמען לאָרד מאַנפרעד; אויך דעם עלעגאַנטן דיכטער און פילזייטיקן שריפט־שטעלער, דעם מחבר פון די „פּאָלאָזאָפישע בריוו״, שילער, דאַרף מען זוכן מיט אַ פאַרגרעסער־גלאָז אין דעם פלאַכן, ראָמאַנטישן שוישפּיל „די רויבער״; און די בלאַסע, יונג־פאַרגאַנגענע, אָבער הויך־טאַלאַנטירטע מאַריע באַשקירצעף, ביים סוף פון איר לעבן, זאָגט אויף זיך אַליין װעגן איר טאָג־בוך — „דער לייוונט איז דאָ, אַלץ איז גרייט — בלויז איך אַליין פעל דאָ אויס״...

די שריפטן פון אַט דעם זשאַנר, מיט זייער אינטימען ווענד, מיט זייער רעגן די געפילן און פאַנטאַזיע פונם עמפינדלעכן לייענער, מאַכן דעם איינ־דרוק פון ערשטראַנגיקע ליטעראַרישע קונסט־דאָקומענטן פון דער מענטש־לעכער נשמה. אין פאַרגלייך מיט זיי, דערשיינען די גרויסע מייסטערווערק פון ליטעראַטור, מיט זייער מאַיעסטעטישער ווערדיקייט און רואיקן רעזער־ווירטן טאָן, ווי אומפּערזענלעך־פרעמדע, אינטעלעקטועל־אָביעקטיווע שאַפונ־גען, וואָס רעדן צום מוח, אָבער וואָס קאָנען נישט פאַנגען דאָס האַרץ.

דער ראַפינירטער לייענער מיט אַ בעסערן געשמאַק, וועט פאַרציען די ווערק פון אַזעלכע ליטעראַרישע חשובים ווי פּלאַטאָן, מאָנטען, ראַבעלע, בעיקאָן, געטהע, קאַרלייל, — ווערק וואָס, צוליב אַן איינזייטיקער השגה פון פּערזענלעכקייט, מ'באַטראַכט געוויינלעך פאַר נישט „אינטערעסאַנט״ גענוג צום לייענען און הנאה האָבן פון זיי. די נעמען פון אַזעלכע „אָלימפּישע״ גייסטער זענען נישט פאַרבונדן מיט קליינווערק וואָס פאַרשפּיצן אַן איינ־ציקע עמאָציע, ליידנשאַפט, אָדער עפּיזאָדישע פּאַטעטיק. זייער טעמאַטישער הינטערגרונט איז דאָס וועלט־לעבן, די אייביקע טראַגיק פון דער עקסיסטענץ. אַרומנעמענדיק דעם גאַנצן מענטשן אין אַלע בחינות פון זיין טבע און גייסט, אין דעם גאַנצן ערדישן פורגאַטאַריום פון זיין פּיין און לייד, האָבן זיי סובלימירט זייער אייגענע עמאָציאָנעלע און פּסיכישע ענערגיע אין געצאָמטע ווערק פון דינאַמישער אָבער נישט צעפלאָשעטער קראַפט. פון זייער גע־

ראַנגל מיט זיך אַליין, פון זייערע טיפע נשמה־רעזערוון, האָבן זיי באַצויגן אַ דיסציפּלינע פאַר זייערע אייגענע נאַטורן און פאַר זייערע שעפערישע כוחות.

די האַרמאָניש־באַלאַנסירטע און מעלהדיקע פערזענלעכקייט פון די מייס־טערס, לאָזט זיך אויפנעמען אין זייער לויטערן בליק און געמאָסטענעם טראָט; אין דעם ווייטן האָריזאָנט פון זייער קינסטלערישן שטח; אין דער שווייגנ־דיקער חכמה פון לעבן, וואָס ווערט רעדעוודיק און אַנטפּלעקט דורך זייער וואָרט. אָט די העכערע פערזענלעכקייט וואָס איז שפּע׳דיק־רייף, דערגאַנצט און באַהערשט, געבערט די ווערק פון געפּרואווטער מייסטערשאַפט, פון דויער און קראַפט, פון געטיפטער שיינקייט און אוניווערסאַלן אמת.

דער עכטער שרייבער ווערט אינספּירירט, נישט געטריבן פון זיינע געפילן. דער סימן־מובהק פון ראוי־זיין פאַר דער ליטעראַרישער כהונה איז נישט דעם שרייבערס אויפברויז פון געפיל, זיין שפּראַכלעכע עשירות, אָדער קונציקע מלאכהשאַפט — נייערט זיינע רעזערווירטע כוחות, זיין לויטערע מחשבה, זיין טיפן אין די גרונטן פונם אייביקן און אומפאַרענדערלעכן, זיין אייגן־געפּאַסטן סטיל און דעם פּילוואָגיקן, באַלויכטענעם וואָרט — דאָס וואָרט פון דעם זשעניע.

* * *

וואָס־זשע, פרעגט זיך, איז דער טייטש פון „זשעניע״? וואָס איז די אויבער־מעלה וואָס שיידט אויס געניאַליטעט פון סתם טאַלאַנט און מיטל־מעסיקייט?

אין אונזער כעמיש־טעכנאָלאָגישער ציוויליזאַציע, ווען די וויסנשאַפט פאַרמעסט זיך אַריינצודרינגען, מיט אירע אַנאַליטישע כלים אין אַלע קאָמפּלי־צירטע נאַטור־פּראָצעסן; ווען אַלץ אין גאָטס פאָרכטערלעכער בריאה ווערט רעדוצירט צו אַ פאָרמולע, און די אינדוסטריעלע כעמיע פאַרבייט, מיט אירע סינטעטישע אימיטאַציעס, די וואָל און דעם האָניק, דאָס האָלץ און די לעדער, דעם דימענט און די יניקה־עסענצן — אין אַזאַ צייט איז שווין אויס מאָדע געוואָרן צו חקירהן אין די „סודות״, אין דער „מיסטיק״ פון לעבן און נאַטור. די איינציקע מיסטעריעס וואָס באַשעפטיקן די מוחות פון מיליאָ־נען מענטשן פון דער היינטיקער וועלט, אפילו פון דער אינטעליגענץ, זענען די מאָרד־געהיימנישן פון די בראָשירטע מעשה־ביכלעך, וואָס ווערן פּראָ־דוצירט אין די הונדערטער טויזנטער, ווי אַ ליטעראַרישע נאַרקאָזע פאַרן מאָדערנעם, נערוון־געשפּאַנטן מענטשן פון דער אַטאָמישער ערע. צום סוף־מעשה ווערן, פאַר דעם נייגעריק־אָנגעצויגענעם לייענער, אַלע געהיימנישן

אויפגעקלערט בתכלית הפשטות און ער שלאָפט איין מיט דעם באַרואיקטן געפיל אַז דער שונד־מחבר האָט אַלץ געבראַכט בסדר, און די אַלע מיס־טעריעס זענען קיין מיסטעריעס נישט...

ביים היינטצייטיקן מענטשן פאַרשווינדט דער גלויבן אין יענעם „גאָב פון גאָטס גנאָד“, אין דער אויסגעטיילטער באַשאַנקענקייט פון אַ זעלטענעם מענטשן פון גייסט, וואָס מ׳רופט „געניוס“. מ׳נעמט צו הילף דאָס ענגלישע ווערטל, אַז געניוס האָט מער צו טאָן מיט „פּערספּיראַציע“ — שווייס — ווי מיט „אינספּיראַציע“ — באַגייסטערונג. אָדער דעם ענטפער וואָס דער וויל־נער גאון זאָל האָבן געגעבן אַ יונגנמאַן, וואָס האָט ביי אים געזוכט אַרויס־צוקריגן דעם „פּאַטענט“ וויאַרום מ׳קאָן ווערן אַ גאון: וויל־נאַר וועסטו עס אויך קענען ווערן. מיט דעם, הייסט עס, איז דער סוד פון גאונות שוין דערקלערט. דאָס דערמאָנט אין דעם קאָצקערס טרעפלעכן זאָג: נישטאָ אַזאַ קרומע זאַך ווי אַ גלייכוואָרט. דער אמת בלייבט פאָרט, אַז מיטן שטאַרקסטן רצון און מיט דער גרעסטער התמדה וועט אַ נישט־באַרופענער קיינמאָל נישט באַוויזן זיך אַריבערצוהייבן איבער דעם שיעור־קומה וואָס אים איז אָנגעצייכנט פון דער נאַטור. וואָרים געניאַליטעט באַווייזט זיך פאָרט ווי אַן אַנטפּלעק פון דער נשמה, וואָס דער ניכטערער שכל קאָן נישט באַנע־מען און אַוודאי נישט נאָכקומען. דאָס איז אַ כוח פון גייסט וואָס מאַכט דעם גאון פאַרן אויבערהאַר איבער דעם שטומען, פאַרגולמטן חומר; אַלע פאַרבאָרגענישן פונם מענטשלעכן האַרץ ווערן פאַר אים אויפגעדעקט, אַלע טויערן אויפגעשלאָסן, אַלע מחיצות אָפּגערוקט.

ס׳לאָזט זיך עפּעס נישט אָננעמען אַז פון זייער אייגן־דערוואָרבענער געניטשאַפט, פון דעם באַשרענקטן שטח פון זייער נפשדיקן באַריר מיט וועלט און מענטש, האָבן אַזעלכע בעלעטריסטישע קינסטלערס ווי טאָלסטאָי, באַלזאַק, מאָפּאַסאַן און זייער גלייכן, געקאָנט אָנזאַמלען אַזאַ טיפע, אַלץ־אַרומנעמענדיקע לעבנס־קענטעניש, וואָס אַנטפּלעקט זיך אין דער מאַסן־גאַלעריע פון די אַלערליי כאַראַקטער־טיפּן, מיט די צווישן־מענטשלעכע מאָטיווירונגען און סיטואַציעס וואָס זיי, די גרויסע נאָוועליסטן, פירן אַרויס אין זייערע ווערק. אויף אַ גרויסן טייל פון דעם דאָזיקן תוכיקן וויסן האָבן זיי זיך דאָך מסתמא „אָנגעשטויסן“ מיט זייער „נשמה־יתירה“ פון גאונות, מיט זייער „זעקסטן חוש“ פון קינסטלערישער אינטואיציע. די דערמאָנטע שרייבערס אַליין וואָלטן דאָס אויך נישט ביכולת געווען צו דערקלערן. יעדער שעפערישער ווערקער ווערט אָפטמאָל אַליין פאַרגאַפט אויף זיין אייגענער „מעשי־ידי“, פאַרחידושט איבער דעם כוח־היצירה וואָס האָט זיך ווי על־פּי

נס אַנטפּלעקט גראָד דורך אים — דעם יוצר. אַזוי איז יעדעס קונסטגעשאַף אַ וואונדער־געשאַף — עפּעס אומדערקלערלעכס און פאַרן מענטשן מיסטיש־פאַרהוילנס, האָט אין דעם אַריינגעשטראַלט, עפּעס וואָס די פאַרבילדלעכטע מענטשלעכע שפּראַך רופט אָן מיט סימבאָלישע נעמען, אָבער האָט פאָרט נישט קיין געהעריקן נאָמען דערפאַר.

דער פּראַקטיש־מעכאַניסטישער בליק אויף געניאַלן דערגרייך, ווי אַ פּועל־יוצא פון פלייס און האַרעוואַניע, ווערט בטל־ומבוטלביים פּרוביר־שטיין פון אַ קונסטווערק. געניאַליטעט פאַרמעסט זיך אויף אַ פּלי צו דער זון — טאַקע מיט דער הילף פון מי און געהייליקטן שטרעבן — אָבער אַרבעט אַליין האָט נישט קיין פליגל און נישט קיין פּלי־כוח. אַ ווערק, קונציק אויפגעבויט מיט פעאיקייט, אָדער אפילו אַמאָל מיט אַ מאָס טאַלאַנ־טירטער קענערשאַפט, לאָזט זיך צענעמען אויף זיינע חלקים; מ׳קען נאָכ־קאָפּירן זיין טעכנישן געסטראָי, אימיטירן די פאַמיליאַרנע מלאכהשאַפט. אַ שאַפונג פון געניוס, ווי די פלאַנץ אין גאָרטן, איז אַן אָרגאַנישע גאַנצקייט וואָס רעגט תמידיקע פאַרוואונדערונג, ווי אַ דבר־נפלא וואָס האָט נישט קיין גלייכן, וואָס מ׳קאָן נישט צעפּירן אויף טיילן, רעציפּירן זיין צונויפגיסונג, דערגריין די פאָרמולע פון זיין גוף־און־לעבן. דער געניאַלער קינסטלער האָט טאַקע אויסגענוצט דעם כלליקן מאַטעריאַל וואָס איז פריי פאַר אַלעמען, אָבער דער שטאָף איז דורך אים, דעם ווירטואָזישן מסוגלער, פאַרוואַנדלט, אַלכעמיזירט געוואָרן, איז אַ פּראָדוקט פון פלעפנדיקער שיינקייט און ניט־דאָאיקן חן. אין יעדער באַדייטיקער ליטעראַרישער שאַפונג גלימערט אַן אָפּשיין פון דעם שרייבערס פּערזענלעכקייט — אַן עלעמענט וואָס איז אַ „דבר הסמוי מן העין", אָבער וואָס דער אויפנעמלעכער לייענער שפּירט אַרויס פון צווישן די שורות; אַ פאַרהוילענער יש וואָס מ׳ווייסט נאָך פון אים נישט אין די לאַבאָראַטאָריעס, וואָס קאָן נישט איבערגעגעבן ווערן פון איין יחיד צום צווייטן, און וואָס דער יונגער לערלינג וועט אין זיינע „ליטע־ראַטור־קורסן" נישט געפינען.

וואו נאָר מיר טרעפן זיך אָן מיט דעם וויטאַלן כוח פון פּערזענלעכקייט אין לעבן אָדער אין ליטעראַטור, דערפילן מיר תיכף זיין געוואַלטיק־דינאַ־מישע ווירקעוודיקייט; אַ כוח וואָס זיין מהות וואָרצלט אין טיפיקע נשמה־גרונטן, ווייט אַריבער די גרענעצן פון אונזערע חושים, און וואָס פלעפט דעם פאַרשטאַנד. אַיעדער פון אונז, אין זיין געדאַנקלעכער אינעווייניקייט, קומט צומאָל אין באַריר מיט אָט דעם סוד; אין יעדן מענטשנס גייסטיקן לעבן טרעפט אַז ער קומט פּנים־אל־פּנים מיט דעם שאָטן פון אָט דעם

רעטעניש. פאַראַן אין אונזער פסיכישער וועלט אופנים פון אַנען און זיך דערוויסן, געהיים־וועגן וואָס פירן אונז צו דערקענטענישן וואָס מיר האָבן זיך קונה געווען נישט דורך זען, הערן און אָנטאַפּן, מוחיקע אייגנשאַפטן וואָס דערנענטערן אונז צו די מיסטישע קוואַלן פון לעבן און חכמה פון דער נאַטור. סאיז פאַראַן אין אונז עפּעס וואָס איז „הייליק" און נישט צום אָנטאַפּן; און אויף אָט דער התגלות, אין קינסטלערישער יצירה, פון דעם העכערן שכל, פון די איינגעבאָרענע קלוגשאַפטן פון דעם „איבער־איך" פאַררופן מיר זיך מיט דעם וואָרט־רמז — גאונות.

דער פסוק אין חומש: כי לא יראני האדם וחי — אַ מענטש וואָלט ביים אָנבליק פון דער געטלעכקייט פאַרלאָרן זיין לעבן — קאָן דינען ווי אַן אָנדייט אויף דעם סאַנקטום פון דער נשמה, אַ פאַרבאָרגענער קדשי־קדשים וואָס שטראַלט אויס מיט גייסטיקייט, וואָס אינספּירירט צו שאַפונג, רעגט צו „הויכע" מעשים, אָבער וואָס דער מענטש קאָן פאָרט קיינמאָל נישט דערזען פון דער נאָענט, אָדער באַנעמען מיט זיין ניכטערן ישוב־הדעת. מיט אָט דעם זעלישן כוח קאָן אַ בלינדער „זען" און זיך לאָבן מיט בונטע קאָלירן, און אַ טויבער קאָן „הערן" און זיך קוויקן מיט סימפאָנישער מוזיק. (איז דאָך דער מוזיקאַלישער גאון בעטהאָוון טויב געווען!) דורך אָט דער נשמהדיקער זעאונג אַנטפּלעקן זיך גרויסע אמתן פאַרן אינטואיטיוון שעפער, וואָס ווערן נאָכדעם מתלבש אין פאָרמען פון קונסט און פּאָעזיע. מיט אָט דעם גייסטיקן אויג זעט דער דיכטער צויבער־געמעלן פון דער פאַנטאַזיע, דער אַנטדעקער — די מוסטערבילדער פון זיינע אויסגעחלומטע נייאיקייטן; און אפילו דער דענקער „דערזעט" זיינע אינטעלעקטועלע אויפבליצונגען און געדאַנקלעכע סכעמעס. אין יעדער עפּאָכע קורסירן גרויסע פּרוכפּער־דיקע אידייען וואָס גייען אויף, ווי איבערערדישע ליכטער, אין באַזונדערע מוחות, אָן פריערדיקער איינשטימיקייט אָדער צוזאַמענרעדעניש צווישן איינאַנדער.

אַ בעל־מקובל, אַ מיסטיקער, וואָלט געזאָגט אַז די דערמאָנטע פאַלן זיינען מרמז אויף אַ השפעה פון דער קאָסמישער יצירה, וואָס טוט שאַפן און פורעמען די בריאה, אין אַן אָנגאַנג פון אייביקן בראשית. אַ שעפערישע אָנרעגונג פון די רוימען, וואו וועלטן ווערן נאָכאַנאַנד געבויט און צעשטערט — „בונה עולמות ומחריבן" — גיט זיך איבער, אויף פאַרהוילענע דרכים, צו יחידים, וואָס זיינען ראוי צו ווערן מיט־שותפים מיט דעם וועלטגייסט, מיט דעם יוצר כל יצורים.

אַ ראיה אויף אונזער פאַרנעפּלטן באַגריף פון דעם שאַפונגס־כוח

איז די מיסטישע וואָרט־סימבאָליק, אין מאָדערנע ווי אין אַלטע שפּראַכן, וואָס דייטן אויף אים אָן. אַלע לשונות ווייסן פון אַ „רוח־הקודש" — אַ הייליקער און פאַרשלייערטער גייסט — וואָס רוט, אין אַן עת־רצון, אויף געציילטע בעלי־זכיה — אַזוי ווי אַ דרויסנדיקער אָטעם פון אַן אַנדער ספער וואָלט אין זיי אַריינגעבלאָזן — און זיי מעלה געווען צו דער מדרגה פון שעפערישן געבערן. אין קרייז פונם קינסטלערישן לעבן וועט קיין איינער, מיין איך, מיסטיקער צי רעאַליסט, ביי זיך נישט פועלן אָפּצולייקענען, אַז השפּעות אַזוינע וואָס מיר האָבן פאַר זיי נישט קיין קאָנקרעטן נאָמען, באַווירקן אויסדערוויילטע נאַטורן, מענטשן וועמענס געאיידלטע חושים און איינגעבאָרענע אומנות, מאַכן זיי „טאַלאַנטירט" צו דערזען און צו געבן עסטעטישן אויסדרוק דער שיינקייט און געדאַנקלעכקייט וואָס רינגלען אונדז אַרום — אָבער וואָס די לייט פון דורכשניט זיינען צו זיי טעמפּ און נישט באַלויכטן.

* * *

אין שייכות מיט אָט די באַטראַכטונגען וועגן אַ שרייבער און אַ ווערק, לאָמיר אַצינד וואַרפן אַ בליק אויף איינע פון די וועלט־גערימטע, געניאַלע שאַפונגען פון ליטעראַטור — „פאַוסט" פון געטהע.

איך ווייס נישט פון נאָך אַ קלאַסיש ווערק וואָס זיין גענעזע, זיין ביאָגראַפיע, אַזוי צו זאָגן, זאָל אונז זיין אַזוי וואויל־באַקאַנט.

פאַרטראַכט די אידייע נאָך אין זיין יוגנט, און שוין דעמאָלט אפילו אָנגעשריבן טיילן פון דער דאָזיקער דראַמאַטישער פּאָעמע, האָט געטהע זיך אַרומגעטראָגן מיט דער „פאַוסט" טעמע און זי געריפּט אין זיך, זעכציק יאָר נאָכאַנאַנד! ער פלעגט זיך אַלץ אומקערן צו דער דאָזיקער טעמע, אין פאַרלויף פון אַ לאַנגער און פרוכפּערדיקער שעפערישקייט, אויף ווייט־צעוואָרפענע שריפטשטעלערישע געביטן — וויסנשאַפט, עסטעטיק, פּאָעזיע, דראַמע, נאָוועלע.

אין צווייטן טייל „פאַוסט" זענען פאַראַן אַזעלכע טונקעלע, קשה׳דיקע און פאַר׳סוד׳עטע שטעלן, אַז אַ קליינע ליטעראַטור פון טייטשן און קאָמענטאַרן וועגן דעם מחברס כוונות איז שוין וועגן דעם אָנגעשריבן געוואָרן. דער באַרג מיט השערות און דרושים פון די ליטעראַטור־פּראָפעסאָרן רופט אַרויס אַ שמייכל, ווען מ׳לייענט ביי געטהען אַליין אַז ער האָט נישט געוואוסט פון קיין פותר־חלום צו זאָגן וועגן באַהאַלטענע כוונות, וואָס ער זאָל האָבן איינגעוועבט אין די האַרבע פּאַסאַזשן פון זיין „פאַוסט".

פֿאַרקערט, די ערשטע און גרעסערע העלפֿט פֿון אַט דער קלאַסיש־פֿאַרנעמיקער, טיף־מענטשלעכער דראַמע פֿון גייסט און געדאַנק איז, אדרבא, פֿריי פֿון פֿאַרשטעלטער „קבלה", פֿון פּילטייטשיקער סימבאָליק און פֿאַר־נעפּלטע רמזים אויף וועלט־רעטענישן. פֿון דעם ערשטן טייל הייבט זיך שוין אַרויס דער סילועט פֿון אַ גרויסער, אייביקער אידייע וועגן דעם מענטש, זיין לעבן און זיין גורל און די געהיים־כוחות וואָס באַוועלטיקן אים.

ווייסן מיר, הייסט עס, אַ סך פּרטים וועגן דער געשיכטע פֿון געטהעס „פֿאַוסט" — ווי און ווען ס'איז אויפֿגעקומען, דעם לעגענדאַרישן מקור פֿון דעם סוזשעט, די לאַנגע יאָרן פֿון אויסטראָגן און כאַוווען אים אין דער נשמה פֿונם מייסטער — אָבער וועגן דעם תחילתדיקן אידייאישן זוימען, וואָס איז אַריינגעוויט געוואָרן אין מוח פֿון געטהען, און וואָס נאָכדעם האָט זיך פֿון דעם צעבליט און ווי פֿון זיך אַליין אויפֿגעגאַנגען די פּרעכטיקע פּלאַנץ „פֿאַוסט" — וועגן דעם, ווי וועגן דער מיסטעריע פֿון געבורט און ניי־לעבן, קאָן קיינער נישט באַשיידן.

מיר ווייסן וועגן דעם מיטלאַלטערלעכן צויבערער דר. יאָהאַן פֿאַוסטוס, און די לעגענדעס וואָס זענען פֿאַרשפּרייט געווען צווישן די פֿאָלקס־שיכטן אַרום דער דאָזיקער מיסטיש־סימבאָלישער פֿיגור. קריסטאָפֿער מאַרלאָוס „די טראַגישע געשיכטע פֿון דר. פֿאַוסטוס", איז געבויט אויף אַט די פֿאָלקס־מעשׂיות אַרום דעם אַלטן חכם און מכשף וואָס האָט, מיט דער הילף פֿונם שטן, גע־זוכט צו באַנייען זיין פֿיזישע יוגנט, ער זאָל קאָנען געניסן פֿון אַלע זינלעכע תאוות און תענוגי העולם הזה, און צו באַפֿרידיקן זיין האַרץ־וואונטש פֿון אַ געלערנטן און דענקער אַריבערצושפּאַנען דעם פֿאַרבאָטענעם גבֿול פֿונם „פּרדס", צום היכל פֿון העכסטן וויסן, צו דערגיין אַלע סודות פֿון לעבן. אויך געטהעס „פֿאַוסט" איז געשטיצט אויף דער „דר. פֿאַוסטוס" געשטאַלט, אָבער זיין טעמע, זיין אידייאישער אויפֿשוואונג, זיין לעבנס־פֿילאָזאָפֿיע, גרייכט ווייט אַריבער די נאָענטע ראַנדן פֿון דעם פֿאָלקסטימלעכן מוסר־השׂכל, אַז פֿון אַ שותּפֿות מיט דעם מלאך פֿון בייז־און־שלעכטס קומט קיין גוטס נישט אַרויס.

געטהע אַליין קאָן אָפּנים אַנדערש נישט עדות זאָגן מכוח זיין אומ־שטערבלעך ווערק ווי־נאָר, אַז די אידייע האָט ער „פֿאַרטראַכט"; אַז טיפֿע רעיונות זענען אים „איינגעפֿאַלן"; אַז די אינספּיראַציע איז צו אים „געקו־מען" פֿון דעם פֿאַנטאַסטישן מוזנלאַנד, וואוהין די פֿאַרחלומטע אויגן פֿון די דיכטערס זענען אַלעמאָל געווענדט.

דער גרויסער דיכטער האָט אַליין גאָר נישט געקאָנט אויפֿקלערן אַרום

דער מיסטעריע פון זיין שאַפונג. וואָרים די אידייע איז דאָך נישט זיין אייגענע יצירה. זי האָט ווי אַראָפּגענידערט פון אַן אומבאַקאַנטן ערגעץ, אַן אָפּשיין פון דעם אין־סוף, אַ ניצוץ פון דער וועלט־נשמה, און האָט אויפגעלויכטן אין דעם גאונס מוח. די העלזעאונג פון זיין גייסטיק אויג איז אים במתנה געגעבן געוואָרן. די גאָלדענע פרי פון זיין ווערק האָט ער טאַקע מיט צי־טערדיקער זאָרגפעלטיקייט, מיט געטריישאַפט און מי אָפּגעהיט און גענערט מיט זיין טאַלאַנט און וויסן — אָבער ער אַליין, ווי יעדער בשר־ודם אין דינסט פון דער נאַטור, קאָן בלויז גאַפן און נתפעל ווערן איבער דעם „נס" פון זריעה און אויפשפּראָץ, רייפונג און וואַקסן, איבער דעם מוראדיקן פּע־נאָמען פון לעבן.

לאָמיר אויף דעם אָרט אויסהערן די מיינונג וועגן שאַפונג־פּראָצעס פון אַ מאָדערנעם וויסנשאַפט־מאַן, דעם באַרימטן פּסיכאָ־אַנאַליטיקער קאַרל גוסטאַוו יונג:

„ס'איז נישט וויכטיק צי דער דיכטער האַלט אַז זיין ווערק איז אויפ־געקומען, אויסגעוואַקסן און צייטיק געוואָרן אין אים אַליין, אָדער אַז אים קומט פאָר אַז ער האָט „גענומען" אַ טעמע און זיך געשאַפן אַ ווערק, ווי אַ מעשה־בראשית פונם חלל. זיין אייגענער קוק אויף דעם ענדערט נישט אויף אַ האָר דעם פאַקט אַז זיין שאַפונג וואַקסט אים אַריבער, ווי אַ קינד זיין מוטער. דער שאַפונג־פּראָצעס איז בטבע ווייבלעך, און קינסטלערישע אַרבעט שטאַמט פון די טיפן פון אומבאַוואוסטזיין — פון דער מלוכה פון מוטערשאַפט, קען מען זאָגן. ווען נאָר די שאַפונג־קראַפט האָט די אייבער־האַנט, ווערט דאָס מענטשלעכע לעבן באַהערשט און געפירעמט דורך דעם אומבאַוואוסטזיין, להיפוך דעם אַקטיוון רצון, און דער באַוואוסטזיניקער עגאָ ווערט דאַן אַוועקגעשווענקט פון אַן אונטערערדישן שטראָם, וואָרים ער איז דאָ נישט מער ווי אַ הילפלאָזער צוקוקער צו דעם געשעענעש. דאָס ווערק וואָס ס'שאַפט זיך ביים דיכטער ווערט גופא זיין גורל און ס'באַשטימט זיין גייסטיקע צורה. דער אמת איז גאָר אַז נישט געטהע שאַפט „פאַוסט", נאָר אַז „פאַוסט" שאַפט געטהען"... („פּסיכאָלאָגיע און ליטעראַטור").

אויך דער פּסיכאָלאָגיע פאָרשער פון הויכן פאַרנעם, מאָרטאָן פּרינץ, זעט דעם שאַפונג־כוח ווי אַן אַנטפּלעקטע קראַפט פון דעם אונטערבאַוואוסט־זיין, וואו ס'האַלטן זיך אויף די וויזיעס און חלומות פונם שעפער; זיי קו־מען צום אויסדרוק אין דעם שרייבערס ווערק אויף אַ מין „אויטאָמאַטישן" שטייגער, אַזוי ווי ער, דער שרייבער אַליין, וואָלט דאָ קיין שום דעה נישט געהאַט („דער אונטערבאַוואוסטזיין").

הערבערט ספּענסער פֿאַרצייכנט אַ געשפּרעך מיט דזשאָרדזש עליאָט:
„זי האָט באַמערקט אַז, ווערליק דעם גרויסן אָנשטרענג וואָס מיין דענק־אַפּאַראַט האָט ביז אַהער געמוזט דורכמאַכן, איז זי איבערראַשט וואָס מיין שטערן איז אַזוי פריי פון די טיפע קנייטשן וואָס זי האָט דערוואַרט דאָרטן צו זען. איך האָב איר געענטפערט אַז דאָס איז מסתמא דערפאַר וואָס מיר איז קיינמאָל גאָר נישט קשה... אויף דעם האָט זי אויסגערופן: „דאָס איז דער באַרימערישסטער זאַג וואָס איך האָב ווען געהערט!" — „ס'איז גאָר נישט אַזוי באַרימעריש ווי אייך דוכט זיך — האָב איך געזאָגט — ווען איר זאָלט נאָר באַגרייפן אין וואָסער זינען איך מיין עס". דאָ דערקלערט איר ספּענסער אַז דאָס אמתע דענקען האָט נישט צו טאָן מיט שטערן־קנייטשן און מוח־ברעכעניש; אַז צו דענקען מיינט נישט, זיך אָנטאָן אַ כּוח און זיך אָנוועקזעצן, מיט מאַטערניש, צו לייזן פּראָבלעמען. די ענטפערס קומען אַליין „פון זיך", און נישט גראָד אין דעם מאָמענט ווען מ'זוכט זיי. פּלוצים, ספּאָנ־טאַן, לייכט אויף דער געדאַנק און דער תּירוץ באַווייזט זיך פון די מוח־טיפענישן, הינטער דעם קריטישן און אַנאַליטישן שכל, און אַ מענטש קאָן זיי נישט געביטעריש אַרויסרופן אָדער באַפעלן צו זיין דינסט. ווי נישט געבעטענע אָבער זייער ווילקאָמענע געסט קומען זיי אומדערוואַרטערהייט, די אויסגלייכנדיקע מחשבות, די פאַרענטפערס און קלאָרמאַכערס... („אַן אויטאָביאָגראַפיע" — געשפּרעכן מיט דזשאָרדזש עליאָט).

ס'איז פאַר אַ יעדערן באַגרייפלעך אַז דער „שאַפונג־פיבער", דער דיכ־טערישער עקסטאַז, איז לחלוטין אַן אַנדער מצב־הרוח ווי דער וואָכעדיקער ישוב־הדעת פון דער נאָרמאַלער טאָגטעגלעכקייט. יעדער דיכטער וועט עדות זאָגן אַז צייטנווייז איז ער עלול צו ווערן „אויסער זיך". ער נעמט זיך צו־מאָל שרייבן מעכאַניש אויף באַפעל, אַן שטימונג, אָן ברען, אָן התלהבות און חשק, זעגען די וואָרט־קוואַלן דעמאָלט ווי אויסגעטריקנט, זיין פאַנטאַ־זיע האָט געליימטע פליגל און די געדאַנקען ליגן אין אַן אינערציע פון אָנמאַכט. ער צערייסט איין אויפזאַץ נאָכן צווייטן און מוז לסוף אָפּשטעלן דעם פּיינלעכן פּרואוו. פאַרקערט, ווען דער אמתער דראַנג באַוועגט אים צו שרייבן, קומען פּאַסיקע ווערטער אומגעריכט צו אים, ווי סטאַיעס פייגל פון נישט־דאַאיקע ערטער; בילדער טויכן אויף, אימאַזשן צייכענען זיך, און אים שרייבט זיך גרינג, אימפּעטיק־שעפעריש און גוט...

אין די מעמואַרן און טאָגביכער פון שרייבערס לייענען מיר וועגן מאָ־מענטן אין זייער ליטעראַריש לעבן ווען, אין אָנגאַנג פון קרעאַטיווער עבודה, האָט זיך אָפּגעטאָן דער קאָנטראָל פונם שכל־הישר איבערן גייסטיקן שטח

פון אַ שרייבער, און ער איז ווי איבערגעגעבן געוואָרן פאַר אַ ווייל אין רשות פון אַ צווייטן „איך".

ס'טרעפט אַז אַ באַגייסטערטער אָראַטאָר, אינמיטן פון אַ ספּאָנטאַנער רעדע, זאָל זיך אָפּשטעלן און זיך פאַרחידושן איבער זיין אייגענער שוואונגיקער אָראַטאָריע, איבער דעם געפליגלטן ווערטער־שטראָם וואָס פליִצט פון אונטער זיין צונג, ווי נישט ער אַליין נאָר אַ פרעמדער גייסט, אַ „דיבוק", וואָלט אין אים אַריין און איבערגענומען די שליטה איבער זיין מוחיקייט.

דער ענגלישער נאָוועליסט טהעקערי פלעגט אַמאָל, אינמיטן שרייבן, אויסשיסן מיט אַ געלעכטער פון אַ פּלוצימדיקן וויץ וואָס האָט זיך אומגעריכט אַרויסגעגליטשט פון אונטער זיין פעדער.

ווען איר פאַרלעגער האָט זיך געווענדט צו הערריעט ביטשער סטאָו, זי זאָל קירצן איר עפּאָכאַלן ראָמאַן „אַנקל טאָמס קעבין" און אים גיכער פאַרענדיקן, האָט זי אים געענטפערט: „גלייבט מיר, איך קען נישט... ס'ליגט נישט אין מיין רשות... דער ראָמאַן שרייבט זיך אַליין... און איך מוז אים לאָזן זיך אָנשרייבן ביזן אומפאַרמיידלעכן סוף"...

טראָללאָפּ, דער ענגלישער נאָוועליסט, איז אַליין דערשטוינט געוואָרן ווען ער האָט זיך דערוואוסט פון אַ לייענער די „בייעס" אַז זיינע אַ העלדינע האָט חתונה געהאַט מיט אַ העלד, אַ נישט גאָר לייטישן פאַרשוין, פון זיינעם אַ ראָמאַן. דער לייענער האָט געפרעגט דעם נאָוועליסט הלמאי ער האָט דערפירט זיין העלדין צו אַזאַ נישט פּאַסיקן שידוך. „וואָס רעדט איר?" — האָט טראָללאָפּ אויסגערופן אין גרויס איבערראַשונג — „זי האָט עס טאַקע אָפּגעטאָן, האַ? אָ, אויף איר איז אַלץ צו גלייבן!"...

אַזעלכע פּסיכאָלאָגישע קוריאָזן אַרום שרייבערס און שעפערישע מענטשן קאָן מען אויפשנירלען אויף אַ זייער לאַנגן רשימה־פאָדים. ס'איז בכלל אַ באַקאַנטער און טשיקאַווער אמת אַז מענטשן בויען בעסער ווי זיי אַליין ווייסן. אין אַ ווערק פון קונסט ווערט פאַר אונז אַנטפּלעקט עפּעס העכערס און טיפערס, וואָס איז אפילו פאַרן שעפער אַליין אַ פאַרהוילנקייט.

ווען אַריסטאָפאַנעס, צי אַן אַנדער אַנטיקער דראַמאַטורג, וואָלט זיך איצט צוריקגעקערט צום עולם התחתון, וואָלט ער אַליין בלי־ספק נשתומם געוואָרן איבער דער טרעפלעכער פאָרטרעטור וואָס ער האָט אויפגעמאָלן פון זיין דור און פאָלק, און ווי לעבעדיק־אָנגעמאָסטן זיינע כאַראַקטער־טיפּן און מענטש־געשטאַלטן זענען נאָך היינט־צו־טאָג. די ווערק וואָס ער האָט מיט באַוואוסטזיניקייט געמייסטערט זענען, ווי אַ זעלטן פאַרצעליי, שיינעוודיק מיט אַ ליכט וואָס נישט ער האָט עס דאָרטן אָנגעצונדן. פון די קלאַסישע

ווערק פון אַ פּאַרצייטיקן קינסטלער, וואָס יעדער דור היט אָפּ ווי אַ ירושה־אוצר פונם אַלטערטום, גיבן זיך איבער צו מענטשן, אין אַלע תקופות, איי־ביקע אמתן, לויטערע געדאַנקען, גאוניש פיקסירט אין קונסט־ראַמען, וואָס נישט ער האָט זיי דאָרטן איינגעפּאַסט.

אַ גוטער שוישפּילער וואָלט זיכער בכוח געווען צו פּאַרוואונדערן שעק־ספּירן גופא, מיט זיין אויסשפּילן די דראַמאַטישע נשמה־קאָנפליקטן, די טיפע ליידנשאַפטן און געשפּאַנטע מאָמענטן אין זיינע טראַגעדיעס. מיט דעם וואָלט זיך, אגב, טאַקע באַשטעטיקט שעקספּירס גרויסער טאַלאַנט — אַז ער איז מסוגל געווען זיך צו דערגרונטעווען צו די סאַמע יסודות פון לעבן, קינסטלעריש צו באַוועגן די טיפסטע כוחות פון דער מענטשלעכער נשמה, מיט אַן אייגענעם גייסטיקן כוח וואָס איז „למעלה מן השכל", מחוץ דעם תחום פון דער וואָכעדיקער, נישט־באַפליגלטער, האַלב־לאָמער פאַרשטענ־דיקייט.

* * *

דער דיכטער — ווי אַן אויסדערוויילטער פאַר זיין גורלדיקער שליחות, ווי איינער וואָס מוז געהאָרכן, אפילו בעל כרחו, דעם געביטערישן גייסט וואָס זיצט אין אים, און וועמען ער מוז דינען אַ לעבנלאַנג — געפינט זיין מוסטערבילד אין די גאָט־פאַרשיכורטע וויזיאָנערן, עקזאַלטירטע וואָרט־מייסטערס און פייערדיקע פּאַרטיידיקערס פון יושר און רחמים, די נביאים.

דער פּאַסטוך־נביא עמוס האָט דערהערט גאָטס שטים וואָס האָט אים — גראָד אים! — אַוועקגערופן פון זיין שעפּסן־סטאַדע און אים באַפוילן צו גיין נביאות זאָגן צו דעם פאָלק ישראל. „אריה שאג — מי לא יירא? ה' דיבר — מי לא ינבא?" (עמוס ג', ח') — אַ לייב האָט געברילט — ווער זאָל נישט מורא האָבן; גאָט דער האַר האָט גערעדט — ווער קען נישט נביאות זאָגן? דער נביא פאַרגלייכט דעם געטלעכן באַפעל צום מוראדיקן בריל פון אַ לייב, וואָס מאַכט אויפציטערן דאָס געביין און פאַרגליווערט דעם רצון פאַר יעדן ווידערשטאַנד. דער יונגער פּאַסטוך איז שוין מער ביי זיך נישט אין די הענט. זיין מיסיע איז קלאָר; זיין גורל איז באַשטימט.

פון דעם מויל פון דעם אומפאַרגלייכלעכן, עלעגישן נביא ירמיהו פאַר־נעמען מיר דעם אינטימסטן מענטשלעכן אויסדרוק פון זיין אָפּרוף צו דעם רוח אלוקים וואָס האָט אים באַזעלט און באַהערשט: „פתיתני ה' ואפת, חזקתני ותוכל" (ירמיהו כ', ז') — האָסט מיך איבערגערעדט, גאָט, און איך בין איבערגערעדט געוואָרן; האָסט מיך איבערגעשטאַרקט און ביסט בייגעקומען.

דער גרויסער, פיל־געפּרואווטער נביא ירמיהו רעדט זיך אָראָפּ פון האַרצן און דערציילט פון דער שאַנד און שפּאָט וואָס ער איז פון וועגן זיין נביאיש־קייט אויסגעשטאַנען און ווי ער האָט אַלץ מקבל באהבה געווען, ווייל... דער גייסט פון נבואה האָט אים באַזעסן, דאָס הימלישע פייער האָט גע־ברענט אין זיין האַרצן און ער האָט געמוזט דורכמאַכן דעם גאַנצן דערנער־וועג פון זיין באַרופענער שליחות. „הייתי לשחוק כל היום, כולו לועג לי; כי מדי אדבר אזעק, חמס ושוד אקרא; כי היה דבר ה׳ לי לחרפה ולקלס כל היום; ואמרתי לא אזכרנו, ולא אדבר עוד בשמו, והיה בלבי כאש בוערת, עצור בעצמותי, ונלאתי כלכל ולא אוכל״ (ירמיהו כ׳, ז׳ ח׳ ט׳) — איך בין געוואָרן דאָס צילברעט פון נאָכאַנאַנדיקן חוזק, איטלעכער טוט שפּעטן פון מיר; וואָרים ווען־נאָר איך רעד מוז איך אויסשרייען, אויסרופן קעגן אומ־רעכט און רויב; פאַרוואָר, דאָס וואָרט פון גאָט איז מיר געוואָרן צו שאַנד און צו לעסטערונג אַ גאַנצן טאָג. האָב איך מיר שוין געטראַכט: איך וועל אים נישט דערמאָנען, איך וועל שוין מער אין זיין נאָמען נישט רעדן; אָבער עס איז געווען ווי אַ ברענענדיק פייער אין מיין ברוסט, איינגעשלאָסן אין מיינע ביינער; איך האָב זיך געמאַטערט עס איינצוהאַלטן, אָבער איך האָב עס נישט געקאָנט.

ירמיהו, דער אינטימסטער און „פּערזענלעכסטער״ פון די נביאים, פאַר־טרויט זיינע זעלישע ליידן, זיינע איבערלעבענישן פון אַ מאַרטירער צוליב זיינע מוטיקע, אומדערשראָקענע אַרויסטרעטונגען קעגן דער מלוכה, קעגן די פירנדיקע גייסטער פון זיין דור און זיין שווערע מערכה ווי אַ שטראָפער און טרייסטער פון זיין פאָלק. אָבער, ער, ווי די אַנדערע גרויסע, „ליטעראַ־רישע״ נביאים, וואַרפן קיין שום שיין נישט אויף דער עצם מיסטעריע פון „נבואה״, דעם מקור פון זייער געוואַלטיקן פּאַטאָס פאַר צדק און יושר, דעם קוואַל פון זייער שפּראַכלעכער גבורה און טראַנסצענדענטאַלער לוי־טערקייט. אַלץ וואָס מיר ווערן געוואויר פון זייער עדות־זאָגן איז זייער כאַ־ראַקטעריסטישער דערקלער אַז גאָטס גייסט האָט אויף זיי גערוט און זיי געוועקט, געטריבן און געשטויסן צו זייער דערהויבענער שליחות.

ביים אָנבליק פונם דיכטער און זיין דיכטונג שטייען מיר נאָך אַלץ פאַר דעם פאַרשלייערטן רעטעניש פון ליטעראַטור — דעם יצירהדיקן וואונדער פון איר שאַפונג, דעם פלעפנדיקן חידוש פון איר פאַרוועבן אין זיך, מעשה־כישוף, די גאַנצע מענטש־געשיכטע, די שיינקייט און דעם אומעט, די האָפע־נונג און שרעק, די פרייד און טראַגיק וואָס באַגלייטן דעם פאַרגענגלעכן מיראַזש פון לעבן.

* * *

דער אַנטיקער פילאָזאָף און פּראָזע־דיכטער, פּלאַטאָן, אין דעם דיאַלאָג צווישן סאָקראַט און איאָן, לאָזט אונז צוהערן זײַנע אייגענע סענסיטיווע, פֿאַנטאַסטיש־שײַנע שורות וועגן פּאָעזיע און פּאָעטן:

„אַזוי ווי די קאָריבאַנטיאַנער הוליאַקעס, ווען זיי טאַנצן, זענען זיי נישט ביים קלאָרן זינען, אַזוי זענען די לירישע דיכטערס נישט ביים וואַכן שכל ווען זיי דיכטן זייערע צאַרטע לידער;

בלויז ווען זיי גיבן זיך אָפּ דעם כישוף פֿון דער וואָרט־מוזיק, דעם ריטם פֿון פּאָעזיע זענען זיי באַגייסטערט, פֿאַרטראָגן און נישט ביי זיך אין די הענט —

אַזוי ווי די באַרוישטע באַקכאַנקעס, וואָס באַציען מילך און האָניק פֿון די טייכן, ווען זיי זענען אונטער דער צויבערמאַכט פֿון דיאָניסאָס, אָבער נישט ווען זיי זענען ביים רעכטן פֿאַרשטאַנד;

און די נשמה פֿון דעם לירישן דיכטער איז אויך אַזוי — ווי זיי אַליין דערציילן אונז:

וואָרים, זיי דערציילן אונז, אַז זיי קלייבן אָן זייערע לידער ביי האָניק־טריפֿנדיקע פֿאָנטאַנען, אין די גערטנער און טאָלן פֿון די מוזן; אַהינצו, ווי די בינען, לאָזן זיי זיך אַוועקפֿליען.

און ס׳איז וואָר:

דען, דער דיכטער איז אַ גרינג און געפֿליגלט און הייליק באַשעפֿעניש; און ס׳געפֿינט זיך קיין שום נייאיקייט נישט אין אים, ביז וואַנען ער איז נישט באַגייסטערט געוואָרן, און איז אַרויס פֿון די כלים, און זיין קלאָרער רעיון האָט זיך אָפּגעטאָן פֿון אים...

וואָרים אַזוי אַרום וויל, אַפֿנים, דער גאָט — פֿון שירה — אונז צו וויסן געבן, און נישט דערלאָזן מיר זאָלן מסופּק זיין, אַז אָט די שיינע לידער זענען נישט קיין מענטשעשע, אָדער די ווערק פֿון מענטשן, נייערט, אַז געטלעכע זענען זיי און דאָס וואָרט פֿון גאָט.

און אַז די דיכטערס זענען נישט־מיין ווי אויסטייטשערס פֿון די געטער, וואָס טוען באַזונדער רוען אין אַ יעדערן איינעם פֿון זיי."

אויך די דאָזיקע גאָלדיקע שורות פֿון דעם נאָבעלן פּלאַטאָן לאָזן איבער דעם קריטישן שכל אומבאַפֿרידיקט — נישט פֿאַראַן קיין לאָגישער, זאַכלע־

כער באַשייד אויף דער מיסטעריע פון קינסטלערישער געבערונג, זיינע וואונדערלעכע אימאַזשן באַלייכטן קוים דעם וואונדער פון ליטעראַטור, דעם סוד פון פּערזענלעכקייט, דעם מהות פון געניאַליטעט.

און אפשר האָט די אַלטערטימלעכע וועלט יאָ פאַרשטאַנען, און מיר, פון דער היינטיקער, האָבן פאַרלאָרן דעם שליסל? ווער דען דער ליטעראַ־רישער דענקער פּלאַטאָן זיך שפּילן מיט שיינע מליצות אויסגעלערנט פון יעדער מחשבה? אויך דעם נביאס „כה אמר ה׳״ האָט שוין פאַר אונז נישט דעם הייליקן באַטייט פון לאַנגסטיקן אַמאָל. אונזער אייגענער ביאַליק, דער משורר פון אונזער דור, הייבט דאָך אויך אָן זיין יידיש ליד מיט דעם פייערלעכן אָנזאָג: „און גאָט האָט מיך צו אייך געשיקט״ — מעגן מיר קלערן אַז די אמתע דיכטערס פון אַלע צייטן פילן אין זייערע נשמות וואָס דער געפּענטער, ראַציאָנאַלער שכל קען נישט תופס זיין? אַז זיי אַנגען „נביאיש״ דעם נסתרדיקן אמת וואָס קאָן זיך נישט איבערגעבן מיט די שפּראַך־כלים פון דער כלליקער פאַרשטענדלעכקייט?

צו די רזי־עולם, די סודות און פאַרבאָרגענישן פון דער וועלט, געהערט אויך דער סוד פון דיכטונג, די מיסטעריע פון קינסטלערישער יצירה, דער וואונדער פון ליטעראַטור, וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַר דער וועלט, דורך דעם זשעניע פון די באַרופענע, די געזאַלבטע, די גאָט־געשיקטע.



# בוך און לעבן

אָמאַר כאַיאַם, אין זיין פיל גערימטער פּאָעמע, די „רובאַיאַט״, זינגט אויס זיין צאַרסטן באַגער: „אַ לאַבן ברויט, אַ קריגל וויין און דו״. מער בעט ער נישט פון די געטער; מער ווינשט ער זיך נישט פאַר זיין צופרידנשטעלונג און גליק.

דער ליידנשאַפטלעכער ביכער לייענער וועט מוחל זיין די אַלע דריי פאַר דעם איינציקן תענוג פון אַ גוט בוך. פאַר אים איז בוך־פרייד איבער יעדער פרייד.

ער פילט זיך ווי אַן איבערגעגעבענער צו דער עבודה פון אַ געהיימען קולט. דער ביכער־שראַנק איז זיין „ארון הקודש״ און יעדעס בוך אַ „ספר״ וואָס איז אים אָנפאַרטרויט געוואָרן אָפּצוהיטן ווי אַ טייערן, הייליקן אוצר. דער כישוף פון בוך לאָקט אים נאָכאַנאַד, און ער צאָרנט אויף דער לעבעדיקער ווירקלעכקייט מיט אירע צושטרייאונגען און לאַסטיקע פליכטן, וואָס רויבן זיין צייט און געדאַנק, און האַלטן אים אָפּ פון ווידמען זיך דעם אָביעקט פון זיין שטאַרקסטער גלוסטונג.

ער זוכט צו אַנטלויפן פון דער מהומה פון לעבן; באַהאַלט ער זיך מיט זיין בוך בחדרי־חדרים, ווי פאַרצייטן דער אור־מענטש מיט זיין פאַנג, וואָס פלעגט זיך פאַרוקן טיף אין זיין הייל־נאָרע אויסצושליסן די סכנותדיקע, פחד־פולע דרויסן־וועלט.

די בלעטער פון בוך צויבערן פאַר אים אויס אַ נייע וועלט, אַ לאָקנדיקע ראָמאַנטיק פון ווייטע האָריזאָנטן, און פרעמד־אַרטיקע פּייסאַזשן; פון אַ ניט־דאָאיקן, דאָך לעבעדיק־טומלדיקן יריד פון פאַרשוינענע, העלדן און געשטאַלטן מיט זייערע פאַרכישופטע פלאָנטערס פון לעב און איבערלעב.

די קורצע דערציילונג מיט איר קאָנצענטרירטער שטימונג און פאַר־שפּיצטן עפעקט; דער ראָמאַן וואָס ציט אים אַריין אין אַ געדריי פון מענטשן, בילדער און סיטואַציעס; דאָס ליד וואָס גלעט זיין געמיט און וועקט אים ווי דער רוף פון ווייטע פלייטן; די עסיי וואָס נעמט אים מיט אויף נייע אַוואַנטורן אין אידייאישן פאַרמעסט און אינטעלעקטועלן חידוש, שטוינען

און רעגן זיין פּאַסיוון מוח — אַלע שטעגן פון ליטעראַטור זענען פאַר אים אָפן, און אַזוי צורופנדיק פריי.

אים איז וואַרעם און וואויל אין דער אינערציע פון אַ דינאַמיש און גייסטיק־פוילן לוקסוס, וואָס די האַרבע טאָג־טעגלעכקייט וואָלט פאַר אים קיינמאָל ניט מעגלעך געמאַכט. די דאָזיקע נעבן־וועלט פון געדרוקטן בלאַט איז פאַר אים אַן עיר־מקלט און אַ טרייסט, אַ דערפילונג פאַר די מאַנגלען פון לעבן און אַ פיקטיווע בירזשע וואו ער קאָן שפּעקולירן מיט לעבן, געפיל און געדאַנק אָן אַ שום ריזיקע אָדער איינשטעל.

פאַרשטייט מען זיין ליבע צו ביכער וואָס לאָזן אים זיך פאַרטאָן און פאַרלירן אין זייערע פאַרביקע געמאַרקען, און וואָס פאַרבייטן פאַר אים די מייסטע לעבעדיקע אינטערעסן. דער לוין אין קולטור־זין, אין עסטעטישן פאַרווייל, אין ראַפינירטן געשמאַק באַרעכטיקן פון אויבן־אויף, אַזאַ אָפּגעבן זיך. די שרייבער־וועלט זוכט דאָך צו קעכלען דעם לייענער, אים צוציען צו קויפן און לייענען זייערע העפטן און ביכער — אָן דעם „אָפּנעמער", דעם לײדנשאַפטלעכן לייענער און „בוך וואָרעם" וואָלט דאָך די ריזיקע מי פון אויסגאַבן און שריפט־פּראָדוקציע ניט געהאַט אויף וואָס זיך צו שטיצן.

* * *

אָבער, יעדער גרויסער ליבע קומען אַנטקעגן גרויסע נסיונות; יעדע גרויסע לײדנשאַפט איז באַגלייט פון געפאַרן, אין גלייכער מאָס.

דעם בוך־געווידמעטן לייענער שטייט פאַר די געפאַר אויפצולייזן זיין אייגענעם „איך", צו פאַרשפּילן זיין פּערזענלעכע, גייסטיקע וועלט פאַר דעם פרעמדנס וואָרט וועגן:

נאָך וואָס דאַרף ער זיך אויסלערנען שפּינען אויף דעם וועב־שטול פון אייגענעם דענקען, אַז מ'קאָן אַזוי גרינג צוקומען צו די אויסגעפּרוּאווסטע געדאַנקען פון די אויסגעקליבענסטע חכמים? וויסן ווי צו באַרגן פון פרעמדע שאַטצן איז דאָך שוין אַן אויפטו, בפרט אַז מ'קאָן אַזוי אַרום אימ־פּאָנירן די גאַר אָפּגעשטאַנענע וואָס פוילן זיך אַפילו דאָס ווייניקע צו דער־ווערבן. אָט די קאָלעקטיווע גדלות פון די גרינגע פּאַסאַזשירן אויף פרעמדע פורן שטעלט צוזאַמען דעם פאַלשן יחוס פון דער „אינטעליגענציע". דאָס באַרימען זיך פון די דורכשפּאַצירנדיקע שנעל־וויזיטלער אין די קאָרידאָרן פון ליטעראַרישן מוזיי, מיט דעם אַלעם וואָס זיי האָבן געזען און געהערט, ווערט אָנגענומען פאַרן קען־צייכן, פאַרן אמת'ן סימן פון אַ קולטור־

דערציאונג. זיי בייטן אויס די פֿאַלשע מינץ פֿון נאָכגעזאָגטן און אויסגעלערנטן וואָס איז „עובר לסוחר", וואָס גייט איבער פֿון האַנט צו האַנט, אויף דער ברייטער גאַס, צווישן די מיטל־מעסיקע און דורכשניטלעכע, פֿאַרן גילדערנעם רענדל פֿון אָריגינעלן, אינטעלעקטועלן וואָרט.

צו וואָס אַ קנייטש געבן דעם שטערן, אַ טראַכט צו טאָן מיטן אייגענעם שכל — ווען פּלאַטאָן שענקט אַוועק גרויסמוטיק אַזעלכע נאָבעלע געדאַנקען, אויסגעדריקט מיט אַזאַ מאַיעסטעט און שוואונג אין די זינרייכע בלעטער פֿון זיינע ווערק?

צו וואָס זיך גרונטעוועןן אין די לאַבאַרינטן פֿון לעבן און מענטש, אין די רעטענישן פֿון ווילן און כאַראַקטער — ווען שאָפּענהויער טייטשט אײַן מיט זיין לעזער די שרעקלאכע אמת'ן פֿון דער וועלט אַזוי קלוג און קלאָר?...

נאָך וואָס אַנטקעגן גיין דעם גורל, און „זען די וועלט", און רעאַליזירן די דראַמע פֿון לעבן — ווען די ליטעראַרישע דראַמע וויקלט אויף די אַלטע מגילה פֿון דער געשיכטע פֿון מענטשלעכן געפּילס־לעבן, וואו די אייביקע מעשה פֿון קאַמף, ליבע, אַמביציע און טויט ווערט דערציילט מיט אַזוי פֿיל פּאַטאָס און שיינקייט?

נאָך וואָס זיך צוקוקן צו דער וועקסלנדיקער פּאַנאָראַמע פֿון דער נאַטור, באַאָבאַכטן אירע שטילע פּראָצעסן פֿון וואַקסן, וועלקן און פֿאַרגיין, זיך פֿאַר־טראַכטן וועגן די וועלטן און וועלטלאַך פֿון שטימונג און זין, שיינקייט און סוד וואָס וויברירן אין אַלע פֿאַלדן פֿון איר קאַלירדייכן שלעפּ — ווען דיכטער מיט סענסיטיווע נשמות, אין אַלע צייטן און אויף אַלע לשונות, האָבן דאָס אַלץ שוין אויפֿגענומען און פֿאַראייביקט אין לירישן פּערז?

נאָך וואָס גאָר רעווידירן די אָנגענומענע און באַקאַנטע אידייען־מוסטערן, די איינגעבירגערטע קלישייען פֿון געדאַנק און מיינונג — ווען פּראָפֿעסיאָנעלע קאָפּ־מענטשן און אויסגעבילדעטע פֿאַכמענער וועלן שוין וועגן אַלץ אַדורכקומען צווישן זיך, און ס'איז גרינגער צו וואַרטן אויפֿן פֿאַרטיקן און גרייטן?

אויף יעדן קער טרעפֿט מען זיך אָן מיט די מייסטער וואָס האָבן שוין באַזעצט אַיעדעס געביט, און דער איינגענומענער, באַזיגטער לייענער קאָן שוין דעם געדאַנק גאָר ניט דערלאָזן אָט די אומגעהויערע מחנה פֿון ריזן אָפּצופֿרעגן, און זיי די מינדסטע דעה זאָגן. דער געוואַלטיקער זאַפּאַס פֿון שטאָף וואָס דאַרף נאָך אויסגעלערנט ווערן, דער מורא'דיקער שטח וואָס דאַרף נאָך געדעקט ווערן, שרעקן און פּלעפֿן דעם וויסן־דורשטיקן לייענער, וואָס ווערט, אַזוי אַרום, געגליכן צו אַ סקלאַוו פֿאַר דער אָנזאַמלונג פֿון דעם

וויסן פון די דורות, ניט מער; אָדער, אין בעסטן פאַל, צו אַ שנעל־לויפנדיקן פאַרזוכער פון די טייערע יין־המשומרס אין די ענדלאָזע ווינקעלערס פון דער ליטעראַטור.

אַ לייענער־חסיד וואָס פאַרהייליקט די גאונים, וועמענס תורה צו לערנען ער האָט, ווי אַ גאָט־פאַרכטיקער, זיין לעבן געווידמעט, וואָלט מסתמא שאָקירט געוואָרן פון דער עצה: אַז ער זאָל ליבערשט איינגאַנצן זיך אָפּזאָגן פון זיי, איידער ס'זאָל זיך אָפּטאָן פון אים די פּאָטענץ פון אייגענעם דענקען.

אמת, נישט אַ יעדערן איז געגעבן דאָס געשאַנק פון אָריגינעלן דענקען, און אַ סך פון אונז וואָלטן בעסער געפּועלט זיך צו באַנוגן מיט דער פּריווילעגיע פון געניסן גוטע ווערק פון קינסטלער, איידער זוכן אַליין צו שאַפן, אָן שעפּע־רישן כוח און טאַלאַנט. אַ היבשער טייל פון פאַרעפנטלעכטן שטאָף אין ביכער און זשורנאַלן אויף דער ליטעראַרישער גאַס, באַשטעטיקן דעם דאָזיקן אויספיר.

דאָך, לאָזט זיך ניט אָוועקגיין פון דעם געדאַנק, אַז אַ מענטש זאָל שטרעבן זיך אַ רוק צו געבן פאָראויס מיטן אייגענעם כוח, איידער זיך אָוועקצולאָזן אויף ווייטן פליען מיטן כוח פון אַ צווייטן. די באַשיידענע דירה וואָס איינער בויט אויס פאַר זיך אַליין, מיט די אייגענע הענט, פאַרשאַפט אים פאַרט מער נחת און שוץ ווי דער פּרעמדער פּאַלאַץ, אין וועלכן אים איז דערלויבט צו פאַרווילן, אַ דאַנק דעם גנאָד פון אייגנטימער.

אַ מענטש איז זיך אַליין שולדיק דעם ערשטן חוב, צו קומען אין באַריר מיטן לעבן, פון דער ערשטער האַנט. יעדעס לעבן איז רייך אין עפּיזאָד און דראַמע; יעדע נשמה וועט זיך נישט אויסבאַהאַלטן פון לעבן און וועט לסוף מוזן אָנקומען, אויג אויף אויג, מיט דעם וועלטס־ווילן ביי וועמען איר גורל איז ווי אַ נאָכגעביק שטיקל וואַקס אין די הענט; יעדעס נפש איז אויסגעטראָגן געוואָרן אין דער וועלט־טראַכט, און דער סוד פון יצירה, דאָס ליכט פון די הימלען איז פאַרוועבט אין דעם פאַרגאַנגלעכן חומר פון זיין גוף. די שטומע טראַגיק פון דער עקסיסטענץ דרינגט אַדורך דאָס געביין און געהיר פון אַ יעדעס באַשאַף. פון אָט דעם גרונטיקן און פונדאַמענטאַלנעם אין מענטשלעכן לעבן, האָבן זיך באַקומען אַלע יאָמער־לידער און יובל־געזאַנגען, אַלע חקירות און סיסטעמען — יעדער שטייגער פון דעם מענטשנס אָפּרוף צו דער נאַטור. אַלע האָבן אַ חלק אינם סך־הכל פון וועלטס־דערפאַרן. דאָס רעכט אויף דענקען און פילן קאָן דורך קיין שום טיראַנישער געזעצגעבונג נישט אָפּגעשאַפט ווערן.

דער אורטייל פון „הבל הבלים" אויף דעם אימפּעטיקן געיעג נאָך

ערדישע ווערטן, און מאַטעריעלע רייכטימער, מעג אויך אָנגיין אויף דער אַמביציע פון אָנהויבן פרעמדע אוצרות פון גייסט, בעת דער אייגענער מוח גליוועט, און דאַרט, און פאַרגעסט, מיט דער צייט, אַז אויך ער דאַרף זיך אויסשיילן פון דער שאָלעכץ פון אומבאַוואוסטזיין, און אַרויסקומען אויף דער וועלט, און אויסוואַקסן צו צייטיקייט און חכמה. נישט פאַראַן פאַר אַ מענטשן קיין העכערער ציל ווי פריער פאַר אַלעס אַנדערע, געוואויר צו ווערן, דורכן אייגענעם חוש און באַוואויגלעכן רעיון, וועגן די תוך־פּראָבלעבען און די גרונט־באַדינגגן פאַר זיין לעבן. דאָס דאָזיקע לאָזט זיך נישט גרינטלעך איינ־לערנען, מיט באַוואוסטזיניקן שכל, פון ביכער־טעקסטן און לעקציעס. ווי אַ געווילד אין וואַלד, דאַרף ער זיך דערנענטערן צו דער מוטער ערד, און אויף זיך מקבל זיין, אומבאַוואוסטזיניקערהייט, די האַרבע גזירות פון לעבן. די עלעמענטאַרישע נאַטור־כוחות דאַרפן אים אָנרירן ווי אַן אייגענעם און אים פאַרברידערן מיט אַלץ וואָס לעבט און ליידט — ווי ער אַליין.

פאַר אַזאַ איינזיכט אין די וועגן פון אוניווערסאַלן, אומפאַרמיידלעכן און אייביקן, פאַר אַט דער פייאיקייט צו דערבליקן אַן אָפּשטראַל פון דער שווייגנדיקער חכמה פון דער נאַטור — מעג איינער גערן אָפּגעבן, אויב נויטיק, אַלע זיינע ביכער, ווי אַ מתנה, פאַר דער שטאָט־ביבליאָטעק.

גרויס איז דער ווערט פון בוך. אַ גוט בוך איז יניקה פאַרן גייסט, אַן אָפּפרישונג פאַרן מוח און אַ תענוגדיקע עקסקורסיע אין שיינלאַנד פון דער עסטעטיק.

אָבער פאַר דער ריזיקאַלישער נסיעה איבער די ווייט־ציענדיקע שטרויכל־וועגן פון דער בוך־קולטור, דאַרף מען זיין אויסגעריכט מיט אַן אַנטוויקלט גראַדן פאַרשטאַנד, אַ מוטיקייט צו קענען פרעגן און אָפּפרעגן, אַ טאָלעראַנץ צום נייעם און געוואַגטן, אין דעם שאַצן און איבערשאַצן פון גייסטיקע ווערטן, און מיט דעם אויבער־טאַלאַנט צו דענקען קלאָר און אומ־אָפּהענגיק.

עפּעס פון אַט די זעלטענע מעלות מוז אַ מענטש אין זיך פאַרמאָגן, און צו אַ מדרגה פון אַזאַ אויסבילדונג דאַרף אַ מענטש וועלן דערלאַנגען, איידער נאָך ער קומט צו צום בוך. דאָס בוך אַליין וועט אים די פּראַצע און פּיין פון וואַקסן און ווערן נישט פאַרשפּאָרן.

דער זשעדנער לייענער, אָן אַ רייך, אייגן לעבן הינטער זיך, אַ לייענער וואָס יאָגט זיך די גאַנצע ביכער וועלט אין זיך אַריינצונעמען, וועט פאַרזען די סובטילע, פאַרבאָרגענע שיינקייטן פון ליטעראַטור.

נאָר אַזעלכער וואָס האָט אַליין אויפגעכאַפּט דעם שאַרף פון אָסיען־

בלעטער אויף זון־געפלעקטע וואַלד־שטעגן; דער וואָס האָט געקוקט מיט פאַרגאַפטע אויפן אויף ווייסן קאַרשן־צוויט אין יונגן פרילינג; וואָס האָט אויפגענומען אין זיין נשמה די מוסר־דרשה פון רעזיגנאַציע און רו אין דער אידיליע פון אַ פרידלאכער שעפסן־סטאַדע אויף שטילן גראָז; דער וועמען די בייטנדיקע מראה פון אַלערלייאיקע נאַטור־בילדער האָבן סוגעסטירט זיין אייגענע שטימונג — קאָן מיטפילן און טועם זיין די אמת׳ע עסטעטישע הנאה פון נאַטור־שילדערונג אין דער שיין־ליטעראַטור.

איינער וואָס האָט זיך אָנגעשטויסן אויף שטער און רשעות, אויף קאָנפליקט און ווידערשטאַנד, אין זיין שטרעבן צו דערגרייכן אַ העכערן שטאַפל אויף דעם לייטער פון אַמביציע, אין זיין פאַרצווייפלטן יאָגן זיך נאָך דער אילוזיע פון ליבע און גליק — וועט דערזען אין די טראַגעדיעס פון אַ שעקספיר, אָדער אין די קאָמעדיעס פון אַריסטאָפאַן, אַ שפיגל פאַרן מענטשלעכן כאַראַקטער, און אַ סאַטירע אויפן חלום פון דער וועלט.

אַ צוגעגרייטער לייענער וועמען די אייביקע סתירות און קשיות, וואָס באַשעפטיקן די מוחות פון דענקער, פון תמיד אָן, האָבן זיין אייגענעם רעיון באַאומרואיקט און באַוואויגן צו טראַכטן, וועט אין די ערנסטע געדאַנקען־ווערק געפינען ברייטערע גרענעצן, פאַרטיפונג און גייסטיקן סטימול.

* * *

וואָס איז אָפט אַ פאַרזעענע מעלה פונם קינסטלער, אַ מעלה וואָס הייבט זיך אַריבער איבער אַלע זיינע גאָבן, וואָס דינט אים צום געטרייעסטן אין זיין אַרבעט, וואָס איז אַליין איינע פון די טיפסטע סודות פון שאַפונג, און וואָס אָן איר איז אָפּהענגיק דער גורל פון זיין ווערק?

איך וואָלט געזאָגט: דער טאַלאַנט צו פאַרגעסן — צו פאַרגעסן אומוויכטיקע זייטיקייטן, אַלע אומצאָליקע פּרטים פונם לאָקאַלן און אַרומיקן וואָס „בעטן״ זיך אַריינגענומען ווערן אינם סכום פון זיין שאַפונג. אָט דער באַשטימענדיקער טאַלאַנט פאַר קריטישן אָפּקלייב וועט אים, ווי דער קאָמפּאַס דעם שיפער, אָנווייזן אַ גלייכן וועג, וועט אים זיין אַ ריכט־שנור איבערן ים פון סתם־טעמע און סביבה, צום לייט־מאָטיוו, צום ציל פון דער עיקר־אידייע, וואָס איז דער זכות־הקיום פון זיין ווערק.

דער פאָטאָגראַפישער מאָלער „פאַרגעסט״ קיין זאַך נישט; ער נעמט אויף אַלץ וואָס פאַרן אויג, און זיין בילד, לסוף, בענטשט נישט און שעלט נישט. מיר בלייבן קאַלט און נישט־געריירט פון זיין גאַנצער מיאונג „אָפּצושפּיגלען״

דאָס רעאַלע און אויגנשיינלעכע לעבן אויף זיין לייוונט. ער דערציילט, ווי אַ נאַר, דעם גאַנצן בוכשטעבלעכן אמת, אַלץ וואָס ער ווייס, און זעט, און וואָס האָט טאַקע „אויף אַן אמתן" פּאַסירט. דער דיכטער־מאַלער, כנגדו, פאַרגעסט כמעט אַלץ אַחוץ זיין גרויסע אַנטפּלעקטע אידייע, וואָס האָט אויפגעטויכט אין זיין נשמה — און זיין בילד פאַנגט דאָס האַרץ פונם צושויער.

ביים אָנטרעפן אַ געלערנטן פאַרשוין פון דעם טיפּ „קאָפּ־מענטשן", און אַלץ־ווייסער, אָבער וואָס מאַנגלט אין הומאָר, שכל־הישר, און אַ חוש פאַר מאָס און באַלאַנס, נעמט אַמאָל אָן אַ רחמנות אויף אָט די בעלי־זכרון און מורא׳דיקע קענערס. זיי ליידן נעבעך, טראַכסטו, פון אַלץ־געדענקען און קיין זאַך פאַרגעסן. אין זייער פעלערהאַפטיקער אויסבילדונג איז יאָ פאַרגעסן געוואָרן — אַז קולטור באַציט זיך נישט אויף בוך־וויסן אַליין, און פון לערע לשם לערע. מ׳האָט זיך נישט געזאָרגט וועגן זייער פאַרדייען דאָס אויסגעלערנטע, און צי אַנטוויקלט זיך ביי זיי אַ שפּראָץ פון אייגענעם שכל. מ׳האָט אין זייער מוח נישט אַרויסגערופן דעם קריטישן זין צו פאַרבראַקירן דאָס שאָלעכץ וואָס הילט איין די זאַפטיקע פּרי פון חכמה. און אפשר האָט עס נישט אַלעמאָל צו טאָן מיט בילדונג, נאָר מיט אַ נאַטירלעכן פענאָמען: זיי זיינען געבאָרענע בעלי־מום; די נאַטור האָט זיי צוגעטיילט אַ קליינעם חלק שכל און קאָמפּענסירט מיט אַ גרויסן זכרון.

ווי דער אַנטיק־הענדלער אין זיין אָפּלייג־לאַגער, האָבן די דאָזיקע טעמפּע למדנים אָנגעהויפט אַ געוואַלטיקן שאַץ פון אַרטיקלען מכל המינים, פון דער וועלט פון וויסן און ביכער־קענטעניש, פאַר בלויז זעלטענעם געברויך. די דאָזיקע אָפּגעלייגטע חפצים פילן אויס אומזיסטיק פּלאַץ, ניצן זיך אָפּ פון געדרענג און שפּאָר. און וויל מען אַמאָל פון אַזאַ גייסטיקן אַנטיקוואַר אַרויסבאַקומען אַ ברעקל ספּעציפישע אינפאָרמאַציע, איז מען אין סכנה פאַרשאָטן צו ווערן פון ריזיקע הרודעס אומגעבעטענער לומדות — פּונקט ווי איינער זאָל אַרויפּשטעלן אַ פוס אויף אַ שניי־יאַרמולקע פון אַ הויכן באַרג־שפּיץ. דער צערירטער שניי־באַרג לאָזט זיך אויף אים אַרונטער אין אַ מורא׳דיקן אַוואַלאַנש, אַזוי אַז ער דאַרף גומל־בענטשן אויב ער קומט אַרויס פון אַזאַ איבערלעבעניש מיט אַ גאַנץ געביין.

ס׳איז אַלעמאָל אַ דערפרישונג, און אַ געווינס, צו קומען אין באַריר מיט דעם זעלטענעם אמתן גאון וועמענס פלינקן מוח ס׳שטייט צו דינסט אַ באַגאַזש פון וויסן, און אַ ברייטע בקיאות, אין די געמאכן פון תורה און חכמה. אָבער אָפּט־צו־אָפּט וויל אים פאַרבייטן דער למדנישער פּעדאַנט וואָס קאָן צושטעלן תירוצים אויפן פּוד אפילו ווען קיין קשיות זענען גאָר נישטאָ...

וויסן איז נוצליך און ווערטפול — אָבער, ווי גאָלד, דאַרף עס פאַר־וועגדט ווערן מיט עקאָנאָמיע, געשמאַק און שכל. אַ גוטע ביבליאָטעק איז ניט גאַנץ אָן אַ צאָל אינפאָרמאַטיווע טעקסטן און געטריע מקורים; אָבער אַזעלכע ווערק אַליין זענען אַ קנאַפּע נאַרונג פאַרן גייסט, און זיי טראָגן צו ווינציק־וואָס צו דער קולטורעלער השלמה פון דעם לערנער.

שאָפּענהויער, מיט כאַראַקטעריסטישן שאַרפזין, באַמערקט אַז גייסטיקע אַנטוויקלונג איז אין פאַרקערטער פּראָפּאָרציע צו ביכער־לייענען. וואָס מער דער פאַרפרומטער לערנינג ווערט אין זיך דערשטיקן זיינע אייגענע פּאָטענצן, ווערט זיך אָנעסן מיט דעם פרעמד־געקעכץ, שלינגען ביכער און זיך אָנלאָדן מיט יענעמס געדאַנקען, אַלץ מער ווערן אַטראָפירן זיינע אייגענע צערעבראַלע דענק־אברים. ער האָט אַלע שאַנסן, אַזוי־אַרום, לייענענדיק אַלץ מער, און דענקענדיק וואָס ווייניקער, מיט דער צייט זיך אַראָפּצואַרבעטן צו דער מדרגה פון אַן אָנגעלערנטן און באַלעזענעם „חמור נושא ספרים.״ . . .

צווישן צוויי — איינער אַ פּעדאַנט אָן פאַנטאַזיע און זעלבסט־שטענדיקן געדאַנק, נאָר מיט אַן ענציקלאָפּעדישן זכרון און אַ פאָטאָגראַפיש אויג, און דער צווייטער — מיט אַן אייגענעם איינבליק אין דער טבע פון מענטשן און זאַכן, אָבער וואָס געדענקט נישט קיין מינדערווערטיק וויסן־דרויב געטריי און אַקוראַטנע, וואָלט איך ליבער פאַרגעציגן דעם צווייטן, און דעם „קויש־פול מיט ספרים״ געלאָזן גיין זיין וועג.

פון חסידישע קוואַלן וועגן דעם לעבן און ווירקן פון ר׳ ישראל בעל־שם־טוב ווערט געבראַכט זיינס אַ בליציק וואָרט: קוקנדיק אויף אַ פאַר־טיפטן למדן פון דעם מין מתנגדים־לערנערס, וואָס זיצט יומם־ולילה איבער ספרי־הלכה, האָט ער באַמערקט — „איר זעט דעם יידן? ער איז אַזוי אַריינגעטאָן אין תורה און לומדות, אַז ער האָט אַזש פאַרגעסן אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט״.

ביי יידן איז אַפילו סתם־לומדות אַ געהויבענע חשיבות. דער בעל־ספר וואָס בראָקט מיט פסוקים און מימרות, און גיט־אָן יעדעס קאַפּיטל, יעדן „עמוד״ און „דף״, אימפּאָנירט שטאַרק אַ יידישן מענטשן, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אויף דער טראַדיציע אַז „קענען־לערנען״ איז די העכסטע טוגנט. און „עם־הארצות״ — כמעט אַן אומפאַרגעבלעכע זינד. דאָך, אַפילו אין לומד׳ישע קרייזן, ווערט נאָך מער אויסגעמען דער אָריגינעלער „אויפטוער״, דער וואָס קומט מיט אַ „חידוש״, מיט עטוואָס ניי־פאַרטראַכטן און אייגן־געשאַפענעם.

דער געלערנטער מחבר, וואָס פּאַראַדירט זיין ערודיציע פאַרביי דעם

לייענער מיט אַ מינע פון איינעם וואָס האָט אַלע שליסלען צו דער וועלט־קולטור ביי זיך אין קעשענע, קען איינעם אַמאָל צוזאַנצן אַ ברעקל וויסן וואָס זאָל אים ווען ס׳איז צוניץ קומען — אויב ס׳זאָל ביז דעמאָלט ביי אים ניט אָפּגעמעקט ווערן פון זיין זכרון. אָבער „אויסלערנען״ זיך ביי דעם דאָזיקן רבין ווערט אַ תלמיד קיינמאָל נישט. אַ באַגייסטערונג און אַ פרייד איז פאָרט דער שעפּערישער גייסט וואָס ברענגט פרישע נייאיקייטן, ווי נאָר־וואָס אַנטדעקטע, און ס׳איז ניט פאַראַן קיין זאַך ביי אים אויף איינצולערנען, און פארגעדענקען אויף אויסנווייניק.

דער באַגאַבטער שרייבער לאָזט אונז פילן אַז ער רעדט צו אונז אַליין, אינטים, אויטאָביאָגראַפיש, פון זיין פערזענלעכן מיטמאַכן און געוואויר ווערן. און מעג ער אַמאָל זיך שטיצן אויף היסטאָרישע פאַקטן, זיך פאַררופן אויפן וויסן פון אַנדערע — איז אַלץ זיין איינציקע סמיכה דער אייגענער, ליכטיקער בליק זיינער, די העלע וויזיע וואָס איז אויפגעגאַנגען פאַר זיין אינעווייניקסטן אויג.

די טיראַניי פון אויטאָריטעט באַצווינגט תמיד דעם מוח פון דעם „אָנגעלערנטן״, מאַכט אים אומפּייאיק אויפצונעמען אַ פרייע מיינונג, און אומטאָלעראַנט צו נייע געדאַנקען וואָס שטאַמען פון פּראָסטן יחוס. אויב מ׳קען אים ניט באַווייזן אַז פּראָפעסאָר איקס האָט אויך אַזוי, ווערן די בעסטע ראיות ביי אים צונישט, און די וואָגיקסטע אַרגומענטן בטל־ומבוטל. ס׳לאָזט זיך דענקען אַז ווען דער האַרט־געזאָטענער „למדן״ וואָלט אין די קינדער יאָרן געהאַט פאַרלאָרן זיין פענאָמאַלן, מאַשינאַרטיקן זכרון אין אַ אומגליק־פאַל, וואָלט אָט די סיבה אפשר אים אָפּגעראַטעוועט פון דער פּלאָג פון פּעדאַנטיזם, און אים צוגענגליך געמאַכט פאַר געזעלשאַפטלעכער און ליטע־ראַרישער קולטור.

* * *

דאָס בוך שטעלט איטלאַכן לייענער אַ פאָרבאַדינג פון אייגענער שולונג וואָס זאָל דערוואָרבן ווערן מחוץ דעם בוך. ווען לעבן וואָלט געווען נאָר אויסדרוק אַליין, וואָלט דער מערסטער טייל פון אונז געמעגט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און צוהאָרכן צו די רייד פון די מייסטער. ווארום די מתנה פון אויסדרוק איז דאָס פאַרמעגן פון אויסגעקליבענע, געציילטע; אָבער לעבן איז, פריער פאַר אַלעמען, אַ פּראָצעס פון שטודיע אין די קלאַסן פון דער־פאַרונג, מיטמאַכן און איבערלעבן. דאָס וואַקסן און רייף ווערן פון אַ פער־

זענלעכקייט באַקומט זיך פון אָט דער אמת׳ער שולונג. אַזאַ געפּרואוווטער און אויסגעהאַמערטער אין דער קוזניע פון דעם לעבן, שטעלט מיט זיך פאָר, אַ מענטש פון אַ מעכטיקער שטאַטור אין די פּראָפּאָרציעס פון גייסט און כאַראַקטער — ווען אים איז ניט מעגלאך געווען זיך אויסצולערנען אַפילו דאָס עלעמענטאַרסטע בוך וויסן.

די וועלט קאָן נישט פאַרגעסן דעם פאַרלוסט פון דער אַלעקסאַנדרישער ביבליאָטעק, דעם אָנגעזאַמלטן ביכער־שאַץ פון דער אַלטער וועלט וואָס איז פאַרברענט געוואָרן אין די מלחמה־פייערן פון יענע צייטן. ווער ווייס — פאַלט אַמאָל איין אַ מחשבה־זרה — אפשר איז דער דאָזיקער שאָדן, בדיעבד, געווען אַ מין פאַרשטעלטע ברכה פאַר דער בוך־און־דאָגמע פאַרקנעכטעטער מענטשהייט. דער פלייץ פון ביכער אין אונזערע צייטן, וואָס מערט זיך אַלץ שטאַרקער, ווי די וואַסערן פונם מבול, סוגעסטירט דעם מוח אַזאַ „אומדעלי־קאַטע" מחשבה. די פאַרניכטונג פון אוצרות קונסט־עקזעמפּליאַרן און קולטור־רייכטימער, אין יעדן מאָדערנעם וועלט־בראַנד, איז לכל־הדעות אַ קאַטאַסטראָפע פאַר דער אינטעלעקטועלער וועלט. אָבער די ריזן־פּראָדוקציע פון די דרוק־מאַשינען, וואָס האָט מיט דער קונסט פון ליטעראַטור די קנאַפּסטע שייכות, איז פאַרט גיכער אַ פּראָבלעם ווי אַ טרייסט. מ׳זאָל וועלן מאַכן אַ סך־הכל אינם טאָן פון דעם מידן וועלט־חכם קוהלת, לאָזט זיך זאָגן אַז: ביכער פון דויער און אייביקער השפעה זענען נאָך אַלץ זעלטנקייטן פון שאַפונג. דער תנ"ך איז נאָך אַלץ דער ספר־הספרים. דער סטראַטפאָרדער גאון איז נאָך היינט אויך אָן אַ שטעל־פאַרטרעטער; און די וועלט־קלאַסיקער פון דער ליטעראַטור, כאָטש שוין נישט מער אַזוי פאַרהערלעכט פון אַ סקעפּטישן דור, האָבן נאָך אַלץ זייער יחוס נישט אָנגעוואָרן. די פאַרגאַנגלעכע, נישט־ברוח־הקודש געשאַפענע ווערק — אויסגעשלאָסן די סאָלידע ווערק פון וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע — די סתם־ביכער, די קאָמפּילאַציעס, כראָניקעס, טענדענץ־ביכער, גרינגע אינפאָרמאַציע ברענגער און סתם־טעקסטן מכל־המינים, דאַרפן אונטערגעוואָרפן ווערן אַ וואָס־שטרענגערן פּראָצעס פון קריטישן אָפּקלייב. די דורות נאָך אונז וועלן דאָך מוזן פאַרגעסן דעם גרעסטן טייל פון דעם ירושה־זאַפּאַס פון אומליטעראַרישן ביכער־געזעטעניש, וואָס זיי וועלן פון אונז איבערנעמען.

* * *

אין דער געשיכטע פון קונסט באַמערקן מיר אַז די עפּאָכן פון אויפהייטן און איבערשרייבן, פון פרומער פּינקטלעכקייט און איינגעהאַלטענעם טראָט,

זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער ממשלה פון זכרון איבערן גייסטיקן לעבן. די שאַפונג־רעגנדיקע, קרעאַטיווע מאָמענטן זענען תמיד אַ פועל־יוצא פון התעוררות, פון ספּאָנטאַנעם אויפשוואונג, פון פרייען, מוטיקן וואַגן, פון זיך פאַרגעסן . . . דער רענעסאַנס פעריאָד איז געווען אַ געשיכטלעכער מאָמענט גיכער פון ווידער־אַנטדעקן און באַנייטן אויפבלי, ווי פון געדענקען און נאָכפאָלגן. די ליטעראַרישע ריכטונגען פון איין יאָרהונדערט באַציען זיך פון דער רעבעלישער כוונה צו פאַרגעסן די נאָרמען, מוסטערן און דאָגמעס פונם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. יענער דור וואָס טראָגט אין זיין געדעכעניש אַלטע וועלטן און לעבט מיט זייער גייסט, איז בטבע שוואַכמוטיק, נאָכמאַכעריש און פאַרטייעט אין אַ פּאַסיווער אינערציע. דער דור וואָס פאַרשט די טראַדיציעס פונם עבר מיט אַ קריטישן חוש, וואָס פאַרלאָזט זיך אויף אייגענער אחרויות, געטרויעט זיין אייגענעם רעיון, וועט טראַציק נעמען די לייצעס אין די הענט, געפינען אַן אייגענעם וועג, אַרויסברענגען נייע פאָרעם־בילדער און אַ פרישן נוסח.

* * *

פּרימיטיווע, אומגעהובלטע, אָבער לעבנס־פּעאיקע מענטשן, האָבן באַוויזן צוצוגרייטן אַ רייכן און טיפּזיניקן פאָלקלאָר, האָבן שלום געמאַכט מיט דער נאַטור, איינגעשטעלט אַ געזעלשאַפטלעכן סדר, האָבן איינגעפונדעוועט זייערע לעבנס, און געוואָרן געזונטע, רייפע און קלוגע מענטשן־קינדער, אָן דער הילף פון שריפט און בוך.

עמערסאָן דייטעט אָן אויף אַ וויכטיקן אמת אין זיינע טרעפלאַכע שורות:
„די העכסטע מידה וואָס מיר שרייבן צו אַ משהן, אַ פּלאַטאָן אָדער מילטאָן איז זייער בטל מאַכן ביכער און טראַדיציעס, און זייער ריידן צו אונז, נישט וואָס אַנדערע, נאָר וואָס זיי אַליין האָבן געטראַכט. אַ מענטש דאַרף זיך אויסלערנען שפּירן און נאָכפאָלגן דעם ליכט־פינקל וואָס בלאַנקט אויף אין זיין אייגענעם מוח, פון אינעווייניק, מער ווי דעם בליאַסק פון דעם אויסגעשטערנטן הימל פון דיכטער און חכמים. דאָך מאַכט ער אַוועק, אָן באַדאַכט, זיין אייגענעם געדאַנק — ווייל ער איז זיין אייגענער. אין יעדן געווינלאָכן ווערק דערקענען מיר אונזערע אייגענע אָפּגעוואָרפענע געדאַנקען: זיי קומען אונז ווידער אַנטקעגן מיט אַ מין פאַרפרעמדטן שטראַלן־שיין. גרויסע קונסט־ווערק טראָגן נישט קיין וויכטיקערן מוסר־השכל פאַר אונז ווי דאָס: זיי לערנען אונז זיך צו האַלטן ביי אונזער ספּאָנטאַנעם איינדרוק מיט גלייכמוטיקער עקשנות — דאָן, צום מייסטן, ווען דער רוב שטימען זענען מיטן

פאַרקערטן צד. אויב נישט, וועט מאַרגן אַ פרעמדער קומען צוגיין און זאָגן, אויף אַ מייסטערהאַפטן אופן, פונקט דאָס וואָס מיר אַליין האָבן כסדר געטראַכט און געפילט, און מיר וועלן פאַרשעמטערהייט מוזן נעמען אונזער אייגענע מיינונג פון אַן אַנדערן."

* * *

סיי אין אַן אופן פון אויסדרוק אָדער אין שטילשווייגן — איינס איז קלאָר: אַז אַ מענטש דאַרף טראַכטן מיטן אייגענעם מוח, זען מיט די אייגענע אויגן און טאָן מיט די אייגענע הענט.

די גייסטער פון די ליכטיקע וואָס קוקן אַראָפּ אויף אים פון די פּאַליצעס, וועלן נישט גרינגשאַצן זיין אויפטו צוליב דעם וואָס ער איז אַזוי אומפּאָלקאָמען און אָרעמזעליג, און וועלן נישט שפּאָטן פון זיין פּרוּאוו, וואָס ער איז אַ שוואַך־געצילטער און אַ ניט ווייט־דערגאַנגענער. זיי אַליין, אין זייערע געהייליקטע לעבנס, האָבן זיך געמיט צו שאַפן אָט די וואונדערווערק, נישט בכדי אָפּצושרעקן און אַנטמוטיקן אונז, זייערע לייענער און תלמידים — נאָר גיכער, אונז צו שטאַרקן און דערהייבן, צו טרייסטן און העלפן, און אונז צו באַגייסטערן מיט אַ גלויבן אין זיך אַליין.



# די ראָל פון דער נאַטור
# אין דער ליטעראַטור

אַז די נאַטור האָט געווירקט ווי אַ ריזיקער כּוח אין דעם אויפקום און דער אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור, ווערט קלאָר און לאָגיש־אויספירלעך אפילו פון אַן אויבנאויפיקן באַטראַכט: די נאַטור האָט געשאַפן דעם מענטשן; דער מענטש האָט געשאַפן די ליטעראַטור — במילא האָט די נאַטור אַ גרויסן חלק אין דעם וואונדערלעכן מענטש־געשאַף, די ליטעראַטור.

די נאַטור האָט נישט נאָר „געשאַפן" דעם מענטשן — זי האָט אים באַגלייט אויף יעדן טראָט. זי האָט אים געלערנט און דערצויגן. זי האָט אים געדינט ווי אַ מוסטער פאַר זיינע געצייגן און פאָרמען אין זיין בויען און שאַפן. זיין פילאָזאָפיע און זיין רעליגיע, זיין מוזיק און זיין ליטעראַטור, האָט ער פון איר באַצויגן. זי איז געווען זיין הימל און זיין ערד. די נאַטור האָט די אדם־בריאה אויף דער וועלט געבראַכט און אים פאַר אַ מענטש געמאַכט.

דער קדמון־מענטש אין די אורצייטן, אַ „נאַטור־קינד" באמת, האָט נאָך קיין אייגן לעבן נישט געהאַט. ער איז געווען אָנגעוויזן אויף דער נאַטור ווי אַן עופהלע אויף זיין מוטער. אין די וויקל־יאָרן פון זיין דאָזיין האָט ער פון איר אַלע זיינע באַדערפענישן באַצויגן — דערנערונג, שיצונג און זיכערקייט פאַר זיין גוף; שפּראַך־סימבאָלן, מחשבה־רעגונג, באַגריפן פון גוט און שלעכט, און גאָט־באַהעפטונג פאַר זיין גייסט.

די נאַטור האָט דעם מענטשן פון די ערשטע דורות אי איבערוועלטיקט און געשראָקן, אי פאַרוואונדערט און עקזאַלטירט. זי האָט געוועקט זיין דרימלענדיקן רעיון און געמאַכט אויפציטערן זיין יונגע נשמה מיט געפילן פון פחד און ערפאָרכט. איר אומענדלעכע קראַפט און פאַרבאָרגענע חכמה, וואָס דרינגט אַדורך דעם גאַנצן באַשטאַנד, האָבן אָנגעוואונקען אַ גייסטיקע דינאַמיק, אַ פירנדיקע האַנט הינטער דעם רעאַלן דערשיינען אַרום אים: פאַרוואָר, איז אַ גאָט פאַראַן, אַ מעכטיקער, כאָטש פאַרבאָרגענער אויבער־

גייסט, וואָס אַנטפּלעקט זיך אין מוראדיקן דונערקנאַל, אין אימהדיקן געוואָי פון שטורעמווינט, אויפן הויכן פעלזיקן באַרג־שפּיץ, אין שטילן גראָזיקן טאָל, אין דעם געזאַנג וואָס נידערט אַראָפּ פון די וויטע בלויע הייכן — אַ געזאַנג וואָס גייט איבער פון אַ שאַלונג פון לעבנספּרייד אין אַ קול־דממה־דקה־געוויין, וואָס טראָגט זיך איבער דער וועלט, פון איין עק צום אַנדערן... אויך אַנדערע גייסטער זענען פאַראַן, גוטע און בייזע. יעדער אויף זיין געביט פון הערשאַפט. די כמורנע גייסטער זענען גרינג אויף דערצערנט ווערן, און ווען זייער גרימצאָרן פלאַקערט אויף, שיקן זיי דעם בליץ־שטורעם און דעם ווינט־בראַך, דעם ערד־ציטער און דעם וואַסער־פליי, וואָס זייען וויסטעניש און טויט־שרעק איבערן פּנים פון דער ערד. מיט די אָרעמע שפּראַך־מיטלען, וואָס ער האָט זיך ביז־לעכוויין דערוואָרבן, האָט דער נאַטור־מענטש אויפגעשטעלט תפילות פון לויב און אַכפּערונג, און זיינע שענסטע ווערטער געהייליקט דער מוטער־נאַטור, און דעם געטלעכן אויבערהאַר, וואָס געוועלטיקט, מיט זיינע געהילף־געטער, אין איר און דורך איר...

אין דער פרי־צייט, ווען ס'איז נאָך נישט געווען קיין איינגעשטעלטע פּאָעטיק און אַ פאַרשריבענע ליטעראַטור; איידער אַ פּריווילעגירטע פּי־רערשאַפט האָט פאַרפיקסירט אַ רעליגיעזן ריטואַל, און אין געהייליקטע בנינים געפּראַוועט אַן אויסגעסדרטן גאָטעסדינסט — האָבן שוין דעמאָלט פאָלקס־משוררים, אין דעם אינדוס־טאָל, אינדיע, געזונגען דערהויבענע הימנען צו דעם וועלט־גייסט. די דאָזיקע הימנען, פון דעם אָנהייב־שטאַנד פון דעם מענטשלעכן געדאַנק, אַנטפּלעקן פאַר אונז נאָך היינט די רעלי־גיעזע התרוממות פון יענע נאַטור־דיכטערס וועמען דאָס לעבן אַליין האָט אינספּירירט צו עקזאַלטירטן געזאַנג. דאָס רעליגיעזע געפיל איז אַרויס־געראָפן געוואָרן פון דער נאַטור אַליין — אָן דער הילף פון פּראָפעסיאָנעלע הימל־מענטשן, אָן צוגעגרייטע פאַרבלענדענישן פון די צערעמאָניע־מייס־טערס און טעמפּל־האַרן. דער פּאַטריאַרך פון יעדער פאַמיליע איז געווען איר כוהן און נביא. ער האָט, מיט דער תמימות פון זיין ערלעך האַרץ, גע־דאַנקט דעם נאַטור־גאָט פאַר זיין טעגלעך ברויט, פאַר דער שפע פון דער ערד, פאַר דעם חסד פון גשם בעיתו — דעם צייטלעכן רעגן — פאַר באַ־וואָרעניש קעגן פאַרצוקנדיקע חיות, פאַר זיין געזונט און דעם געזונט און לעבן פון זיין בני־בית. דאָס בויען אַ מזבח איז נישט געווען די פונקציע פון די אָפיציעלע כלי־קודש אַרום טעמפּל־דינסט, נאָר אַ ספּאָנטאַנער פריי־וויליקער אַקט פון אַיעדערן וועמען אַ געפיל פון רעליגיעזער אויפרירונג האָט דערצו באַוואויגן. די תהילים־לידער פון יענע ווייט־אָפּגעלייגטע עפּאָכן

— די וועדישע הימנען פון דער אַלט־סאַנסקריטישער ליטעראַטור — מאַכן צום שטוינען מיט זייער לויטערקייט און רייפן ביבליש־ליטעראַרישן אויס־דרוק:

וואַרונאַ, דער האַר, וואוינט אין אַלע וועלטן;
פאַרוואָר, די דריי וועלטן האַלט ער אַרומגענומען.
דער ווינט וואָס שאָרכט דורך די רוימען איז זיין אָטעם.
ער האָט אויפגעהאָנגען די זון אין די הימלען,
און אויסגעלייגט אַ גרענעצלאָזע שטרעק פאַר איר צו קרייזן.
ער האָט אויסגעהוילט די קאַנאַלן פאַר די שטראָמען;
דורך זיין חכמה און השגחה גיסן זיך אַלע טייכן אין ים אַריין —
דאָך, דער ים ווערט קיינמאָל נישט פול.
דורך זיין אָנזאָג שיינט די לבנה אין הימל
און די שטערן וואָס מיזעט זיי ביינאַכט,
פאַרשווינדן מיטן אָנקום פון טאָג־ליכט.
נישט די פייגל וואָס פליען אין די לופטן
און נישט די טייכן
וועמענס פליסן הערט קיינמאָל נישט אויף
קאָנען זיך משער זיין די אָן אַ שיעורדיקע מאַכט זיינע
אָדער זיין צאָרן.
זיינע שפּיאָנען קוקן אויס אַלע ווינקעלעך פון די וועלטן.
ער אַליין האָט טויזנט אויגן.
ער איז קלאָר אין אַלע באַהאַלטענע זאַכן וואָס זענען געווען
אָדער וואָס וועלן זיין.

* * *

אַ פילבענדיק ווערק געווידמעט דער אידייע פון דעם מענטשנס חוב צו דער נאַטור וואָלט קוים געניגט אויף אַן אַריינפיר צו דער דאָזיקער טעמע. אַזאַ ווערק וואָלט געדאַרפט אַרומנעמען די גאַנצע אַלץ־מיט־אַן־אַנדערדיקע געשיכטע פון דעם מענטשלעכן דערגרייך אין אַלע מאַטעריעלע און גייס־טיקע שטחים.

מיטן אָנווענד פון די פיזיקאַלישע געזעצן, וואָס ער האָט אָפּגעלערנט פון דער נאַטור, האָט דער מענטש געמויערט בנינים, געבויט פּיראַמידן, אויפגעשטעלט מאָנומענטן, געלייגט בריקן, געסטראָיעט שיפן וואָס זאָלן זיך האַלטן אויפן וואַסער. פון זיינע אייגענע גוף־אברים, און די אברים פון

חיות און עופות, איז ער קלוג געוואָרן אין פיל פּרטים: דאָס האַרץ האָט אים געבראַכט אויפן געדאַנק פון אַ פּלומפּ צו הייבן וואַסער פון די ערד־טיפן; דאָס אויג — אויף אַן אָפּשפּיגלענדיקן אַפּאַראַט; די האַנט און איר וואַרף־כוח — אויף שטיינער־וואַרפן און שליידער־כלי־זין.

די מענטשלעכע שפּראַך, אין אַלע לשונות, איז אַ פאַרכאַפּנדיקער שטו־דיע־קוואַל פון דער לאַנגער, טיפער און ווייט־גרייכיקער לערע פון די בני־אדם אין דער אייביקער אַקאַדעמיע פון דער נאַטור. מיר זעען אַרויס פון די שפּראַך־קלאַנגען און וואָרט־סוגעסטיעס ווי זיי האָבן געלעבט, גע־טראַכט און געפילט מיטן ריטם פון דער נאַטור; ווי זיי האָבן פאַרבילדלעכט זייערע פאַנטאַסטישע פאָרשטעלונגען און פאַרגייסטיקט דעם נאַטור־חומר — מחמת זייער אַרויסאַנען אַ געטלעכן כוח, וואָס שטראַלט אַדורך דער גאַנצער בריאה, אַן איבערמענטשלעכע גייסטיקייט אין דעם גאַנצן וואונדערגעשאַף וואָס איז געלעגן אויסגעשפּרייט פאַר זייערע פאַרגאַפטע אויגן.

„רוח" — דער באַהאַלטענער כוח אין די לופטן וואָס וויגט דאָס זאַנגענ־פעלד, רוישט דורך די ביימער־בלעטער און טרייבט די כוואַליעס פון ים — איז אויך דאָס וואָרט פאַר גייסט, שטימונג, אָטעם פון דער נשמה. „עבירה" — אַריבערטרעטן אַ גרענעץ — מיינט אויך איבערקרייצן די ליניע פון גוטס און שלעכטס; דער דרך־הישר — דער גלייכער וועג — איז דער רעכטער, ערלעכער וועג פאַר אַ מענטשנס פירונג — דער זינדיקער דרך איז די קרומע ליניע, די פאַרדאַרבונג פונם גראַדן, דעם נאָרמאַלן, דעם פון נאַטור אַליין אָנגעצייכנטן וועג. די מעטאַפאָרן און פאַרגלייכן אין אַיעדער לשון, — פאַר אונז שוין אפשר „באַנאַלע" און אָפּגעריבענע פון לאַנגן דינסט — זאָגן עדות אויף דער תחילתדיקער שעפערישער דינאַמיק, דעם וואַכן, אויפנעמיקן דמיון פון די ערשטע „שטומע" דיכטערס וואָס האָבן זיך געלערנט רעדן אויפן שויס פון דער נאַטור־מוטער אַליין.

אַלע אַספּעקטן פון דער נאַטור — דער שטילער דומם, די פאַרביקע פלאַנצן־וועלט און דער „רוח כל בשר", די מינים לעבעדיקע ברואים, האָבן צוגעטראָגן צו דער מענטשלעכער שפּראַך און איר אוניווערסאַלער סימבאָ־ליק. די שלאַנג — אַ כיטרע־בייז באַשעפעניש; דער וואָלף — אייביק הונ־געריק און בלוטדורשטיק, גרייט צו פאַרצוקן דאָס ווייסע לעמעלע, וואָס שטייט פאַר אומשולד און קינדישער אומבאַהאָלפנקייט; די „פאַלשע" קאַץ, מיט די פאַרזשמורעטע, גרינע אויגן, וואָס טראַכט אָפּצוטאָן אַלדאָס בייז צו די מענטשן, אָבער פאַרגעסט אויף גיך צוליב איר קורצן קעצישן זכרון; די „ריינע", „פאַרליבטע" טויבן, וואָס היטן דעם גאָט־געהייליקטן מזבח און

דינען ווי דער סימן־טוב פאַר אַלע ראָמאַנטישע פאָרן; דער „מאַיעסטעטי־שער" אָדלער, וואָס שוועבט אַן אַלייניקער דורך די רוימען, און בויט זיין איינזאַמע נעסט אין די העכסטע פעלזן־שפּאַלטן — ער איז דער סימבאָל פון „אַדעל", דער רויבער־באַראָן פון די פייגל, און זיין בילד איז אָפּגעזיגלט אויף אַלע אימפּעריאַלע מטבעות; דער „ווילדער", שלייכנדיקער טיגער ווע־מענס שטרייפן, וואָס בייטן זיך קיינמאָל נישט, ווי דעם נעגערס הויט, איז געוואָרן אַ מוסטער־אַנאַלאָגיע פאַר דעם געמיינעם כאַראַקטער פון דעם רשע, וואָס בייט זיך אויך קיינמאָל נישט... דער „שטאָלצער", מעכטיקער לייב מיט דער קעניגלעכער גריווע, וואָס אַלע חיות בוקן זיך פאַר אים, דעם מלך פונם וואַלד; די קאָמישע אַף, מיט אירע נאָכקרימענדיקע העוויות, וועמענס קעגנבילד מ'טרעפט אַזוי אָפט צווישן די מענטשן...

די בלוט־רויטע רויז איז געוואָרן דער סימבאָל פון ראָמאַנטישער ליבע; די ווייס־שלאַנקע, זויבערע ליליע וואָס באַקליידט די אומשולד; די סענ־סיטיווע מימאָזע, וועמענס איידעלע נערוון־פעדים רופן זיך אָפּ צו די דינסטע וויבראַציעס — ווי די ראַפינירטע נשמה פון אַ פילעוודיקן מענטש, אַ בעל־רגש... דער כמורנער, פאַרטראַכטער וואַלד וועמען די שעפערישע פאַנ־טאַסטיק פון אַמאָליקע פעלקער האָט באַזעצט מיט נימפן, סאַטירן, שדים, פּעען — סימבאָלישע פאַרקערפּערונגען פונם מענטשלעכן אור־פחד און אינסטינקטיוון שרעק פאַר די פאַרבאָרגענע כוחות פון דער נאַטור. דער אומגעהייערער ים, מיט זיינע געביטענע מראות און ברויזיקער קראַפט, פאַר־גלייכט זיך וואויל מיט די געמיט־לאַגעס פון דער נשמה, מיט די שטימונגען פון אומרו און מעלאַנכאָליע, וואָס ווייען אַן אויף איר; דער הימל טראָגט זיך איבער ביים לשון בני־אדם, אין אַלע שפּראַכן, אויף לויטערקייט, אין־סוף, קוואַל פון איבערערדישער השפעה; ווייטע האָריזאָנטן — אומענד־לעכער גרייך, וואוין־אָרט פון דער זון, אויף גמרא לשון: „שם היכא דנשקי ארעא ורקיע הדדי" — דאָרט ביי די ראַנדן פון דער וועלט וואו הימל און ערד קומען זיך צוזאַמען און קושן זיך... ליכט און פינסטערניש זענען אוניווערסאַלע, סינאָנימען פאַר גוטס און שלעכטס, אויפקלערונג און אומ־ווויסן, גייסטיקער פאָראויסגאַנג און טעמפּע אָפּגעשטאַנענקייט.

* * *

אין דעם טעגלעכן אומגאַנג מיט דער נאַטור, פון זיין איינלעבן זיך אין אַלע אירע קלימאַטן, אין אַלע ערדטיילן, האָט זיך פון דעם מענטשן ביס־

לעכוויז אָפּגעטאָן די בלינדע שרעק פאַר איר און ער האָט זיך איר אָפּ־געגעבן מיט זיין גוף און נשמה. ער האָט אין זיך אויפגענומען — ווי זיין שפּראַך און ליטעראַטור באַוויזן עס –– די אומצאָליקע סוגעסטיעס וואָס די נאַטור האָט אים צוגעוואונקען: די מוסטערבילדער פון אירע פאָרמען, די רעגיקע פּאָעזיע פון איר פּרעכטיקער קאָלירקייט, דעם מוסר פון אירע פּלאַנמעסיקע דרכים, און די רמזים פון גאָט־דערקענטעניש אין דער פּאַנאָראַמיקער שיינקייט וואָס האָט אים אַרומגערינגלט.

דער נאַטור־פאַרשער און שריפטשטעלער דזשאָן באַרראָוס צייכנט אָן איינדרוקספולע שטריכן וועגן דערשייגונגען און פּראָצעסן אין דער נאַטור, און ווי זיי רעאַגירן אויפן מענטשלעכן געמיט און אויף זיין מחשבה.

„יעדער אָנהייב־זמן אין דער נאַטור פאַרשאַפט אונז אַ באַזונדערע הנאה. דער יונגער פרילינג מיט זיינע פאַרצייכנס און שטומע אָנצוהערענישן; די ערשטע ערד־ריחות, דער ערשטער ראָבין אָדער זינגענדיקער שפּערלינג; דער ערשטער אַקערשניט אין פעלד; דער ערשטער צאַרט־בלויער הימל; די ערשטע ווילדע קוויטן; דער ערשטער אַראָפּפאַלנדיקער צוויט; די אויפ־געוואַכטע שטימען פון די זומפּן — אָט די ערשטע פרילינג־סימנים רירן אונז, רעגן אונז גאָר אַנדערש ווי דער שפּעטערדיקער, רייפער זומער. טיף־באַטייטיק זענען אויך די באַגינענס און די שקיעה׳ס; די נעכט מיט זייער שטערן־שיין; דער ים מיט זיינע כוואַליעס און שטראָמען; דער פרימאָרגן מיט זיינע טויען; דער האַרבסט מיט זיין שפע; דער ווינטער מיט זיינע שנייען; דער מדבר מיט זיינע זאַמדן. די קערנער וואָס טראָגן זיך אין ווינט זענען געלאָדן מיט געדאַנק. די פאַלנדיקע בלעטער רופן אַרויס רעיונות; דער בלומען־שטויב — נישט ווייניקער ווי דער מעטעאָרן־שטויב פון די רוימען — איז מרמז אויף די דרכי־הטבע — — — דער זייער, וואָס שפּרייזט מיט זיין זריעה־טאָרבע איבער דעם אויפגעאַקערטן פעלד, איז אַ באַוועג־לעכע אַלעגאָריע און אַ סימבאָל... בכלל, דאָס גאַנצע לעבן פון דעם עובד־אדמה, אין זיין לאַדנווירטשאַפט — זיין ערשט־האַנטיקער באַריר מיט דער ערד, זיין אַקערן, זייען, באַמיסטיקן, וואַסער־אָפּציאונג, יעטן, אויס־קאָרטשן, שניידן, דרעשן, גאַרבערן, צונויפקרייצן, דאָס אַרומצאַמען דאָס פעלד זיינס מיט די סאַמע שטיינער און פעלזן וואָס האָבן פאַרהאַלטן זיין אַקעראייזן און אָפּגעשטעלט דעם גאַנג פון זיין סאָכע, זיין פאַרוואַנדלען אַ ליידיקע וויסטעניש אין גרינע געשפּרייטן פון בליאונג און שפע — אָט דאָס אַלץ איז אַ תענוג פאַר דער נשמה צו באַטראַכטן און וועקט רעיונות אַלער־ליי, ווייל דאָס איז אַ בילד בתוך בילד און אַ משל בתוך משל. מיר לערנען

אָפּ פון דעם אַלעמען אַן אילומינירנדיקן מוסר־השכל און קומען צו העכערע דערקענטעניש." („שטודיען אין נאַטור און ליטעראַטור", ז"ז 6־105).

* * *

די נאַטור האָט משפיע געווען צום גוטן אויף די מענטשן־קינדער. מיט דעם נאָכאַנאַנדיקן אויסברייטערן פון זייער געניטשאַפט און דאָס פאַרמערן פון זייער וויסן און אירע סטאַבילע פּראָצעסן און דרכים, האָט ער אַליץ בעסער זיך פיזיש דערהאַלטן און גייסטיק אַוואַנסירט. די נאַטור האָט אים מרמז געווען דעם סוד פון לעבן אין אחדות און קעגנזייטיקער באַהילפיקייט מיט זיינע שכנים ווי אַ שוץ־מיטל קעגן לויערנדיקע סכנות. דאָס לעבן אַליין, דער רוח־חיים אין זיינע אברים איז אים געווען אַ מתנה־שאַץ פון דער נאַטור, אַן אַ גלייכן, און זיין האַרץ איז פול געווען מיט דאַנק־לויב פאַר דעם דאָזיקן גענאָד. זי האָט אים — אין לשון פון תהילים־דיכטער — „געמאַכט הויערן אויף גראָזיקע פּיטער־פּלעצער; ביי רואיקע וואַסערן, און אין די וועגן פון גערעכטיקייט האָט זי אים געטאָן פירן".

אין די קלאַסישע ווערק פון פאַרצייטנס, ווי אויך אין דעם פאָלקלאָר פון דער אַלטער וועלט, דערציילט זיך פון אַ „גאָלדענער עפּאָכע", אַ גליקלעכע צייט פון אַמאָל, ווען מענטשן האָבן געלעבט אין גליקזעליקייט ווי אַ פרידלעכע ברודערשאַפט. מ'האָט נישט געפלאַנט קיין תכסיסי־מלחמה און נישט אָנגעפאַלן אויף שכנישע שבטים זיי צו באַרויבן און פאַרקנעכטן. שלום ושלווה האָט געהערשט אין די געצעלטן פון יענע תמימותדיקע מענטשן וואָס זענען „געגאַנגען מיט גאָט", און די שלאַנג פון זינד און בייזוויליקייט האָט זיך נאָך נישט געהאַט איינגעגעסטיקט אין זייערע הערצער. דאָ האָבן מיר אונזער נביאישע וויזיע פון „אחרית־הימים" אומגעקערט אויף „בימים־ההם"...

טייל פאָרשערס פון דער קולטור־געשיכטע זענען מחולק מיט דעם טרויעריקן סך־הכל וואָס דער חומש בראשית — דורכן מויל פון דעם וועלט־באַשעפער אַליין — פירט אויס וועגן דער מענטשלעכער נאַטור: „כי יצר לב האדם רע מנעוריו", אַז דער מענטש איז אַ שלעכט, רשעותדיק באַשעפעניש פון זיין געבוירן אָן. די דאָזיקע טעאָרעטיקערס האַלטן, פאַרקערט, אַז דער מענטש איז בטבע נישט קיין רשע; אַז ער ווערט נישט געטריבן פון „בעסטיאַלע אינסטינקטן" צו שפיכות־דמים און מלחמה. די לוסט צו קריג און סתם ברוטאַליטעט זענען נישט קיין אויסגאַנג פאַר זיין „רוצחי־

שער נאַטור״, נייערט ער האָט די דאָזיקע דווקא אוממענטשלעכע נטיות זיך דערוואָרבן ווי אַ באַגלייט־מחלה פון זיין ציוויליזאַציע. מיט זיין איבער־גאַנג פון אַ רועה־צאן — אַ פרידלעכער פּאַסטוך פון שטילע שאָף און לע־מער — אין אַן עובד־אדמה — אַן ערד־אַרבעטער און באַזיצער; מיט זיין דערפינדן אַלץ בעסערע געצייגן פאַר באָדן־קולטור, אַרויסצוקריגן פון דער ערד וואָס מער — איז דער מענטש געוואָרן האַב־זיכטיק, אַמביציעז, אָפּ־געטעמפּט. זיין זשעדנע לוסט צו גאָלד, זיין רייסן זיך צו מאַכט און הער־שאַפט איז געוואָקסן מיט זיין באַשטרעבן איינצושפּאַנען די אַמאָליקע פאַר־געטערטע נאַטור־כוחות צו זיין רצון און דינסט. זיין פאָראויס־מאַרש אויף אייגענעם וועג, אַוועק פון דער נאַטור, האָט געדעגט זיין דערפינדערישקייט פאַר אַלץ־מער טויטלעכע כלי־מלחמה און צעשטער־מכשירים.

ס׳איז אינטערעסאַנט, אין דעם פּרט, צו דערמאָנען אַז אין דער שיל־דערונג — אין בראשית — פון דעם ברודער־מאָרד וואָס קין האָט דורכ־געפירט איבער הבלן, געפינט דאָס חומש פאַר וויכטיק צו באַמערקן אַז: „ויהי הבל רועה צאן, וקין היה עובד אדמה״ — און הבל איז געווען אַ פּאַסטוך פון שאָף, און קין איז געווען אַן ערד־אַרבעטער...

אָט איז די מיינונג פון אַן אָנגעזעענעם פאָרשער, אין שייכות מיט דער השערה וועגן אַמאָליקער מענטשלעכער צדקות, להיפוך זייער שפּעטערדיקער פאַרדאָרבנקייט: „פון אַ פאָרזיכטיקן באַטראַכט פון אַלע באַווייזן וואָס מיר האָבן צו דער האַנט, באַקומט זיך אַ קלאָרער שלוס, אָן שום ספק, אַז ביז דער דערפינדונג פון אַגריקולטורעלע מעטאָדן און קינסטלעכע באַוואַסערונג, ווי דאָס איז אָנגעווענדט געוואָרן אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב אין אַלטן עגיפּטן און בבל, האָט די וועלט טאַקע באמת געגאָסן פון אַ גאָלדענער עפּאָכע, ווי העסיאָד האָט באַשריבן. דער מענטש איז נישט געטריבן געוואָרן צו מלחמה־פירונג דורך זיין אינסטינקטיווער קאָמפּסלוסט, נאָר דורך זיין באַגעריקייט נאָך רייכטום און מאַכט, וואָס דערפאַר גופא איז פאַראַנטוואָרטלעך די אַנט־וויקלונג פון דער ציוויליזאַציע.״ (פּראָפ. עליאָט סמיט — ציטירט אינם בוך „די מענטשלעכע ירושה״, פון ה. דש. מאַסינגהאַם.)

רייזנדיקע באַאָבאַכטערס פון דעם לעבן פון פּרימיטיווע שבטים, ווי דער קאַטוילישער גייסטלעכער הוגענין, וואָס האָט אָפּגעלעבט פערציק יאָר אויף ווייטע אינזלען אין „עק־וועלט״, דערציילן אַז צווישן די איינגעבאָרענע אין יענע פאַרוואָרפענע ווינקלען מערקט מען נישט קיין שום געוואַלט־אויס־ברוכן. זייערע געמיטער זענען פריי פון כעס, האַס און צאָרן. יענע פּשוטע נאַטור־מענטשן, צו וועמען אונזער ציוויליזאַציע האָט נאָך נישט דערגרייכט

— סיי די באַוואוינער פון די קאַלטע פּאָלאַרישע צפון־געגנטן, סיי די פון הייסע טראָפּישע קלימאַטן — ווייסן נישט פון קיין שקלאַפעריי, פון מענטש־לעכע קרבנות, פון אַ שטאַט־רעליגיע אָדער אַ הערשנדיקן קלאַס. אַ יושר־דיקייט אין דעם אומגאַנג איינער מיטן צווייטן, ווי אויך צווישן די געשלעכ־טער, און אַ פרייע, היימישע געמיטלעכקייט אין זייער צוזאַמענלעבן, איז אַזוי נאָרמאַל־נאַטירלעך פאַר זיי, אַז ס'פאַלט זיי גאָר נישט איין זיך אַרויס־שטעלן דערמיט ווי מיט אַן אויסנעמלעכקייט.

דער אומגלייבלעך־הויכער עטישער ניוואָ, די ספּאָנטאַנע, נישט אַרויפ־געצוואונגענע און נישט דיקטירטע געזעלשאַפטלעכע מאָראַל פון אַ רעכט־פאַרטיקן דור, אין דער גאָלדענער עפּאָכע פון אַ לעגענדאַרישן קדמונים, ווערט כאַראַקטעריזירט פון דעם פאַרצייטיקן, כינעזישן דיכטער־דענקער לאַאָ טצע. אויך אין אַנדערע שריפטן פון אַלטע ליטעראַטורן ווערט גערעדט אין זעלבן גייסט, און כמעט מיט דיזעלביקע ווערטער, וועגן נאַטוראַלע „חסידים" און „צדיקים", אין אַ ליכטיקער פעריאָדע פון שוין געוועזענע „משיח־צייטן", וואָס האָט אַמאָל באַשיינט דאָס מענטשן־לעבן, — אָבער וואָס האָט זיך זינט דעמאָלט, צום באַדויערן, נישט צוריקגעקערט... „זיי האָבן זיך ליב געהאַט איינער דעם צווייטן — נישט ווויסנדיק אַז מיט דעם פאַלגן זיי אַן עטיש געבאָט פון „ואהבת"; זיי האָבן געהאַנדלט ערלעך און געהאַט ריינע הערצער — אָבער נישט תופס געווען אַז זיי זענען „גוט און פרום"; זיי האָבן זיך קעגנזייטיק געדינט מיט אַלעם מעגלעכן — אָבער נישט אין זינען געהאַט אַז זיי טוען טובות, אָדער אַז זיי זענען מקבל חסדים. בכן האָבן זייערע מעשים נישט געלאָזן קיין שפור, און ס'איז נישט פאַרבליבן קיין געשיכטע פון זייער לעבן און זייער גורל."

* * *

די נאַטור פיגורירט מיט חשיבותדיקער אָנגעזעענקייט אין אַלע ליטעראַ־טורן, אין די ווערק פון לענגסטן עבר, ווי אין די שאַפונגען פון היינטיקע שרייבערס. די ביבלען פון די פעלקער זענען זיך שטאַרק סומך אויף דער נאַטור. די פּרעכטיקע נאַטור־בילדער, צעוואָרפן איבער די כתבי־קודש, גע־הערן צו די שענסטע מוסטערן אין דער וועלט־ליטעראַטור. דער גראַנדיעזער סיני־ספּעקטאַקל פון מתן־תורה ווערט אויפגעפירט אויף אַ נאַטורעלער בינע, מיט אַ פּאַרכטיקער, עלעמענטאַרער סצענירונג: דונערקנאַל און בליצ־פייער, און קולות וואָס האָבן זיך געטראָגן אין לופטן, קולות וואָס מ'האָט

זיי אי געהערט אי געזען... די גאַנצע בריאה איז געווען אָנגעשפּיצט צום מוראדיקן מאָמענט ווען די אימהדיקע שטים פון דעם וועלט־באַשעפער, פון די צעצונדענע הימלען איבערן באַרג סיני, האָט אויפגעציטערט די רוימען מיט דער פּראָקלאַמירונג פון „אנוכי" — די צען געבאָט פון יידישער מענטש־לעכקייט... משה נעמט דעם הימל און ערד פאַר עדות צו זיינע פייערלעכע נאַטור־בילדלעכע „האזינו"־רייד צו דער עדה פון ישראל. די נאַטור, ווי זי פיגורירט אין די תנ"כישע ספרים, ווערט אויפגענומען אין אַ באַזונ־דער עסיי.

די סאַנסקריטישע עפּאָפּייען, די הימנען און הייליקע ספרים פון אַלטן אינדיע, זענען דורכגענומען מיטן קלימאַט פון אַ פאַרכאַפּנדיקער סימבאָליש־געטלעכער נאַטור. די עפּישע מאַיעסטעט, די נאָבעלע פאַרנעמיקייט פון דער האָמערישער פּאָעזיע באַציט זיך, אין אַ היפּשער מאָס, פון דער סצענעשאַפט פון דעם נאַטור־אַרום — די טורעמדיקע בערג, דער געהיימנישפולער, לאָקנ־דיקער ים.

די נאַטור שפּילט אַ בפירושע ראָלע אין דער קלאַסיש־גריכישער טראַ־געדיע: די הימלען וויינען־מיט פון רחמנות צום פעלז־געשמידטן פּראָמע־טעאוס; און דער גאַנצער באַשטאַנד שטייט גרייט אים צו דינען און העלפן — נישט געקוקט אויף דעם וואָס ער אַליין איז עס געווען דער וואָס האָט אויסגעלערנט די שטערבלעכע מענטשן ווי אויסצונוצן די נאַטור און אונ־טעריאָכן די עלעמענטן צו זייער רצון...

דאַנטעס שאַפט הינטערגרונט און שטימונג מיט זיינע שילדערונגען פון אין־סופיקע הייכן און לאַבירינטישע טונקל־וועגן צווישן די אַלפּן.

און אַזוי כסדר, פון די סאַמע ערשטע פאָלקסשרייבערס ביז דעם נייעסטן וואָרט־קינסטלער פון אונזער דור, פילט אַפּנים איעדער דיכטער און שייַן־שרייבער בחוש, אַז ער קאָן נישט אויסשליסן די נאַטור פון זיין ליד, פון זיין מעשה־דערציילן. אַלע מענטשלעכע געפיל־צושטאַנדן, אַלע געמיט־לאַ־געס, דריקן זיך אויס עפעקטפולער, גיבן זיך איבער קינסטלעריש בעסער, קעגן אַ פּאַסיקער נאַטור־ראַם. די פאַרליבטע יוגנט האָט ווי אַדאָפּטירט די „בלייכע לבנה" ווי איר פאַרטרויטע און שיצערין. די וויינענדיקע ווערבע, איבערגעבויגן נידעריק איבערן פאַרחלומטן טייכל, איז אויסגענוצט געוואָרן טויזנטער מאָל פון די לירישע באַלאַדיסטן. די פּאָעטן פּרואוון אַלעמאָל איבעראַנייס אויפכאַפּן אין דיכטערישן געמעל דעם קאָלירין פּייזאַזש און דעם גייסט פון באַנייאונג און לעבנספרייד, פון דער צויבערלעכער פרי־לינגס־צייט — אָבער זיי איז דאָס נאָך אַלץ נישט פולקאָם געלונגען...

דער טריבער שלאַקס־רעגן, ווי דער הימל אַליין וואָלט געגאָסן „בוכן טרערן״, און די ווינטן וואָלטן מיטגעיאָמערט אין כאָר, איז אַ „נאַטירלעכער״ הינטער־גרונט פאַר עפּיזאָדן פון צער און פּיינלעכן געשעען. די הויכע, טונקעלע ציפּרעסן־ביימער וואָס שטייען ווי היטערס נעבן אַ בית־עלמין, אָדער וואָס רינגלען אַרום אַן איינזאַמען, פאַרלאָזענעם שלאָס, שפּרייטן נאַכטיקע שרעק און ווייען אַן אומהיימלעכקייט אויף דער נשמה פון אַיעדן פאַרבייגייער. און ווען פילנדיק האָרץ איז נישט פאַרקוועטשט געוואָרן פון דער עלעגיע וואָס ס׳שפּילן אויס די האַרבסט־פידלען — דער שטימונגפולער האַרבסט מיט זיין טראַגיש־הערלעכער פאַרבן־סימפאָניע, מיט זיין רויטער אָרגיע פון לעצטן ווידערשטאַנד צו דער גזירה פון אונטערגאַנג, מיט זיין פלאַמיקן פּאַטאָס פון אָפּוועלקן און פאַרגיין?

די שרייבערס און דעקאָראַטיווע קינסטלערס פון אַלע צייטן וואָלטן זיך גאָר שווערלעך געקאָנט באַגיין אָן דעם פאַרב־געציר, אָן דער פיגוראַטיווער סימבאָליק, און די אייביק־באַטייטיקע אַנאַלאָגיעס וואָס זיי באַציען פון דער וועלט־מוטער, די נאַטור, וואָס טוט רעדן פאַר זיי — ווען זייערע אייגענע אָרעמע אויסדרוק־מיטלען לאָזן זיך אויס — צו אַלע מענטשלעכע הערצער אין אַלע צייטן, אין אַלע ווינקלען פון דער באַוואוינטער ערד.

* * *

ווי אַ הקדמה צו מיין טעמע האָב איך, אין דעם פריער געזאָגטן, זיך פאַרמאָסטן אויף אַן איבערבליק איבער דער געוואַלטיקער השפּעה פון דער נאַטור אויף די בראשיתדיקע דורות, און ווי איר איז צו פאַרדאַנקען די ערשטע אימפּולסן אין דער מענטשלעכער נשמה פון רעליגיעזן און ליטעראַרישן אויסדרוק. מיין כוונה אויף דעם אָרט איז אָבער, דער עיקרשט, אָנצומערקן אויף דעם שטעמפּל וואָס די נאַטורעלע סביבה, אין פאַרשידענע מקומות, האָט אָפּגעדרוקט אויף דער ראַסן־פּסיכיקע; אויף דעם פיזישן עצם, אין דער כאַראַקטעריסטיק פון די פעלקער־גרופּן — און ממילא אויף זייערע ליטעראַטורן.

דער ניל־טייך וועמענס וואַסערן האָבן פּרוכטבאַר געמאַכט דעם היסטאָ־ריש־באַרימטן נילוס־טאָל — אַ נאַטור־דערשיינונג וואָס האָט מעגלעך גע־מאַכט דעם אויפקום פון מעכטיקע דינאַסטיעס און דער רייכער קולטור פון פאַרצייטיקן עגיפּטן; דער מילדער, לויטערער הימל און דער בלויער מיטל־לענדישער ים, וואָס לאַשטשעט די ברעגן פון די גריכישע אינזלען; די

ווייט־געשפרייטע, מאָנאָטאָנע סטעפּעס פון ראַסיי; די לאַנגע, סומנע, פאַר־
שנייטע ווינטערס און די אייזיקע קעלטן פון די סקאַנדינאַווישע לענדער;
די בונטע, גרינע לאַנקעס, די גרויע הימלען פון דעם ים־באַגורטן בריטאַניע
— אָט די אַנדערשדיקע לאַנדשאַפטן און סביבות האָבן בלי־ספק איבערגע־
לאָזן אָנזעעוודיקע צייכנס, אַ „חן־הארץ", אויף די ליטעראַטורן וואָס האָבן
אויפגעבליט אין יענע מדינות. טעאָקריט אין סיציליע, האַמסון אין נאָרווע־
גיע, טורגעניעוו אין רוסלאַנד, האַרדי אין ענגלאַנד און עמערסאָן אין אַמע־
ריקע — די דאָזיקע באַרימטע פיגורן סימבאָליזירן דעם געניוס פון נאַציאָ־
נאַלע ליטעראַטורן, וואָס זענען אַנדערש איינע פון דער צווייטער ווי עס
זענען אַנדערש די געביטענע לאַנדשאַפטן און פּערספּעקטיוון, וואָס דאָס דיכ־
טערישע אויג פון אָט די שרייבערס האָט זיך אויף זיי אָפּגעשטעלט. יעדער
פון זיי האָט אויפגענומען אין זיין נשמה, פון קינדוויַיז אָן, די אָרטיקע סצענע־
שאַפט מיט אירע אייגענע קאָלירן ניואַנסן, טענער און שטימונגען פון
זיין געבורטלאַנד. ער, דער שרייבער, טראָגט אויף זיך, און אין זיך, דעם
„חן־המקום", די אָפּצייכענונג פון דעם לאַנד־אַרום, וואו ער איז פאַרוויגט
געוואָרן און אויפגעוואָקסן, און זיין קינסטלעריש ווערק, איז דער זיגל פון
זיין יחידישקייט, וואָס ראשית־כל־הקודם די נאַטור אַליין האָט, די ערשטע,
אויף אים אָפּגעפּרעסט.

פון קענטיקע סימנים, וואָס לאָזן זיך אַרויסזען אין די פאָלקס־ליטעראַ־
טורן, קען מען אָפּלערנען, אַז ס'איז פאַראַן אַ מין עסטעטישע קרובהשאַפט
צווישן נאַטור און פאָלק. דער וועלט־באַנעם פון אַ פאָלק, זיין בליק אויפן
לעבן, זיין „פילאָזאָפיע", איז ווי־אַרומער אָפּהענגיק אָן זיין נאַטורעלער
סביבה. די גרויסע פעלקער־משפחות — ווי מיר נעמען אויף אין זייערע
ליטעראַטורן — האָבן אין אָט דער באַציאונג אַרויסגעבראַכט זייער אייגענע
השקפה, זייער אייגענעם געדאַנק. דער באַזונדערער אויסבליק פון אַ פאָלק
קען מיט דער צייט פאַרענדערט ווערן, צוליב אויסוואַנדערן, צוקום פון
אַנדערע ראַסן־עלעמענטן, קולטורעלע השפעות פון דער פרעמד. אָבער לאָ־
קאַלע פאָלקס־מאָטיוון, כאַראַקטעריסטיש פאַר יענעם ציבור און יענעם געאָ־
גראַפישן פונקט אויף דער ערד־מאַפּע, ווערן אינגאַנצן נישט פאַרווישט.

דער פאַרצייטיקער מיטאָס — אין נוסח און „סטיל" פון די באַזונדערע
אַמאָליקע פעלקער — פאַרקערפּערט בילדלעכע אידייען פון דער נאַטור, ווי
אַ קוואַל פון אייביקן לעבן און געטלעכער השגחה. דער אָריענטאַלישער
גייסט, געגערט פון אַן אַלטער, טיף־פאַרצווייגטער קולטור, און בטבע גע־
נייגט צום ערנסטן נאָכדענקען און מעדיטירן, האָט זיך אַריינגעטראַכט אין

די „מעשׂי־בראשית" פון דער נאַטור: די מיסטעריע פון געבורט, לעבן און טויט; דאָס זוימענקערנדל, בלום און פרוכט; די רעגלמעסיקייט פון טאָג און נאַכט; דער געזעצטער „גאַנג" פון די הימל־קערפּערס; די געהיימע חכמה וואָס איז מסדר די טבע און „פירט די וועלט". און דער גריך, מיט זיין סענסיטיוון חוש פאַר שיינקייט, סימעטריע און פאָרעם, איז אַנטציקט געוואָרן פון דעם פּיקטורעסקן מראות־עין פון דער נאַטור: די מאָלערישע פאַרביקייט פון הימל און ים; דער שאָטן פון אַ קלומפּן אָליוון־ביימער, וואָס צייכנט זיך — ווי אויף געפּינזלטן לייוונט — אויף זון־געפּלעקטער לאָנקע; די געשלענגלטע הויך־און־נידער ליניע פון באַרג און טאָל, ווי גרינע יבשה־כוואַליעס וואָס ציען צום האָריזאָנט.

אין דער ליטעראַטור רעפלעקטירט זיך נישט בלויז דער דעקאָראַטיווער אַספּעקט פון דער לאָקאַלער לאַנדשאַפט, נאָר אויך די פּסיכאָלאָגיע פון פאָלק־און־לאַנד, דער קאָסמישער בליק פונם פאָלק — זיין צובונד צו דער נאַטור און זיין גורלדיקער באַהעפט מיט איר, זיין שטייגער פילן און טראַכטן וועגן איר, און זיין אייגענער געדאַנקלעכער אויסטייטש.

ס'דאַרף אויף דעם אָרט דערמאָנט ווערן אויך די נאַציאָנאַלע באַשעפּ־טיקונג פון אַ פאָלק — וואָס באַציט זיך אויך ס'רוב פון דער נאַטור — ווי יאַגד, פישפאַנג, באָדנקולטור, פּי־צוכט, האַנטווערק און קאָמערץ — ווי אויך זיינע מנהגים און צערעמאָניאַלן — דאָס גאַנצע שטייגער לעבן זיינס און דער אופן ווי עס דערווערבט זיך זיין טעגלעך ברויט, האָט זיך אָפּגע־רופן אויף דעם פאָלקס־כאַראַקטער און נאַטירלעכערווייז אויף זיין ליטעראַטור.

אמת, די נאַטור רעגט אַלע מאָל די פאָרשטעלונגס־קראַפט פון מענטשן, אין אַלע צייטן און ערטער — אָבער, די פאַרשידנקייט אין אויסזען, כאַראַק־טער און וועלט־באַנעם פון די פעלקער, און ווי דאָס האָט זיך געשטאַלטיקט אין זייערע ליטעראַטורן, איז ענג פאַרבונדן מיט די אומגלייכע תנאים וואָס זי, די נאַטור, שטעלט צו פאַר דעם פיזישן לעבן, און איבערלעבן, פון אַ פאָלק, אין אַן אָנגעגעבענער געאָגראַפישער ספערע.

די סאַמע ערשטע ביאָלאָגישע עובדא פון אַ שבט איז געווען דאָס צו־פּאַסן זיך צו זיין נאַטירלעכער, פיזיקאַלישער סביבה. אין אָט די אָרטיקע און גורמדיקע באַדינגונגען פון לאָקאַציע און סביבה איז צו זוכן דעם יסוד פון דער אַנדערשקייט פון די ראַסן — בעיקר, יענע פאַרשיידנקייטן וואָס זענען אויבנאויפיק צום דערקענען, און וואָס, ווי דער שכל איז מחייב, האָבן אַ באַלדיקע שייכות צו דעם מאָדוס וויווענדי, דעם יחידישן שטייגער און נוסח פון דעם ראַסנלעבן.

מ׳דערקענט תיכף אויפן אָרט אַז אויף אַ גאָר אַנדערער ערד און אונטער אַן אַנדער מין הימל זענען אויפגעקומען די אַראַבער, למשל, — וואָס לעבן פון אברהם אבינוס צייטן ביי די ראַנדן פון אַ זון־געגליטן מדבר — און, לאָמיר זאָגן, די סקאַנדינאַווער באַפעלקערונג — וואָס פילן אויס זייער קורצינקן זומער מיט שווערער פּראַצע, בכדי זיך פּאַרגרייטן מיט חיונה דורך דעם לאַנגן און האַרבן ווינטער. מ׳דאַרף נישט זיין קיין עטנאָגראַפי־שער געלערנטער צו דערקענען, ביים ערשטן בליק, די כמה פּרטים פון אומ־ענלעכקייט צווישן אַ רואיק־ערנסטן, ברוין־הויטיקן, שוואַרץ־אויגיקן איג־דיער־טיפּ פון דעם אינדוס־טאָל, מיט אַ טורבאַן אַרום קאָפּ און איינגעהילט אין אַ ווייס ליילעך־קלייד — און, אַ שטייגער, אַ קערעוודיקן, שטרוי־בלאָנדן, העל־פּנימדיקן האָלענדער, מיט די ברייטע פּלידערן און הילצערנע שיך, אויף זיין דאַמבן־באַוואָרנטער ערד, ביים מויל פון ריין.

אָט די אַנדערשקייטן און אומגלייכענישן פון די פעלקערשאַפטן און ראַסן, אין זייער פיזיאָנאָמיע, טעמפּעראַמענט, הלבשה און כלליקן לעבנס־שטייגער, איז אַזוי נאָענט־שייכותדיק צו די פאַרהעלטענישן פון טבע, קלימאַט און נאַטוראַלער סביבה, אַז מ׳מוז קומען צום באַשלוס פון סיבה און פּועל־יוצא — אַז די ערשטע זענען אָפּהענגיק און פאָלגן פון די צווייטע.

* * *

דאָס ביז־איצטיק געזאָגטע צילט צום אויספיר אַז דעם פיינלעך־פאַרהאָ־רעוועטן סכום פון וויסן — אויפן שטח פון מאַטעריע און אין דער ספערע פון גייסט — האָבן מענטשן זיך אַנגעאייגנט אין דינסט ביי דער נאַטור. פון זייער אַנגסטיקן געראַנגל, פון זייער אויסשטיין קאַלטס־און־וואַרעמס, געפּרואווט ווערן, מיטמאַכן און דורכלעבן מיט דער נאַטור אין וואַלד און פעלד, באַרג און טאָל, יבשה און ים, האָט זיך געמערט די געניטשאַפט, די לעבנס־קענטעניש, די חכמה און לערע — דער אימפּאָזאַנטער קולטור־סך־הכל פון דורותדיקן אָנקלייב און אויפזאַמלונג.

די קולטור איז אַ פּועל־יוצא פון דער קעגנווירקונג פון נאַטור און מענטש: דער מענטש ענדערט אום די לאַנדשאַפט — ער גלייכט אויס בערג, לענקט דעם קורס פון טייכן, באַוואַסערט דעם מדבר און מאַכט אים אויפ־בליען מיט אַ גרינער שפע — און די נאַטור פאַרענדערט דעם מענשטן. אַן אַנדער קלימאַט סביבהט אויס אַן אַנדער „נאַטור״, אַנדערע לעבנס־

תנאים, און פון זיי שאַפט זיך אַן אַנדער טיפּ מענטש, מיט אַן אַנדער געשטאַלט און אַן אַנדערע „טבע״.

דער מענטש נעמט איין די נאַטור, זיגט איבער איר, נישט דורך ווידער־שטאַנד און קאַמף, נייערט דורך צופּאַסן און זיך אונטערגעבן. ער לעבט זיך איין מיט זיין געאָגראַפישן אַרום און בזכות־זה לעבט ער איבער. ער נייגט די נאַטור־עלעמענטן צו זיין דינסט און ווערט דערווייל גופא געפורעמט און פילפאַכיק באַווירקט דורך זיי. אַנדערע נאַטור־פאַרהעלטענישן — אַנ־דערע מענטשן.

היפּאָליט טען האָט אָט דעם געדאַנק גרינטלעך באַנומען און קרעפטיק אויסגעדריקט:

„הגם מיר קאָנען נישט נאָכפאָלגן מיט אַקוראַטנער געוויסהייט די וואַנ־דערונגען פון די אַרישע פעלקער, פון זייער ראשיתדיק פאָטערלאַנד ביז די וואוין־ערטער וואו זיי האָבן זיך לסוף אָפּגעשטעלט, קאָנען מיר אָבער פעסטשטעלן, אַז די טיף־גרייכיקע אונטערשיידן וואָס טיילן אויס די גערמאַ־נישע פעלקער פון איין זייט, און די גריכיש־לאַטייני‏שע פון דער צווייטער, וואַקסן אַרויס, אין אַ גרויסער מאָס, פון דעם געאָגראַפישן חילוק פון די לאַנד־געביטן וואָס זיי האָבן באַזעצט: טייל אויף פייכטע ערד־שטרעקעס, אין די טיפענישן פון ווילדע, זומפּיקע וועלדער, אָדער ביי די ברעגן פון אַ בייזן, צעבושעוועטן ים. יענע זיינען [פון וועגן דעם דערדריקטן געמיט וואָס אַזאַ נאַטורלאַגע רופט אַרויס] אונטערגעוואָרפן געווען אַ שטענדיקער אַן־אַ־פאַרוואָסיקער מאַנקאָליע, אָדער שטורעמדיקע אויסברוכן; געצייגט צו שיכרות און זולל־וסובא תאוות; אָפּגעגעבן צו מלחמה־לוסט און שפיכת־דמים. אַנדערע פאָלקס־גרופּן דאַקעגן, האָבן אויפגעשלאָגן זייערע געצעלטן ביי כישופדיקע לאַנדשאַפטן, אויף אַ זון־באַגאָסענעם און מנוחהדיקן ים־ברעג. זיי האָט געצויגן צו קאָמערציע, אונטערצונעמען אויספאָרש־נסיעות אויף ווייטע ימים; פריי פון מגושמדיקן פרעס־יצר־הרע, מיט אַ נטיה, פון תחילת אָן, צו געזעלשאַפטלעכע צילן, צו פרידלעכער, אָרגאַניזירטער שטאַט־לעכקייט, צו געפילן און לוינען וואָס וועקן די גאָב פאַר אָראַטאָריע, דעם טאַלענט פאַר גענוס, די אַנטוויקלונג פון וויסנשאַפט, ליטעראַטור, קונסט.״

מאַטעריע און גייסט זענען גאָר נישט אַזוי ווייט אָפּגעשיידט ווי מיר זענען געוואוינט צו טראַכטן וועגן זיי. אַ השפעה וואָס איר אָנהייב איז לפנים אַ פּראָסט פיזישע, קאָן אויך ווערן אַן אינטעלעקטועלער און גייסטיקער גורם. וואָרים אַ מענטש האָט נאָר איין לעבן, און אַלדי כוחות און יניקות

וואָס דינען, ווי עס דוכט זיך, בלויז דעם גוף, געשטאַלטיקן אויך די גאַנצע פּערזענלעכקייט פון אַ מענטשן.

דאָס לעבן ביים ים, פּאַר אַ משל, רעגט דעם נייגיר צו דערגיין וואָס ס׳טוט זיך אויף „יענער זייט" פונם גרויסן וואַסער, צו גענויאַגטע פּאַרמעסטן און אַוואַנטורן, צו זעגלען צו די ווייטע פּאָרטן. ביים ים־פּאָרער אַנטוויקלט זיך, מיט די יאָרן, אַ מוסקולערער קערפּער, אַ קילער מוח און אַן אַנטשלאָסענער רצון צו דערגרייכן און מצליח זיין דאָרט וואו אַנדערע האָבן נישט באַוויזן און זענען דורכגעפאַלן. אגב, דער כאַראַקטער פון ענגלישן פאָלק, זיין רואיקער, עמאָציאָנעל־געצאַמטער טעמפּעראַמענט, בריטאַניעס הערשאַפט איבער די ימים, אירע גרויסע און ווייטע דעראָבערונגען, קאָן מען אפשר, אין דעם ליכט, טיילווייז דערקלערן.

* * *

די גאָר־אַמאָליקע מענטשן פון גרויען קדמונים האָבן — ווי אַ קאַטעגאָרישן תנאי זיך צו דערהאַלטן ביים לעבן — זיך געמוזט צופּאַסן צו זייער סביבה און מיט איר שלום מאַכן. די שוואַכע און אומפּעאיקע זענען געפאַלן אין דעם גרויליקן, אומברחמנותדיקן קאַמף פאַרן לעבן. ווער קאָן אויסרעכענען די מוראדיקע צאָלן פון יענע וואָס זענען אומגעקומען פון היץ, קעלט, דורשט, הונגער, חיות־רעות, מחלות אַלערליי און עלעמענטאַרע קאַטאַסטראָפעס — — ביי די לעבן־געבליבענע און זייערע נאָכקומענדיקע דורות באַווייזן זיך שפּעטער גופישע און גייסטיקע באַזונדערקייטן, כאַראַקטעריסטישע כשרונות און אַ לאָקאַלע טיפּיזירונג אין הסכם מיט דער סביבה פון זייער אויסלעבן און איבערלעבן. נאָכדעם באַווייזן זיך די פאָלגן פון דעם פּראַקטישן אָנווענד, למעשה, פון יענע יחידישע מידות, אייגנקייטן און כאַראַקטער־סטרי פון אַ פאָלק אויף זיין חברותא־לעבן, אויף זיינע פּאָליטישע, רעליגיעזע און קינסטלערישע געביטן פון אויסדרוק. מדרגהווייז באַקומט זיך פון דעם גאַנצן דער שאַפונג־סך־הכל פון דעם פאָלק — זיין שפּראַך, זיינע אינסטיטוציעס, אמונה, מנהגים, מלוכה־שטייגער, הלבשה, אַרכיטעקטור; זיין ראָלע צווישן די שכנישע פעלקער; מיט איין וואָרט — זיין געשיכטע. דאָס איז געווען דער פונדאַמענטאַלער און וויכטיקסטער טייל פון דעם „אלה תולדות", פון דער אויפקום־געשיכטע פון אַיעדן פאָלק — דער טייל וואָס דאַרף צוגעשריבן ווערן דער נאַטור.

דער היסטאָרישער ייד אויף דער הייליקער ערד פון אַלטן חומש־לאַנד;

דער גריך אויף זיינע בליענדיקע אינזלען, נעבן זיין זוניקן ים; דער צפון־מענטש ביים ברעג פון דעם פאַרפראָרענעם דאַך פון דער ערד; און דער מוּר אונטער האַלב־טראָפּישע זונען — זיי אַלע שטעלן מיט זיך פאָר מענטשן־טיפּן מיט אַן אייגענער מראה און אייגענעם קולטור־שטייגער, וואָס זענען אויפגעכּאָוועט געוואָרן אויף ווייט־צעשיידטע באָדן־לאָקאַציעס, אין צעוואָרפענע ווינקלען פון דער ערד. די דאָזיקע פעלקערשאַפטן, לעבנדיק אין אַנדערע גלאָבאַלע מקומות, מיט אַנדערשדיקע נאַטוראַלע אַרומיקייטן, רעפלעקטירן אין זייער באַזונדערן כאַראַקטער און אויפּטו דעם חותם פון דער וואַריאירטער פיזיקאַלישער מיליע פון זייער אָפּשטאַם.

דורך אירע אייגענע סובטעלע און פאַרבאָרגענע דרכים באַווירקט די נאַטור דעם לעבנסשטייגער, ווי דעם פיזישן און גייסטיקן גורל פון פעלקער און ראַסן. זי פורעמט, אַנדערשט און טיילט אויס מיט לאָקאַל־קאָליר זייער רעליגיעזן סדר, זייער פילאָזאָפישן אויפנעם, דעם גאַנצן געשיכטלעכן גאַנג זייערן. און דער וואָס זוכט צו באַנעמען דאָס פולע בילד פון נאַציאָנאַלן לעבן, ווערן און שאַפן וועט אין ערגיץ נישט אַרויסעזן איר געוואַלטיקן אָפּדרוק און מעכטיקע השפעה ווי אין די ליטעראַטורן פון די פעלקער.



## די נאַטור אין

## יידישן באַנעם

די דריי הויפּט טעמעס פאַר דער ליטעראַטור — ווי איך האָב שוין אויף אַן אַנדער אָרט באַמערקט — זענען גאָט, נאַטור און מענטש. דער מענטשלעכער געדאַנק, פון אַנהויב פון די צייטן, האָט זיך געטיפט אין די דאָזיקע גרונט־אידייען פון דער עקסיסטענץ. די געדאַנקלעכע דערגרייכן פון די פעלקער אַרום אָט די תוכיקע באַגריפן זענען געקומען צום אויסדרוק אין דער רעליגיע, פילאָזאָפיע, ליטעראַטור און די קונסטן.

די נאַטור, ווי אַ מיטלפּונקט צווישן גאָט און מענטש, האָט פון תמיד אָן פאַרנומען די טראַכטנדיקע מוחות פון אַלע דורות.

איז דער מענטש פאָראויס באַשטימט צו באַהערשן די נאַטור, זיך אַריבער־צוהייבן איבער איר און ווערן איר מושל? אָדער, ער געפינט זיין וואוילזיין, און גליקזעליקייט, אין פּאַסיווער רעזיגנאַציע צו אירע בלינדע כוחות, אין שרעקיקער אונטערטעניקייט צו דער פּחד׳פולער געהיימקראַפט וואָס גע־וועלטיקט אין איר, און צו וועלכער יעדעס באַשעפעניש איז אונטערגעוואָרפן? מענטש קעגנאיבער דער נאַטור — איז ער דער בחיר־היצורים — דער אויסדערוויילטער פון אַלע לעבעדיקע ברואים — וועמענס גאָט־באַשטימטער גורל איז צו אונטעריאָכן די חיות, באַצווינגען די ערד אַרויסצוגעבן איר תּבואה, דעם בוים זיין פּרוכט, דעם ים זיין יניקה, און ער, ווי אַ שטאָלצער הערשער, „עטוואָס ווייניקער ווי די געטער", זאָל שפּרייזן מיט אויפגעהוי־בענעם קאָפּ איבערן פּנים פון דער ערד — די ערד, און אַלץ וואָס אויף איר, און אונטער איר, וואָס אים איז באַשערט צו ירשענען? אָדער דער מענטש איז אַ נישטיק באַשאַף אָן אַ פרייען רצון און אָן אַ צוקונפט — אדם יסודו מעפר וסופו לעפר — וואָס זיין שורש איז פונם שטויב פון דער ערד און צום שטויב מוז ער זיך אומקערן — און זיין גורל איז איינס מיטן גורל פון אַ בלודנעם בעל־חי; אַ בריה וואָס דער פּחד פאַר דער מוראדיקער נאַטור־סטיכיע איז תמיד אויף אים — אַ שרעקלעכער, אומדערבאַרמדיקער ווילן

אין דער טבע וואָס לויערט אויף אים אייביק אים צו פאַרלענדן, און איז קאַפּאַבל צו יעדער רגע אָפּצייכנען אַ פּלוצימדיקן עד־כאן צו דעם קורץ־שפּאַן פון זיין געפלאָגט לעבן אויף דער וועלט? איז דער מענטש אַ זעמדל אין דעם מאוימדיקן חלל פון די וועלטן, אַ ברעקל באַוועגלעכע פּראָטאָ־פּלאַזמע וואָס ווערט פאַרטראָגן פון די קאָסמישע ווינטן אויף אייביק, אָן אַ שפור — אָדער ער איז באַשטימט פאַר אומשטערבלעכקייט, אין אַן אומ־אויפהערלעכן ווייטערגאַנג, אין די אייביקייטן פון אָנגייענדיקער פאַרוואַנד־לונג און גלגול־הנפש?

די פאַרצייטיקע היידנישע וועלט האָט זיך געשאַפן אירע אייגענע פאַר־ענטפערס אויף די דאָזיקע האַרבע קשיות. אין גייסט פון אָט די ענטפערס האָט זיך געשטאַלטיקט איר אמונה, איר פילאָזאָפיע, איר קונסט און איר ליטעראַטור.

די יידישע השקפה אויף דער צווישן־שייכות פון נאַטור און מענטש, דער יידישער באַנעם וועגן דער ראָל פון דעם מענטשן און דעם סדר־העולם, איז לגמרי אַן אַנדערער פון דער פּאַגאַנישער. אין אָט דעם פּרט פון דער פאַרשיידנקייט פון דעם יידישן איינשטעל, ליגט דער עפּאָכאַלער אויפטו פון דעם יידישן בייטראַג. דאָ איז צו מערקן דעם געוואַלדיקן תהום וואָס שיידט אָפּ דעם יידישן פון דעם בישט־יידישן וועלטבליק. דאָס יידי־שע פאָלק, זיין געשיכטע, זיין גורל צווישן די פעלקער, און זיין ליטעראַטור, האָבן זיך געפורעמט אַרום דעם צענטער־פּונקט פון אָט דער השקפה.

* * *

ווי האָבן די געצנדינערישע פעלקער באַנומען די נאַטור? ווי האָט דער עובד עבודה־זרה זיך פאַרגעשטעלט זיין וועלט? מחוץ זיין דינען צו די געטער — ווי האָבן זיי אים געדינט? זענען זיי געווען פאַר אים אַ פעלז פון אמונה און אָנשפּאַר, ווען די שטורעמס פון לעבן און נאַטוראַלן אויפ־ברויז האָבן געבושעוועט אַרום אים?

ראשית כל דאַרף מען זיך באַפרייען פון דעם ווייטפאַרשפּרייטן, דאָך נאַאיוון, באַגריף אַז דער אַזוי גערופענער געצנדינסט, די רעליגיע פון אַלע פעלקער פון דער אַנטיקער וועלט, האָט באַטייט, פּראָסט־פּשוט, דינען צו אָפּגעטער פון האָלץ און שטיין. וואָס אמת איז, דער געצנדינערישער עולם האָט זיך יאָ געבוקט צו געטשקעס (פעטישיזם) — אָבער דאָס היידנטום בכלל האָט פאַרמאָגט זיין אייגענע אידעאָלאָגיע, און זיין מהות איז פאַרט עפּעס

אַנדערש, און מער ווי סתם פֿאַרגעטערונג פֿון אַלערליי האַנט־געפֿורעמטע אָדער געגאָסענע געטשקע־פֿיגורן.

יידישע חדר־קינדער זענען באַקאַנט מיט דער מעשה ווי אברהם, דער ערשטער גאָט־דערקענער, האָט ייִנגלווייז, ווען זיין פֿאָטער תרח איז אין דער היים נישט געווען, צעבראָכן אַלע הויז־געצן, און דעם גרעסטן פֿון זיי אַריינגעלייגט אַ שטעקן אין דער האַנט. ווען דער „אַלטער תרח״ איז אַהיים געקומען און דערזען דעם הויפֿן ברוכשטיקער וואָס ס׳איז געבליבן פֿון זיינע געטער, האָט ער געפֿרעגט זיין זון וואָס דאָ איז געשען. אברהם האָט אים איבערגעגעבן אַז די געצן האָבן זיך צעקריגט, און דער גרויסער געץ האָט, אין אַן אָנפֿאַל פֿון רציחה־כעס, געכאַפּט אַ שטעקן און צעקלאַפּט זיינע קלע־נערע און שוואַכערע קאָלעגן — אַ סימן, ער האַלט נאָך דעם מאָרד־וואָפֿן, דעם שטעקן, אין זיין האַנט. „ווי האָט אַזוינס געקאָנט פֿאָרקומען״ — האָט תרח געפּרואווט צונישט מאַכן אברהמס באַריכט פֿון דער קאַטאַסטראָפֿע — „אַז זיי זענען דאָך אַלע ליימענע פֿיגורן, אָן אַ לעבן און אָן קראַפֿט?״ „אויב אַזוי״ — קליגלט זיך איבער זיין נאַרישן פֿאָטער דער יונגער אברהם — „אויב דו זאָגסט אַליין אַז זיי זענען טויטע געטער, אָן שכל, און אָן אַ לייב־און־לעבן, טאָ פֿאַרוואָס דינסטו צו זיי? ווי קאָנען זיי דיר זיין אמתע געטער, אַז דיין אַכפּערונג פֿאַר זיי זאָל האָבן דעם מינדסטן זין?״

אָט אַזעלכע און ענלעכע מעשיות פֿון די מדרשים, און אַלערליי חוזק און שפּאָט אויסדרוקן פֿון תנ״ך און תלמוד אויף דער וויסטער דומהייט פֿון דער עבודה־זרה, האָבן געשטיצט דעם טעות צווישן יידן, קריסטן און מאַכ־מעדאַנער, אַז היידנטום מיינט אַ דינסט צו שטיינער און העלצער — און מיט דעם עקט זיך די גאַנצע דעפֿיניציע און תוכן זיינער.

אין אמתן האָט אברהם נישט מגלה געווען פֿאַר תרחן קיין וועלט־איבער־קערנדיקע נייאיקייט מיט זיין דעמאַנסטרירן פֿאַר אים, אַז די הילצערנע און ליימענע געטשקעס פֿון זיין אייגענער פֿאַבריקאַטור, זענען מאַכטלאָזע נישטי־קייטן. ס׳לייגט זיך קוים אויפֿן זינען אַז דער פֿאָטער פֿון אַברהם אבינו — און מיט אים די גאַנצע פֿאַרצייטיקע מענטשהייט — זאָל זיך האָבן איינגע־גלייבט, מיט אינפֿאַנטילער תמימות, אַז אויסגע׳מלאכה׳טע פֿיגורן פֿון גע־ווינלעכן חומר זענען טאַקע פּעולהדיקע געטער, און אַז אַ בר־שכל זאָל זיך פֿאַר זיי בוקן, און פֿאַר זיי מקריב זיין קרבנות. מיט דעם מיין איך צו באַטאָנען אַז דער געוואַלטיקער אויפֿטו פֿון דער יידישער אמונת־היחוד — די אויפֿרייסנדיקע אידייע פֿון אַן איינציקן גאָט, וואָס מ׳קאָן אים נישט משער זיין, דאָך רעגירט ער איבער אַלע וועלטן — באַשטייט פֿון היפּש

מער ווי די הוילע אַנטדעקונג אַז געטשקעס האָבן נישט קיין האַפּט. מ׳מעג אָננעמען אַז אויך אַנדערע יחידים פון יענער צייט האָבן זיך מסתמא אַרומ־געטראָגן מיט אַן ענלעכן פאַרדאַכט... חוץ לזה, איז אַט דער נעגאַטיווער פאַקט אַליין נישט לאָגיש איבערצייגנדיק אויף צו פאַרבייטן דעם פלוראַליזם — פילגעטעריי, מיט מאָנאָטעאיזם — דעם גלויבן אין אַן איין־און־איינציקן גאָט.

אגב, אין דער תורה גופא געפינען זיך רמזים, וואָס אונזערע מפרשים האָבן אַרויסגעזען, אַז אַ גאָט־דערקענטעניש אין זינען פון „אחד״ איז נישט פרעמד געווען אין דער וועלט פון פאַר מתן תורה. אויפן פסוק: וישמע יתרו, כהן מדין, חותן משה, את כל אשר עשה אלקים למשה ולישראל עמו כי הוציא ה׳ את ישראל ממצרים (שמות י״ח, א׳) — און יתרו, דער פּריסטער פון מדין, משהס שווער, האָט געהערט וועגן אַלץ וואָס גאָט האָט געטאָן צו משה און צו זיין פאָלק ישראל, ווען גאָט האָט אַרויסגעצויגן ישראל פון מצרים — לאָזט זיך פרעגן: ווי קומט יתרו, דער גלח פון דער עבודה־זרה, צו דער אינפאָרמאַציע וועגן אלקים און זיינע וואונדער־מעשים? דרינגט פון דעם דער אבן עזרא אַז: השם שהוא נודע בעולם לפני בא משה שהכל מודים בו — דאָס איז דער גאָט וואָס איז באַקאַנט געווען אין דער וועלט נאָך פאַר משהס קומען און וואָס אַלע האָבן אים באַשטעטיקט.

* * *

ווי שוין פריער באַמערקט איז דער פעטישיזם — געצנמאַכן און געצנ־אַכפּערונג — כאָטש אַ מין דרויסנדיקער לבוש צום היידנטום, איז ער אָבער פאַרט נישט דער אַלץ־מיט־אַנאַנדער פון דער „עבודה־זרה״.

וואָס־זשע איז פאַרט דער געדאַנקלעכער יסוד פונם היידנישן גלויבן? יחזקאל קויפמאַן, דער העברעאישער שריפטשטעלער און בר־סמכא אויפן געביט פון אַלטערטימלעכער רעליגיע, כאַראַקטעריזירט דעם היידנישן גלויבן אין די ווייטערדיקע שורות:

„דער יסוד פון דער פאַגאַנישער אמונה איז די פאַרגעטערונג פון נאַטיר־לעכע דערשיינונגען. פאַר דעם געצנדינער זענען אַלע מאַניפעסטאַציעס פון דער נאַטור געטלעכע כוחות, מראות פון אַ געהיימער, איבערנאַטירלעכער לעבנסקראַפט. דער הימל, די ערד, דער ים, די זון, לבנה, און שטערן, דער ווינט, די בערג און טייכן — זיי אַלע זענען געטלעכע בריות. די שעפערישע מענטשלעכע פאַנטאַזיע האָט אויסגעשטאַלטיקט לעבעדיקע פיגורן פון דעם

מיסטעריעזן כּוח־החיים וואָס אַנטפּלעקט זיך אין די דערשיינונגען פון דער נאַטור. זי האָט די דאָזיקע נאַטור־כּוחות מאַטעריאַליזירט אין פּלאַסטישע פאָרמען און אַזוי אַרום פאַנטאַסטיש אויפגעשאַפן אַ וועלט פון גייסטער־ברואים, געטער און געטינען מיט באַזונדערקייטן פון גוף און כאַראַקטער, וואָס האָבן זיך אויסגעלעבט זייערע אייגענע אינדיווידועלע לעבנס, אין אַלע ווינקלען פון דער וועלט. די פאַרגעטערונג פון דער נאַטור האָט דערפירט צו דעם דינסט פון נאַטוראַלע געטער — געטער־פּערזאָנען, וואָס זייערע יחידישע לעבנס זענען פאַרוועבט געוועזן אין די פּראָצעסן פון דער נאַטור. באַטראַכטנדיק די דרכי־הטבע, דעם דונער און בליץ, דעם פרימאָרגן און שקיעה, האָט דער היידנישער מענטש אויסגעשפּונען מעשיות וועגן דעם לעבן פון זיינע געטער. פון אַזעלכע מעשה־געוועבן מכוח די אַוואַנטורעס פון די געטער איז אַנטשטאַנען די מיטאָלאָגיע. די מיטאָסן דערציילן וועגן דעם געבורט פון די געטער און געטענעס, זייער אויפקום, זייערע חתונות און די דורות נאָך זיי, זייערע קריגערייען, זייער פאַרגיין און זייער תחית־המתימדיקן ווידערגעבורט."

נאָך אָט דעם אַריינבליק אין די עלעמענטאַרע אָנהייב־באַגריפן פונם היידנישן גלויבן, באַווייזט אונז ווייטער דר. קויפמאַן זיין אויסנעמלעכע פאַרשטענדעניש און טיפן אַריינבליק אין דעם מהות פון געצנטום. ער באַלייכט דעם דאָזיקן פאַרשאָטנטן ענין אַזוי אַז אונז ווערט אמתדיק קלאָר, נישט נאָר דאָס פולע פּאַגאַנישע געדאַנקען־בילד, נאָר מיר דערבליקן ערשט אויפסניי, אין זיין גאַנצן ריזן־פאַרנעם, דעם היסטאָרישן וואונדער פון דער מאָנאָטע־איסטישער אַנטפּלעקונג, מיט וואָס דער יידישער זשעני האָט אויפגעבליצט איבער די גרויע הימלען פון דער אַנטיקער, היידנישער וועלט.

„יעדער היידנישער גלויבן פאַרמאָגט איר אייגענע טעאָגאָניע — אַ געדענק־כראָניק פון דעם געבורט פון זיינע געטער. די געטער האָבן זיך זייער עוואָלוציע. זיי זענען געבוירן אָדער געשאַפן געוואָרן פון אַ מין אור־מאַטעריע, וואָס איז עלטער פון זיי אין צייט, און וואָס שטייגט זיי אַריבער אין מאַכט. דאָס איז דער גרויסער סימבאָל פון דעם פּאַגאַנישן עסענץ: די געטער זענען נישט קיין זעלבסטשטענדיק־אַבסאָלוטע הערשאַפטן; זיי שטאַמען פון אַ פאַר־בראשיתדיקן עולם־התוהו, און זיי זענען אונטערגעוואָרפן אַ העכערע השגחה. די עצם נאַטור־פאַרגעטערונג איז ממילא גורם אַז איבער די געטער זאָל געשטעלט ווערן אַ העכערע אינסטאַנץ, אַז זיי זאָלן משועבד זיין צו אַ נאַטירלעכער אָדער אַריבערנאַטירלעכער אייבערמאַכט. זיי זענען, ווי סתם בעלי־חיים, אָפּהענגיק אין ביאָלאָגישע נויטווענדיקייטן: זיי דאַרפן עסן,

טרינקן; זיי עלטערן זיך, ווערן קראַנק און שטאַרבן. געשלעכטס־דראַנגען זענען שולט אויף זיי. טייל געטער זענען „בטבע" גוטע געטער — אַנדערע, בייזע און שלעכטע; זיי פירן מלחמות צווישן זיך, און די כוחות פון רשעות לויערן תמיד אויף די גוטע געטער, אַזוי אַז זיי דאַרפן שטענדיק קעמפן פאַר זייערע לעבנס. דער יצר־הרע געוועלטיקט איבער די געטער; זיי טוען אָפּ כלערליי זינדיקייטן, און זיי קאָנען זיך נישט אַרויסדרייען פון די פאָלגן פון זייערע שלעכטע מעשים. זיי זענען אויסגעזעצט צו די גזירות פונם שיק־זאַל — מאָוראַ, ביי די גריכן; פאַטום, ביי די רוימער. נמצא, אַז דאָס הייידנ־טום האָט אויסערסט באַגרענעצט די פרייהייטן פון זיינע געטער." („די ביבלי־שע עפּאָכע" — אין סימפּאָזיע־בוך: „גרויסע עפּאָכן און אידייען ביים יידישן פאָלק" — ז"ז 9־8).

די הייידנישע מיסטיק דערקלערט, אויף איר אופן, דעם וועלט־באַשאַף, די געגעזע פון די געטער, דעם שורש פון דעם מענטשן, און דעם פאַרהוילע־נעם גורל וואָס לויערט אויף זיי אַלעמען.

דער „תוהו ובוהו", די „וויסטעניש־און־פינצטערניש", דער אומבאַגרייפ־לעכער כאַאָס פון פאַר־בראשית, האָט נישט אָנגעוואָרן זיין אַקטועלע השפעה, זיין מאוימדיקע פּאָטענץ, אפילו נאָכדעם ווי — לויט דעם יידישן באַגריף פון בריאת־עולם — דער בורא האָט באַשאַפן הימל און ערד, האָט אויפגע־האַנגען די מאורות הגדולים, די גרויסע ליכטער, אין די הימלען, האָט אָפּ־געגרענעצט די ימים, געשאַפן די ערשטע מענטשן־פּאָר, די חיות, בהמות און אַלע פלאַנצונגען און האָט פּראָקלאַמירט דעם זיבעטן טאָג פאַר אַ שבת־קודש לד', אַ הייליקן טאָג פון רו פאַר גאָט... די הייידנישע קבלה פאַררופט זיך נאָך אַלץ אויף דעם „תוהו". ער, דער געוואַלטיקער קאָסמישער כאַאָס, איז דער ערשטער מקור, דער אָנהויב פון אַלע אָנהויבס, דער סוף פון אַלע סופן פון די גאָרע וועלטן, דער קיינמאָל נישט איבערגעריסענער נאַפּל פון דער ערד. אַלץ קומט פון אים און אַלץ ציט זיך צו אים. אי די געטער, אי די מענטשן זענען זיין פורעמונג. פון אים שטראָמט רוח־חיים און יניקה פאַר דער גאַנצער טבע, פאַר אַלץ וואָס לעבט און עקסיסטירט. דער תהום פון אור־פינצטערניש איז דער געבערער פון דער נאַטור, און דעריבער טוט אַן אומדורכדרינגלעכער טונקל פאַרשלייערן אַלע זיינע ווערק. ווי וואויל דער מענטש איז ביים שכל, ווי אים דוכט זיך, צו פאַרשטיין דעם סדר־הטבע, קאָן ער אים אָבער באמת קיינמאָל נישט תופס זיין; ווי העל דאָס ליכט אין מענטשלעכן מוח, איז עס פאָרט געדעקט מיט די טיפע נאַכטיקע עלעמענטן פון דעם אייביקן, אומעטומיקן, אין־סופיקן כאַאָס. אגב, די עטישע

פאַרשריפטן, איינגעשלאָסן אין דער אַלטער אָריענטאַלישער מיסטיק, לער־נען דעם מענטשן, אַז זיין שטרעבונג דאַרף זיין, אַז דאָס ליכט־פינטל פון זיין נשמה זאָל אַרויספלעמלען פון דעם אור־חושך וואָס הילט אויך איין זיין נפש; אַנדערש געזאָגט — פון די טעמנע טיפן, די אומענדלעכע שאַצקאַמער פון דער נאַטור, זאָל אַ מענטש זען אויסצוגראָבן דעם אוצר פון זיין העכערן באַוואוסטזיין, ווי דער מינען־גרעבער שיילט אויס דעם דימענט פון די שוואַרצע קוילנשטאָפן וואָס באַלייגן אים.

ווייל אויך די געטער האָט דער כאָאָס געבוירן, זענען זיי נישט פריי, נייערט פאַרקנעכט זענען זיי צו די סאַטאַנישע האַרן פון דער קודם־וועלט פון חושך־ואפלה. פון דעם אימהדיקן דאָרטן ווערט אויסגעלייגט אַ גורל אויף געטער און מענטשן. די געטער דאַרף מען מפייס זיין, אָפּפערן צו זיי, און זיך לעבן מיט זיי גוט, ווייל בשעתם האָבן זיי, יעדער אין זיין ענגן גבול, צו באַפעלן, צייטווייליק, איבער די נאַטור־כוחות. אָבער צופיל קאָן מען פון זיי נישט דערוואַרטן — מחמת אויך זיי זענען אונטערטעניק די קדמון־כוחות און דעם אייביקן, אומזיכערן גורל, וואָס אים קאָן קיינער און קיין זאַך קיינמאָל נישט אויסמיידן.

מ׳דאַרף דערמאָנען דעם כוח פון כישוף אין דעם געצנדינערישן לעבן — די אמונה אַז מיט שפּרוכן, וואָס דער כישוף־מאַכער ווייסט בקבלה, מיט צירופים, געהיימע קאָמבינאַטן, מיסטישע פּרעפּלערייען און מאַניפּאַרגעס, קאָן מען אָפּשרייען אומגליקן, אַרויסרופן די פאַרהוילענע כוחות, און זיי פּיל־ווייניק לענקען אָין גוטע, אָדער בייזע שליחותן. האָט דעריבער דער פּריסטער, וואָס איז אָפט געווען דער מאַגיקער, דאָקטאָר, שטערנזעער, און פאַרמיטלער צווישן די גלייביקע און דער געטלעכער „פמליא״, פאַרנומען — נאָכן הויפּטלינג, אָדער מלך — דאָס וויכטיקסטע אָרט אין היידנישן ציבור.

ווי מיר זעען, פאַרטייטשט זיך דער פּאַגאַניזם אויף פיל ברייטערע יסודות ווי דער ווייט־פאַרשפּרייטער באַגריף — אפילו ביי דער אינטעלי־גענץ — אַז ער איז איינס מיט דער פּעטישיסטישער פאַרהייליקונג פון „באָקלעך״ און אָפּבילדער. דער חילוק פון דער היידנישער פילגעטעריי און דעם מאָנאָטעאיזם איז נישט — ווי ס׳איז פּאָפּולער אָנגענומען — קיין ריין נומערישער; עס איז ווייט נישט קיין חילוק פון בלויזער צאָליקייט. ווען דער פּאַגאַניזם וואָלט מסכים געווען צו פאַרבראַקירן אַלע זיינע געטער, חוץ איינעם, וואָלט ער נאָך אַלץ הימל־ווייט געווען פון אַן אויסגלייך מיט דער יידישער אמונת־היחוד.

געפינען מיר, אַז דער פּאַרצייטיקער געצנדינער — נישט געאַכט אויף

זיין פילבאַשריבענער ליבע צו דער נאַטור, און זיין עקסטאַטישער באַוואונ־דערונג פאַר איר שיינקייט — האָט פאַרט קיין גרויסן נחת פון איר נישט גענאָסן. אַ שיקזאַל־געשמידעטער נפש, אָן אַ פרייען רצון; קיינמאָל נישט זיכער מיט די לאָקאַלע געטער און זייער אומדערזעטלעכן הונגער פאַר מתנות און קרבנות; אין אייביקן פּחד פאַר דער פינצטערער אייבערמאַכט און איר טיראַנישן ווילקיר; אין שרעק פאַר דעם כישוף־מאַכער וועמען אַ שונא קאָן אָפּקויפן ער זאָל מיט אַ טויטלעכער צויבעריי, אַ פאַטאַלן שפּרוך, אים אומברענגען פון דער וועלט — האָט דער עובד עבודה־זרה זיך געפילט נישט אַזוי אַן „עובד", אַ גאָטדינער, ווי אַן „עבד", אַן אומבאַהאָלפענער, רעכטלאָזער קנעכט ביי די כלערלייאיקע הערשאַפטן וואָס האָבן באַוועלטיקט זיין גוף און נשמה.

אין סך־הכל: דער היידנישער באַנעם האָט זיך סומך געווען אויף אַ פאַר בריאת־עולמדיקן כאַאָס, וואָס הויערט פון אַלע אייביקייטן איבערן פּנים פונם גאַנצן באַשטאַנד. דאָס איז די שפּעפערישע פינצטערניש, דער אור־קוואַל פון אַלע פאָרמען — די נאַטור, די מענטשן, און אויך די געטער. לסוף, שלינגט זי צוריק אין איר גאָרן באַשאַף, בכדי אים צו געבן אַ ווידער־געבורט פונם טויט, פון וואַנעט אַלץ קומט, און וואוהין אַלץ קערט זיך אום, אין דעם אומאויפהער פון לעבן און פאַרניכטונג. די געטער איז אָנפאַר־טרויט, יעדערן, אַ ווינקל־רשות איבער די באַזונדערע נאַטור־כוחות. זיי זענען צייטווייליקע ממונות אין זייער גבול. זיי קומען אויף, און פאַרגייען, ווי די מענטשן וואָס דינען צו זיי. מ'דאַרף זיי מכפּר־פּנים זיין פאַר דעם בליק פון חסד וואָס דער מענטש איז אויף אים אָנגעוויזן, אָבער קיין לעצטע דעה־זאָגערס זענען זיי פאָרט נישט — מחמת אַ גורל פון דעם קאָסמישן „שאול", פון דער אייבערשטער מיסטעריע, וואָס לויערט בכל־עת, אויף אַלץ און אויף אַלעמען. אים, דעם פאַטום קען מען נישט אָפּקויפן אָדער איינבעמען מיט תפילות. דער צויבערער האָט יאָ אַ באַגרענעצטן כוח, דורך זיינע גע־היימע מאַניפּולאַציעס, צו באַפעלן די משרתים פון דער פינצטערער תחתיה — די הינטערוועלט וואָס איז גלייכצייטיק אייבערקראַפט און אַרומיקייט...

איז דער היידנישער מענטש — מיט אַלע זיינע עראָטישע עקסצעסן, זיינע פאַרשיכורטע אָרגיעס, זיינע בלומיקע פּראָצעסיעס און ברויזיקע וואַקכאַנאַ־ליעס — אַ געפאַנגענע חיה אין דער פאַרזיגלטער פאַסטקע פון גורל, אַן אַנגסט־באַשלאָגענער „דינער" פון געטער, ריזן, בייזע רוחות, מכשפים, און אומדערבאַרעמדיקע געהיימקרעפטן פון דער שאָטנוועלט פון לעבן, וואָס

האַלטן אים אין אַן אייביקן קלעם, אין אַ גייסטיקן גלות, אַן באַוואָרעניש פאַר זיין מערכה, אַן שלום און אַן מנוחה.

* * *

די מאַנאָטעאיסטישע השקפה באַזירט זיך אויף לחלוטין אַנדערע הנחות פון דער היידנישער. זי איז שורשדיק פאַרשיידן אין איר אויפנעם פון די תוכיקע וועלט־פּראָבלעמען פון דער נאַטור, פון דער אַנפּירנדיקער קראַפט אין איר, און איבער איר, און דעם שטאַנד פון דעם מענטשן אין דעם סדר־הבריאה.

די וועלט איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם רצון פון דעם בורא. אין די בראשיתדיקע יצירה־טעג האָט ער באַצוואונגען דעם תוהו־ובוהו, און אים געצאַמט מיט די קייטן פון געזעץ. ער האָט באַשאַפן די טבע, און אַלץ וואָס אין איר, און זי מסדר געווען לעולם ועד. דער מענטש איז זיין קרוין־שאַפונג, און אים האָט ער אַריבערגעהויבן איבער אַלע בריות אין חשיבות, אין מעלות, און אויף אים אַרויפגעלייגט אַ היוכע, מאָראַלישע אחריות. ער, דער איינציקער און אַלייניקער באַשעפער איז נישט „געבוירן" געוואָרן, און ער איז נישט אונטערטעניק קיין העכערער מאַכט. ער האָט געלעבט פון אַלע אייביקייטן — היה, הווה, ויהיה — ער איז געווען; ער איז; ער וועט זיין. ער איז אַן אייביקער גאָט און זיין חכמה, השגחה און חסד וועט זיך קיינמאָל נישט אָפּטאָן פון דער וועלט.

די תורה לערנט אין מיט דעם יידן צו פאַרגעדענקען אַלע טעג פון זיין לעבן אַז „גאָט איז אַ גאָט אין הימל און אויף דער ערד אונטן — מער קיין אַנדערער איז נישטאָ". אויך, אַז גאָט איז אַ דערבאַרעמדיקער גאָט; ער וועט דיך נישט פאַרלאָזן, און דיך נישט אומברענגען. „ופן תשא עיניך השמימה, וראית את השמש, ואת הירח, ואת הכוכבים, כל צבא השמים, ונדחת והשתחוית להם ועבדתם אשר חלק ה׳ אלקיך אותם לכל העמים תחת כל השמים" (דברים ד׳, י״ט) — און אַז דו וועסט אויפהייבן דיינע אויגן צום הימל, און זען די זון, די לבנה, און די שטערן, דעם גאַנצן חייל פון הימל, זאָלסטו נישט אַראָפּגעפירט ווערן און זיך בוקן צו זיי, וואָס גאָט האָט צוגעטיילט צו אַלע פעלקער אונטערן הימל". דעריבער זאָל די נאַטור, מיט איר פאַרכאַפּנדיקער שיינקייט, מיט אירע געוואַלטיקע קערפּערשאַפטן און אימהדיקע כוחות, נישט שרעקן דעם יידן, און אים אומוואַרפן צו דער ערד אין הכנעה און פאַרגעטערונג. דער ייד מאַכט אַ ברכה איבער דער

נאַטור, וואָס ברענגט יעדן טאָג נייע ראיות אויף דער אַלמעכטיקייט פון דעם באַשעפער — שכוחו וגבורתו מלא עולם — וועמענס קראַפט און גבורה פילט אָן די וועלט. מיט זיין פרייען רצון אויסצוקלייבן דעם גערעכטן וועג וואָס דער גאָט פון יושר און צדק האָט אים אָנגעוויזן; מיט דעם כוח פון זיין אמונה אין „מי שאמר והיה העולם" — דעם וואָס פון זיין וואָרט איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן — אָנגעגורט מיט אַזאַ גלויבן, האָט דער איד געפילט פריי זיך צו באַדינען מיט דעם רשות פון דער תורה: פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשה (בראשית א׳, כ״ח) — מערט זיך און פרוכפערט זיך און פילט אָן די ערד און באַצווינגט זי. זיין אמונה שטאַרקט אים זיך צו פילן ווי אַ האַר איבער דער נאַטור — אָנשטאָט צו לעבן אין אייביקן פלאַטער־שרעק פאַר איר, און אירע אויסגעטראַכטע פאַלשע געטער. ער טרעט מיט אויפגעהויבענעם קאָפּ איבער דער ערד, דער אויסדערוויילטער פון אַלע בריות, דער „מדבר", דער איינציק־באַשאָנקענער מיט לשון, מיט אַ מוח און אַ נשמה, וואָס גופא די נאַטור, מיט איר געטלעכער שיינקייט און פאַר־הוילענער חכמה, טוט זי לייטערן, פאַרטיפן און דערהייבן.

דאָס דיכטערישע יידישע אויג עפנט זיך גרויס מיט פאַרגאַפטער התלהבות פאַר דער פאַרכאַפנדיקער שיינקייט פון דער נאַטור — אָבער דער ייד פאַלט נישט כורעים פאַר דער דאָזיקער שיינקייט, און ער אַכפּערט זי נישט אויפן שטייגער פון די פאַרצייטיקע נאַטור־פאַרגעטערער, און זייערע שפּעטערע גריכישע יורשים. די נאַטור פאַרן יידישן משורר איז אַ לבוש פאַר דעם יוצר כל יצורים. השמים כסאי והארץ הדום רגלי (ישעיה ס״ו, א׳) — דער הימל איז מיין טראָן און די ערד איז מיין פוסבענקל. די נאַטור, אין איר גאַנצער אויפגעוויקלטער פראַכט, איז די אויגנשיינלעכע דערווייזונג פון דעם באַשעפערס חכמה, הדר און גבורה. השמים מספרים כבוד אל ומעשה ידיו מגיד הרקיע (תהלים י״ט, א׳) — די הימלען דערציילן דעם כבוד פון גאָט, און די ווערק פון זיינע הענט זאָגט דער הימלוועלב. ואולם שאל נא בהמות ותורך ועוף השמים ויגיד לך; או שיח לארץ ותורך ויספרו לך דגי ים; מי לא ידע בכל אלה כי יד ה׳ עשתה זאת? (איוב י״ב, ז׳, ח׳, ט׳) — אָבער פרעג אָקאָרשט די בהמות און זיי וועלן דיך לערנען, און דעם פויגל פון הימל און ער וועט דיר זאָגן; אָדער רעד צו דער ערד, און זי וועט דיך לערנען, און דיר וועלן דערציילן די פיש פון ים — ווער צווישן אַלע דאָזיקע וויים נישט אַז די האַנט פון גאָט האָט דאָס געמאַכט?

די אויסנעמלעך־פּרעכטיקע נאַטור־בילדער אין די כתבי קודש רע־פלעקטירן אָט דעם גייסט פון גאָט־פאַרהערלעכונג. דאָס פּאַרכטיקע געזאַנג

## משה וויטיעס

פון דער נאַטור גייט אויף צום הימל אין די עקסטאַטישע שורות פון דעם גאָט־באַזעלטן תהילים־דיכטער. איך ווייס נישט פון נאָך אַזאַ מוסטער, אין די ליטעראַטורן פון די אומות, פון אַזאַ וואונדערלעך־דיכטערישן אויסדרוק פון נאַטור־באַוואונדערונג, און גאָט־גרויסונג, ווי ס'באַווייזט דאָס „ברכי־נפשי" קאַפּיטל, ק"ד, אין תהילים:

לויב גאָט מיין זעל;
הי איז מיין גאָט, ביסט גרויס ביז גאָר,
אין גלאַנץ און שיינקייט ביסטו אָנגעקליידט.
דער וואָס וויקלט זיך אין ליכט ווי אין אַ מאַנטל,
וואָס שפּרייט אויס די הימלען ווי אַ פּאָרהאַנג.
וואָס באַלקנט מיט וואַסער זיינע אויבערשטובן;
וואָס מאַכט וואָלקנס פאַר זיין רייטוואָגן,
וואָס גייט אויף די פליגלען פון ווינט.
וואָס מאַכט זיינע שלוחים די ווינטן,
זיינע משרתים — פלאַקערדיק פייער.
ער האָט געגרונטפעסט די ערד אויף אירע געשטעלן,
זי זאָל זיך נישט וואַקלען, אייביק און שטענדיק.
דער תהום, אים האָסטו ווי אַ קלייד איבערגעדעקט;
איבער די בערג זענען געשטאַנען די וואַסערן,
פון דיין אָנגעשריי זענען זיי אַנטלאָפן,
פון קול פון דיין דונער האָבן זיי אַוועקגעאיילט —
בערג האָבן זיך אויפגעהויבן, טאָלן האָבן גענידערט —
צו דעם אָרט וואָס דו האָסט געגרונטפעסט פאַר זיי.
האָסט געמאַכט אַ גבול וואָס זיי זאָלן ניט אַריבערגיין,
כדי זיי זאָלן ניט ווידער באַדעקן די ערד.
(ער איז) דער וואָס שיקט קוואַלן אין די טאָלן,
זיי זאָלן גיין צווישן די בערג.
זיי טרינקען אָן אַלע חיות פון פעלד,
די וואַלדאייזלען שטילן זייער דאָרשט.
לעבן זיי רוען די פויגלען פון הימל,
פון צווישן די צווייגן גיבן זיי אַרויס אַ קול.
ביסט דער וואָס טרינקט אָן די בערג פון זיינע אויבערשטובן;
פון די פרוכט פון דיינע טואונגען ווערט געזעטיקט די ערד.

ער מאַכט שפּראָצן גראָז פאַר דער בהמה,
און היי פאַר די אַרבעטפי פון דעם מענטשן,
כדי אַרויסצוציען ברויט פון דער ערד;
און וויין וואָס דערפרייט דעם מענטשנס האַרץ,
צו מאַכן גלאַנצן דעם פּנים מער ווי אייל;
און ברויט וואָס לענט אונטער דעם מענטשנס האַרץ.
די ביימער פון גאָט זעטן זיך אָן,
די צעדערן פון לבנון וואָס ער האָט געפלאַנצט,
וואָס דאָרטן נעסטן די פויגלען;
דער שטאָרך, זיין הויז זענען ציפּרעסן,
די הויכע בערג זענען פאַר די שטיינבעק,
די פעלזן — אַ באַשיצונג פאַר די קראָליקעס.
ער האָט געמאַכט די לבנה פאַר די צייטן;
די זון ווייס איר אונטערגאַנג.
מאַכסט פינצטערניש, און עס ווערט נאַכט,
אין איר ווידמען זיך אַלע חיות פון פעלד.
די יונגלייבן ברילן נאָך רויב,
און בעטן פון גאָט זייער שפּייז.
גייט אויף די זון, ווערן זיי אַריינגעטאָן,
און זיי הויערן אין זייערע נאָרעס.
גייט אַרויס דער מענטש צו זיין ווערק,
און צו זיין אַרבעט ביז אָוונט.
ווי פיל זענען דיינע ווערק, גאָט!
זיי אַלע האָסטו מיט חכמה געמאַכט;
די ערד איז פול מיט דיין באַשאַף.
אָט איז דער ים גרויס און ברייט,
דאָרט איז אַ ווידמענונג אָן אַ צאָל,
חיות גרויסע מיט קליינע.
דאָרט גייען אום שיפן;
דער לוויתן וואָס דו האָסט באַשאַפן זיך צו שפּילן דערין.
זיי אַלע קוקן אויס צו דיר,
צו געבן זייער שפּייז אין איר צייט.
גיסטו זיי, קלייבן זיי אויף,
עפנסט דיין האַנט, זעטן זיי זיך מיט גוטס.

פאַרבאָרגסטו דיין פּנים, ווערן זיי פאַרכאַפּט,
טוסט איין זייער אָטעם, פאַרגייען זיי,
און קערן זיך אום צו זייער שטויב.
שיקסט אַרויס דיין אָטעם, ווערן זיי באַשאַפן,
און דו באַנייסט דעם פּנים פון דער ערד.
זאָל דער כבוד פון גאָט זיין אויף אייביק !
זאָל גאָט זיך פרייען מיט זיין ווערק !
דער וואָס קוקט אָן די ערד און זי ציטערט,
וואָס רירט אָן די בערג און זיי רייכערן.
איך וועל זינגען צו גאָט כל־זמן איך לעב,
איך וועל שפּילן צו מיין גאָט ווי לאַנג איך בין.
זאָל אים געזיסט זיין מיין רעדן;
איך פריי זיך מיט גאָט.

(יהואש־איבערזעצונג)

די דאָזיקע דערהויבענע ברכי־נפשי הימנע איז אַ פּרעכטיקער מוסטער־אַנטפּלעק פון דעם יידישן תנ״כ׳ישן אויפנעם פון גאָט און נאַטור, פון דער נאַטור ווי דאָס האַנטווערק פון גאָט, פון גאָט איבער אַלץ. דער געדאַנק פון די יידישע רעליגיעזע לערערס, אין אַלע תקופות, איז תמיד געווען האַרמאָניש מיט אָט דעם אויפנעם — פון די חז״ל ביז דעם בעל־שם, וועמען ס׳ווערט צוגעשריבן דאָס טיף־באַדייטיקע וואָרט: „אלוהים איז בגמטריה הטבע״, און הרב שמשון רפאל הירש מיט זיין וואונדערלעכן אויסטייטש: „קול ה׳ בכוח — גאָטס קול הייבט זיך אַרויס פון דעם כוח (פון דער נאַטור); קול ה׳ בהדר — גאָט׳ס שטים רעדט אַרויס פון דער שיינקייט...

די כוונה פון די חכמים צו באַפעסטיקן אָט די יידישע געוואָרנטקייט בנוגע דעם צוגאַנג צו דער נאַטור, און צו אַנטמוטיקן אַ ניט־יידישן קולט פון שיינקייט, איז צו מערקן אין פיל זאָגן און פאַרזאָגן. אינטערעסאַנט אין דעם פּרט איז דער מאמר אין פּרקי־אבות (פּרק ג׳, ה׳): ר׳ שמעון אומר: המהלך בדרך, ושונה, ומפסיק ממשנתו, ואומר מה נאה אילן זה, מה נאה ניר זה, מעלה עליו הכתוב כאילו מתחייב בנפשו — ר׳ שמעון זאָגט: ווען איינער גייט אין וועג, און לערנט, און ער רייסט איבער זיין לערנען, און ער רופט אויס: אָ, ווי שיין איז אָט דער בוים! ווי שיין דאָס דאָזיקע (צעאַקערטע) פעלד, ווערט אויף אַזעלכן געזאָגט דער פּסוק, עלעהיי ער וואָלט פאַרשולדיקט זיין לעבן.

לאָמיר זיך אַ האַרעלע פאַרטיפן אין דעם אויבן־געבראַכטן מאמר. די

תורה זאָגט אָן דעם יידן: „בכל דרכיך דעהו" — אין אַלע דיינע וועגן זאָל דער גאָט־געדאַנק פאַרנעמען דיין באַוואוסטזיין. כל־זמן דער ייד לערנט גאָט׳ס תורה איז ער אין גייסטיקער קרבות מיט דעם ריבון כל העולמים, דער מקור פון לעבן, דער קוואַל פון חכמה און יצירה. דער גייסט פון תורה איז אַ פאַנצער אַרום אים, אַ שוץ־וואַנט קעגן די „סכנות־הדרך", אַלע דרוי־סנדיקע געפאַרן. אָבער ווען אונזער ייד זאָל אָפּנייגן אפילו אויף אַ רגע פון זיין לערנען, זיך צו פאַרגאַפן אויף דער נאַטוראַלער שיינקייט וואָס ער דער־בליקט אַרום זיך, און ער באַציט פון דעם אַ „ריין־עסטעטישע" הנאה — דע־מאָלט טרעט ער אַריבער די באַוואָרנטע גרענעצן פון יידישקייט, מיט איר „שיינקייט פון רעליגיע", אין דעם פאַרבאָטענעם גבול פון „העלעניזם", מיט זיין „רעליגיע פון שיינקייט". ער באַטראַכט דעם בוים ווי אַ פאָרעם פאַר־זיך־אַליין, אָפּגעקייטלט פון איר פורעמער און שפייזער. אָט־דאָ לויערט אויף אים, באותו רגע, די סכנה אַז אַ פונק פון אַ אש־זרה, אַן אומהייליק פייער פון אַ פרעמדן מזבח, זאָל אָנרירן זיין נפש... ער איז עלול באַווירקט צו ווערן פון אַ ניט־יידישער „אידעאָלאָגיע", אַן השפעה פון פאַגאַנישן קולטוס *).

דער געדאַנק פון יידישקייט, אין שייכות דער נאַטור, איז אַריבערצו־בליקן איבער אירע פאַרביקע, מיניאָנע געשפרייטן צו דעם שעפערישן פרינ־ציפּ, צו דעם זין און געדאַנקלעכן ממשות אירן. מיט אָט דער באַוואָרעניש אַפריאָרי קען דער ייד פאָרשן די נאַטור, אַנטוויקלען אירע כוחות, אפילו הנאה האָבן פון איר שיינקייט, געניסן פון איר שפע, און דאָבײַ נישט אריינפאַלן אין שרעקיגער קנעכטשאַפט און פאַרנאַרישטער אַכפּערונג.

די מאָנאָטעאיסטישע השקפה האָט אַרויסגערופן אַ תוכ׳יקע באַנייאונג, אַ יידיש־אַנדערשדיקן צוגאַנג צו דער נאַטור. אַ בולטע ראיה איז די באַציאונג פון יהדות בנוגע די יום־טובים פון די פאַרצייטיקע נאַטור־רעליגיעס. די פאַראַדנע צערעמאָניאַלן פונם היידנטום, מיט זייערע אָנטאַפּיקע געצן־סימ־באָלן, די צעווילדעוועטע אויסברוכן, און פאַרשייטע הוליאַנקעס, אין די חגא־טעג פון די יאָר־זמנים, האָט דאָס יידנטום פאַרביטן מיט פאָרכטיק־געפּראַ־וועטע יום־טובים, וואָס האָבן ביי יידן אָנגענומען אַ פאַרגייסטיקטן, רעליגיעז־היסטאָרישן כאַראַקטער. סאַלאָ באַראָן הייבט אַרויס אָט דעם שטריך פון די איבערגעטייטשטע יום־טובים צו באַווייזן ווי יידישקייט האָט זיך אַריבער־געהויבן איבער דער נאַטור און זי איינגעפאַסט אין יידיש־גייסטיקע ראַמען: „ס׳איז גוט באַקאַנט אַז די פאַרצייטיקע איזראַעליטישע פעסטיוואַלן זענען

*) זע אויך פירוש „תיקון משה", אויף אבות.

איבערגענומען געוואָרן פון די עלטערע קולטורן פון כנען און בבל. אָבער, אין יעדן פאַל, האָט דאָס פאַרצייטיקע יידנטום פאַרענדערט דעם עצמ׳דיקן באַטייט פון דעם יום־טוב, קודם דורך צוגעבן צו אים, און נאָכדעם דורך איבערשטעלן זיין נאַטור־שורש אויף אַ היסטאָרישן אויסטייטש". („אַ סאָציאַלע און רעליגיעזע געשיכטע פון די יידן", באַנד 1, ז"ז 5).

די דריי וויכטיקע יידישע יום־טובים, די שלוש רגלים, וואָס — לויט מאָדערנע פאָרשערס פון אַלטערטום — וואָרצלען אין פאַר מתן־תורה׳דיקע נאַטור־פייערונגען — האָבן די יידן באַקליידט ניט בלויז מיט אַ היסטאָרישן לבוש — ווי פראָפ. באַראָן באַטאָנט — נאָר אויך מיט אַ תוכן פון קדושה און אוניווערסאַלן פאַרנעם. פסח, די צייט פון פרילינג־קאַרניוואַלן ביי די לאַנגס־טיקע נאַטור־פעלקער, איז געוואָרן, ביי יידן, אַ סימבאָל פון באַפרייאונג פון מצרישער קנעכטשאַפט, אין דער אָנהויב־תקופה פון דעם יידישן פאָלק; אין אַ העכערן זין פון גאולה — אַ ברייטערער און וועיט־גרייכיקער באַגריף פון סתם „פרייהייט". שבועות — דער חג־הביכורים — ווען יידן, אין די תנ"כ׳ישע צייטן, פלעגן ברענגען פון די ערשטע פרוכטן אין בית־המקדש, האָבן די חכמים צוגעגעבן צו זיין נאַטוראַלן הינטערגרונט, און אים געמאַכט פאַר דעם יום־טוב פון קבלת־התורה; די געבורט־דאַטע פון דער יידישער אמונה; די אַקצעפּטירונג, מצד דעם פאָלק ישראל, פון גאָט׳ס תורה, און זיין אויפטריט אויף דער היסטאָרישער אַרענאַ ווי אַ גורל־פאָלק, גאָט׳ס פאָלק צווישן די פעלקער. סוכות — דער חג־האסיף — דער יום־טוב פון איינזאַמ־לונג פון די תבואות און פירות, פון פעלד און גאָרטן, איז אויך אַ געדענק־צייט פאַר די וואַנדערונגען פון די בני־ישראל אין דער מדבר וואו דאָס פאָלק און זיין אמונה איז געפורעמט געוואָרן; אַן אייביקער סימבאָל פאַר דעם וואַנדערפאָלק, אין די מדבריות פון גלות, וואו דער פייער־זייל פון האָפ־נונג אויף גאולה האָט באַלויכטן זייער וועג.

דער ניי־יאָר — וואָס די באַבילאָנער און אַנדערע מזרח־פעלקער האָבן געפראַוועט אין פריידיק־האָפערדיקן, נאַטור־דערוואַכטן פרילינג — האָבן יידן געזעצט דווקא אין שטימונגפולן, ערנסט־פאַרטראַכטן הערבסט, אין שווער־געמיט פון אַן אָפּגעבליטער און וועלקער נאַטור. מיטן צוגאָב פון יום־כיפור איז דער יידישער ראש־השנה אָנגעפילט געוואָרן מיט פאַרטיפטער מחשבה, אַ יום־הדין פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, און אַלע גאָט׳ס באַשעפענישן ,אַ צייט פון חשבון־הנפש, תשובה, חרטה און מחילה — אַ יחידישער און אוניווערסאַלער געדאַנקלעך־עטישער אינהאַלט וואָס איז, לכל־הדעות, נישט בנמצא אין די פאַרשיכורטע קאַרניוואַלן און ברויזיקע פייערונגען פון

די היידנישע פעלקער. דער שבת ביים יידנטום, אַ רו־טאָג פון פיזישער פּראַצע פאַר דעם מענטשן, זיין קנעכט און לאַסט־פי — אַליין אַ געוואַלטיקע נייאיקייט אין דעם ברוטאַליזירטן היידנישן לעבן — איז דערהויבן געוואָרן צו אַ הויך־גייסטיקן סימבאָל פון קדושה און געטלעכקייט. שבת איז אַ טאָג פון אָפּרו פון גופ׳ישער האַרמאָניע, אָבער ער איז אויך אַ טאָג פון מנוחה — אַ באַגריף וואָס קייטלט זיך מיט גייסטיקער דערקוויקונג, מיט זעלישער רו און הרחבת־הנפש, ווען אַ מענטש דערקענט זיך אַליין פאַר אַ בריה מיט אַ נשמה און אפילו אַ נשמה־יתרה... אַזוי אויך מילה — אַ ריטואַל וואָס טראָגט אַ בפירושע אָנקערעניש מיטן פיזיאָלאָגיש־מענלעכן רייף ווערן פון דעם יונגן זכר — ווי די מילה־צערעמאָניע צו דרייצן יאָר ביי די אָריענטאַלישע פעלקער דייטעט אָן — איז ביי יידן איינגעשטעלט געוואָרן צום אַכטן טאָג פון געבורט, און געוואָרן אַ סימן־ברית, אַ צייכן פון גאָט׳ס בונד מיטן יידישן פאָלק.

דער רוח־אלוהים, גאָט׳ס אָטעם, פילט אָן דעם גאַנצן אוניווערז, און די נאַטור ווערט, אין דעם אויפנעם פון יידישקייט, אַ געטלעכע אויסשטראַלונג. אַן אויסנאַם, לפנים, זענען די נאַטורבילדער אין שיר־השירים. זיי דינען ווי אַ צירלעכער, יידישער הינטערגרונט פאַר די ליידנשאַפטלעכע ליבע־געזאַנגען; זיי גיסן זיך צונויף מיט דער פּאַסיע פון בילדלעך־מעטאַפאָרישן, לירישן, עמאָציאָנעל־געשפּאַנטן שיר־השירים סטיל:

שטיי אויף מיין געליבטע,
מיין שיינע, און קום דיר.

וואָרעם זע, דער ווינטער איז אַריבער,
דער רעגן איז פאַרגאַנגען, אַוועק.

די בלומען האָבן זיך באַוויזן אין לאַנד,
די צייט פון געזאַנג איז געקומען,
און דער קול פון דער טירטלטויב
לאָזט זיך הערן אין אונזער לאַנד.

דער פייגנבוים צייטיקט זיינע פריפייגן,
און די וויינשטאָקן אין בליאונג גיבן אַ ריח.
שטיי דיר אויף מיין געליבטע,
מיין שיינע, און קום דיר.

## משה וויטיעס

קום געליבטע מיין,
לאָמיר אַרויסגיין אין פעלד,
לאָמיר נעכטיקן צווישן די ציפּערבלומען.
לאָמיר זיך פעדערן צו די וויינגערטנער,
לאָמיר זען אויב געבליט האָט דער וויינשטאָק,
אויב געעפנט האָבן זיך די קוויטן,
אויב געצוויט האָבן די מילגרוימען;
דאָרטן וועל איך געבן מיין ליבשאַפט צו דיר.
די ליבעפּעלעך גיבן אַרויס אַ ריח,
און פאַר אונדזערע טירן
זענען אַלערליי טייערע פרוכט,
נייע און אַלטע,
וואָס איך האָב באַהאַלטן
פאַר דיר, מיין געליבטער.

(יהואש־איבערזעצונג)

דער שיר־השירים, מיט זיין ראָמאַנטישן פּאַטאָס, זיין אָפן־אַנטפּלעקטער גלוסטונג, און מיט זיין נאַטוראַלער אָרנאַמענטיק, איז נישט גרינג אַריינגענומען געוואָרן אין דער אָפּגעשלאָסענער זאַמלונג פון די כתבי־קודש. דער גרויסער רבי עקיבא האָט זיך איינגעשטעלט פאַר דעם „ליד פון לידער" — „אַלע ספרים אין תנ"ך זענען קודש אָבער שיר־השירים איז קודש קדשים" — און עס איז לסוף אַריינגענומען געוואָרן ווי אַ הייליק ספר וואָס איז געשאַפן געוואָרן ברוח־הקודש. דער גייסט פון יידישקייט האָט נישט גוטגעהייסן דעם שיר־השירים ווי „ער שטייט און גייט" — אַ דיכטערישער דאָקומענט, אין בונטע לאַנדשאַפטלעכע ראַמען, פון דעם גליק און פּיין פון ליבע, און איר כוח בייצוקומען אַלע שטערונגען וואָס ליגן איר אין וועג צום געגאַרטן ציל... איבער די דאָזיקע גרויסע געזאַנגען איז אַריבערגעצויגען געוואָרן אַ כשר'ער טלית: דעם ליבע־מאָטיוו האָט מען אַלעגאָריש איבערגעטייטשט ווי די אהבה פון דער כנסת ישראל צום רבונו של עולם. די וואָרט־פיגורן פון קערפּער און נאַטור זענען איבערגעטראָגן געוואָרן אויף משה און אהרן, די אבות, און אַנדערע פרומע און הייליקע געשטאַלטונגען.

* * *

אַ הויכפּונקט אין דעם צווישנשייד פון פּאַגאַניזם און דעם מאָנאָטע־איסטישן געדאַנק איז אַ פּרינציפּ פון מאָראַל, אַ תנאי פון עטישער הדרכה פאַרן פאָלק ווי פאַרן יחיד, וואָס די תורה באַטאָנט ווי דער סאַמע עיקר פון יידישן דת, און דעם גאַנצן תכלית פון מענטשלעכן לעבן.

דער ענדציל פון דעם יידישן געבאָט איז די עטישע ראַפינירונג פון דעם יידן, זיין איבערדערציען זיך פון אַ „נאַטור־מענטש" אין אַן איש־תמים, אַ גייסטיק אויסגעוואָקסענעם מענטשן, וואָס האָט גובר געווען זיינע חיה׳שע נאַטור־ירושות, האָט זיך אַריבערגעהויבן איבער דער „אדמה", דעם ערד־ערדישן, און דערלאַנגט צו די העכערע שטאַפּלען פון גאָט־באַוואוסטזיין, פון יראת־שמים.

אויך די נאַטור איז, לפי דער איידעלער מעטאַפיזיק פון יידישקייט, נישט קיין פאַרענדיקטע יצירה. זי ווערט מחדש בטובו, באַנייט זיך, יעדן טאָג דורך גאָט׳ס גענאָד, און איר גורל איז איינס מיטן יידישן פאָלק, אין זיין גע־הייליקטן שטרעבן צו סוף־כל־סוף׳יקער גאולה פון דעם מענטשן־מין, פון דעם גאַנצן באַשטאַנד. ווען יעדער יחידישער ייד וועט באַצווינגען דעם רויען חומר פון זיין „נאַטור", און דערגרייכן די מדרגה עליונה פון צדקות, פון רעכטווערדיקייט; ווען אַלע איינצלנע יידן וועלן זיך דערפילן ווי די קינדער פון גאָט, דעם גאָט פון יושר און רחמים, וועלן זיי אינאיינעם ווערן אַן עם־סגולה, אַ פאָלק פון מוסטערמענטשן, אַ גוי־קדוש — אַ הייליק פאָלק, ווי אין פסוק שטייט.

אָט די עטישע עוואָלוציע וואָס די יידישע אמונה זעצט פאָראויס איז נישט באַגרענעצט צום מענטש אַליין, נייערט זי איז אויסגערעכנט אויפן גאַנצן באַשאַף. די נאַטור באַגלייט דעם מענטשן אין זיין באַרגאַרויפיקן קלעטער צו שלימות. זי גייט מיט אים מיט אויף אַלע זיינע עטאַפּן פון עליה און ירידה. ווען דער דור־המבול האָט זיך געטרונקען אין זינדיקייט האָט אויך די גאַנצע בריאה דעגענערירט. ותשחת הארץ לפני אלקים... כי השחית כל בשר את דרכו על הארץ (בראשית, נח, י"א, ב׳) — און די ערד איז פאַר־דאָרבן געוואָרן פאַר גאָט... יעטווידער לייב האָט פאַרדאָרבן זיין וועג אויף דער ערד. אויף דעם באַמערקט דער זוהר — מכאן מלמד שאפילו החיות והבהמות קלקלו (זוהר, ח"א) — פון דאַנען לערנען מיר אַרויס אַז אפילו די חיות און די בהמות זענען „קאַליע" געוואָרן. ווען דער מענטש איז אַראָפּ־געפאַלן פון זיין מדרגה האָט אויך דער נאַטור־אַרום מיט אים מיטגעזונקען אין מאָראַלן פּריצות־הגדר: בעלי־חיות האָבן זיך געפּאָרט נישט מיט זייער

מין; די ערד האָט נישט פאַרנומען די פאַרזייטע זריעה, און אָפּגעגעבן מיט שפּראָצונג פון אַ פרעמדן זוימען...

איידער אדם הראשון האָט געזינדיקט — שטייט געשריבן אין די ספרים — האָט ער געלעבט בשלום מיט אַלע חיות. ער האָט גערעדט זייער שפּראַך, זיי געגעבן נעמען. ער האָט פאַר זיי נישט מורא געהאַט, און זיי זענען נישט אַנטלאָפן פון שרעק ביי זיין אָנבליק. אין דער גן־עדן וועלט איז נישט געווען קיין פחד, קיין שנאה, קיין חשד. נאָכדעם ווי קין האָט באַגאַנגען זיין גריילן ברודער־מאָרד האָט ער אָנגעוואָרן דעם צלם־אלוהים, דעם אָפּצייכן פון גאָט אויף זיין געזיכט. מיט יאָרן שפּעטער, זיבן דורות נאָך דעם מאָרד, איז קין געטראָפן געוואָרן פון אַ טויטלעכער פייל וואָס זיין אייניקל — מיט דער זי־כערקייט אַז ער שטעלט אָן זיין בויגן אויף אַ חיה — האָט אין אים, אומגערן, אַריינגעשאָסן.

די קדמון־זינד האָט דערפירט אַז די פאַרברידערונג פון אַלע גאָט׳ס באַשעפענישן זאָל זיך אָפּטאָן, און די ערד איז פול געוואָרן מיט אומיושר, רויבמאָרד און אכזריות (כי מלאה הארץ חמס). די טויטזינד פון שפיכת־דמים צעטיילט די ברואים פון דער ערד און געבערט בייזוויליקייט, שנאה, שרעק און כמורנעם פאַרדאַכט אין זייערע הערצער.

די וועלט איז באַשטימט צוריקצוגעווינען די גליקזעליקייט פון איר ליכטיקער יוגנט. דער מיטלעלטערלעכער מקובל ר׳ משה קורדיבירו זאָגט אַז דעריבער הייסט די וועלט „עולם״, ווייל זי טוט נאָכאַנאַנד „עולה״ זיין צו העכערע מדרגות: זי איז באַשטימט אויף כסדר׳דיקן שטייגן און ווייטערגיין, ביז די ימות־המשיח... דאָס פאָלק ישראל, מיט זיין נעמען אויף זיך דעם עול מלכות שמים, איז אויסדערוויילט צו ווייזן דעם וועג צו תיקון עולם, צו וועלטרעכטיקייט — אַז די ממשלת זדון, די געוועלטיקונג פון שלעכטס, זאָל אויפהערן אין לעבן פון מענטש און נאַטור. אַ קעגנזייטיקע מאָראַלישע השפּעה פאַרבינדט דעם מענטש מיט דער נאַטור.

אבן גבירול, אין זיין יידיש־פילאָזאָפיש ווערק „מקור חיים״, פירט אַרויס דעם געדאַנק אַז דער „עולם העליון״, די „הויכע״ וועלט פון גייסט און אידייע, איז פאַרקניפּט מיט דעם „עולם השפל״, די „נידריקע״ וועלט פון מאַטעריע, פון חומר און גוף. דער פיזישער מענטש, ווי אויך זיינע גייסטיקע כוחות, און דאָס אָרגאַנישע און סטאַטישע נאַטור־לעבן שטאַמען פון איין שורש — דעם „פועל הראשון״, די ערשטע שעפערישקייט, דעם מקור פון געטלעכקייט. דער מענטש זאָל זיין דער פאַרמיטלער. ער קען משפּיע זיין צום גוטן אָדער פאַרקערט. גוטס ענטפערט זיך אָפּ מיט גוטס און בייז מערט בייז. ווען דער

מענטש ראַמט אויס דעם „חמץ", דאָס רשעות פון זיין אייגענעם האַרצן, האָט ער שוין געמאַכט אַ וויכטיקע התחלה אָפּצושוואַכן דעם עלעמענט פון רשעות אין דער טבע, בכלל. וואָרים, דער גאַנצער באַשאַף וויל צו גאָט — נשמת כל חי תברך את שמך — די נשמה פון אַלץ וואָס לעבט און אָטעמט ציט צו איר געטלעכן שורש, גאַרט צו דערהייבונג און אויסלייזונג.

דאַרף דער ייִדישער מענטש אָנהייבן מיט זיך אַליין. אויף אים האָט די תורה אַרויפגעלייגט דעם געוואַלטיקן חוב צו העלפן פאַרריכטן, דערהייבן און פאַראיידלערן דאָס לעבן — לתקן עולם במלכות שדי — צו שטרעבן אַז די וועלט זאָל זיך פאַרפולקאָמען אין גייסט פון גאָט. ער, דער ייִד, ווערט אַ שותף צום כביכול אין פאַרענדיקן די יצירה, אים מיטהעלפן זי דערפירן צום אָנגעברייטן ציל פון גאולה. צו דעם קאָן ער צוטראָגן מיט זיין אייגענער, עטישער מוסטערשטעלונג, מיט דעם ביישפיל פון זיך אַליין.

אַ טיפּזיניקער פסוק אין איוב (ה', כ"ג) ווינקט אָן אויף אָט דעם נאַטור־און־מענטש רעיון פון ייִדישקייט, אַ ליניע וואָס ציט זיך דורך אַלע וועגן פונם ייִדישן געדאַנק: כי עם אבני השדה בריתך וחית השדה השלמה לך — וואָרים מיט די שטיינער פון פעלד וועט זיין דיין בונד און די חיות פון פעלד וועלן זיין שלום מיט דיר. אויף דעם גיט דער תּרגום אַ פלעפנדיקן פשט: די „שטיינער אין פעלד" — דאָס זענען די לוחות־הברית; אויב דו וועסט האַלטן דיין בונד מיט די לוחות־שטיינער, די עשרת הדברות, און זיי אָפּהיטן געטריי, וועלן דעמאָלט די חיות פון פעלד מיט דיר שלום זיין. אויף דער דאָזיקער ליניע ליגט די ייִדישע אידייע פון וועלט־גאולה. דורך דעם מענטשנס לייטערונג, זיין מאָראַלישן פאָראויסגאַנג, זיין אויסוואָרצלען רשעות פון זיין אייגענער נאַטור, זיין שטרעבן צו גאַנצקייט און גערעכטיקייט, וועט די וועלט ווערן בעסער דאָס לעבן שענער, און די גאַנצע נאַטור, אויסגעלייזט פון אכזריות, וועט, אין אחרית הימים, געבענטשט ווערן מיט תיקון און שלום. אין יענע טעג וועט אַנטקעגנשיינען די וויזיע פון דעם נביא: וגר זאב עם כבש — וועט דער וואָלף וועט רוען אין פרידן מיטן לעמעלע און ולא ישא גוי אל גוי חרב — און אַ פאָלק וועט נישט הייבן די שווערד קעגן אַן אַנדער פאָלק.

אָט דאָס, אין שטריכיקן אָנוואורף, איז די השקפה פון יהדות אויף דער נאַטור — די נאַטור, ווי דאָס וואונדערווערק פון אַן איינציקן אייביקן גאָט, און אין צענטער איז זיין קרוינשאַפונג, דער מענטש, וואָס זיין מיסטישע שליחות אין דער נאָך נישט פאַרענדיקטער יצירה איז, דורך זיינע מידות טובות, מתקן צו זיין די וועלט, און דערנעענטערן די משיח־צייט פון אויסלייזונג פון גאָט'ס גאַרן באַשאַף. דער עטישער מאָנאָטעאיזם איז אויפגעקומען אין אַ

## משה וויטיעס

פעריאָדע פון היידנישער פינצטערניש און אכזריות, און האָט היסטאָריש געווירקט ווי אַ לייכט־טורם פאַר די פעלקער, ווי אַ ליכט פון אַנטפלעקונג און ווייטער־שטערן אידעאַל פאַר דער מענטשהייט. די דאָזיקע השקפה וואָס איז זיך סומך אויף די יסודות פון יושר, ברודערשאַפט און שלום, איז דער לייט־מאָטיוו פון דער יידישער גייסטיקייט, פון די כתבי־קודש און פון דער אַלעמאָליקער יידיש־אינספּירירטער, שעפערישער ליטעראַטור.



# ספר און בוך

# ביי יידן

דאָס יידישע פאָלק שטאָלצירט מיט דעם גייסטיק־אַדעליקן טיטל: „עם הספר" — דאָס פאָלק פון בוך. די יידן האָבן געגעבן דער וועלט דעם ספר החיים — דאָס בוך פון לעבן — דעם תנ"ך, און זיי האָבן אַליין טאָג־טעגלעך געלעבט מיטן ספר, אים געהייליקט און דורך אים געהייליקט געוואָרן.

די יידישע אמונה איז די איינציקע צווישן די וועלט־רעליגיעס וואָס איז מחייב אַ יידן צו זאַמלען ספרים — נישט בלויז פאַר זיין אייגענעם גייס־טיקן וואוילזיין, נאָר פאַר דער גוטסטואונג פון קאָנען אויסלייען צו אַנדערע, און אַזוי אַרום פאַרשפּרייטן גאָטס חכמה. אויף דעם פּסוק אין תהלים „הון ועושר בביתו וצדקתו עומדת לעד (קי"ב, ג') — גוטס און עשירות איז ביי אים אין הויז און זיין גערעכטיקייט באַשטייט אויף תמיד — זאָגט די גמרא, אַז מיט דעם מיינט מען יענעם וואָס זאַמלט ספרים און פאַרלייט זיי צו אַנדערע; דורך דעם וועט זיין רעכטפאַרטיקייט, זיין צדקה, האָבן אַן אייביקן קיום. מיר וועלן שפּעטער ציטירן פון ספר־החסידים וועגן דער מצווה פון לייען ספרים צו אָרעמע לערנערס.

לויט דעם דין דאַרף יעדער ייד אָנשרייבן פאַר זיך אַ ספר־תורה. אויב ער איז דאָס אַליין נישט בכוח צו טאָן, דאַרף ער דינגען אַ באַרופענעם סופר ער זאָל עס פאַר אים שרייבן. דערביי ווערט געוואָרנט אַז דאָס „רייניקייט", ד.ה. די ספר־תורה, טאָר ער נישט פאַרקויפן סיידן פאַר באַשטימטע אויסנאַם־צוועקן: צו דעקן, אויב ער איז אַ בחור, די הוצאה פון חתונה האָבן, פאַר תורה־לערנען, און פאַר פּדיון שבויים — אויסלייזן יידישע געפאַנגענע פון גויישע הענט (שולחן ערוך, יורה דעה, ס' ע"ר). אין די צייטן פון תלמוד פלעגן יידן האָבן אייגענע ספרי־תורה וואָס זיי פלעגן מיטנעמען יעדן שבת אין בית־הכנסת. די חכמים האָבן פאַרבאָטן צו פאַרקויפן אַ ספר־תורה, וואָס מ'האָט איבערגעגנומען בירושה, ווייל אַזאַ הייליקער אוצר פּילט אָן אַ שטוב מיט פּראַכט און ליכטיקייט.

די מידה אָפּצוהיטן און חשוב האַלטן אַ ספר, אַ כתב־יד, איז איינגע־וואָרצלט אין יידישן כאַראַקטער און באַצייט זיך פון די עלטסטע תקופות פון היסטאָרישן יידישן פאָלק־לעבן. די גניזה־געפינסן וואָס ווערן אַנטדעקט אין מאָדערנע צייטן איז צו פאַרדאַנקען אָט דעם אַלטן מנהג ביי יידן אָפּצו־היטן יעדן ספר, יעדעס בלעטל, יעדע שיימע. אגב, אין די שטעטלעך פלעגט מען אויפגעקליבענע שטיקלעך שיימעס אַנזאַמלען אויף אַן אָרט און נאָכדעם זיי מקבר געווען אויפן „הייליקן אָרט" — אַזוי אַז ספרים־בלעטלעך וואָס טראָגן אויף זיך דעם שם־אדושם, גאָטס הייליקן נאָמען, זאָלן זיך נישט אומוואַלגערן אין שטויב פון דער גאַס.

די אָפטע גירושים אין מיטלאַלטער, ווען יידן זיינען אַרויסגעזעצט געוואָרן פון זייערע וואוינערטער, און געטריבן געוואָרן פון לאַנד צו לאַנד, האָבן ניט דערמעגלעכט קיין אַנזאַמלונגען פון ספרים אין פּריוואַטע ביב־ליאָטעקן. טראַנספּערירן קאַסטנס מיט ספרים, אין יענע צייטן, און ביי יענע באַדינגונגען, איז, פאַרשטייט זיך, נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. ערשט אין זעכצטן יאָרהונדערט קומען מיר אויף שפּורן פון אַנזעעוודיקע יידישע ביבליאָטעקן, צום ערשטן אין די מער פרידלעכע ישובים פון איטאַליע. היבשע זאַמלונגען האָבן זיך נאָכדעם באַוויזן אין טערקיי, און אַנדערע צע־וואָרפענע קהילות. אָבער מיט דעם אויפקום פון אַ גרויסער יידישער קהילה אין אַמסטערדאַם, האָט דער חשק ביי יידן צו זאַמלען ספרים זיך אויסגעדריקט אין אומגעשטערטער פולקייט און פאַרנעמיקייט. די באַוואָרנטע ציווילע רעכטן פון די האָלענדישע יידן האָט דערמעגלעכט פאַר רייכע יידישע זאַמלערס זיך צו פאַרגינען דעם דאָזיקן זעלטענעם לוקסוס. גאָר־גרויסע ספרים־ביבליאָטעקן האָבן זיך שפּעטער געפונען אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד, רוסלאַנד און אין היינטצייטיקע אַמעריקאַנישע יידישע צענטערס.

* * *

די השפּעה פונם ספר האָט זיך אויסגעשפּרייט אויפן יידישן גייסטיקן לעבן און געפורעמט די יידישע נשמה. אין די מיטלעלטערלעכע געטאָס און אין די מזרח־אייראָפּעאישע שטעטלעך האָבן יידן זיך געקלאַמערט אינעם ספר, וואָס איז געווען פאַר זיי זייער גאַנצער גייסטיקער אָנהאַלט. די דרויסנ־דיקע וועלט, מחוץ דעם ענגן גבול פון זייער ישוב, איז זיי וויניק אָנגע־גאַנגען. פונם ספר האָבן זיי באַצויגן נחמה און האָפנונג און זיך אָנגעגורט

מיט כוח אַריבערצוטראָגן די שלעק און פּועניות פון זייער שווערן גלות לעבן.

ספרים זיינען הייליקייטן און מ׳דאַרף זיי ניט באַניצן פאַר וואָכעדיקע, פּראָפאַנע צוועקן — ווי פאַרשטעלן זיך מיט אַ ספר פאַר דער זון, אָדער פון רויך, אָדער באַהאַלטן דאָס פּנים הינטער אַ ספר ניט צו דערקענען אַן אומגעווינטשטן מענטשן. מ׳טאָר אין אַ ספר נישט אַריינשרייבן קיין סתם „נאָטיצן״, אָדער אַריינלייגן צעקנייטשטע בייגעלעך פּאַפּיר צווישן די ספרים־בלעטער זיי זאָלן זיך דאָרטן אויסגלייכן.

דער יידיש־דייטשער געלערנטער צונז האָט צוגעטראָפן דעם געדאַנק פון דער יידישער גייסטיקער פאַרטיפונג מיט זיין באַמערק: „ביי אַ פאָלק וואָס קאָן נישט אויסדריקן זיין כוח־החיים אין שטאַרקע מיליטערישע אָדער פּאָליטישע אַקציעס, פאַרבייטן געדאַנק און געפיל יענע טעטיקייטן. די וועלט פון געדאַנק, געפיל און סענטימענט איז דעריבער געוועזן די יידישע וועלט פאַר הונדערטער יאָרן.״ אָן אַן אייגענעם טעריטאָריעלן באָדן האָבן יידן באַפעסטיקט זייער קיום מיט דער תורה.

די יידישע חכמים און תורה־באַגרינדערס, מיט זייער טיפן איינבליק אין דעם כאַראַקטער און גורל פונם יידישן פאָלק, האָבן אָנגעצייכנט דעם קורס פון דער יידישער גייסטיקייט. „גאָט, דער האַר, האָט פאָראויסגעזען״ — האָבן זיי געדרשהט אין זייער בילדלעכער אגדה־שפּראַך — „אַז דאָס בית־המקדש וועט חרוב ווערן, דערפאַר האָט ער אַזוי געזאָגט: דאָס בית־המקדש איז מכפּר אויף אייך. ווען דאָס בית־המקדש וועט מער ניט זיין, זאָלט איר עוסק־בתורה זיין, ווייל דאָס איז גלייך צו קרבנות־ברענגען און ס׳וועט מכפּר זיין אויף אייך!״ אויף אַן אַנדער אָרט זאָגט זיך: „זינט ס׳איז חרוב געוואָרן דאָס בית־המקדש איז דעם קודשא־בריך־הוא נישט איבער־געבליבן מער ווי די דלד אמות של הלכה.״ די תורה, הייסט עס, פאַרקניפּט דאָס יידישע פאָלק מיט אייביקייט, מיט גאָט; און אַזוי ווי ער אַליין, כביכול, לערנט זיין תורה אַיעדן טאָג, דאַרף אַ ייד נאָכטאָן דעם בורא און אָפּזיצן אַ צייט, יעדן טאָג, פאַר תורה־לערנען. די תורה אַליין איז געוואָרן פאַר יידן עבודה.

די חכמים האָבן העכער־געשטעלט לערנונג איבער אַלע מאַטעריעלע גיטער. „ווער ס׳איז רייך אין וויסן איז באמת אַן עושר; וואָרום וואָס פאַר־מאָגט דען יענער וועמען ס׳פעלט וויסן? פאַרקערט — וואָס נאָך פעלט יענעם וואָס פאַרמאָגט וויסן?״ דער רמב״ם זאָגט אַז אַ ייד דאַרף לערנען אַלע טעג פון זיין לעבן, ביז דער טויט פאַרפרירט די ווערטער אויף זיינע

ליפּן. פון די דריי קרוינען, כתר־תורה, כתר־כהונה און כתר־מלכות, איז די קרוין פון דער תורה די געשאַצסטע, און איעדער ייד מיט זיין ערנסטן שטרעבן קאָן זי דערגרייכן. אָט די פאַרהערליכונג פון דעם תלמיד־חכם, דעם געלערנטן, האָט אַרויסגערופן ביי יידן אַן אַדלשטאַנד פון גייסט. דער בן־תורה איז דער אמתר ידישער אַריסטאָקראַט, דער נשיא פון אינטעלעקט. די חכמים האָבן אַרויסגעהויבן אַ פּאַלקסמענטשן, אַ תלמיד־חכם — מעג ער אַפילו זיין אַ ממזר — איבער אַ כוהן־גדול אַן עם הארץ, און אַפילו איבער אַ נביא! אַ ניט־ייד וואָס איז באַהאַוונט אין תורה איז פאַררעכנט געוועזן ווי דער כוהן־גדול (נכרי ועוסק בתורה הוא ככוהן גדול — עבודה זרה, ג׳, ע״א). דער ידישער דין פּריווילעגירט דעם תלמיד־חכם איבער דעם דורכשניטלעכן מענטשן: ער — דער תלמיד־חכם — איז באַפרייט פון די פליכטן פון גראָבן, בויען און אַנדערע שווערע אַרבעטן בשייכות מיט דער אויפשטעלונג פון אָפיציעלע בנינים פאַר דער מלוכה; ער דאַרף נישטביישטייערן פאַר די קאָסטן און דער אויפהאַלטונג פון די דאָזיקע בנינים, ווי פאַרריכטן די טויערן, באַצאָלן די שומרים; ער, און זיינסגלייכן, ווערן בכלל נישט טאַקסירט פון דער מלוכה ווי אַנדערע בירגער; אויפן מאַרק־פּלאַץ, אויב אַ תלמיד־חכם האָט עפּעס אַ סחורה צו פאַרקויפן, זאָל אים באַוויליגט זיין זיך קודם אָפּצופאַרטיקן מיט זיין מסחר, און אַנדערע פאַרקויפערס מוזן זיך אָפּהאַלטן מיט זייערע עסקים לטובת דעם מאַן פון תורה; אויב ער האָט אַ דין־תורה ביים בית־דין, און אַנדערע מיט זייערע לאָדענישן וואַרטן אין דער ריי, זאָלן זיינע טענות אויסגעהערט ווערן אַפריער (שולחן ערוך, יורה דעה, ס׳ רמ״ג).

* * *

אין די מיטעלעלטערלעכע צייטן, ווען קענען לייענען און שרייבן איז געווען אַ זעלטנקייט צווישן די פעלקער, און אַפילו דער אַדל, פּרינצן און קעניגן, זענען ניט געווען גראַמאָטנע, האָבן יידן געלערנט, און זייערע קינדער דערצויגן, אַז זיי זאָלן ניט אויסוואַקסן קיין עמי־הארצים.

די חכמים האָבן פעסטגעשטעלט דעם געבאָט פון לערנען די קינדער און אים דערקלערט פאַר דעם סאַמע עיקר פון יידנטום (ותלמוד תורה כנגד כולם). די וועלט האַלט זיך — האָבן זיי געלערנט — אין זכות פון דעם תורה־לערנען פון די שול־קינדער (אין העולם מתקיים אלא בשביל הבל תינוקת של בית רבן — שבת, קי״ט). די גמרא זאָגט אַז אַ שטאָט, וואָס

איז אָן אַ תלמוד־תורה, קומט איר פאַרלענדט צו ווערן. קיין שום ענין אין יידישקייט קאָן נישט פאַרבייטן, אָדער איבערייסן, דאָס לערנען פון קינדער — אַפילו ווען דער חדר־בנין וואו זיי לערנען איז נייטיק פאַר דער אַרמיי, אָדער אַנדערע וויכטיקע צוועקן לטובת דעם ציבור. דאָס לערנען מיט די קינדער טאָר נישט אויפהערן אַפילו פון וועגן בויען דאָס בית־המקדש. דער דין פאַרביט איינעם אויפצושטעלן אַ בית־מסחר, אַ געשעפט, אין אַ שטילער, באַזעצטער גאַס, בכדי נישט צו שטערן די רו פון די איינוואוינער — אָבער ווען אַ מלמד עפנט אַ חדר ביי זיך אין שטוב זאָלן די שכנים זיך נישט באַקלאָגן אויפן געטומל פון די קינדערלעך.

יידישע עלטערן האָבן דעם „ביסן פון מויל" אָפּגעגעבן פאַר שכר־לימוד. אין זיין היסטאָרישן פאַמפלעט קעגן דעם שונא ישראל פון זיין דור, אַפּיאָן, באַמערקט יאָזעפוס מיט שטאָלץ, אַז „מיר ווענדן אָן די גרעסטע מי צו לערנען אונזערע קינדער."

דורך די דורות פון זיין לאַנגער געשיכטע איז די חשיבות פון ספרים, ווי די לוסט צו לערנען און שטודירן, געוואָרן אַ גרונט־שטריך אין דעם כאַראַקטער פונם יידישן פאָלק. אין זיין צוואה צו זיין זון שמואל פון ר' יהודה איבן תיבון — דער „ראש המעתיקים", דער באַרימטער מיטלאַלטער־לעכער איבערזעצער, וואָס האָט איבערגעטראָגן פון אַראַביש אין העברעאיש, דעם ספר „חובת הלבבות" פון רבי בחיי, דעם „הכוזרי" פון ר' יהודה הלוי, „אמונות ודעות" פון רב סעדיה גאון, א.א. — שרייבט ער: „מיין זון — זאָלן די ספרים זיין דיינע געטרייע באַגלייטערס אין דיין לעבן, און זאָלן דיינע ביכער־שאַפעס, און ספרים־פּאָליצעס, זיין דיינע שפּאַציר־אַלעען און לוסט־גערטנער. באָד זיך אין דעם זון־ליכט פון דעם גן־עדן פון דיינע ביכער, מיין זון; זאַמל איין זייערע פירות, רייס די רויזן און לאָב זיך מיט זייערע געווירצן און בשמים. און ווען דו וועסט מיד ווערן, מיין זון, גיי איבער פון גאָרטן צו גאָרטן, פון בייט צו בייט, פון סטעזשקע צו סטעזשקע. דעמאָלט וועט זיך דיין וויסן־דורשט באַנייען, און דיין נשמה וועט זיך אָנפילן מיט אַ געהויבענער פרייד. איך האָב אָנגעזאַמלט אַ גרויסע ביבליאָטעק פון דיינעטוועגן, כדי דו זאָלסט נישט דאַרפן אָנקומען צו קיינעם לייען אַ בוך. ווי דו ווייסט, מוזן נעבעך די שטודירנדיקע יונגעלייט אומלויפן אין אַלע ווינקעלעך לייען אַ בוך, און זיי קאָנען נישט געפינען. צייל איבער, רעגל־מעסיק, דיין בוך־פאַרמעגנס — די העברעאישע ספרים איין מאָל אַ חודש; די אַראַבישע, אַלע צוויי חדשים; דיינע געבונדענע ספרים, אַלע דריי חדשים. האַלט דיין ביכער־שאַנק אויסגעשטעלט בסדר, דו זאָלסט נישט באַדאַרפן, ווען

נייטיק איז, אומזוכן אַ וויכטיק ווערק. גרייט דיר צו אַ רשימה פון אַלע ביכער, און זאָל זיך יעדעס בוך ביי דיר געפינען אויף זיין געהעריקן אָרט. היט אָפּ די לויזע, ניט־געבונדענע בלעטער פון טייל חיבורים, ווייל אין זיי געפינט זיך אַ גאַר וויכטיקער מאַטעריאַל, וואָס איך אַליין האָב געזאַמלט און אויפגעשריבן. פאַרליר נישט קיין שום שריפט, בריף אָדער בלעטל וואָס איך לאָז דיר איבער. פאַרהענג דיינע ביכער־פּאָליצעס מיט שיינע פירהענגלעך. באַשיץ זיי פון מייז, פון רעגנוואַסער, וואָס קאָן אַראָפּטריפן פון דאַך, און פון אַלעם שלעכץ, ווייל אָט די ווערק זיינען דיין טייערסטער אוצר."

פון דער דאָזיקער צוואה זעט זיך אַרויס די זאָרגפעלטיקייט פון דעם געטרייען פּאָטער, דעם גרויסן ייד און געלערנטן פון יענער צייט, וואָס האָט אַ לעבנלאַנג אָנגעזאַמלט אַן אוצר פון ביכער, מיט דער כוונה אַז, נאָך אים, זאָל זיין זון נישט דאַרפן „אומלויפן אין אַלע ווינקעלעך" און אויסבעטן ביי עמיצן דעם חסד מ'זאָל אים אַנטלייען אַ בוך.

* * *

פאַר דער דערפינדונג פון דער דרוק־מאַשין איז אַ „ספר", אַ „בוך", געווען אַ כתב־יד, אַ האַנט־געשריבענער פּאַרמעט. אַזאַ מאַנוסקריפּט האָט געקאָסט טייער, און מ'האָט געדאַרפט זיין באַגליקט מיט דעם „מלך'ס אוצרות" זיך איינצושאַפן אַ „ביבליאָטעק" אין יענע צייטן. „מען מוז געדענקען אַז דעמאָלט איז נאָך קיין ביליג פּאַפּיר נישט געווען, און פון קיין דרוק־וואַרשטאַט האָט מען נאָך אַפילו נישט געוואוסט. אַ בוך, אַ כתב־יד, איז געווען אַ יקר־המציאות, אַן אמתר לוקסוס אַרטיקל, און ניט יעדער איז געווען אומשטאַנד צו קויפן אַ ספר. — — — אַפילו באַרימטע לומדים־רבנים האָבן געוויסע מסכתות (שוין ניט צו רעדן וועגן אַנדערע ספרים) אויף זייערע אויגן אַ גאַנץ לעבן ניט געזען, ווייל עס איז געווען שווער צו באַקומען. דער־פאַר טאַקע שטרייכט דער ,ספר חסידים' אונטער וואָס פאַראַ גרויסע מצווה עס איז לייען דעם אַנדערן אַ ספר." (דר. י. צינבערג: געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן, באַנד 2, ז"ז 71־70.)

דער דערמאָנטער „ספר חסידים" איז אַ מוסר ספר, וואָס איז אויפגעקומען אין דער גרויליקער מיטלאַלטערלעכער צייט פון 12טן־13טן יאָרהונדערט, אַ צייט פון שרעקלעכע גזירות און רדיפות אויף יידן. דער ספר ווערט צוגעשריבן צו ר' יהודה חסיד, אָבער ס'איז, לויט דער מיינונג פון ליטעראַטור־היסטאָריקערס, אַ קאָלעקטיווע, דורותדיקע שאַפונג פון, צום ווינציקסטן,

דריי הויפט מחברים, מיט צוגאָבן פון זייערע תלמידים און אָפּשרייבערס. דער ספר שפּיגלט אָפּ דעם פרום־יידישן בליק אויפן לעבן, און וויזט אָן ווי אַ ייד באַדאַרף זיך נוהג זיין. דאָס איז אַ מין פאָלקס־„שולחן־ערוך" פון יידישער זיטלעכקייט, וואָס האָט געווירקט ווי אַ געוואַלטיקע השפּעה אויף די יידישע פאָלקסמאַסן פון יענער תקופה, און אויף טראַדיציאָנעלע יידן ביז היינט. צווישן די אַלערלייאיקע אָנווייזונגען וועגן יידישער עטישקייט, וואָס איז חל אויפן ציבור, ווי אויפן יחיד, ווערט אויך פאָרגעשריבן ווי אַ ייד דאַרף זיך באַציען צו ספרים, וועגן אָפּהיטן, הייליק האַלטן חיבורים, און בעיקר, נישט צו פאַרשווערכן די גרויסע מצווה פון אויסלייען ספרים צו אַנדערע.

אַפילו ווען מ׳איז מיט איינעם צעקריגט — זאָגט דער ספר חסידים — זאָל מען אים פאָרט נישט אָפּזאָגן פון צו לייען אַ ספר. טאָמער טראַכט מען אַז אפשר וועט יענער נישט אָפּגעבן דעם געבאָרגטען ספר, זאָל מען ביי אים נעמען אַ משכון, אָבער לייען זאָל מען אים.

זייט וויסן — לערנען מיר דאָרט ווייטער — אַז ווען סטרעפּט אַמאָל אַז ספרים קומען אום אין אַ שריפה, איז דאָס אַן עונש פאַר דער זינד, וואָס מ׳האָט זיי נישט געוואָלט אויסלייען צו אַ לערנער, ווען זיי זענען געווען לעבנסוויכטיקער ווי ברויט.

ווען עמיצער האָט ספרים צו פאַרקויפן, און עס געפינען זיך צוויי בעלנים זיי אָפּצוקויפן, איינער אַ לייבלעכער ברודער, אָבער אַזעלכער וואָס מוויס אַז ער באָרגט נישט קיין ספר, און אַ צווייטער אַ ווילד־פרעמדער, אָבער אַ מענטש וואָס לייט גערן צו די באַדערפטיקע, איז דער חוב פון דעם אייגנטימער זיינע ספרים צו פאַרקויפן גיכער דעם פרעמדן און ניט צום ברודער, דער קמצן, וואָס וועט זיי האַלטן פאַרשלאָסן פאַר זיינעטוועגן אַליין, און ניט שטילן דעם גייסטיקן הונגער פון דעם אָרעמען למדן.

מעשה בחסיד אחד, סאיז אַמאָל געווען אַ ייד — דערציילט דער ספר חסידים — וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ ירושה אַ שלל מיט ספרים. האָבן די יורשים אויספאַרקויפט דעם דאָזיקן ספרים־אוצר וואָס זיי האָבן געירשנט. האָבן קרובים געזיפצט אויף דעם וואָס די יורשים מוזן נעבעך פאַרקויפן דעם פאָטער׳ס ירושה. האָט אַ חכם וואָס איז דערביי געווען גע־ענטפערט די קרובים, אַז די ירושה האָט קיין קיום נישט געהאַט, און נישט געבליבן ביי די יורשים, מחמת די זינד פון זייער פאַרשטאָרבענעם פאָטער, וואָס ער האָט ביים לעבן קיינעם קיין ספר נישט געליען.

אַ מעשה האָט זיך פאַרלאָפן — לייענען מיר ווייטער — מיט אַ צדיק

ווען מ׳האָט אויסגעגראָבן פון קבר און מבזה געווען זיין טויטן גוף. איז דער צדיק געקומען איינעם צו חלום און זיך פאַר אים מודה געווען אַז די דאָזיקע שטראָף איז אים געקומען דערפאַר, וואָס ער האָט אויף זיינע ספרים קיין שום השגחה נישט געגעבן. ער פלעג זען ווי בלעטער פון ספרים ווערן צעריסן, צעפאַלן און פאַרלאָרן, און ער האָט זיי ניט פאַרהיט און ניט געלאָזן זיי איינבינדן.

אַזעלכע און ענלעכע אויסצוגן פונם ספר חסידים, וואָס מ׳קאָן נאָך ציטירן, שטרייכן אונטער די פּיעטעט וואָס יידן, אפילו אין די שווערסטע צייטן, האָבן געפילט צום ספר; און ווי יידישקייט האָט הויכגעשאַצט לימוד־התורה, און אָפּגעהיט די אוצרדיקייט פונם ספר — אַן אוצר נישט בלויז פאַר אייגענעם באַזיץ, נאָר פאַר אַלעמען וואָס לעכצן נאָך זיין ליכט און וועגווייזונג.

* * *

די תורה, דאָס ספר, איז געשטאַנען אין מיטלפּונקט פונם יידישן לעבן. דאָס ספר איז געווען די באַזע פאַרן יידישן קיום, דער בנין־עדי־עד וואָס האָט זיי געשיצט און פאַרפעסטיקט קעגן די שטורמס פון די צייטן.

מיטן אויפקום פון דער השכלה, ווען פרייע ווינטן האָבן גענומען בלאָזן איבערן שטעטל, און יידישע אינטערעסן און שטרעבונגען זענען געוואָרן מער־ווינציקער ככל־הגויימדיק, האָט דאָס ספר ביסלעכווייז אויפגעהערט צו זיין דער גייסטיקער באַשטאַנדטייל פון יידישן לעבן.

אַוודאי איז די תורה נישט פאַרגעסן געוואָרן צווישן יידן — אָבער זי איז שוין איצט, צום גרעסטן טייל, געוואָרן דער קנין פון רבנים און למדנים. די פאָלקסמאַסן האָבן זיך אָפּגעוואוינט פון דער רגילות מעיין צו זיין אַלע טאָג אין אַ משניות, אין אַן עין־יעקב, אָדער סתם אין אַ ספר אָדער „ספרל״. די יידישע יוגנט איז נאָך אַלץ שטודיר־פּייאיק און פאַרקאָכט אין בילדונג — אָבער זי וואַרפט זיך אויף די פּראָפעסיעס צו דערווערבן אַ טיטל און קומען צו אַ תכלית. די אַלטע יידישע טראַדיציע פון לערנען „לשמה״, פאַר דער הוילער הנאה פון לערנען, צוליב דער „מצווה״ פון לערנען, צו באַפרידיקן אַ הונגער פון דער נשמה, איז שוין איצט אַן עסק פאַר אַקאַדעמישע בטלנים, אָדער „לאַ־יצלחדיקע״ ישיבה בחורים, וועמען סלאָקט נישט סמיכה און רבנות, ווייל זייער חשק איז טאַקע „קענען לערנען״ און מושלם ווערן אין גאָט׳ס תורה.

די הויכע באַטיטלונג פאַרן פאָלק ווי אַן „עם־הספר" — דאָס פאָלק פון בוך — איז, אין אונזער דור, צום באַדויער, אַ בלויזער סימן פון פאַר־צייטיקן גייסטיקן אַריסטאָקראַטיזם, אַ געירשנטער הערב פון אַמאָליקער, דורותדיקער אויסצייכנונג. וואַרפן מיר אַ בליק אויף דעם יידישן בוך, און זיין שפּלען מצב ביי יידן, זעען מיר אַ ראיה אויף דעם דאָזיקן טרויעריקן אויספיר. די יידישע ליטעראַטור אויף מאַמע־לשון, ווי די שפּראַך גופא, איז אַרויסגעוואָקסן פון די פאָלקסשיכטן — די משכילישע אינטעליגענץ האָט דאָך אַראָפּגעקוקט אויף יידיש ווי אויף אַ וויסטן פאָלקס־זשאַרגאָן. אין די אָנהויב־יאָרן איז דאָס יידישע „מעשה־ביכל" דווקא יאָ געווען אַ קוואַל פון עסטעטישן נחת־רוח פאַר די יידישע לייענער־מאַסן. די פּיאָנערן פון דער יידישער ליטעראַטור, די זיידעס און טאַטעס, האָבן געהאַט פּילצאָליקע לייענער צווישן פאָלק. יידן האָבן געלעבט אי מיטן ספר און אי מיטן יידישן ביכל — וואָס האָט זיי אַריינגעפירט אין דער צויבערוועלט פון ליטעראַטור אויף זייער אייגן לשון.

ביים אַמעריקאַנער יידישן קיבוץ, און אונזערע טעג, פאַרלירט אונזער יידיש נאָכאַנאַנד דעם באָדן. די שפּראַכלעכע אַסימילאַציע, אַן דער קעגנווירקונג פון אַ יידישער דערציאונג, רייסט אַוועק די יוגנט אין שטראָם פון דער לאַנד־קולטור. פרומע יידן קויפן ספרים און שיקן זייערע קינדער אין ישיבות. אויף די יידישע ליטעראַטור האָט נאָך לייענערס און אָפּנעמערס — אָבער נאָר אין ענגן גבול פון דער אַלץ קלענער־ווערנדיקער מינדערהייט פון די ליבהאָבערס. דער יידיש־שעפערישער גייסט פונם פאָלק גופא האָט זיך ווי אָפּגעטאָן פון אים.

אָבער איך באַצוועק דאָ נישט קיין אָנקלאַגעס און כ'וויל נישט שטעלן קיין יאושדיקן פּראָגנאָז. ווער קאָן אָפּשאַצן די שעפערישע פּאָטענצן פון אַ פאָלק? ווער קאָן אַנאַליזירן די אַלכעמיע פון אַ פאָלקס־נשמה, און פאַר־אויסזאָגן די זמנים פון איר נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַפּאַטיע, די פּעריאָדן פון איר דערוואַכן און אויפבלי? עס בייטן זיך די ציקלען פון גייסטיקן אויפקום און ירידה אין לעבן פון אַ פאָלק. היסטאָריש גענומען, איז באַרעכ־טיקט די האָפנונג אויף אַן אויפשטייג פון דער יידישער פאָלקס־שעפערישקייט; אַז דער עם־עולם וועט ווידער באַנייען די קרוין פון עם־הספר, און זיך אומקערן צו דעם נאַציאָנאַלן ירושה־אוצר — ספר און בוך — פון זיינע אַמאָליקע און היינטיק־אויפגעשאַפענע גייסטיקע גיטער.